# זיך געפונען

אָריגינעלער ראָמאַן
פון דער אידישער נייער תקופה

— פון —

יהודה ליב ליפשיץ



צווייטער באַנד



ניו יאָרק, 1927

# פערטער טהייל

זעקס-און-דרייסיגסטער קאפיטעל.

## די טוריסטען דערצעהלען פון ארץ-ישראל.

ווען אונזערע „טוריסטען“ האבען זיך צוריקגעקעהרט פון זייער רייזע, האבען זיי געהאט גענוג פון וואס צו דערצעהלען. יעדער טור־ריסט האט דערצעהלט לויט זיין השגה און זיין שטייגער; די אמע־ריקאנער פרעסע, סיי די אידישע און סיי די ענגלישע, וועלכע וויל תמיד מזכה זיין די לעזער מיט סענזאציעס, האט געמאלען מיט די שעהנסטע לעגענדארישע פארבען די וואונדערבארע רייזע פון די טוריסטען, און אין אלע אידישע קהלות פון אנקעל סעמ'ס מדינה האט מען נאר גערעדט און דערצעהלט פון די נסים ונפלאות פון די טוריסטען.

די פארשטעהער פון די גרעסטע אינסטיטוציעס ,ארגאניזאציעס און ארדענס, סיי ציוניסטישע, נאציאנאלע און סיי גלות-דינגע, פילאנ־טראפישע, האבען מיט פאראייניגטע כחות פאררופען א גראנדיעזען מאסענפארזאמלונג צו מקבל פנים זיין די חשוב'ע טוריסטען, און דרך אגב געווינען זיי פאר זייערע אינטערעסען, כמנהג אמעריקא.

דער גרויסער זאל איז געווען געפאקט מיט מענשען פון כל-ערליי־איגע שטות, אידען און ניט-אידען. עס האט זיך פארזאמעלט די סולת פון דער באפעלקערונג.

דער באוואוסטער כלל-טהוער און פילאנטראפ, דער גרויסער יוריסט ל. יאגבאק, איז געווען דער פארזיצער פון גרויסען יום-טוב.

אין זיין ערעפענונגס-רעדע האט דער פארזיצענדער געשילדערט די גרויסע מעלות און אויפטהואונגען פון די טוריסטען, איבערהויפט האט ער אויסגעדריקט זיין באוואונדערונג פאר דעם גרויסען לו, און לויט ווי די פרעסע האט איבערגעגעבען, איז ער געווארען אן אמת'ער

ארץ־ישראל־איד. ער האָט אפילו געגעבען א שבועה צו ווערען אן אמת׳ער חלוץ!

ווען לו דער שווייגער האָט זיך אויפגעשטעלט, איז דער עולם אריין אין אזא התלהבות, אז דער גרויסער זאַל האָט געציטערט. דער עולם ווערט שטיל און לו דער שווייגער ווערט רעדענדיג:

— מיינע טייערע חברים! — הויבט ער אָן — מיט א קורצע צייט צוריק, איידער מיר האָבען געמאַכט די רייזע, בין איך געווען מיט דער מיינונג, אז עס איז גאָר ניטאָ קיין פּאַלעסטינא אויף דער וועלט. עס עקזיסטירט נאָר אין דער פאַנטאַזיע פון די יעניגע, וועלכע האַל־טען זיך נאָך אַן זייערע אַלטע טראַדיציעס און תורות. איך פלעג זיין טאָלעראַנט ניט צו שטערען די לעגענדארישע „לופט־שלעסער" פון דער קליינער צאָהל בעלי־חלומות, וועלכע פלעגען פאַנטאַזירען פון עפּעס אַן ארץ־ישראל, און אָפטמאָל פלעג איך זיי נאָך צוהעלפען אין זייערע שעהנע חלומות, אָבער זינט איך בין געווען אין פּאַלעסטינע האָב איך זיך איבערציינגט: אַז ניט נאָר איז פאַראַן אַ פּאַלעסטינע, נאָר טאַקע אַן אמת׳ע ארץ־ישראל. איך האָב געזעהן מיט מיינע אײ־גענע אויגען, אַז די ארץ־ישראל־אידעע איז ניט מעהר אַ שעהנער חלום, נאָר אַן אמת׳ער אמת, די ווירקליכקייט אַליין; און ניט נאָר פון אַ הייפעלע בעלי־חלומות, נאָר פון דאָס גאַנצע אידישע פאָלק. איך האָב געזעהן אַזעלכע נסים, פון וועלכע איך האָב קיינמאָל ניט גע׳חלומ׳ט. עס איז נאָך ניטאָ אָט יענער גרויסער קינסטלער, דער גרויסער נביא, וועלכער זאָל קענען אויסמאָלען די וואונדערבארע ארבייט וואָס מען האָט שוין דאָרט אויפגעטאָן און וואָס עס האַלט זיך אין שאַפען. מען קען זעהן ווי דאָס לאַנד וואַקסט און בליהט ממש פאַר די אויגען. זומפּען ווערען פאַרוואַנדעלט אין פרוכטבארע, בליהענדע קאָלאָניעס, עס ווערען, ווי דורך אַ נס, פאַר די אויגען אויסגעוואַקסען שטעדט און דערפער, עס קומען אָן מענשען מארבע כנפות הארץ. אייניגע ברענגען נאָר זיך אַליין, זייערע נשמות און אַלע זייערע אברים, און מיט אַ הללויה אויף די ליפען באַהעפטען זיי זיך צו דער מוטער ערד, און אנדערע ברענגען מיט זיך קאַפּיטאַלען און מאַשינען. זיי שאַפען ניט קיין עקספּערימענטען, נאָר אינדוסטריען, אַזעלכע אינדוסטריען, וועלכע זיי האָבען שוין אַנגעפיהרט ערגעץ אַנ־דערשוואו און זיך שטאַרק מיט זיי אויסגעצייכענט. דאָס איז אַ פאָל־שטענדיג נייער אויפטהו אין ארץ־ישראל. עס ווערען געגרינדעט באַנ־קען, פאַבריקען ווערען דורכ׳ן נאַכט אויפגעבויט, קאַפּיטאַל ווערט

אריינגעלעגט אין פארשידענע אונטערנעמונגען, ניט אלס צדקה, אדער מתנה, נאר אלס א גוטען געשעפטליכען יסוד, ארץ־ישראל קען שוין איצט געבען גוטע פראפיטען, סיי אין דער אינדוסטריע און סיי אויפ׳ן אגריקולטורעלען געביט. מיר דארפען נאר וואס מעהר און בעסער ארגאניזירען די פאלקס־ענערגיע, אנשטרענגען מעהר אונזערע כחות פאר אלערלייאיגע אונטערנעמונגען.

די עלעקטרישע ענטוויקלונג אין ארץ־ישראל דורך „רוטענבערג׳ס איינריכטונגען" פארדינען די גרעסטע שבחים. איך האב באזוכט איינינע „קראפט סטאנציעס" און איך האב קיין בעסערע פון זיי אין ערגעץ ניט געזעהן.

די קולטורעלע ענטוויקלונג אין ארץ־ישראל וואקסט ממש פאר די אויגען פון טאג צו טאג.

און מיר, די גליקליכע אידען פון אמעריקא, וועלכע האבען געהאט דאס גליק צו זיין געשיצט אין אונזער „אנקעל סעמ׳ס תיבה", בעת דער „בלוטיגער מבול" האט פארפלייצט די וועלט, מוזען זיין פון די ראשונים צו העלפען פינאנציעל אט די אלע ארץ־ישראל׳דיגע אונטער־נעמונגען.

מיר דארפען זיך פיהלען פאר די גליקליכסטע, וואס אויף אונזער גורל איז אויסגעפאלען צו זיין די בויער פון אונזער לאנד און פאלק.

און אז מיר וועלען געבען מעהר קאפיטאל פאר די ארץ־ישראל פאנדען, ווי דער „קרן־היסוד", „קרן קימת" און אז. וו., וועט ארץ־ישראל זעהר גיך זיך אליין קענען אויפהאלטען און זיך שטעלען אויף די אייגענע פיס.

און ניט נאר אונזער געלט, נאר אויך אונזערע נשמות מוזען מיר אוועקגעבען פאר דער שנעלער פארווירקליכונג פון ארץ־ישראל.

און ער האט ווי א נביא אויסגעשריען:

— איהר מוזט אליין פאהרען זעהן וואס דארט קומט פאר! אלע, אלע מוזען מאכען א נסיעה נאך אונזער לאנד! רבנים, לעהרער, כלל־טהוער, צייטונגס־לייט, פיהרער פון אידישע אינסטיטוציעס, ארבייטער וואס האבען אידעאלען! אלע! אלע אידישע קינסטלער און אלע וואס זיינען פאר אינטערעסירט מיט אידישע ענינים מוזען זעהן דאס לאנד, אין וועלכער דאס אידישע פאלק בויט זיין צוקונפט!

איך בין נעפאהרען און האב זיך איבערצייגט, איך האב געלערנט, אז אראבער האבען דאס לאנד אויסגענוצט און פארנאכלעסיגט, אבער זיי האבען ניט געבויט. דאס ווייסען שוין איצט די אראבער אליין.

דאס ווייסען אלע פעלקער. דאס ווייסען די קריסטען, און דאס מענגען אויך וויסען די געגנער פון דער „אידישער מחנה“, אז נאר די אידען קענען דאס לאנד אויפבויען.

דארטען, אין דעם לאנד פון אונזערע אבות, וואו אידען שטעלען נאר אוועק זייערע פיס, באוועגט עס זיך און עס בליהט. מיר זעהען נייע אידען אויף דער אלטער ערד. מיר האבען דורות־לאנג ניט גע־פיהלט, אז מיר זיינען אהן ערד, אז מיר זיינען לחלוטין אהן בארען אונטער אונזערע פיס. דאס איז געווען אונזער טראגעדיע. איצט שרייען מיר אלע: „ערד! ערד!“ אבער מיר מוזען איינמאל פאר אלע מאל וויסען, אז די ערד נאך וועלכע מיר לעכצען און דורשטען איז נאר אין ארץ־ישראל, ניט אין קיין אנדערע לענדער!

אין ארץ־ישראל זיינען מיר אידען אויסגעוואקסען אלס פאלק און דארטען מוזען מיר זיך אויפ׳ס־ניי באזעצען! די ערד בענקט נאך דעם פאלק!

אידען קומען אין ארץ־ישראל אין די מאסען, און מיר מוזען פאר זיי קויפען די ערד! קען עס מעגליך זיין, אז די זעלבע אידען וואס צאהלען אויף דער גאנצער וועלט דעם גרעסטען פרייז פאר׳ן רעכט, בלויז אויף א רגע זיך אפצורוהען אויף א פרעמדען בארען, זאלען ניט פארשטעהן די וויכטיגקייט פון קויפען ערד אין זייער אייגען־לאנד?

און עס וואלט געווען די גרעסטע שאנדע, ווען מיר זאלען חלילה פארנאכלעסיגען די גרויסע היסטארישע געלעגענהייט!

מיר אין אמעריקא באגרייפען ניט, וואס עס קומט איצט פאר אין ארץ־ישראל! מען מוז עס אליין זעהן! מען מוז זעהן ווי עס ווערען ערצויגען די אידישע קינדער מיט׳ן גלויבען אין הארצען, אז זיי העלפען בויען דאס אידישע לאנד, אין וועלכער מיר וועלען ווידער באווייזען וואונדער איבער וואונדער, אין וועלכען מיר וועלען אויפ׳ס־ניי אויפלעבען און זיך דערפיהלען אלס פאלק צווישען פעלקער!

„די גרויסע נשמה האט ערוואכט, דער גרויסער מאן האט זיך נעפונען!“ האט זיך דער גרויסער עולם גע׳סוד׳עט ווען לו האט געענדיגט ריידען. אלע ווי איין מאן זיינען אריין אין אזא עקסטאז, מיט „הידד־לו“־געשרייען, אז דעם פארזיצענדען איז זעהר שווער אנגעקומען זיי צו איינשטילען.

מיט גרויס שטורם ווערט אויפגענומען מעקיי דער גוטער. ער הויבט אן מיט התלהבות:

— איך האָב ניט פיעל מוסיף צו זיין אויף מיין רבינ׳ס רעדע, אָבער איך מוז פאַר אייך, מיינע פריינדע, אויסדריקען מיינע געפיהלען.

יעדער איך מוז פאָהרען זעהן ווי עס וואַקסט דאָס לאַנד און ווי עס וואַקסט דאָס פאָלק!

פון מויל צו מויל טראָגט זיך דער גרויסער אַלט־נייער געדאַנק, פון באַפרייען די ארץ־ישראל־ערד. איבעראַל, סיי ביי רייכע און סיי ביי אָרימע דאַרף זיך הערען דער רוף צו בויען דאָס לאַנד!

איך האָב זיך געזעהן מיט די פאָרשטעהער פון אַלע קאָ־לאָניעס און שטעדט. איך האָב געזעהן דעם גרויסען בויער יהודה מיט זיין שושנה׳ן, וועלכע מען רופט די „ארץ־ישראל בלום". מיר האָבען זיך באַקאַנט מיט די חלוצים און אַלע אַנדערע, מיר האָבען דאָן געפיהלט, אַז דאָס זיינען ניט קיין פשוט׳ע אַרבייטער, נאָר עפּעס איבער־מענשען, ווייל זייער אַרבייט איז געווען פונקט ווי תפלה צו גאָט. זיי אַרבייטען מיט אַזוי פיעל ליבע און עקסטאַז, אַז עס פיהלט זיך בשעת מעשה, ווי זיי וואָלטען וועלען איינוואַקסען צוזאַמען מיט דער מוטער ערד. די אַרבייט איז ניט צו שטילען אַ הונגער, נאָר צו באַפרידיגען די נשמה. אָט זיי, די בראַווע חלוצים, די בויער, זיי מיט זייער הללויה־שליסעל, האָבען אויפגעשלאָסען און אויפגעעפענט דאָס לאַנד פאַר אונז; מיט זייער גרויסען באַוואוסטזיין האָבען זיי אונז געמאַכט ציטערן; אונזערע אויגען זיינען געוואָרען ליכטיגער און העלער, און דאָס וואָס מיר האָבען ניט געקענט פאָרשטעלען אין אונ־זער פאַנטאַזיע, האָבען מיר פּלוצלונג דערזעהן אין דער ווירקליכקייט. אַ אידישער פריהלינג, אידישע ערד, אידישע הייזער, אידישע אינס־טיטוציעס, אידישע שוהלען, געבויט דורך אמת־אידישע הענט פאַר דאָס אידישע פאָלק. די פאַנטאַזיע איז באַנקראָט, די ווירקליכקייט האָט זי איבערגעוואַקסען. אויף דער באַפרייטער ערד וואַקסען אויס פרייע דורות און דאָס גרויסע שכינה־ליכט קערט זיך אום צוריק צו די טויערען פון ציון און ירושלים!

די ארץ־ישראל־באַוועגונג איז ניט בלויז פון אַ גרויסער פּראַקטי־שער באַדייטונג, נאָר אויך פון אַ הויך־אידעאַלער שטרעבונג. זי איז אומגעהייער וויכטיג ניט נאָר פאַר די אידען פון דער גאַנצער וועלט, נאָר אויך פאַר אַלע פעלקער, און גאָר אין גיכען וועט מען זיך איבער־ציינגען, אַז דער רוף פאַר אַן אמת׳ען שלום צווישען די פעלקער וועט קומען פון דעם ערשטען מקור.

פעליקס דער פילאַנטראָפּ האָט גערעדט קורץ אָבער דייטליך:

— מיינע דאַמען און הערען! אויף דער גאַנצער וועלט קען מען ניט זעהן אַזעלכע צופרידענע גליקליכע אידען ווי אין פּאַלעסטינע. זיי שטייגען איבער יעדער פאַנטאַזיע מיט זייער פּינקטליכקייט, אָרד־נונג און אויפלעבונג, און דאָס שעהנסטע און ערהאַבענסטע איז, וואָס צוזאַמען מיט'ן אויפלעבען פון פאָלק און לאַנד, לעבט אויך אויף די העברעאישע שפּראַך, וועלכע וועט מיט דער צייט באַהערשען ארץ־ישראל. אַלע זיינען דאָרטען גליקליך צו זיין אידען און צופרידען צו רעדען „לשון קודש". דאָרטען איז גאָר ניטאָ קיין פראַגע פון שפּראַכען. אַלע, אפילו די לינקע ארבייטער, זיינען גליקליך מיט'ן אויפבוי פון לאַנד און מיט העברעאיש אלס די שפּראַך פאַר'ן אידישען פאָלק. איך אַפּעליר זעהר שטאַרק, אַז די פאַרמעגליכע אידען זאָלען העלפען בויען דעם שעהנעם אידעאַל פאַר דאָס אידישע פאָלק און פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

איך האָב געזעהן דעם ווינקעלשטיין פון דעם העברעאי־שען אוניווערזיטעט אויפ'ן הר־הצופים, וואָס דער גרויסער פיהרער חיים ווייצמאַן האָט מיט זיינע אייגענע הענט געלעגט, אונטער'ן האַגעל פון בלוטיגע קוילען. מיר מוזען זעהן, אַז דער גאַנצער בנין זאָל וואָס גיכער אויסגעבויט ווערען און עס זאָלען מקוים ווערען די ווערטער פון אונזער נביא: „כי מציון תצא תורה ודבר ד' מירושלים".

דוד דער לץ האָט גערעדט ווי אַן אמת'ער „פּייטער". זיין שטים האָט געדונערט:

— איך האָב געזעהן מיט וואָס פאַר אַן עקסטאַז די האַלוצאַט (חלוצות) האָבען געאַרבייט, און איך בין איבערצייגט, אַז פון אַזאַ געזונטען איבערגעגעבענעם מאַטעריאַל פון טאַטעס, מאַמעס און קינ־דער, מוז אַרויסוואַקסען אַ גרויסע גשמיות'דיגע און רוחניות'דיגע עשירות פאַר דער גאַנצער וועלט. איך בין דורכגעגאַנגען ארץ־ישראל אין דער לענג און אין דער ברייט. וואָס פאַר אַ וואונדער מען זעהט דאָרטען! איך האָב געזעהן די הדסה אינסטיטוציעס. זיי טהוען וואונדערבאַרע ארבייט ניט נאָר אויף דעם מעדיצינישען געביט, נאָר זיי זיינען אויך אַ גרויסער פאַקטאָר אויף דעם ערציהערישען געביט. זיי לערנען אידען און אַראַבער ווי אַזוי צו לעבען היגיעניש, וואָס און ווען צו עסען, ווי זיך צו באַנעהמען. זייער ארבייט איז זעהר ניצליך און ווירקענד צווישען די אידישע איינגעוואַנדערטע מאַסען, וועלכע קומען דאָס רוב פון פּוילען, רוסלאַנד און בעסאַראַביען. איך האָב געזעהן פאַרשידענע שוהלען, אין וועלכע די אידישע יוגענט באַקומט

א וואונדערבארע ערציהונג, זיי ריידען אמת׳ע לשון קודש, ניט ווי מיין היברו טיטשער מייק, וועלכער האָט מיך געלערענט מיין בר־מצוה מיט׳ן ספיטש, נאָר טאַקע אמת׳ע לשון קודש פון חומש, און מיר מוזען אלע העלפען אָט דעם הייליגען רעליגיעזען אידעאל פון אויפבויען ארץ־ישראל!

און אָט אַזוי איז דער גרויסער מאַסענפּאַרזאַמלונג, וואו אונזערע טוריסטען האָבען געשפּילט די הויפּט־ראָל, פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַן אמת׳ן פאָלקס־יום־טוב פאַר דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל, און זיינט ד׳אַן האָבען די אַמעריקאַנער אידען אָנגעהויבען שפּילען די הויפּטראָל אין דער אויבויאונג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל.

בעת די מזרח־אייראָפּעאישע אידען האָבען צוגעשטעלט דעם מענשען־מאַטעריאַל, דורך אַ סיסטעמאַטישער איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל, האָבען די אַמעריקאַנער אידען צוגעשטעלט דעם גרעסטען טייל פון די מיטלען אויף בויען דאָס לאַנד.

עס האָט זיך אָנגעהויבען א גרויסע טהעטיגקייט פאַר ארץ־ישראל: די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, די הדסה, די קרן־היסוד פרויען אָרגאַניזאַציע, יונג יהודה, דער אַמעריקאַנער ציון קאָמאַנוועלטה, די פּאַלעסטיין סעקיוריטיס, דער פּאַלעסטיין עקאָנאָמיק קאָרפּאָראַציע, די אידישע אַגענטור און פיעלע פּריוואַט מענשען האָבען זיך מיט גרויס ענערגיע גענומען צו דער אויפבויאונגס־אַרבייט.

דער קרן־היסוד, וועלכער איז געוואָרען איינער פון די וויכטיגסטע פאָנדען פאַר דעם אויפבויאונג פון ארץ־ישראל, האָט זיך פאַראייניגט מיט׳ן צווייטען גרויסען פאָנד, „קרן קימת״, וועמעס אויפגאַבע עס איז אויסצוקויפען דעם באָדען, מיט דער הדסה, העברעאישען אוניווערזיטעט און „מזרחי״, און מיט פאַראייניגטע כחות פלעגען זיי געהן מחיל אל חיל. די גרעסטע מענשען פון לאַנד זיינען צוגעשטאַנען צו דער גרויסער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג.

לו דער שוויינער, מעקיי דער גוטער און פעליקס דער פילאַנטראָפּ האָבען אַריינגעצויגען אין דער אַרבייט דעם גרויסען פילאַנטראָפּ און יוריסט לואי מאַרשאַל, סעמועל אונטערמייער און אַנדערע.

אין אַלע גרויסע שטעדט און שטעדטלאַך איבער׳ן גאַנצען לאַנד איז אָנגעפיהרט געוואָרען אַ לעבהאַפטע ענערגישע טהעטיגקייט.

עס זיינען געמאַכט געוואָרען גרויסע קניות פון ערד אין ארץ־ישראל, פון מתולה און כפר־גלעדי, גאַנץ אין דער הויך צו צפון ביז

רוחמה, גאנץ אונטען צו דרום פון מזרח ארום ים כנרת ביז מערב און אז. וו., דעם גאנצען עמק, גאנץ חברון. מען האָט געמאכט פון די „חמי טבריה" אַן אמת'ע „קאַרלסבאַד" נאָר מיט מעהר געשמאַק און אנשטענדיגקייט. אמעריקאנער אידען האָבען אין „תל אביב", ביים ברעג, אויסגעבויט אַן אמת'ע אַטלאַנטיק־סיטי.

דורך דער איניציאַטיווע פון אונזערע טוריסטען (ניט אַלע) זיינען דורך די אמעריקאנער אידען, וועלכע זיינען געקומען אין פאַרבינדונג כמעט מיט די גרעסטע אידען פון דער וועלט, אריינגעבראכט געוואָרען אין ארץ־ישראל אַ גייסט פון מאָדערנער אינדוסטריע און מאָדערנע פאָרמען פון לאַנד־ווירטשאַפט. מען האָט געעפענט אַ גרויסע צאָהל פאַבריקען צו פּראָדוצירען זאַכען, וועלכע מען פלעגט בעפאָר מוזען אימפּאָרטירען. עס האָט זיך ענטוויקעלט אַ גייסט פון פריוואַטער אונטערנעמונג. דער עקספּאָרט פון ארץ־ישראל נאָך אַמעריקא האָט אַנגעהויבען גרייכען אין צעהנדליגע מיליאָנען פונטען, און פאַר די צעהנדליגע טויזענט אידען וועלכע זיינען געקומען אין ארץ־ישראל האָט זיך אנגעהויבען אַן אמת־גליקליך לעבען.

דער „מעדיקעל יוניט", וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין די מלחמה יאהרען, איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ וואונדערבאַרען סיסטעם פון שפּיטאָלען, קליניקס, קינדער אַנשטאַלטען און שול־אינ־ספּעקציעס, וואָס וואַכען איבער'ן געזונט פון אידען און אַראַבער צו־גלייך. די ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע „הדסה", וועלכע שטעהט אין שפּיץ פון אָט די גלענצענדע אַרבייט, האָט זיך פונאַנדערגעוואַקסען אין דער לענג און אין דער ברייט פון אַנקעל סעמ'ס מדינה. איהרע צווייגען האָבען דערגרייכט אין אַלע שטעדט און שטעדטלאַך פון אמע־ריקאַ. כמעט אַ פערטעל מיליאָן גוט אָרגאַניזירטע פרויען האָט די הדסה פאַרמאָגט. אויסער די „יונג־הדסה", וועלכע האָט שוין געצעהלט כמעט די זעלבע צאָהל.

די ארץ־ישראל־באַפעלקערונג איז דורך די „הדסה" געוואָרען באַ־קענט מיט די כללים פון מאָדערנער היגיענע, אַזוי אַז דער געזונטער צושטאַנד פון פאָלק האָט זיך בולט אַרויסגעצייגט דורך דער אַרבייטס־קראַפט.

אַ גרויסער נעץ פון שוהלען איז פאַרשפּרייט געוואָרען איבער'ן לאַנד, מיט העברעאיש אַלס די הויפּט־שפּראַך, אין וועלכער עס ווערען געלערענט אַלע געגענשטאַנדען, קינדער־גאַרטענס, עלעמענטאַרע און מיטעלע שוהלען, פּראָפעסיאָנעלע קונסט־ און מוזיק־שוהלען, האַנט־

ווערק־שוהלען און טעכנישע שוהלען, און איבער אלע שוהלען טורעמט דער העברעאישער אוניווערזיטעט אין ירושלים, וועלכער האלט זיך אין בויען און וואס וועט קירצליך עפענען זיינע ערשטע פאקולטעטען אויפ׳ן הר הצופים.

דער דאזיגער שול־סיסטעם, מיט העברעאיש אלס לעבעדיגע שפראך, קנעט צוזאמען די אידען וואס זיינען געקומען נאך ארץ־ישראל פון אלע עקען וועלט, אין איין פאלק.

מען האט ארגאניזירט א ספעציעלען רוטענבערג־פאנד און עס זיינען אויסגעבויט געווארען פיעלע עלעקטרישע סטאנציעס, וועלכע האבען באלויכטען פיעלע שטעדט און קאלאניעס.

דער מאדערנער וואסער־סיסטעם האט אין גאנצען ארויסגעשטויסען דאס פארעלטערטע סיסטעם וואס האט דא געהערשט פיעלע יאהרען.

דער קאפיטאל פונ׳ם קאלאניאל־באנק איז אויסגעוואקסען אין צעהנדליגע מיליאנען פונטען און האט פונאנדערגעלאזען זיינע צווייגען אין פיעלע שטעדט פון ארץ־ישראל און חוץ־לארץ.

עס זיינען געעפענט געווארען קרעדיט־באנקען, וועלכע האבען געהאלפען אויסבויען א מאסע הייזער אין אלע טהיילען פון לאנד, אן ארבייטער באנק און א בעל־מלאכה באנק, וועלכע האבען פיעלע אידען געשטעלט אויף א גוטען מצב.

טויזענטע טוריסטען פון אמעריקא האבען גענומען שטראמען נאך ארץ־ישראל. זיי האבען געפונען דאס לאנד אין א בליהענדען צושטאנד. פיעלע האבען דארטען געלאזען באדייטענדע סומען אין הייזער, באדען און אינדוסטריע. א גרויסע צאהל זיינען דארטען פארבליבען תושבים, און די צוריקגעקומענע האבען דערצעהלט דעם אמת, און דאס האט פארשפרייט די בעסטע ידיעות איבער ארץ־ישראל און איבער די מעגליכקייטען וועלכע עפענען זיך דארטען פאר׳ן אידענטום פון אלע לענדער.

עס זיינען דורכגעפיהרט געווארען מאדערנע שאסען־וועגען, וועלכע פארבינדען אלע טיילען פון ארץ־ישראל, און אויטאמאבילען האבען פארנומען דעם ארט פונ׳ם אייזעל און קעמעל.

און דאס לאנד, וועלכע איז הונדערטע יאהרען געווען פארנאכלעסיגט און פארוויסט, רוישט איצט מיט לעבעדיגער טהעטיגקייט.

לו דער שווייגער האט געהאלטען זיין שבועה. ער איז געווארען דער לייטענדער גייסט פון אלע ארגאניזאציעס און האט אויף אלעמען משפיע געוועזן צו העלפען בויען וואס גיכער די אלט־ניילאנד.

פאר זיינע אויגען פלעגט תמיד שוועבען שושנה, אדער יהודה, און מעהר פון אלעמען זיין געליבטע בערטע, וועלכע איז אויף איין מינוט ניט ארויס פון זיינע געדאנקען. ער האט אין דער שטיל ארויסגע־שיקט גרויסע דעטעקטיווס אין אלע אייראפעאישע און אזיאטישע האפען־שטעדט, אפשר וועט זיי געלינגען צו געפינען א שפור פון זיין פארשוואונדעטער בערטע. ער איז געוועזן אזוי זיכער אז זי לעבט, דאס ער האט געווארט נאר אויף דעם מאמענט, ווען ער וועט איהר קענען זאגען: די מחיצה איז געבראכען, דעם ים האט ער איבערגע־שוואומען און דעם מדבר אויסגעוואנדערט! ער האט איהר פאר איין מינוט ניט ארויסגעלאזען פון זיין זכרון.



זיבען־און־דרייסיגסטער קאפיטעל.

## לאעב און גולד ביים רויטען לייב.

לאעב און גולד זיינען געוועזן די גרעסטע דעטעקטיווס פון די פאר־אייניגטע שטאטען פון אמעריקא. זיי האבען זיך אפגעגעבען מיט זייער פראפעסיע ניט בכדי צו מאכען געלט, נאר אלס זוכער פון אמת און גערעכטיגקייט. זיי האבען גע'ירש'ענט פון זייערע עלטערן צעהנד־ליגע מיליאנען דאלאר און האבען געקראגען די בעסטע בילדונג. זיי האבען געענדיגט פארשידענע אוניווערזיטעטען מיט די בעסטע אויס־צייכענונגען אלס יוריסטען. דאס רוב פון זייער צייט פלעגען זיי אוועקגעבען צו פארטיידיגען ארימע מענשען אין די געריכט־הייזער, און ווערענדיג באקאנט מיט פארשידענע דעטעקטיווס, איז זיי פשוט געפעלען געווארען אט די „פארשטעלטע קונצען״, און זיי זיינען מיט דער צייט געווארען די גרעסטע דעטעקטיווס אין אנקעל סעמ'ס מדינה. דורך זייער פעהיגקייט און קונסט איז זיי געלונגען אויסצוגעפינען פיעלע אמת'ע פארברעכער און ריינוואשען די אומשולדיגע פון די פאלשע בלבולים. פיעלע מאל איז זיי אויסגעקומען צו שפילען די ראליע פון קונצענמאכער, וואס האט איבערראשט די גרויסע מדינה. זיי פלעגען קענען פארשטעלען פארשידענע טיפען, אז אפילו די בעניטע אויג פון דעטעקטיווס פלעגט זיי ניט קענען משיג זיין. זיי האבען

זיך געקענט פארשטעלען פאר די גרעסטע מענשען, סיי פון דער אויי־בער־וועלט און סיי פון דער אונטער־וועלט, און זיי האבען גע׳שמ׳ט אין אלע וועלטען.

זיי זיינען געווארען באליבט ביי אלע קלאסען: ביי די קאפיטא־ליסטען פאר זייער רייכטום און ביי די ארבייטער פאר זייער פארטיי־דיגען זיי. זיי זיינען געווארען די געטער פון די שוואכע און אונטער־דריקטע.

זיי האבען פילע מאל געארבייט צוזאמען מיט׳ן גרויסען לו, וועלכער איז אויך געווען א פריינט פון אונטערדריקטע און זיי זיינען געווארען זיינע בעסטע פריינט.

און צו די צוויי יוריסטען־דעטעקטיווס האט לו איבערגעגעבען די געשיכטע פון זיין פארשוואונדענער בערטע. ער האט זיי געשילדערט אלע סימנים, ער האט זיי אפילו דערמאנט, ווי זי האט זיך איינמאל פארקליידעט אלס „שווארצקאפ" און א צווייטען מאל אלס מאדאם „בלומענטהאל", און די מערקווירדיגע עהנליכקייט פון איהר מיט שושנה׳ן פון ארץ־ישראל.

ער האט זיי דערצעהלט שושנה׳ס ביאגראפיע, לויט ווי זי האט איהם איבערגעגעבען, און נאך א גרויסען ישוב־הדעת זיינען זיי גע־קומען צום באשלוס, אז ס׳איז גאנץ מעגליך, אז זי איז טאקע שושנה׳ס א שוועסטער, אט די הויפט־ריכטערין פון דער רויטער מדינה, וועלכע איז ווארשיינליך אנטלאפען פון רוסלאנד, און די רויטע אגענטען, וועלכע זיינען פול אומעטום, האבען געוויס א האנט אין איהר פאר־שווינדען.

— פריינט לו! — האבען זיי געזאגט. — אויסער אונזער אמת׳ע אהבה, וואס מיר פיהלען צו אייך פערזענליך, זיינען מיר פאראינטע־רעסירט אין דער געשיכטע, פונקט ווי ס׳וואלט פאסירט מיט אונזערע א שוועסטער, און זייט זיכער, אז אויב זי לעבט נאר, וועלען לאעב און גולד זי אויסגעפינען.

די צוויי באריהמטע יוריסטען־דעטעקטיווס האבען באשלאסען גלייך צו מאכען א רייזע נאך דער רויטער מלוכה און טאקי זיך צו דערקענען מיט׳ן „רויטען לייב" אליין.

און כאטש זיי זיינען געווען די שטארקסטע מתנגדים פון באלשע־וויזם, ווייל זיי האבען געזעהן אין דעם סארט קאמוניזם א צושטערענדע קראפט און א געפאהר פאר דער ציוויליזאציע, אבער זיי האבען מודה געווען, אז טראצקי איז א שאפענדער און בויענדער גאון און אז

עס האט זיך געפאדערט מעהר ווי דורכשניטליכע פעהיגקייטען צו קענען אנהאלטען די רויטע מאכט אין פארלויף פון די אלע יאהרען.

ביי זיי איז טראצקי געווען די גרעסטע פערזענליכקייט וואס די רוסישע רעוואלוציאן האט ארויסגעגעבען. זיי זיינען געווען מיט דער מיינונג, אז ווען ניט טראצקי, וואלט דער גרויסער ניקאליי לענין גאר ניט געקענט אויפטאן. אמת, לענין איז געווען דער מענש מיט'ן אייזערנעם ווילען און איבערנאטירליכען רצון, אבער ער האט פאר זיך געזעהן בלויז גראדע ליניען, וועהרענד טראצקי איז געווען ערפינדעריכער פאר איהם, ער האט געהאט מעהר איינפעלע, ער האט אויך געזעהן די זייטיגע ליניען, וואו מען קען זיך א בויג טאן אין צייט פון קריזיס, און אט דאס האט געהאלפען, אז די באלשעוויסטישע רעגירונג זאל ארויסשווימען גאנץ פון די אלע אטאקעס, וואס זיינען אויף איהר געמאכט געווארען פון אינוועניג און פון דרויסען.

לאעב און גאלד זיינען אנגעקומען אין רוסלאנד אין דער צייט ווען טראצקי איז צוריקגעקומען פון קאווקאז.

ווייל נאך ניקאליי'ס טויט האבען טראצקי'ס געגנער אויפגעהויבען דעם קאפ, און אנגעהויבען פארשפרייטען געגען איהם א גיפטיגע פראפאגאנדע. זיי האבען ניט געקענט מוחל זיין, וואס דוקא א איד איז דער פעהיגסטער מאן פון דער רויטער מלוכה; זיי האבען פארשפרייט א גאנצען נעץ פון אינטריגען וואס האבען זיך אנגעהויבען צו וועבען ארום טראצקי'ן. מען האט זיך באנוצט מיט די געמיינסטע מיטלען אין זייער קאמפף געגען איהם: „דער פלוידער־זאק", „דער מענש אהן שכל" „די אומפאראנטווארטליכע בריאה" און „דער תליון" האבען אויף א ווייל געזיגט. זייער פראפאגאנדע האט זיך איינגעגעבען. טראצקי האט געמוזט פארלאזען מאסקווע און זיך צוריקציהען ערגעץ אין א קור־ארט אויף קאווקאז.

אבער דער צויבער פון זיין פערזענליכקייט האט זיך געפיהלט די גאנצע צייט. די רוסישע מאסען זיינען אלץ געווען אונטער דער אילוזיע, אז טראצקי קען אלץ, און אז מיט דעם וואס מען האט איהם באזייטיגט, אדער דערווייטערט, האט מען געטאן די גרעסטע רעה צו רוסלאנד.

זיינע שונאים האבען אנגעשטרענגט אלע זייערע כחות אויסצואווארצלען די לעגענדע, וואס האט זיך ארום זיין נאמען געשאפען. טראצקי'ס ווירקונג איז אבער געווען שטארקער פון זיי; טראצקי'ס דערווייטערונג האט דעמאראליזירט די רויטע ארמעע, דער געטרייעס־

מער מאסקווער גארניזאן האט אנגעהויבען אדויסווייזען סימנים פון בונט און מען האט געמוזט ברענגען צוריק דעם ארונטערגעוואָרפענעם „אפגאט“ פון זיין גלות וואס ער האט אפגעריכט, און איהם צוריק ארויפזעצען אויף זיין כסא מלוכה.

און אויסער דעם האט זיך די רויטע מדינה געפונען אין א זעהר טרויעריגער לאגע. די שלעכטע גרעטעניש אויף די פעלדער און די הונגער־מורא האט אנגעוואָרפען א פחד אויף אלע רעדעל־פיהרער. די אומצופרידענהייט איז געוואקסען. מען האט זיך געשראָקען פאר א פויערים־אויפשטאנד, אז עס זאלען זיך ניט איבער׳חזר׳ן אלע פאר־סירונגען, וואס האבען אין 1917 געבראכט צו דער אומשטירצונג פון דער צארישער רעגירונג. דער הונגער איז די מוטער פון די רוסישע אויפשטאנדען נאך פון מיטעלאלטער, און די באלשעוויקעס ווייסען דערפון גאנץ גוט. מען מוז צוריק האבען דעם גאון טראָצקי מיט זיין אידישען מח, און ער וועט געוויס ארויסשלעפען פון דער טרויע־ריגער לאגע.

פון די גרויסע „הלואות“, פון וועלכע די „רויטע מיניסטארען־קעפ“ האבען אזוי פיעל געליארעמט, האט זיך אויסגעלאזען „א צובראכענע קארעטע“. אויסלאנד גיט ניט קיין געלט, ווייל עס איז ניטא וועמען צו אנפארטרויען. עס איז ניטא קיין געזונטער עקאָנאָמישער לעבען אין רוסלאנד, ווייל די באלשעוויקעס זיינען ניט ביכולת אונטער זייער סיסטעם פון פאלקס־ווירטשאפט, צו קריגען קרעדיט. דאס איז א פאר׳כשוף׳טער און פארשאלטענער קרייז, פון וועלכען עס איז דא נאר איין אויסוועג — א נייע רעגירונגס־סיסטעם אין רוסלאנד. און דא מוז מען ווידער האבען טראָצקי דעם חכם.

דער הייליגער רויטער דרייליגג פון דער באלשעוויסטישער מאכט האבען זיך גענומען רייסען צווישען זיך.

„דער פלוידערזאק“ מיט זיין דריטען אינטערנאציאנאל, וויל נאר אנהאלטען די דובינקע אינוועניג און פארטזעצען די רויטע פראפא־גאנדע אין אויסלאנד, אבער דערפון זעהט זיך ארויס נאך בולט׳ער דער חורבן פון רוסלאנד, און קיין אנדערער ווי א טראָצקי קען זיך עס ניט אונטערנעהמען דורכצופיהרען די רוסישע צובראכענע קארעטע צווישען אזעלכע שטורעמדיגע כוואליעס.

און לעאן טראָצקי דער ארונטערגעזעצטער קריעגס־מיניסטער פון סאוויעט־רוסלאנד איז נעקומען צוריק קיין מאסקווע. ער איז פון די סאוויעטען־פיהרער אויפגענומען געווארען מיט אפענע ארעמס. אלע

זיינע פריהערדיגע כלומר׳שטע אפּקורסות, פּאר וועלכע ער איז אַרונטערגעזעצט געוואָרען, זיינען פאַרגעבען און פאַרגעסען געוואָרען.

טראָצקי אַליין איז געקומען מיט דער ענטשלאָסענהייט אויסצוארבייטען א בעסערע רעגירונגס־סיסטעם און ארבייטען מיט די פולסטע הארמאָניע מיט זיינע חברים.

דורך גרויסע רעקאָמענדאציעס האט זיך אונזערע יוריסטען־דעטעקטיווס איינגעגעבען צו זיין אנוועזענד אויפ׳ן אַלל־רוסישען סאָוויעטען־קאָנגרעס אין מאָסקווע, גלייך נאָך טראָצקי׳ס צוריק־קומען.

אויף דעם קאָנגרעס פון אַלע רוסישע סאָוויעט רעפּובליקען האָבען נייע ווינטען געקומען בלאָזען. די זעלבע פיהרער, וועלכע האָבען טראָצקי׳ן ביטער אַטאַקירט און איהם ארויסגעשטעלט „מחוץ למחנה“ בעטען זיך איצט ביי איהם, אז ער זאָל אָננעהמען וועלכען אמט ער וויל אַליין. אמת טאקע, דער איד איז „טריף“, אָבער זיינע כשרונות, זיינע פעהיגקייטען און זיין חכמה איז „כשר“, און טראָצקי האָט איצט איינגעזעהן די ראַטזאַמקייט פון מאַכען א פּשרה מיט זיינע פעסטע „יקוב הדין את ההר“־פּרינציפּען, און שאַפען מעהר האַרמאָניע צווישען דער אַלטער פּאָליטיק מיט דער נייער.

לאָעב און גולד האָבען געלערענט אויפ׳ן קאָנגרעס, אַז עס איז קיין ספק ניט, אז צווישען די אַלע וואָס דירעקטירען איצט דעם שיקזאַל פון דעם באָלשעוויסטישען רעזשים, איז טראָצקי דער פעהיגסטער. מען האָט ניט געקענט זעהן קיין איינאיינציגען געלונגענעם צוג, וואָס דער סאָוויעט־„דריילינג“ זאָל האָבען געמאַכט, זייט טראָצקי איז אַוועקגעפאָהרען אויף די קאווקאזער בערג, צו העכערען די רעפּוטאַציע פון דער רויטער מלוכה אין די אויגען פון דער וועלט, אָדער אין די אויגען פון דער רוסישער מאַסע גופא.

זינט זיין אָבוועזענהייט איז רוסלאַנד געוואָרען מעהר כאַאָטיש, און וואָס איז נוגע אויסלאַנד, איז אָנגעפיהרט געוואָרען אַ נאַרישע פּאָליטיק, אַ קאָמישע זעלבסט־פאַרניכטונג, אַ זעלבסט־דיסקרעדיטירונג אין די אויגען פון דער וועלט. אַזוי האָט עס זיך ארויסגעוויזען אויפ׳ן קאָנגרעס. און טראָצקי, די ענערגישע מויערען־ברעכענדע פּערזענליכקייט, האָט אויפ׳ן קאָנגרעס געהאַט דעם גרעסטען זיג. ער איז געווען דער העלד פון אַמאָל און פון היינט. ער האָט פיעל געענדערט דעם נוסח פון דעם רויטען רעזשים, ער האָט גענומען איינפיהרען „אַ מילדערן באָלשעוויזם“, וואָס שמעקט אַ היבש ביסעל מיט „פּריוואַט אייגענטום“. רייכע פּויערים, פּריוואַט באַשעפטיגטע אַרבייטער און פּריוואַט פּאַב־

ריקאנטען האבען געקראגען דאס רעכט צו באלאנגען צו די „רויטע יוניאנס" אפילו ווען זיי באשעפטיגען ארבייטער, און נאך אזעלכע זאכען, וואס צייגען א נייגונג צום פשוט'ן געוועהנליכען קאפיטאליזם.

לאעב און גולד האבען זיך פארגעשטעלט פאר טראצקי'ן אלס גרויסע אמעריקאנער קאפיטאליסטען, וועלכע ווילען זיך פארבינדען מיט רוסלאנד, מיט גרויסע געשעפט־אונטערנעמונגען, אויב די קאנ־צעסיעס וועלען זיין זיכערע און גינסטיגע. טראצקי האט זיי פארבעטען צו זיך אין זיין פריוואט־קאבינעט.

— איך בין געווען אין אייער אמעריקא,—האט ער אנגעהויבען. — ס'איז א לאנד פון גרויסע אונטערנעמונגען, מיט זעהר א גרויסען אונ־טערנעמונגס־גייסט, און כאטש אייער רעפובליק האט נאך ניט אנ־ערקענט אונזער „רויטען רעזשים", אבער אונזער סאוועט־רעגירונג וויל מיט'ן גאנצען הארצען פארקניפען האנדעלס־פארבינדונגען מיט די בירגער פון אייער לאנד, ערשטענס וועלען ביידע צדדים פראפיטי־רען, און צווייטענס וועט עס אפשר פיהרען צו דער אנערקענונג פון אונזער רעגירונגס־סיסטעם, מצד אייער אנקעל־סעם.

מיר, די סאוועט־רעפובליק, ווילען מאכען ביזנעס מיט אלע מלוכות פון דער וועלט, סיי די קליינע און סיי די גרויסע, כאטש מען דענקט נאך אליץ, אז רוסלאנד איז א לאנד פון פאנטאסטישע איבערטריי־בונגען און היפוך'דיגע גוזמאות. אבער מיר קענען מאכען פראקטישע געשעפטליכע אונטערנעמונגען. אט וועלען מיר מאכען געשעפטליכע פארבינדונגען אפילו מיט דער נייער פאלעסטינער מלוכה. עס איז פאראן א קלארע עקאנאמישע פארבינדונג צווישען רוסלאנד און פא־לעסטינע. מיר קענען שיקען נאך פאלעסטינע „האליץ" דורך אונזער צענטראלער רעגירונג, דער רוסישער סארט האליץ, ווי „סאסנע" איז אימשטאנד שטארק צו קאנקורירען מיט יעדער עקספארט פון אנדערע לענדער. מיר קענען אין נעראטענע יאהרען צושיקען אויך „תבואה" פיעל ביליגער ווי זיי קויפען איצט אין אויסטראליען. עס איז ניט אויסגעשלאסען, אז אלס תבואה־מארק האט די נאהענטע פאלעסטינע, וואס איז דערצו גוט פארבונדען מיט אדעס דורך דעם שווארצען ים, שאנסען צו ווערען אן אנציהונגס־קראפט פאר'ן רוסישען עקספארט. פאלעסטינע קען אונז פארקויפען איהרע וואונדערבארע אפעלסינען, מאנדלען, טאבאק, און אז. וו.

אט האב איך ערשט פארבעטען דער פאלעסטינער אידישער אר־בייטערשאפט צו קומען קיין רוסלאנד, אנטהייל נעהמען אין קאנגרעס

פון אונזערע קאָאָפּעראַטיווען, וואָס דער „צענטראַל סאָיוז" האָט איצט צוגויפּגערופען, פאַרטרעטער פון דעם חברת עובדים און „סולל בונה" זיינען שוין אויפ׳ן וועג נאָך רוסלאַנד.

דער רוסישער קאָאָפּעראַטיווען קאָנגרעס האָט זעהר אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער אינערליכער רוסישער עקאָנאָמישער פּאָליטיק און ציהט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע אויסלענדישע אַר־בייטער אָרגאַניזאַציעס. דער צענטראַ־סאָיוז, וועלכער פיהרט אָן מיט אַ געוואַלטיגער נעץ פון גענאָסענשאַפטען און קאָאָפּעראַטיווע געזעל־שאַפטען אויפ׳ן גאַנצען שטח פון דער רוסישער טעריטאָריע האָט איינגעלאַדען אויף דעם צוגויפּגערופענעם קאָנגרעס אַלע אינטערנאַצי־אָנאַלע קערפּערשאַפטען.

— אָבער, הערר טראָצקי! — האָט לאָעב אָנגעהויבען.

— ניין! רופט מיד חבר טראָצקי, ווייל ביי אונז זיינען ניטאָ קיין הערען! — האָט ער באַמערקט.

— אַלרייט! זאָל זיין חבר טראָצקי! — האָט לאָעב אָנגעהויבען. — ביי מיר זעהט עס אוים ווי עפּעס „תרתי דסתרי׳דיג": מיר האָבען געהערט, אַז אייער סאָוועטען־רוסלאַנד רודפ׳ט זעהר שטאַרק די ציוניסטישע באַוועגונג, און מען דיסקרעדיטירט די אויפבוי־אַרבייט אין דער אידישער נאַציאָנאַלער היים. מען קומט ניט אָפּ בלויז מיט זלזולים, נאָר עס איז אַן אידעאָלאָגישער קאַמף, כאָטש ארץ־ישראל האָט אויך אַרבייטער־קאָמוניסטען, קבוצות חלוצים און אז. וו. און דאָ פּלוצלונג פאַרבעט איהר זייערע פאַרטרעטער צו אייער קאָנגרעס?

טראָצקי האָט נאָך אַ קורצען שווייגען געענטפערט:

— מיר זיינען דאָך ניט איינשטימיג מיט די פאָרמען פון אַלע עקזיסטירענדע רעגירונגען, פונדעסטוועגען האָט עס ניט צו טאָן מיט מאַכען געשעפט. ווי אייערע אַמעריקאַנער זאָגען: „ביזנעס איז ביזנעס".

— מילא, לאָמיר צורוהלאָזען די פּאָליטישע זייט מיט איהרע סיסטעמען — האָט גולד אָנגעהויבען. — מיר זיינען פּראַקטישע אַמע־ריקאַנער און מיר ווילען מאַכען געשעפט, טאָ לאָמיר בעסער רעדען פון תכלית. מיר האָבען זעהר פיעל געהערט פון אייער וואונדערבאַרער יאַלטאָ, וואו די אַמאָליגע צאַרען פלעגען האָבען אַלע זייערע פאַרגעני־גענס און זייערע וואונדערבאַרע שלעסער. מיר וואָלטען עס וועלען באַטראַכטען, אפשר קען מען עס פאַרוואַנדלען אין אַן „אַטלאַנטיק סיטי", אָדער אַ מאָדערנע „קאָני איילאַנד" און עס קען ווערען דער

שעהנסטער און גרעסטער זומער־פּלאַץ אין דער וועלט, מיט אַ הכנסה פון הונדערטע מיליאָנען, און עס קען געבען ארבייט און באַשעפטיגונג צו הונדערטע טויזענטע מענשען.

— איהר אמעריקאַנער זוכט נאָר פאַרגעניגען! — האָט טראָצקי באַמערקט.

— אַבער צו דעם פאַרגעניגען קען מען נאָך מאַכען אויך מיליאָנען! — האָט לאָעב באַמערקט.

— גוט! — האָט טראָצקי געזאָגט. — איהר זייט דאָך פּראַקטישע אמעריקאַנער, רעדט און איך וועל הערען.

און גולד האָט פּאָנדערגעוויקעלט פאַרשידענע גרויסע פּלענער פון אויפבויען גרויסע האָטעלען, כל־ערלייאיגע אמוזירונגס־פּלעצער און אַזוי ווייטער. — אַבער האָט ער צוגעגעבען: — איהר דאַרפט ניט פאַרגעסען, אַז מיר ווילען גרינדען אַ געזעלשאַפט, וועלכע וועט אַריינלעגען קרוב צו דריי הונדערט מיליאָן דאָלאַר און אפשר מעהר, ווילען מיר קודם־כל האָבען אַ גוטע גאַראַנטיע, אַז נאָכדעם ווי מיר וועלען האָבען אַלעס איינגעאָרדנעט און אויפגעבויט, זאָל אייער רעגירונג ניט קומען און עס פּלוצלונג נאַציאָנאַליזירען. ווייטער ווילען מיר האָבען אַ קאָנצעסיע אויף לכל־הפחות הונדערט יאָהר, און מיר זאָלען מעגען באַשעפטיגען ארבייטער וועלכע מיר אליין וועלען געפינען פאַר נויטיג. די ארבייטער און אַלע אנגעשטעלטע זאָלען שטעהן אונטערן שוץ פון אַנקעל סעם, כאָטש זיי זיינען אייערע בירגער.

— אייערע באַדינגונגען זיינען צופיל בורזשואזנע — האָט טראָצקי באַמערקט. — אַבער איך וועל אַלעם זעהר פאַרזיכטיג באַטראַכטען און זעהן ווי אַזוי און אויף וועלכע תנאים מיר קענען עס דורכפיהרען, אַז ביידע צדדים זאָלען זיין צופרידען, סיי די בורזשואזנע און סיי די פּראָלעטאַריער. ווי איך פאַרשטעה זייט איהר לכל הפחות ראַדיקאַל־ליבעראַלע מענשען מיט אידעען, און איהר וועט מוזען מאַכען פּשרות מיט אייערע תנאים, אַזוי ווי איך מיט מיינע פּרינציפּען, אַז עס זאָל זיך צופיל ניט וואַרפען אין די אויגען אונזערע עקסטרעמע־קאָמוניסטען, וועלכע האַלטען זיך נאָך זעהר שטאַרק אַן דעם בראשית פון דער רויטער תורה און זיי זיינען זעהר מדקדק!...

פּאָרלויפיג וועל איך אייך געבען אַ געשריבענע ערלויבניש צו פאָהרען און זעהן אַלע פּלעצער, וועלכע איהר וועט געפינען פאַר נויטיג, ווייל אונזערע קאָמיסאַרען זיינען זעהר פאַרזיכטיג און שטרענג, סיי

מיט אייגענע און סיי מיט פרעמדע באזוכער, און דאס פאפיר וועט אייך פיעל העלפען! — האט ער געענטפערט.

אפשר קענט איהר אונז רעקאמענדירען א מאן, וועלכער איז באַקאנט מיט יענער געגענט פאר אונזער וועג־ווייזער? — האבען זיי געפרעגט.

— עס איז ניט נויטיג! — האט טראצקי געענטפערט. — אונזערע קאמיסארען פון יאלטע וועלען אייך אלעס באווייזען און ערקלעהרען. איך וועל זיי שרייבען א ספעציעלען בריעף מכח אייער קומען אהין.

זיי האבען גענומען אפשייד און זיינען ארויס. אויפ׳ן וועג האבען זיי צווישען זיך גערעדט, אז מען מוז זיין זעהר פארזיכטיג מיט אט דעם רויטען חברה־מאן. ער איז א דורכגעטריבענער געניאלער דיפּלאמאט, זיינע שפיאנען וועלען מן־הסתם אויף אונז גוט אכטונג געבען, אבער דער זכות פון אנקעל סעם וועט אונז געווים ביישטעהן.

זיי האבען ניט געמאכט קיין שהיות און נאך אין דעם זעלבען טאג האבען זיי געמאכט די נסיעה׳לע אין יאלטע.



אכט־און־דרייסיגסטער קאפיטעל.

## יאשקע און פייוועל די קאמיסארען.

לאעב און גולד האבען זיך געמאלדען צום קאמיסאר, וועלכער, האט זיי אויפגענומען מיט א יראת הכבוד, לויט די אינסטרוקציעס וועלכע ער האט ערהאלטען פון טראצקי׳ן אליין. ער איז מיט זיי ארומגעפאהרען איבער אלע פלעצער, וועלכע האבען זיי באגייסטערט, און כאטש פיעלעס האט מען צו׳גנב׳עט און צובראכען, איז נאך אלץ פארבליבען וואונדערבארע אנטיקען, וואס נאר רוסישע צארען האבען עס געקענט קריגען.

— זיי זיינען פאר דער צייט געווארען חבר׳יש מיט יאשקע קאַמיסאר און זיי האבען גענומען זוכען פלענער ווי אזוי מען הויבט אן אויסצוגעפינען דעם אלטען אלכסנדר, שושנה׳ס פאטער, און אפשר דורך דעם אויך א שפור צו דער פארשוואונדענער בערטע.

— חבר קאמיסאר! — האט איינמאל א זאג געטאן לאעב. — מיר ווילען פון אייך א קליינע טובה: אזוי ווי מיר זיינען פון דער נאטור היסטאריקער, וואלטען מיר אייך זעהר דאנקבאר געווען, ווען איהר קענט אונז איבערגעבען איינינע היסטארישע פאסירונגען פון אט די

צארישע פאלאצען און אויך פון די תושבים פון יאלטע. ביי אונז וועט עס זיין א יקר המציאות.

דער קאמיסאר האט זיך פארטראכט אויף א קורצער צייט און האט געענטפערט:

— פארשטעהט איהר מיך, חברים פון אמעריקא! מיך רופט מען „יאשקע קאמיסאר" און מיינע אבות אבותינו זיינען קיינמאל ניט געווען אין יאלטע, ווייל, פארשטעהט איהר מיך, איך שטאם אליין מזרע היהודים, ניט פאר אייך גערעכט. די אמאליגע צארען, די זעלבסט־געקרוינטע דורך גאט'ס גנאדען, האבען ווארשיינליך מורא געהאט, אז מיר אידעלאך זאלען חלילה ניט פאראומרייניגען די „אדמת קודש" פון די הייליגע צארען מיט זייערע הימעלשע ראספוטינס, — נו, פארשטעהט איהר מיך, אז איך וויים אזוי די היסטאריע פון יאלטע, פונקט ווי די היסטאריע פון מיקאדא, און אפשר וויים איך פון מיקאדא מעהר, ווייל פון יאלטע האב איך ניט געוואלט וויסען; איז ביי מיין בעסטען ווילען, קען איך אייך די קליינע טובה ניט טאן.

— אפשר קענט איהר פאר אונז קריגען איינעם פון די אלטע איינוואוינער פון יאלטע, וואס מיר זאלען דורך איהם קענען קריגען היסטארישע אינפארמאציע?

— יא, חברים! דאס קען מען גראדע יא געפינען, אבער עס איז שטרענג פארבאטען צו געבען וועלכע־ניט־איז אינפארמאציע צו אויסלענדער. ווייל, פארשטעהט איהר מיך, די אלטע איינוואוינער זיינען די ביטערסטע שונאים פון דעם „נייעם רעזשים", ווייל, פאר־שטעהט איהר מיך, מען האט ביי זיי אויסגעראמט דעם גאנצען „חמץ" וואס האט זיך ביי זיי אנגעקליבען פון טויזענטער יאהרען, נו, וועלען זיי אייך געוויס אנדערצעהלען אויף די רויטע „כל דבר אסור שבעולם", און דאס וועט מאכען זעהר א שלעכטען איינדרוק אין אייער אמע־ריקא, פארשטעהט איהר מיך!

— אבער חבר קאמיסאר! — האבען זיי גע'טענה'ט — מיר ווילען ניט פרעגען קיינע אינפארמאציעס פון דער נייער ארדנונג. וואס מיר ווילען בכלל איז נאר פון דער אלטער ארדנונג, פון די אמאליגע לעבענס פון די יאלטער תושבים.

— אבער איך בין יאשקע קאמיסאר, פארשטעהט איהר מיך, א אידישע גמרא קעפל! איהר וועט דוקא ריידען פון די „אלטע" און פארצייכענען פון די „נייע"!

— ווי איך זעה, זייט איהר זעהט פארזיכטיג! — האט לאעב גע־זאגט.

— מען מוז אזוי האנדלען, חברים! עס איז א נייע ארדנונג, א נייע מלוכה, וועלכע איז ארומגערינגעלט מיט זעהר פיעל שונאים, מבית ומחוץ, אט אזוי ווי נח'ס קאסטען: עס איז פארפעכט פון אינ־וועניג און פון אויסוועניג.

אלע האבען געלאכט.

— וועל, חבר קאמיסאר! מיר זיינען אמעריקאנער, פראקטישע סוחרים. מיר ווילען מיט אייך מאכען געשעפט. ווילט איהר אויס־הערען?

— מיט'ן גרעסטען פארגעניגען, חברים אמעריקאנער!

— ווי וועט זיין, אז מיר וועלען אייך אנבאטען א געוויסע סומע געלט, אז איהר זאלט אונז רעקאמענדירען איינעם פון די אלטע גראפען, גענעראלען אדער סוחרים און איהר זאלט דערביי אויך זיין?

— „כסף וזהב מטהר ממזרים!" — האט יאשקע קאמיסאר אויסגע־זונגען מיט א גמרא־ניגון. — עס הייסט אויפ'ן פשוט'ן מאמע־לשון: איהר ווילט מיך פשוט אונטערקויפען? אויפ'ן אלטען בורזשואזנעם שטייגער? א כאבארל!

— איז דען די עבירה אזא גרויסע, חבר קאמיסאר?

— איך בין יאשקע קאמיסאר, פארשטעהט איהר מיך! צי א גרויסע עבירה אדער א קליינע עבירה — „די איינענע פעלכל" מוז מען היטען, ווייל אויף יעדען איינעם קוקט מען מיט טויזענט אויגען.

— מיר זיינען אמעריקאנער סוחרים, חבר קאמיסאר! מיר וועלען די „טויזענט אויגען" פארקלעפען מיט אמעריקאנער טויזענטע דאלארס!

— אזוי פיעל דאלארס האט איהר? — האט זיך יאשקע פאר־וואונדערט.

— מעהר וויפיעל איהר קענט איבערצעהלען, חבר יאשקע קאמי־סאר. איהר דארפט ניט פארגעסען, אז כדי אפצוקויפען די אלע פלעצער וועלכע איהר האט אונז געצייגט מוז מען פארמאגען שווערע מיליאנען.

— מיליאנען! — האט יאשקע אויסגעשריען מיט התפעלות.

— יא, הונדערטע מיליאנען! — האט נולד קאלט געענטפערט.

— וועלכע מיליאנען מיינט איהר, אט טאקי די אמת'ע אמע־ריקאנער?

— נעווים, חבר קאמיסאר! וואס דען האט איהר געמיינט, פאר אייערע רויטע רובעלס?

יאשקע האט זיך שטארק פארטראכט. ער איז פון נאטור געווען אן אמת'ער איבערגעגעבענער באלשעוויק, אבער זיין גמרא־קאפ האט גענומען ארבייטען: „נו, וואס פאר אן עבירה קען דא זיין, אז איך וועל זיי רעקאמענדירען. עפעס אז אלטען בורזשוי און זיי וועלען אביסעל פלוידערן? און אגב וועל איך טאקע שטעהן על המשמר. ס'הייסט, ניט איך וועל זיי היטען — נאר איך וועל זיך אליין היטען! אז אמעריקאנער בורזשואזנע יאלדען ווילען ווארפען געלט אין בלאטע, מהיכי תיתי!

— נו, וואס זאגט איהר, חבר קאמיסאר? — האט איהם לאעב איבערגעשלאגען זיינע געדאנקען.

— ס'איז אפילו א שווערע הלכה, חברים! אבער זאגט מיר, רבותי! — האט ער אנגעהויבען מיט זיין גמרא־ניגון — זאגט מיר, א שטייגער, וויפיעל אמעריקאנער דאלארס ווילט איהר ארויסווארפען פאר אזא נארישען לוקסוס?

— אט וויפיעל איהר ווילט אליין, חבר קאמיסאר! און, אגב, זעהען מיר, אז איהר זייט א געוועזענער לערנער און מיר, אמעריקאנער, האבען גרויס דרך־ארץ פאר א בן־תורה, טא זאל א איד מאכען וואס מעהר.

— אזוי?... — האט ער מיט התפעלות אויסגערופען. — הייסט עס, אז איהר זייט אויך מזרע היהודים?

— געוויס, חבר קאמיסאר!

— אויב אזוי, פארשטעהט איהר מיך, נאט אייך קודם־כל א נייעם שלום־עליכם! גלויבט מיר, חברים אמעריקאנער, אז כאטש איך בין „א רויטער קאמיסאר" און שטרענג־אן מיין גאנצע ענערגיע אויס־צעווארצלען פון מיר דעם שאוויניסטישען „אתה בחרתנו־ניק", אבער איך קען ניט, ביי מיין בעסטען ווילען. די ישיבות „וואלאזשין", „מיר", „טעלז", סלאבאדקע", „איישישאק" און אנדערע האבען צופיעל אין מיר אריינגעוועבט דעם איד, און עס טהוט אמאל אזוי וועה דאס הארץ! אויב אזוי, חברים, אז איהר זייט טאקי פון די אמת'ע נע־ונד־ניקעס, דארף איך ניט אייערע אמעריקאנער דאלארס. איך וועל אייך טאן די קליינע טובה בחנם.

— חבר יאשקע! — האט לאעב ענטציקט געזאגט. — מיר זעהען, אז איהר זייט אן אמת'ער איד און אן אמת'ער פיהרער, א „שונא בצע", אבער איהר מוזט פון אונז נעהמען א מתנה אלס אנדענקונג. און, אגב, ווער קען וויסען, אפשר וועט זיך אייך אמאל פארבענקען צו פאהרען נאך ארץ־ישראל, וועט איהר האבען מיט וואס!

יאשקע האט זיך ווידער פארטראכט. דאס מאל האבען זיך זיינע אויגען גרויס און ברייט פונאנדערגעעפענט. ער האט אפגעמאסטען די יוריסטען־דעטעקטיווס פון קאפ ביז די פיס און האט שטיל גע־ענטפערט:

— חברים, איך וועל אייך זאגען דעם אמת! אין אנהויב האב איך אייך חושד געווען, אז איהר זייט עפעס פארשטעלטע דיפלאמא־טען פון אויסלאנד, וועלכע ווילען פשוט עפעס ארויסקריגען פון אונזער נייעם רעזשים, אום צו קענען נאכדעם אונז פארשוווארצען די אויגען. אבער איצט, נאך אייער אפענהערציגקייט דערקען איך, אז איהר זייט פשוט׳ע, עהרליכע, אידישע גבירים, און איהר ווילט זיך אביסעל גריב־לען אין אלטע היסטאריעס. נו — זאל אייך וואויל באקומען! איך וועל אייך אויסזוכען עפעס אן אלטען בורזשוא און קלייבט פון איהם נחת!

— אבער וואס ענטפערט איהר ניט מכח דער מתנה, חבר קא־מיסאר?

— ווי איך פארשטעה, חברים אמעריקאנער, ווילט איהר ניט אנ־דערש ווי דערקירצען מיינע יאהרען! — האט יאשקע געלאכט.

— ווארום דענקט איהר אזוי, חבר יאשקע?

— גאר פשוט, חברים. פארשטעהט איהר מיך, עס שטעהט בפירוש געשריבען: „ושונא מתנות יחיה!“

— חבר קאמיסאר! — האט גולד ערנסט באמערקט. — איך זעה, אז איהר זייט די ארענטלאכקייט אליין. איז אויב איהר ווילט ניט די מתנה פאר אייך אליין, נעמט עס פון אונז און צעטיילט עס צו ארימע לייט!

— פארשטעהט איהר מיך, חברים! גערעכט זייט איהר, אבער „צדקה“ איז ניט מעהר ווי אן אלטער „בורזשואזנער מיטעל“ מיט וואס צו פארבלענדען די אויגען פון די הונגעריגע. אונזער שיטה איז, אז „יתמו חטאים“, די אלטע היפאקריטישע סיסטעמען מוזען אונטערגעהן און מען מוז מאכען מעגליך, אז ענטוועדער יעדער איינער זאל געניסען פון דער שעהנער וועלט דורך זיין אייגענער איניציאטיווע, אדער דער כלל זאל זארגען פאר׳ן פרט. אין אנדערע ווערטער: עס זאל ווערען א שותפות׳דיגע וועלט, פאר אלעמען גלייך!

לאעב און גולד האבען זיך ניט געקענט אפוואונדערן פון יאשקעס עהרליכקייט און תמימות׳דיגקייט.

גולד האָט מיט געוואַלט אַריינגעלעגט טויזענט דאָלאַר אין יאַשקעס קעשענע. יאַשקע האָט אַראָפּגעלאָזען די אויגען און געשוויגען. עס איז געווען ניכר, אַז ער האָט בעת־מעשה געפיהלט, אַז ער באַגעהט אַ פאַרברעכען.

— חברים! — האָט ער געזאָגט. — איך וועל אייך אַפריהער פאָר־שטעלען פאַר פּייוועלע קאָמיסאַר, וועלכער דאַרף היינט אָנקומען. ער איז געווען אַפּוועזענד עטליכע טעג. ער, פאַרשטעהט איהר מיך, איז, ווי מען זאָגט, פון די אמת׳ע „עמי הארצים״, אַ געוועזענער פּראָס־טער, געזונטער פערד־גנב, און ער איז נאָך אַ גרעסערער שונא־ישראל ווי אַן אמת׳ער גוי, אָבער, איך ווייס ניט, מיר דוכט זיך, אַז אין דעם בחור שטעקט עפּעס. אַמאָל דוכט זיך מיר אויס, אַז ער איז ריין און אומשולדיג ווי אַ קליין קינד. און יאַשקע האָט אונטערגעזונגען: מה־דאָך איך, וואָס איך בין אַ געוועזענער בן־תורה, האָב מקבל געווען... היינט אַ פּשיטא שוין אַ גנב בן־גנב, וועט דאָך אודאי און אודאי ווערען אַ „בעל קבלה״... עס וועט שוין רעכט ווערען, חברים אמעריקאַנער!

ער האָט גענומען זיין „ספר הזכרונות״, וואו אַלע בורזשועס זיינען פאַרשריבען. ער האָט געטראַכט וועמען ער קען זיי רעקאָמענדירען. פּלוצלונג האָט ער הויך אויסגעשריען:

— אויסגעצייכענט! כ׳האָב! ס׳וועט זיין, פאַרשטעהט איהר מיך, אַגיל ואשמח׳דיג!

— וואָס האָט איהר, חבר קאָמיסאַר? — האָבען ביידע מיט אַמאָל געפרעגט.

— איך האָב פאַר אייך, חברים, דעם בעסטען בורזשוא. ער וועט אייך שוין געגוג אָנפּלוידערן פון די צאַרען און פון אַלעמען. עס איז דער אַלטער גראַף גענעראַל פּיאָדאָר מיכאַילאָוויטש, ניקאָליי לעניג׳ס טויף פאָטער, וואָס ביי די אמת׳ע קריסטען איז ער פאַררעכענט פאַר׳ן אמת׳ן טאַטעלע.

— וואָס מיינט עס, חבר קאָמיסאַר? — האָבען זיי ביידע אויסגע־שריען.

— עס מיינט גאָר פּשוט, חברים, אַז לויט׳ן דין איז ער דער אמת׳ער טאַטע פון גרויסען ניקאָליי לענין, פון דעם „אבי אבות הבאָל־שעוויזם״, פאַרשטעהט איהר מיך!

— וואָס? לענינ׳ס טאַטע? — האָבען זיי נאָך אַמאָל איבערגע־פרעגט.

— יא, חברים אמעריקאנער! און דא, פארשטעהט איהר מיך, וועט עס טאקע ארויסקומען אגיל ואשמח׳דיג, אז אויב, חס וחלילה, שפיאנען וועלען זיך וועלען אן עפעס אנשטויסען, וועט איהר גאנץ קאלטבלוטיג טענה׳ן: „רבותי, היות ווי מיר זיינען דא אין דער היי־לינער יאלטע, האבען מיר שוין באזוכט דעם גרויסען ניקאליי לעניניס נייסטיגען פאטער, עס הייסט פשוט, דעם רביניס טאטע! גאר א קליינינגקייט! איצט פארשטעהט איהר מיך, חברים! אז לעבען זאל אונזער גמרא׳לע!

— דערפאר האט איהר נאך א טויזענט דאלאר! כ׳לעבען, עס איז ביי אונז ווערט, אן אמת׳ע מציאה. — ער לעגט עס איהם אריין אין קעשענע.

יאשקע קוקט זיי אן ווי מלאכים, וועלכע ווארפען זיך מיט טוי־זענטער.

— נו, מילא — זינגט ער אונטער. — מן־הסתם איז עס געוועזן אזוי אנגע׳חתמ׳עט דעם ראש השנה!

און אזוי ווי זיי שטעהען אלע, איז אריינגעקומען פייוועלע קאָ־מיסאר. הויך, שטארק געבויט, מיט א רויט־געשארענע בערדעל, מיט א רויטען נאז און לאנגע אויערען.

ער האט אנגעשטעלט זיינע גרויסע קעלבערנע אויגען אויף די נייע אורחים...

— וואס זיינען דאס פאר יאטען, חבר יאשקע? עפעס קוקען זיי מיר אויס ווי נאסטאיאשטשע (אמת׳ע) בורזשועןן! אין דר׳ערד אריין!

— פייוועל! — האט יאשקע געענטפערט. — דו דארפסט צו זיי ריידען ווי א דיפלאמאט. פארשטעהסטו מיך, זיי האבען א פאפיר פון אדון הגדול אליין. מסתמא זיינען זיי גרויסע דיפלאמאטען.

— אזוי? — האט פייוועל גדלות׳דיג געשאקעלט מיט׳ן קאפ. — אויב אזוי איז עפעס אנדערש. נאר פונדעסטוועגען מוז מען גוט אכטונג געבען אויף אט אזעלכע דיפלאמאטישע יאטען אין דר׳ערד אריין! לאָ־מיך אקארשט מיט זיי א דבר־טאן!

— פון וואנען זיינען דאס יאטען? — האט ער יעדערן באזונדער אריינגערוקט זיין געזונטע גראבע האנט.

— אזש פון אמעריקא, חבר קאמיסאר! — האבען זיי געענטפערט.

— אזוי? אהא, אזש פון אמעריקא?!...

— נו, וואס וואונדערט איהר זיך אזוי — חבר קאמיסאר?

— ניין! איך וואונדער זיך גארניט, נאר אט אזוי זיך. יא! — האט ער זיך א קלאפּ געטאן אין הארצען. — איצט ווייס איך! איהר זייט פון אמעריטשקע גנב, אין דר׳ערד אריין! איך האב דארטען ערגעץ א בראטשיק (א ברודער) אין דר׳ערד אריין. ער איז דארטען געווארען א גרויסער בורזשוי! עפּעס א פּרעזידענט אין שוהל, אין דר׳ערד אריין! ער רופט זיך דארטען ביי אייך פּא אמעריקאנסקאמו דזשייק לאטוט. אין דער היים האט מען איהם גערופען יאנקעלע לאטוטניק, אין דר׳ערד אריין, ער פארשווארצט מיר מיין פּנים! ס׳טונגעהערט! א ברודער א בורזשוי אין דר׳ערד אריין, און נאך א גאנצער „יא־טעביע־דאם", א גאטס סטראפּטשע ערגעץ אין א שמער־רעס, אין דר׳ערד אריין! אין דער היים איז ער געווען א פערד־גנב, א ראזבויניק, און דארט, אין דר׳ערד אריין!... כ׳וועל איהם נעבען קושען א שפּיץ פּולע, אין דר׳ערד אריין!

לאעב און גולד האבען שוין פארשטאנען, וואס פאר א מין פארשוין אט דער פּייוועלע קאמיסאר איז, און זיי האבען אויסגערעכענט, אז דוקא מיט איהם וועלען זיי מאכען געשעפט.

— חבר קאמיסאר! — האט לאעב געזאגט. — ווי איך זעה זייט איהר א מענש אהן קונצען, און דוקא מיט אזעלכען איז גוט צו מאכען געשעפט!

— ווילט איהר אפשר מיט אונז מאכען געשעפט? — האט גולד אונטערגעכאפּט.

— וואאס? איך געשעפט? ניט געטראפען דעם ארט, חברים דיפּלאמאטען, אין דר׳ערד אריין! כ׳בין ניט קיין בורזשוי! איך בין פּייוועלע קאמיסאר, אין דר׳ערד אריין!

— מיר מיינען ניט דוקא געשעפט, חבר קאמיסאר, נאר אזוי־זיך, סתם כאפּען א טויזענט אמעריקאנער דאלארס! — און זיי האבען פאר איהם פארנעלעגט דעם גאנצען ענין.

פּייוועל האט זיך גענומען קראצען.

— וואס זאגסטו, יאשקע? אין דר׳ערד אריין!

— איך זאג גארנישט, חבר פּייוועל! איך וועל טאן וואס דו וועסט טאן, פארשטעהסטו מיך. דוביזט א שטארקער יונג מיט א פאר געזונטע ידים, פארשטעהסטו מיך, און דו קענסט דערלאנגען א מתנת־יד, פארשטעהסטו מיך!

— יאלדען! אין דר׳ערד אריין! — האט זיך פּייוועל פונאנדער־געהירזשעט ווי א פערד. — אט וואס יאלדען קענען! פאר אזא קליי־

ניגקייט אזוי פיעל געלט ארויסווארפען! אבער איך בין פייוועלע קאמיסאר, אין ד׳רערד אריין! מיך קען מען ניט אפיאלדרעווען! אומר— געטאן, ברודערקע! ארוים מיט די ממתקים, אין דר׳ערד אריין! איהר מוזט זיין גרויסע יאטען! — האט ער א וואונק געטאן מיט׳ן אויג — אז דער אדון הגדול אליין האט אייך געשיקט מיט פאפירען, אין דר׳ערד אריין!

ער האט מיט ביידע הענט אריינגעכאפט די טויזענט דאלאר און אין אריין אין אזא התפעלות, ווי א גרוים קינד אין וואונדער.

עס איז אריינגעקומען א רויטער סאלדאט, מיט א ברייטען שלום־עליכם.

— דערקען זיך מיט די אמעריקאנער, חבר לודאיעדאוו! — האט פייוועל געזאגט.

— בורזשוען, הא? — האט זיך דער סאלדאט פארקרימט.

— א, ניין! — האט יאשקע אונטערגעכאפט. — זיי האבען א פאפיר פון טראצקי׳ן אליין!

דערהערענדיג דעם נאמען טראצקי, האט זיך לודאיעדאוו אויסגע־גליכען ווי א סטרונע און האט איבערגע׳חזר׳ט:

— אזוי? אזש פון טראצקי׳ן?!... מסתמא גרויסע לייט, חברים?

— א, יא! זעהר גרויסע! — האט יאשקע געענטפערט.

— און זעהר רייכע, אמת׳ע מיליאנערען! — האט פייוועל ארויס־געזאגט.

— מסתמא פרעזידענטען? — האט לודאיעדאוו געזאגט.

— א, ניין! גרויסע דיפלאמאטען! — האט פייוועל געענטפערט גדלות׳דיג. — זיי זיינען גרויסע יאטען! אין דר׳ערד אריין!

גולד האט א ווארף געטאן דעם סאלדאט א הונדערטער.

— וואס טוט איהר? — איז לודאיעדאוו געווארען א פארציטער־טער. ער האט א הונדערטער קיינמאל אפילו אין חלום ניט געזעהן.

— ניש׳קשה, חבר לודאיעדאוו! — האט גולד געענטפערט. — נעהט און גיט א לעב!

— פא אמעריקאנסקאמו! — האט פייוועל אויסגעשריען. — אין דר׳ערד אריין!

דער סאלדאט האט זיך פארנייגט און איז אוועק אונטערפייפענדיג.



## ניין-און-דרייסיגסטער קאַפּיטעל.

# ביי פיאָדאָר מיכאַילאָוויטש און ביי אלכסנדר טימאָפייעוויטש.

לאַעב און גולד מיט די צוויי קאָמיסאַרען זיינען אוועק צום אַלטען גראַף גענעראַל פיאָדאָר מיכאַילאָוויטש.

זיי האָבען געטראָפען אַז אַלטען אייגעבויגענעם מאַן, מיט שניי־ווייסע צופודעלטע האָר, מיט אַ לאַנגע ווייסע שעהנע באָרד, דער פנים צוקנייטשט, פאַרהאַרעוועט, פאַרשמירט און פאַר׳דאגה׳ט. ער איז געלעגען אויף דער ערד און אַרומגעגראַבען אונטער די בוימעלאַך פון גאָרטען. ער האָט מיט ציטעריגע הענט אַרומגעשניטען יעדער בוי־מעלע, געגלעט יעדער צווייגעלע ווי אַ צערטליכע מוטער איהר בן־יחיד, וועלכער איז פאַרבליבען פון צעהן קינדער. ער האָט באַגאָסען מיט זיין שוויים דאָס שטיקעל ערד אונטער איהם.

דערזעהענדיג די צוויי קאָמיסאַרען מיט די אומבאַקאַנטע, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אַלע זיינע אברים האָבען געציטערט פון אַלט־קייט, שוואַכקייט און כעס און מיט אַלע זיינע כחות האָט ער אויס־געשריען:

— גזלנים! רוצחים! זעהט וואָס איהר האָט פון מיר געמאַכט! מיין אַלטע, אַ גליקליכען גן־עדן זאָל זי האָבען, איז פאַר צרות און יסורים געשטאָרבען. נו, וואָס ווילט איהר נאָך פון מיר?!

מעהר ווי מיין נשמה קענט איהר פון מיר ניט נעהמען! איהר האָט דאָך שוין אַלעס אוועקגערויבט! אוועקגע׳גזל׳ט! נו, נעהמט זשע גיכער אוועק מיין אַלטע פאַר׳יתומ׳טע נשמה, וועל איך געהן צו מיין מאַריע מאַקסימאָוונאַ, אַ ליכטיגען גן־עדן זאָל זי האָבען.

ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף דער צובראָכענער באַנק און האָט זיך פאַרהוסט.

— שריי ניט אַזוי, אַלטער! — האָט פּיווועלע קאָמיסאַר גע־ברומט. — מיר וועלען דיך ניט אויפעסען! איין דר׳ערד אריין! ווער דאַרף דיין אַלטע בורזשואַזנע גוי׳אישע נשמה?! זאָל זי זיך מאַטערן אין דיין צופוילטען צאַריש־ראַספּוטין קערפּער! איין דר׳ערד אריין!

— פיאָדאָר מיכאַילאָוויטש! — האָט יאַשקע קאָמיסאַר גענומען ריידען פריינדליך. — שרעק זיך ניט! מיר וועלען דיר גאָרנישט טאָן.

מיר אידען, פארשטעהט איהר מיך, מאכען ניט קיין פאגראמען, ספעציעל אויף אלטע און שוואכע. אט, פארשטעהט איהר מיך: מיר זיינען ארומגעגאנגען ציינען אונזערע אמעריקאנער געסט די שעהנע יאלטע, נו, זיינען מיר צו אייך אויך אריינגעגאנגען. פארשטעהסטו מיך, זיי ניט אין כעס און פלוידער מיט זיי אביסעל.

דער אלטער איז געווארען רוהיגער און האט שטיל גערעדט ווי פאר זיך:

— ער, קינדערלאך! גאט שטראפט אונזער מאמעלע רוסלאנד. דעם ערשטען בלוט־שניט האט געמאכט די וועלט־מלחמה, ארויסרייסענדיג אט פון די שעהנע הויפען, די אינגסטע און בעסטע קרעפטען, דערנאך דער בירגער־קריג. נאך די שוידערליכסטע „בלוטיגע חורבנות" האבען אנגעמאכט אט די רויטע רעקוויזיציעס דורך די צעווילדעטע מאטראזען, און די וואונדען בלוטיגען נאך עד היום.

— יא, קינדערלאך, גאט שטראפט אונז. די פארגאסענע אידישע בלוט שרייט פון יעדער ווינקעלע. פריהער האבען זיך די צארען מיט די ראספוטינס געבאדען אין אידישע בלוט, און איצט באדען זיך די „רויטע" אין אלעמענס בלוט. ער, קינדערלאך. איך האב דאס שוין לאנג פאראויסגעזעהן. איך פלעג זאגען צו מיין פריינד אלכסנדר טימאפייעוויטש: „ער, ברודער׳ל! א שווארצע בלוטיגע כמארע רוקט זיך אן אויף דער מאמעלע רוסלאנד!" און אט נא דיר! און די פאגראמירטע אידישע בלוט שרייט: נקמה! נקמה! ראכע! ראכע! עכעכעכע, און ער האט זיך פונאנדערגעלאכט מיט א בלוטיגען הוסטיגען געלעכטער.

— ער איז א גוטער אלטער, אין דר׳ערד אריין! — האט פייוועל קאמיסאר געברומט, און האט בעת מעשה געווישט די אויגען.

— ער, אין דר׳ערד אריין! האט ער א זעץ געטאן יאשקען איבער׳ן פלייצע, אז יענער האט זיך געבויגען אין דרייען. ברודער יאשקע! אין דר׳ערד אריין! — ברודער יאשקע, אין דר׳ערד אריין! — האט ער געשריען. — איך קען ניט! איך קען ניט! אין דר׳ערד אריין! יאשקע, איך בין א קאמיסאר, אבער כ׳קען ניט זעהן אט ווי דער אלטער וויינט, אין דר׳ערד אריין! יאשקע! אין דר׳ערד אריין! אט א דא! דו זעהסט? — ער האט זיך געגעבען א קלאפ אין הארצען. — אט א דא, טאראפעצעט זיך דער אידל! קום, יאשקע, אין דר׳ערד אריין! זאלען די בורזשועו אליין פלוידערן, אין דר׳ערד אריין!

— יא, ער איז פון די „חסידי אומות העולם״! — האט יאשקע געענטפערט מיט'ן גמרא־ניגון. — ער איז „מצדיק את הדין״, פאר־שטעהט איהר מיך. — און די קאמיסארען זיינען אוועק, איבערלאזענדיג לאעב און גולד'ן מיט'ן אלטען.

דער אלטער גראף האט זיי דערצעהלט פון זיין אמאליגער גרויס־קייט און רייכקייט און פון דער איצטיגער בלוטיגער ארדנונג. עך, קינדערלאך! — האט ער לסוף ארויסגעקרעכצט — און דאס האבען גע־טאן די אייגענע קינדער: מיין ניקאליי און זיין לעאן.

— איז דער גרויסער ניקאליי לענין געוועזן אייער זון? — האבען זיי מיט פארוואונדערונג אויסגעשריען.

— איך האב איהם געטויפט, — האט ער געענטפערט.

— אמאל, פאר דעם „בלוטיגען מבול״, זיינען אלע געוועזן גוטע. אט דערזעלבער ניקאלייקע איז געוועזן א גוטער זון און א גוטער מענש, אן אריסטאקראט מיט אן איידעלער נשמה, און לעאנקע מיט מיכאיל־קען זיינען דאך געוועזן גאר אהן א גאל, זיך אלע מאל איינגעשטעלט פאר דעם שוואכערען, אבער נאכדעם ווי זיי זיינען צוריקגעקומען פון פראנט, האט מען זיי בשום אופן ניט געקענט דערקענען. אמת'ע שדים, דער אשמדאי אליין. אפנים אז דער „שדים־קאראהאד״ האט זיי אנגעשטעקט מיט אן אומריינעם גייסט, און אט אזוי האבען זיי פארשלעפט דעם מאמעלע רוסלאנד אין א בלאטע. ....

— און ווער איז דאס דער לעאנקע? — האבען זיי געפרעגט תמ'ע־וואטע.

— עך, קינדערלאך! איהר ווייסט נאך אפנים פון גארנישט. דאס איז דאך דער צווייטער טייוועל, דער גרויסער טראצקי, אדער ווי מען רופט איהם, „דער רויטער לייב״, מיין ניקאליי'ס חבר. זיי האבען זיך גע'חבר'ט פון קליינווייז אן. צוזאמען געגאנגען אין גימנאזיע, אין אוניווערזיטעט, איידעלע קינדער געווען, גוטע, טייערע, פאר נאט און פאר לייטען, און לסוף האבען זיי ביידע חרוב געמאכט אונזער מאמעלע רוסלאנד. — מילא, טראצקי'ן האט אפשר דער אידישער גאט געשיקט צו נעהמען נקמה פאר זיינע ברידער, פאר די אידישע פאר־גאסענע בלוט. אבער ניקאלייקע? עך, גאט מיינער!

— איך פארשטעה ניט גאט'ס דרכים — האט דער אלטער גע־רעדט מעהר פאר זיך. — קינדער זאלען אומגליקלאך מאכען אייגענע טאטעס און מאמעס! מילא איך קום שוין אויס ווי ס'איז. איך דערהאלט מיין נשמה. איך גראב און פארזיי מיין שטיקעל גארטען.

איך האָב מיינע פּרוכטבוימער, וואָס די רויטע האָבען ניט געקענט וועקנעהמען מיט זיך. אבער ער, אלכסנדר טימאָפייעוויטש! ער האָט גאָרנישט! איך בעט זיך ביי איהם: ברודער'ל, קום צו מיר! לאָמיר עסען צוזאַמען! אבער ער טענה'ט: ניין און איינמאָל ניין! ער זאָגט ער קען ניט עסען יענעמס. נו, יאָ, געוועזען דער גרעסטער סוחר, געהאַנדעלט מיט גראַפען, פירסטען, קניאַזען און אפילו מיט'ן צאַר אַליין. אַזאַ גרויסער מאַן, אַזאַ חכם. ער, קינדערלאַך! איהר וואָלט איהם געדאַרפט אָנקוקען, ער רעדט דאָך אויף אַלע לשונות, אַ קאָפּ מענש, אַ מיניסטער־קאָפּ!

— גראַף! — האָט גולד אָנגעהויבען.

— שאַ... שאַ... — איז דער אַלטער פאַרציטערט געוואָרען. — רופט מיך ניט גראַף, מען טאָר ניט! ווען אַט די קאָמיסאַרלאַך וועלען עס דערהערען, זיינען מיר ניט זיכער מיט די לעבענס!

— נו, זאָל זיין חבר פיאָדאָר! מיר וואָלטען וועלען זען אַט דעם אומגליקליכען אלכסנדר'ן.

— מען טאָר ניט, קינדערלאַך! די רויטע קוקען אויף אויסלע־דער מיט טויזענדער אויגען. זיי וועלען אייך נאָך אָנטאָן יסורים.

— מיר האָבען אָבער אַ פּאַפּיר פון טראָצקי'ן אַליין! — האָבען זיי געענטפערט. — אונז וועט מען ניט אָנטאָן קיין יסורים!

— וואָס? פון טראָצקי'ן אַליין? — האָט דער אַלטער ברי ט פונ־אַנדערגעעפענט זיינע אויגען.

— יאָ, גראַף פיאָדאָר, פון איהם אַליין.

דער אַלטער האָט זיך אַרומגעקוקט, פונקט ווי ער וואָלט זיי חושד געווען, אַז זיי זיינען מסתמא רויטע שפּיאָנען.

זיי האָבען עס פאַרשטאַנען. גולד האָט אַרויסגענומען דעם גראַף און האָט גערעדט צו זיין האַרצען:

— שרעקט אייך ניט פאַר אונז, מיר באַלאַנגען ניט צו די רויטע, און מיר וועלען קיינמאָל ניט באַלאַנגען. — זיי האָבען דערציילט דעם גראַף פון זייער געשעפטס־פּלאַן, וועלכען זיי ווילען דורכפיהרען.

דער אַלטער האָט זיך באַרוהיגט. ער האָט געזעהן נאָך זייערע פּנים'ער, אַז זיי זיינען אמת'ע אַריסטאָקראַטען.

— ער, וועט זיך דאָס אלכסנדר מחיה זיין מיט אַזעלכע אורחים! ער וועט האָבען מיט וועמען צו ריידען פון גרויסע מסחרים, ער איז דאָך אַ מיניסטער־קאָפּ! — ער האָט גענומען זיין שטעקען און איז מיט זיי געגאַנגען צו אלכסנדר'ן.

אויפ׳ן וועג האבען זיי באגעגענט פייוועלע קאמיסאר. דער אלטער איז געווארען א פארציטערטער.

— נו, זיך גענוג אנגעפלוידערט מיט׳ן אלטען? אין דר׳ערד אריין!

— יא, חבר קאמיסאר! — האט לאעב געענטפערט. — ער איז א וואוילער אלטיטשקער!

— ער איז א גוטער גוי, אין דר׳ערד אריין! — האט פייוועל מסכים געווען. — וואו געהט איהר איצט, חברים דיפלאמאטען? אין דר׳ערד אריין!

— אט מיר ווילען געהן אביסעל פלוידערן צו אלכסנדר טימפאפעוויטש.

פייוועל קאמיסאר האט אויסגעשאסען אין א געלעכטער. טימפאפעוויטש! כא־כא־כא! איהר מיינט אפשר טימאפייעוויטש? אין דר׳ערד אריין!

— אט צו איהם מיינען מיר טאקע, חבר קאמיסאר!

— דער אלטער האט אייך שוין געמוזט גענוג אנפלוידערען פון איהם. אבער איך זאג אייך, אז ער איז איינער פון די גרעסטע בורזשואן געווען, אט גאר פון די יא־טעביע־דאמ׳ניקעס, און איצט איז ער אויף גרויסע צרות אין דר׳ערד אריין. ער פגר׳ט צעהן מאל א טאג פון הונגער, אין דר׳ערד אריין!

אט דער יאט אלכסנדר איז אמאל געווען דער גרעסטער בורזשוי אין רוסלאנד, זיך גע׳חבר׳ט מיט אלע „אדונים“ אין דר׳ערד אריין! געזעסען אין סאמע אויבענאן מיט׳ן צאר אליין, אין דר׳ערד אריין! און איצט, עד, חברים דיפלאמאטען, ס׳איז א רחמנות אויפ׳ן יאט, אין דר׳ערד אריין. ער קען ניט ארבייטען, צו דעליקאטנע ידימ׳לאך, אין דר׳ערד אריין.

— אבער געדענקט! איהר זייט טאקע יאטען דיפלאמאטען, אמעריקאנער, אין דר׳ערד אריין. — איך בין אבער פייוועלע קאמיסאר, מיט א פאר געזונטע ידים אין דר׳ערד אריין, מיט אן אמת׳ע רויטע הארץ, אין דר׳ערד אריין. ס׳איז מעהר ניט צרה׳דיג, וואס מיין טאטע איז געווען א איד, פון גאט׳ס סטראפטשעס, אין דר׳ערד אריין, איז קען איך ניט זעהן אט ווי יענער וויינט, אין דר׳ערד אריין. געהט אייך צום בורזשוי, אין דר׳ערד אריין!

ער איז אוועק.

דער אלטער גראף מיט די אמעריקאנער זיינען צוגעקומען צו א פלאץ וואס איז געווען ניכר, אז אט ערשט, גאר ניט לאנג, זיינען אין

דעם גן־עדן געווען חזירים: דער דאך אפגעריסען, די פענסטער פאר־שלאגען מיט ברעטער, די ווענט ערטערווייז צולעכערט. — דאס זיינען די שטומע עדות פון די „רויטע רעקוויזיציעס". מען האט געטראפען אן אלטען מאן, שעהן און הויך געוואקסען אבער זעהר אויסגעדארט, מיט א פנים פול מיט קנייטשען און דאגות, מיט גרויסע שווארצע פאר׳מרה־שחורה׳דיגטע אויגען, און אן עלטערע פרוי, קענטיג אן אמאליגע שעהנהייט, איינגעוויקעלט אין שמאטעס.

— וואס מאכסטו, אלכסנדר טימאפייעוויטש? — האט דער גראף שטיל געפרעגט. — וואס מאכסטו, מאריא איוואנאוונא? איך האב דיר געבראכט געסט, אמעריקאנצעס!

אלכסנדר האט זיך שווער אויפגעהויבען פון זיין צובראכענעם שטול, האט זיי דערלאנגט זיין אויסגעדארטע האנט און האט מיט א ביטערן גאליגען שמייכעל באמערקט:

— איהר זייט געקומען אזש פון אמעריקא אנצוקוקען דעם שעהנסטען צרה׳דיגען מחותן אליין? — אבער זייט אזוי גוט, זייט זעהר פארזיכטיג מיט אייערע אמעריקאנער ביינער, ווייל די רויטע שטעקענס זיינען זעהר געפעהרליך!

— ניט געדאנה׳ט, אלכסנדר טימאפייעוויטש! אונזער אנקעלסעם איז זעהר א גוטער שומר. מיר זיינען באשיצט און באהיט פון אלע „רויטע טייוואלים". זיי האבען איבערגעגעבען אלכסנדר׳ן דעם גאנצען פלאן וואס זיי ווילען דא אויפטאן.

דער גרויסער אמאליגען סוחר האט עס זעהר שנעל תופס געווען, און ער האט געפרעגט:

— און מיט וואס זייט איהר געזיכערט, אז נאכדעם ווי איהר וועט אריינלעגען אזא גרויסען קאפיטאל, אז די רויטע זאל זיך פלוצלונג ניט פארגלוסטען צו „רעקוויזיציוועו"?

— אט דאס האבען מיר טאקע געפרעגט אייער טראצקי׳ן! — האבען ביידע מיט אמאל געזאגט.

— מיין טראצקי! — האט זיך אלכסנדר גאליג צולאכט. — איהר רעדט ווי נאאיווע, אומשולדיגע קינדער. וואס האט ער אייך געזאגט?

— ער האט געזאגט, אז ער וועט זעהן אזוי איינארדענען, אז דאס זאל ניט קענען פארקומען.

— אבער, מיינע פריינדע! די רויטע האבען פארלארען דעם „צלם אלקים". עס איז פארבליבען ביי זיי נאר די „חיה" און איך פארשטעה ניט, ווי קען מען מאכען געשעפט מיט חיות?

— ניט נעַ׳דאגה׳ט, חבר אלכסנדר! מיט אונזער אָנקעל סעם שפּילט מען זיך ניט. מיר האָבען גוטע קולאַק־העלדען און קינסטלער, וועלכע וועלען לערנען אַט די רויטע חיות ווי צו שטעהן אויף די הינ־טערשטע פיס.

— הלואי! — האָט אלכסנדר אַ שטילען זיפץ געטאָן. ער האָט ביטער באַמערקט: — איך וואָלט אייך וועלען מיט עפּעס מכבד זיין, אָבער גאָט איז מיין עדות, איך זיץ און דאגה, מיט וואָס וועלען מיר מאַרגען דערהאַלטען אונזערע נשמות? ווייל מעהר ווי אויף אַ טאָג דערגרייכט שוין ניט מיין השגה, און, אגב, ווען מען עס סיי־ווי־סיי צונעהמען.

— און וואו זיינען מיר? — האָבען די אמעריקאַנער אויסגעשריען.

— היט אייערע ביינער! — האָט אלכסנדר טרויעריג געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. אונזערע קאָמיסאַרלאַך, די רויטע שומרים, זיינען ביטערע פאַנאַטיקער.

— נישקשה, דער אַמעריקאַנער דאָלאַר איז שטאַרקער פון זיי אַלעמען. ער קורירט אוים דעם פאַנאַטיזם זעהר גיך! — זיי האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער מיט דער באַמערקונג: באַלד קו־מען מיר צוריק. — און זיינען גלייך אַוועק צו יאַשקע קאָמיסאַר, וועל־כער איז געוועזען פאַרטיפט אין אַ זעהר וויכטיקן ענין מיט פּייוולען און לודאַיעדאַוו׳ן.

— חברים קאָמיסאַרען! — האָבען די אַמעריקאַנער פרעהלאַך אויס־געשריען. — מיר וועלען אייך קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם פאַרגעניגען, וועלכען איהר האָט אונז פאַרשאַפט. מיר האָבען אמת־הנאה געהאַט פון די צוויי מחותנים, פון פּיאַדאַר׳ן מיט אלכסנדר׳ן. איצט ווילען מיר פון אייך נאָך אַ קליינע טובה!

— וואָס ווייטער? — האָט יאַשקע געפרעגט.

— אַט וואָס, חברים! מיר ווילען געבען אַ גוטען מאָלצייט צו אַט די אַלטע צוויי מחותנים. זיי קוקען נעבאַך אוים זעהר פאַרהונגערט, איבערהויפּט אַט אייער אלכסנדר, און מיר זיינען דאָך דאָ גרים. טאָ שיקט אימעצען פון אייערע, אז מען זאָל איינקויפען ממש פון כל־טוב. און ברענגט עס צו אלכסנדר׳ן, און קומט אויך, לאָמיר אַביסעל אַ לעב־טאָן, אַט ווי אין אונזער אַמעריקא! פאַרגעסט ניט צו קויפען אַביסעלע פון ביטערען טראָפּען, ווייל זינט עס איז ביי אונז געוואָרען „פּראָהי־בישאָן“ שטאַרבען מיר פּשוט פון בענקעניש נאָך אַביסעלע.

— וואָס? — האָט פייוועל אַרויסגעברומט. — אין אויער אַמע־ריטשקע טאָר מען גאָרניט אַריינשנאַשקען? אין דר׳ערד אַריין!

— ניין, חבר קאָמיסאַר! — האָט לאַעב געענטפערט. — עס איז פּראָהיבישאָן!

— איהר זייט אין אייער אַמעריטשקע אין דר׳ערד מיט די ביי־נער! — האָט פייוועל געהירזשעט. — ס׳טוגעהערט, יאַשקע? מען טאָר ניט אַריינ׳לחיימ׳ען! אין דר׳ערד אַריין!

— און וואָס איז מכח „ויין לקידוש ולהבדלה“? — האָט יאַשקע געפרעגט מיט אַ גמרא־ניגון.

— אַט דאָס מעג מען דוקא אין אונזער אַמעריקאַ, ווייל ביי אונז זיינען אפילו די קאָמוניסטלאַך אויך רעליגיעז.

— הייסט עס, אַז די שוואַרצע מעגען דאָרט אַלעס, אין דר׳ערד אַריין! — האָט זיך פייוועל שוין צושריען. — איהר זאָלט זאָגען מיין בראַטישעק, אַז איכ׳ל איהם מאַכען מיט אַ קאָפּ קירצער, אין דר׳ערד אַריין!

די אַמעריקאַנער האָבען איבערגעלאָזען געננוג געלט און זיינען אַוועק צוריק צו די אַלטע.

— פיינע יאַטען! — האָט פייוועל געזאָגט נאָך זייער אַרויסגעהן.

— גרויסע דיפּלאָמאַטען! — האָט יאַשקע באַמערקט מיט אַ פאַר־קנייטשטען שטערן, אויף וואָס פייוועל האָט געקוקט מיט אַן אמת׳ן יראת הכבוד.

— גוטע אַמעריקאַנצעס! — האָט לודאָיעדאָוו געפייפט.

— נו, זאָל מען אַ לעב־טאָג, אין דר׳ערד אַריין! — האָט פייוועל אַ זאָג געטאָן. — גע, לודאָיעדאָוו, און קויף איין פון כל־טוב און טראָג עס אַוועק צום בורזשוי.

— פאַרשטעהט איהר מיך, ס׳וועט זיין חי־געלעבט! — האָט יאַשקע צוגעזונגען.

ווען לאַעב און גולד זיינען צוריקגעקומען, האָבען זיי פרעהלאַך אויסגעשריען:

— ניט געדאגה׳ט, חברים! באַלד וועט ווערן ליכטיג, און עסען און טרינקען וועט זיין כיד המלך.

אַלכסנדר׳ס גרויסע שוואַרצע אויגען האָבען זיך נאָכמעהר פאַר־מרה־שחורה׳ט. ער האָט שטיל געריעדט:

— אַ, גאָט! איך, אַלכסנדר טימאָפייעוויטש, פרעה זיך דערהע־רענדיג פון אַ גוטען מאַלצייט.

— אבער לאַעב האָט איהם ניט געלאָזט פיעל טראַכטען און טרויערן.

— הערר אלכסנדר טימאָפייעוויטש! די אידישע תורה לערנט אונז „אַז ווען אפילו אַ שאַרפער שווערד ליגט שוין אויפ׳ן האַלז, טאָר מען זיך נאָך אַלץ ניט מיאש זיין“!

— וואָס, איהר זייט אידען? — האָט אלכסנדר געפרעגט.

— געוויס זיינען מיר אידען און מיר ווייסען זעהר פיעל פון אי־דישע צרות, יסורים און מאַרטירערטום, אָבער מיר ווייסען אויך פון אידישע האָפנונגען, פון אַ אידישען הערליכען עתיד, און דעריבער זאָגען מיר, אַז אַזאַ גרויסער מאַן, ווי אַלכסנדר, טאָר בשום אופן ניט צווייפלען. ס׳איז „גלגל החוזר בעולם“, פאַרשטעהט איהר מיך. איהר זייט שוין צוגעקומען ביז דער העכסטער צרה׳דיגער מדרגה. ווייטער קענט איהר שוין ניט געהן, און אייער רעדעלע מוז זיך אָנהויבען פון איצט אָן דרעהען אויף צוריק, און ביי אונז אידען צוריק — מיינט פאָר־ווערטס, זעלבסטשטענדיגקייט, אַן אייגענער אָריגינעלער לעבען און אַזוי ווייטער.

— אָפנים אַז ניט ביי די אַלטע איז חכמה, — האָט אלכסנדר גע־ענטפערט, ווערענדיג עטוואָס מונטערער. — איהר זייט נאָך גאָר יונגע לייט, און איהר האָט מעהר בטחון און שכל פון מיר. — אָבער גלויבט מיר, מיינע טייערע, אַז ווען עס קומט טאַקע דער אמת׳ער הונגער, דאַן העלפען ניט קיינע חכמות און פילאָזאָפיעס!

פלוצלונג איז לודאיעדאָוו מיט נאָך דריי רויטע סאָלדאַטלאָך אַריינ־געפלויגען מיט שמחה. מען האָט געבראַכט פון כל־טוב, ניט נאָר מאכלים, נאָר טאַקע פון די אמת׳ע ווייגען און קאָניאַק און נאָך אַנדערע גוטע זאַכען.

מען האָט געגעסען און געטרונקען ווי אין די גוטע אַלטע צייטען. דער אַלטער גראַף, נאָכדעם ווי ער האָט געמאַכט עטליכע לחיים׳ס, האָט זיך גוט אויסגעוויינט און איז אַנטשלאָפען געוואָרען זיצענדיג. די איבעריגע חברה זיינען אוועק בגילופינ׳דיג. נאָר גולד, לאַעב און אלכסנדר האָבען גערעדט אַ גאַנצע נאַכט. אלכסנדר האָט זיי דער־צעהלט זיין גאַנצע ביאָגראַפיע ביז צום היינטיגען טאָג.

— חבר אלכסנדר! — גיט איהם לאַעב פלוצלונג אַ פרעג. — האָט איהר געהאַט אַ טאָכטער שושנה?

— שושנה? שושנה? — ניין מיינע ליבע חברים. — איך האָב גע־האַט צוויי טעכטער. איינע האָט זיך גערופען איזאַבעלאַ און די צווייטע בעטקע.

די ערשטע איז פאַרשוואונדען גלייך נאָך דער אומגליקליכער „רויטע רעקוויזיציע“, ווען דער תליון האָט זי פון הויז אַוועקגענומען, און גאָט ווייסט אויב זי לעבט, און די צווייטע — הלואי וואָלט זי בעסער ניט געבאָרען געוואָרען. זי איז געוואָרען די הויפּט־ריכטערין פון דער רויטער מלוכה. זי פאַרגיסט מן הסתם גענוג מענשליכע בלוט. און מיין אומגליקליכער פּלימעניק, דער גרויסער מאַרטירער יהודה, איז אַפּנים דערשאָסען געוואָרען פון דעם אשמדאי׳ס טשעקאַ, און נאָכדעם אַלעמען, ווי קען איך האָבען האָפנונג און מוט?

ער האָט זיך פונאַנדערגעוויינט.

— און דערפאַר זאָגט דאָך טאַקע אונזער תורה, אַז אפילו „ווען דער שווערד ליגט אויפ׳ן האַלז טאָר מען זיך ניט מיאש זיין“ — האָט גולד עטליכע מאָל איבערגע׳חזר׳ט.

— יאַ, ס׳איז אמת! — האָט אַלכסנדר געענטפערט. — אָבער ביי מיר איז דאָך ערגער פון „אַ שווערד אויפ׳ן האַלז“. איך וואָלט מיט שמחה אויסגעשטרעקט מיין האַלז צום שווערד, ווען נאָר מיינע קינדער זאָלען בלייבען מיינע! וואָס טויג מיר דאָס לעבען, ווען איין קינד איז „דער גאָט פון די רויטע אַרמייען“ און אַ צווייטע איז „די הויפּט־ריכטערין פון אַלע רויטע טייוואַלים“ און די דריטע — גאָט ווייס!

— אָבער, הערר אַלכסנדר! — האָט לאַעב גע׳טענה׳ט. — עס איז נאָך ניט געזאָגט געוואָרען דער לעצטער וואָרט, און דוקא ביים לעצטען וואָרט קענען נאָך אייערע קינדער אַרויסקומען ווי „געלייטערטע העל־דען“, וואָס דאָס איז נאָך שענער און מעהר פאַרביג ווי אמת׳ע שטענ־דיגע צדיקים. „דער אידישער גאָט וויל ניט אַז דער מענש זאָל שטאַר־בען. ער וויל איהם נאָר זעהן אַ בעל־תשובה“.

אַלכסנדר׳ס אויגען האָבען באַקומען עפּעס אַ שעהנערען גלאַנץ. עס האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט אין זיין האַרצען די „תקוה“, דער „בטחון“ און ער האָט געפּרעגט:

— איז עס מעגליך, אַז מיינע קינדער זאָלען נאָך ווערען בעלי־תשובה?

— ביי גאָט איז אַלץ מעגליך, הערר אַלכסנדר! — האָבען זיי גע־ענטפערט, און בעת מעשה האָבען זיי געזעהן עפּעס אַ גאַנץ אַנדער אַלכסנדר׳ן, מיט אַ גאַנץ אַנדער פּנים, מיט אַנדערע אויגען. זיי האָבען

דערפיהלט א געוואלטיגען יראת הכבוד פאר אט דעם גרויסען אלכסנדר׳ן.

— רופט מיך בעסער פריינט, חבר, ברודער! ווייל איהר האט מיך ממש מחיה געווען, איהר האט אויפגעלעבט און אויפגעמונטערט מיין פאר׳יסורים׳דיגע נשמה. גלויבט מיר, אז דער שטענדיגער הונגער און די גייסטיגע יסורים האבען פון מיר אוועקגערויבט מיין ביסעל שכל. אבער איצט, דורך אייערע קלוגע און אמת׳ע רייד, פיהל איך א סך בעסער און מונטערער, און מיר דוכט זיך, אז איך פיהל עטוואס ווי אמאל, אין מיינע שנים קדמוניות. זייט געבענשט פון גאט, איהר גוטע מלאכים! — האט ער זיי אויסגעשטרעקט זיינע ביידע הענט.

זיי האבען פאר זיך דערזעהן דעם אמת׳ן אלכסנדר׳ן, מיט זיינע שעהנע ליכטיגע אויגען, מיט זיין שטאלצער האלטונג און חכמה.

— זייט איהר געגוג שטארק, איהר גרויסער אלכסנדר, צו הערען זעהר גרויסע, גוטע, איבערראשענדע נייעס? — האבען זיי איהם נע־פרעגט.

— געוויס בין איך שטארק גענוג, מיינע טייערע פריינד. און אי־בערהויפט יעצט, ווען איהר האט אין מיר דערוועקט אזעלכע צוויי טייערע אוצרות, ווי „תקוה" און „בטחון"!

לאעב האט ארויסגענומען זיין ביכעלע און האט זיך פארטיפט אויף א ווייל. גולד האט געהאלטען אלכסנדר׳ס הענט, און ביי אלכסנדר׳ן האט זיך די הארץ געהויבען פון נייגיריגקייט. אלעס ארום איז געווען שטיל. עס האבען זיך געהערט בלויז די אטעמס פונ׳ם שלאפענדען גראף און פון מאריא איוואנאוונא, וועלכע איז געווען נייז־און־ניינציג פראצענט אויף דער אמת׳ער וועלט.

שטיל האט לאעב גענומען לעזען פון זיין ביכעלע:

„און ווען דער „רויטער" ניקאליי לעניז האט געשיקט זיין רויטען שליח אוועקצונעהמען דער שעהנער איזאבעלא׳ן און פאראומרייניגען זי כדת לעניז, האט דער גרויסער יהודה, דער אידישער מארטירער, וועלכער האט געליעבט איזאבעלא׳ן מיט׳ן גאנצען פייער פון זיין אי־דישער נשמה, זיך געקליגט און געשטארקט איבער׳ן „רויטען שליח" און האט איהם אפגעראמט פון וועג, און האט זיך איבערגעטאן אין זיינע קליידער און האט מציל געווען זיין איזאבעלא׳ן פון די הענט פון דעם רויטען טייוועל. זיי וואוינען איצט אי ארץ־ישראל און העל־פען בויען די אידישע היימלאנד. זי רופט זיך דארטען שושנה, און אלע רופען זי די „בלום פון ארץ ישראל".

דאס איז שוין געווען צופיעל שמחה אפילו פאר אלכסנדר׳ן. ער האט זיך צעוויינט ווי א קליין קינד.

— גוטע מענשען! איך וויים ניט ווער איהר זייט, אבער ערלויבט מיר לכל־הפחות אויסצוקושען אייערע מלאכים־פנימ׳ער. — ער האט זיי געהאלדזט און געקושט.

זיי האבען איהם איבערגעגעבען אלע איינצעלהייטען, פונקט ווי דער שווייגענדיגער לו האט זיי דערצעהלט און פארטרויט איהם דעם גאנצען סוד פון זייער קומען נאך רוסלאנד, און אז עס איז מעגליך, דאס בעטקע איז די זעלבע בערטע. —

— גאט! איך בין ניט ווערט אזוי פיעל גליק! — האט אלכסנדר אויסגעשריען.



פערציגסטער קאפיטעל.

# אלכסנדר פארמאסקירט אלס לאעב ביי טראצקי.

לאעב און גולד האבען גוט פארשטאנען, אז אום ארויסצוקריגען דעם גרויסען אלכסנדר פון די „רויטע נעגעל" וועט ניט זיין גענוג דער אמעריקאנער דאלאר אליין. מען וועט מוזען באנוצען צום דאלאר אביסעלע חכמה און אביסעלע קונסט אויך. ווייל די סאוויעטען־פיהרער האבען געזוכט צו באהאלטען דעם אמת׳ן אמת פון אויסלאנד. זאל מען בעסער זיין אין ספק מכח דער „רויטער מלוכה" — האבען זיי גערעכענט, אפשר וועט דאך פארט געלינגען צו מאכען וועלכע־ניט־איז פארבינדונגען מיט אנדערע מעכטע און קריגען א הלואה׳לע, און אפשר נאך טאקע אנערקענונג אויך. אזא מאן ווי דער גרויסער אלכסנדר, דער גוט־באוואוסטער געלערנטער סוחר און דער אמת׳ער מחותן, ווען ער כאפט זיך אריבער נאך אויסלאנד מיט׳ן אמת׳ן אמת מכח דער „רויטער מדינה", קען דאס מעהר שאדען ברענגען ווי א בלאקאדע, דארום האט מען געמוזט אנווענדען ממש איבערנאטירליכע און ריזיקאלישע קונסט, אום ארויסצופיהרען אלכסנדר׳ן פון דער סאוועטען־מאכט. און דא האבען אונזערע יוריסטען־דעטעקטיוום אנגעגרייט אלע דריי מיטלען: געלט, קונסט און חכמה.

זיי האבען פארבראכט אין יאלטע א היבשע צייט. די קאמיסאר־לאך און אלע אנגעשטעלטע האבען זיי זעהר ליב באקומען, סיי פאר

זייער גוט־ברודערשאַפט און סיי פאַר די אמעריקאַנער דאָלארס, מיט וועלכע זיי פלעגען זיך פשוט אַרומוואַרפען. מען פלעגט זיי רופען מיט פאַרשידענע נעמען: „גוטע בורזשועז", „אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטען", „דעם גרויסען טראַצקי׳ס פריינט". דעם לעצטען נאָמען פלעגען זיי מיט אַ בכיון פאַרשפּרייטען, כדי מען זאָל זיי אין עפּעס ניט חושד זיין.

זיי ווילען איצט דורכפיהרען אַ זעהר ריזיקאַלישע אונטערנעמונג, נאָר אַלכסנדר אַליין שטערט זיי אין דעם.

זיי האָבען פאָרגעלעגט אַלכסנדר׳ן אַזאַ פּלאַן: לאָעב וועט זיך פאַרמאַסקירען פאַר אַלכסנדר׳ן, אַז אפילו דער טייוועל אַליין וועט ניט דערקענען, און ער וועט בלייבען אין יאַלטע, און אַלכסנדר׳ן וועט מען פאַרמאַסקירען פאַר לאָעב׳ן, און נאָר אויף אַזאַ אופן וועט ער זיך קענען אַריבערכאַפּען דעם רוסישען גרענעץ, און נאָכדעם וועלען זיי צוזאַמען פאָהרען נאָך אמעריקאַ. כאָטש די מים „קוואָטאַ" וועט זיך אפשר אַביסעלע קרימען, אָבער די צוויי דזשענטעלייט „פּוש און פּול" וועלען שוין עפּענען די טויערען פון אַנקעל סעמ׳ס מדינה.

אַלכסנדר האָט אָבער ניט געוואָלט מסכים זיין צו דעם פּלאַן, טאָמער קען חלילה אַרויסקומען אַ רעה לאָעב׳ן. „וואָס הייסט", האָט ער גע׳טענה׳ט. „איהר ווילט איינשטעלען אייער לעבען פאַר מיינעם?"

מען האָט אָבער איבערצייגט אַלכסנדר׳ן, אַז דאָ איז קיין שום סכנה ניטאָ. ראשית, זיינען זיי גרויסע קינסטלער אין דעם פאַך. זיי רעכענען זיך פאַר די גרעסטע אין אַנקעל סעמ׳ס מדינה. והשנית, טאָמער וועט מען אפילו ענטדעקען — איז אויך ניטאָ קיין סכנה, ווייל זיי זיינען גרויסע איינפלוסרייכע אמעריקאַנער און די רויטע וועלען ניט וואַגען דורכצופיהרען איבער זיי זייערע טשעקאַ׳איסטישע מעטאָדען, ווייל די רייכסטע פערזענליכקייטען מיט׳ן גאַנצען אַרבייטער קלאַס וועלען אויפשטורמען גאַנץ אמעריקאַ, און מען וועט מוזען לערנען מיט די רויטע אַ פּרק אין הלכות „דרך ארץ", און זיי וועלען זיך מוזען נוהג זיין מיט לאָעב׳ן, ווי מיט אַן אויסלענדישען דיפּלאָמאַט און סוחר פון די שנים קדמוניות, וועלכער איז ניט געפעלען דער רויטער מדינה און מען וועט איהם בעטען מחילה און אַרויסשיקען פון רוסלאַנד, און מעהר וועט גאַרנישט געשעהן.

מיט גרויס מאַטערניש איז זיי געלונגען איבערצורייֵדען אַלכסנדר׳ן, און אַזוי איז לאָעב געוואָרען אַלכסנדר טימאָפייעוויש, און אַלכסנדר איז געוואָרען לאָעב.

פאַר אַלכסנדר׳ן איז עס אפילו געווען שווערלאַך צו שפּילען די ראַליע, אָבער ער האָט געמוזט. מען האָט איהם אַזוי פאַרמאַסקירט אַז ס׳איז געווען קינסטלעריש. גולד האָט שוין געזעהן, אַז ער אַליין זאָל איבעראַל זיין דער רעדנער און לאַעב, דאָס הייסט אַלכסנדר, פלעגט זעהר אָפט ליידען צאָהן־ווייטאָג, מאַגען־קראַנקהייטען און ער פלעגט ענטווערער זיצען אין האָטעל אָדער שווייגען.

און אַלכסנדר, דער אמת׳ער לאַעב, איז געזעסען אויף צרות אין דער חורבה אויפ׳ן צובראָכענעם שטול. ער האָט געשפּילט די ראַליע ווי א קינסטלער. די אַלטע האָט איהם פיעל ניט באַאומרוהיגט, ווייל איהרע מינוטען זיינען געווען געצעהלטע. זי איז געווען מעהר טויט ווי לעבעדיג. נאָר ווען דער אַלטער גראף פלעגט צו איהם קומען פּלוידערן, פלעגט ער מוזען אביסעלע צושווייגען, ניט וויסענדיג פון די אַלטע מעשה׳לאַך וואָס דער אַלטער פלעגט איהם אָנדערצעהלען, פלעגט ער צובאַמקען מיט א „יענקי דודל״, אָדער אָפּ׳פּטור׳ן מיט א קרעכץ און א זיפץ.

ווען לאַעב און גולד (אַלכסנדר און גולד) האָבען זיך פאַרטיג גע־מאַכט צו פאָהרען נאָך מאָסקווע, זיינען זיי געגאַנגען נעהמען אַפּשייד פון אַלע זייערע נייע באַקאַנטע און פריינט. זיי האָבען אויסגעטיילט היבשע טויזענדע דאָלאַרס און גולד האָט גערעדט אמת־האַרציגע רייד צו די קאַמיסאַרען:

— חברים קאַמיסאַרען! מיר פאָהרען איצט אָפּ פון אייך. מיר וועלען קיינמאָל ניט פאַרגעסען די טובות וועלכע איהר האָט אונז גע־טאָן, פאַרשאַפענדיג אונז אַלע אונזערע פאַרלאַנגען. ווען מיר וועלען קומען אין אונזער אמעריקא, וועלען מיר דערצעהלען וואָס פאַר גוטע מענשען איהר זייט, מיט איידעלע נשמות און מיט אמת־אידישע הערצער. אָבער מיר בעטען אייך, חברים, גיט אַכטונג אויף די צוויי אַלטע: אַלכסנדר און פיאַדאָר. ס׳איז א רחמנות, זיי האָבען זיך שוין גענוג אויסגעליטערט. לאָזט זיי דערלעבען רוהיג זייערע אַלטע צובראָכענע יאָהרען, זייט ניט אַזוי שטרענג צו זיי. איהר וועט אויך אַמאָל אַלט ווערען, חברים! מיר וועלען אייך איבערלאָזען גענוג געלט און איהר שיקט זיי אריין עסען פון דאָס בעסטע, קויפט זיי שעהנערע בגדים. עס איז א רחמנות צו קוקען ווי זיי געהען אַרום אין שמאַטעס. מיר ווע־לען אייך שיקען גענוג געלט פון אמעריקא. און אויב איהר וועט אַמאָל קומען צו אונזער אָנקעל סעם אין א שליחות — אפשר פאַר אמבאַסאַ־דאָרען — וועלען מיר פאַר אייך טאָן אַלעס. חברים! אַלכסנדר פיהלט

זיך איצט זעהר אומגליקליך — ער האט ערשט נעכטען ביינאכט צו־געמאכט די אויגען פון זיין אומגליקליכער מאריאן. היינט פריה האט מען זי מקבר געווען. גיט אויף איהם אכטונג, זייט זיך צו איהם מעהר מקרב, אט צו דעם אומגליקליכען.

יאשקע קאמיסאר האט, מיט׳ן גמרא ניגון, געענטפערט:

— „ברוך דין אמת!” פארשטעהט איהר מיך, חברים אמעריקא־נער. עס איז, ווי מען זאגט, „גלגל החוזר בעולם” — אט דרעהט מען זיך אין „קאראהאד”. אפשר וועלען מיר נאך אמאל ווערען אויס קאמיסארען, און מען וועט נאך אמאל דארפען אויף אונז רחמנות האבען! פארשטעהט איהר מיך, איך וועל אייך קיינמאל ניט פאר־געסען. איהר זייט גוטע מענשען, פארשטעהט איהר מיך. „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני”, פארשטעהט איהר מיך. אט ווי איהר קוקט מיך אן, געלערנט אמאל, געזאגט תהלים, נו, שפרינגט דער פסוק׳ל אליין ארויס. פארשטעהט איהר מיך, געהאט א טאטען א רב, א גרויסער למדן געווען, זעהר א גוטער מענש געווען, פארשטעהט איהר מיך. זיין לעצטע העמד אוועקגעגעבען צו אן ארימאן. ער איז געווען אן אמת׳ער באלשעוויק, פארשטעהט איהר מיך! איך וועל די אלטע אפהיטען. כ׳וועל זיך מאכען ניט זעהענדיג. זאלען זיי עסען און פלוידערען, פארשטעהט איהר מיך. זאל זיי אייערע אמעריקאנער דאלארם וואויל באקומען, פארשטעהט איהר מיך!

פייוועלע קאמיסאר האט גענומען ברומען און מאכען מיט די הענט:

— חברים אמעריקאנצעס! איהר זייט גוטע יאטען, אין דר׳ערד אריין. כ׳קען ניט, אין דר׳ערד אריין! אט זעהט: כ׳בין א קאמיסאר אין דר׳ערד אריין, אבער אט דא אין הארצען טערבענטשעט זיך דער איד, אין דר׳ערד אריין. איך קען ניט זעהן ווי די אלטע בורזשוען פליוכען מיט טרערען אין דר׳ערד אריין. כ׳קען ניט! איהר הערט? איך וועל זיי אליין אלע טאג אין דר׳ערד אריין ברענגען צום פרעסען, און אביסעלע, ער, אין דר׳ערד אריין, וואס אין אייער אמערוטשקע גנב טאר מען עס ניט. זאגט איהם דארטען, מיין בראטישעק, אז איכ׳ל איהם מאכען מיט א קאפ קירצער. אבער ניין! כ׳קען ניט, זאגט דאס איהם ניט. זאל ער לעבען, אין דר׳ערד אריין! כ׳וועל אייך גע־בען אמת׳ע ספירט, הונדערט גראד, ווי איך בין פייוועלע קאמיסאר אין דר׳ערד אריין. ניט עס מיין בראטישעק אין דר׳ערד אריין! איך

קען ניט, חברים דיפּלאָמאַטען, אַז איך זעה טרערען ווער איך צופּלאַצט אין דר׳ערד אַריין!

ער האָט זיך צעוויינט ווי א גרויס קינד. אַלע האָבען געוויינט.

— פּאַרט געזונט, חברים דיפּלאָמאַטען! איהר זייט גוטע יאַטען. זאָגט ניט מיין ברודערקע, כ׳קען ניט. — און ער האָט זיי דערלאַנגט אַ פלאַש אמת׳ע ספּירט.

און אַזוי האָט מען זיך צושיידט.

— אָט דער פּראָסטער אומשולדיגער פּייוועלע קאָמיסאַר איז אַ סך העכער פון מיין גרויסען טראָצקי! — האָט אַלכסנדר שטיל געזאָגט. —

— יאָ, ער איז ווי אַ גרויס פּרימיטיוו קינד! — האָט גולד געענטפערט.

— אַלכסנדרע, מיר פאָהרען איצט צו אייער זון. געדענקט, זייט שטאַרק, איהר זאָלט אונז חלילה בשוגג ניט פאַרראַטען. געדענקט, אייערע צייגער וועלען זעהר ווערה טאָן. איהר וועט זיין אַרומגעבונדען. איהר וועט תיכּף אוועקגעהן אין האָטעל און איך וועל שוין אַליין פאַרענדיגען דעם מסחר.

* * *

דער רויטער לייב זיצט אין זיין קאַבינעט און ארבייט זעהר שווער און ביטער. עס ליגען אַנגעוואָרפען פּלענער, פּאַפּירען, ביכער און זשורנאַלען, אינלענדישע און אויסלענדישע. ער מאַטערט זיך, ער דרעהט זיך אויף אַלע זייטען. ער מוז אַרויסראַטעווען דער רויטער רוסלאַנד פון אונטערגאַנג. עס דראָהעט דער הונגער, די פּויערים בונטעווען זיך, ענגלאַנד וויל ניט מאַכען קיין הלואה־לאַך, זי וויל ניט באָרגען. דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט פאַרקאָכט אַ מורא־דיגע קאַשע מיט זיינע העצעס אין כינא, מאַראָקאָ און מצרים: די ענגלישע דיפּלאָמאַטען ווילען איבעררייסען אַלע פאַרבינדונגען מיט דער סאָוועטען־מלוכה. די איינציגע רעטונג איז דער רייכער אַנקעל סעם. ווען מען קען מאַכען וועלכע־ניט־איז פאַרבינדונגען מיט דער רייכסטער מלוכה אין דער וועלט — אַמעריקא, וואָלט מען אפשר געקענט אַרויסקריכען ווי־עס־איז פון אַ חורבן, פון אַ קאַטאַסטראָפע. אָבער ווי אַזוי? סיידען געבען די קאָנצעסיעס, וועלכע זיי פאַרלאַנגען! איך האָב מורא, אַז מען וועט זיך מוזען אונטערגעבען. אין אַזעלכע מחשבות לויפט אַרום אַהין און צוריק דער גרויסער טראָצקי אין זיין קאַבינעט.

מען האָט איהם געמאָלדען, אַז די צוויי אמעריקאנער ווילען איהם זעהן.

— זאָלען זיי תיכף אריינקומען! — האָט ער געזאָגט.

ווען לאָעב און גולד זיינען געשטאַנען פאַר טראָצקי, האָט ער באַמערקט:

— איהר האָט זיך אפנים געמוזט „פּייטען" פּאַ־אַמעריקאנסקאָמו (כמנהג אמעריקא)?

— אַ, ניין, חבר טראָצקי! — האָט גולד געענטפערט. — פאַר די לעצטע צוויי וואָכען ליידעט זעהר חבר לאָעב צאָהן־ווערטאָג. ער שלאָפט פשוט ניט קיין נעכט.

— אַ שלעכטען צאָן רייסט מען אַרויס, ער זאָל ניט אַנשטעקען די איבעריגע געזונטע צייהנער! — האָט טראָצקי געזאָגט.

— אַזוי דאַרף מען טאַקי טאָן! — האָט גולד געענטפערט. — אָבער חבר לאָעב האָט מורא איינצושטעלען זיינע אמעריקאנער צייהנער צו אַ רויטען דאָקטאָר.

— וואָרום? — האָט טראָצקי געלאַכט.

— גאָר פשוט, חבר טראָצקי! ער האָט מורא, אַז אנשטאָט דעם איין צופוילטען צאָהן זאָל מען איהם ניט אַרויסרייסען זיינע אַלע בורזשואזנע צייהנער און איבערמאַכען אין זיין מויל די „נייע רויטע אָרדנונג".

אַלע האָבען געלאַכט. אַלכסנדר האָט אויך געלאַכט. עס איז אָבער געווען אַ יסורים־דיגער, אַ בלוטינער געלעכטער — דאָס לאַכען פון אַ צעוועהטאָגטער נשמה.

גולד האָט באַמערקט:

— חבר לאָעב! דו געה בעסער אין האָטעל. געשעפט מוז מעןריידען מיט באַק־צייהנער, פאַרשטעהסטו מיך, און איך וועל דאָ שוין אַליין פאַרהאַנדלען מיט חבר טראָצקי.

— חבר גולד! — האָט טראָצקי געזאָגט. — איך וועל מיט אייך זיין אָפענהערציג. איך וויל אומבאַדינגט אָנקניפּען פאַרהאַנדלונגען מיט אייך, און אפשר נאָכדעם מיט אייער רעגירונג. מיר מוזען האָבען איינע די אַנדערע, דאָרום וועל איך אייך געבען די בעסטע קאָנצעסיעס, אָבער איהר מוזט מיר געבען אייער עהרען־וואָרט, אַז איהר וועט העלפען אַגיטירען אין אייער מדינה פאַר דער אנערקענונג פון אונזער סאָ־וועטען־רעפּובליק!

— גלויבט איהר ווירקליך אין אן עהרען־ווארט, חבר טראצקי?

— יא, חבר גולד. אויף אייערען אן עהרען־ווארט פארלאז איך זיך. איך האב לעצטענס ערהאלטען ידיעות פון מיינע פארטרויעטע אין אייער מדינה, אז איהר זייט געשעצט און געאכטעט פון אלע קלאסען, סיי פון די קאפיטאליסטען און סיי פון די פראלעטאריער.

גולד האט געלאכט:

— עס הייסט: גלויבען גלויבט איהר טאקע ניט, נאר איהר האט די פשוט'ע אינפארמאציע!

— אלזא, וועט איהר איינוויליגען, חבר טראצקי, אז אלע אנגע־שטעלטע און ארבייטער אויף דער געגעבענער קאנצעסיע זאלען שטעהן אונטער דער פראטעקציע פון די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקא?

— דאס איז זעהר א שווערער דיפלאמאטישער ענין, חבר גולד. אט, א שטייגער, איהר וועט אריינגעהמען אפילו שלא בכונה, כל־ערלייאיגע קאנטר־רעוואלוציאנערען, שונאים פון אונזער רעזשים, און זיי וועלען געוויס פראפאגאנדירען געגען אונזער מאכט, און מיר וועלען זיי גארנישט קענען טאן! אט דעם פונקט וועל איך זעהר פאר־זיכטיג באטראכטען, אפשר וועל איך אויסגעפינען א מיטעל־וועג. איך וועל ניט רוהען, ביז איך וועל געפינען א וועג, ווייל מיר מוזען קריגען די אנערקענונג פון אנקעל סעם אום יעדען פרייז. יא, ווי געפעלט אייך אונזער יאלטע מיט איהר ליוואדיע? — האט טראצקי פלוצלונג א פרעג געטאן.

— עס איז דער אמת'ער גן־עדן התחתון! — האט גולד געענט־פערט. — מיר, מיט אונזערע גרויסע קאפיטאלען און אונטערנעמונגס־גייסט קענען עס פארוואנדלען אין דעם גרעסטען פארגעניגען־פלאץ אין דער וועלט!

— איך בין מיט אייך איינשטימיג, חבר גולד! — האט טראצקי געזאגט פארטראכט, און ער האט גענומען ריידען עטוואס שטילער, אזוי ווי ער וואלט וועלען, אז קיינער זאל ניט הערען און ס'זאל בלייבען אן אייביגער סוד. — איהר ווייסט דאך, חבר גולד, אז לויט אונזערע געזעצען, זיינען די ארבייטער די פריווילעגירטע און די בורזשועז זיינען געשטעמפעלט מיט'ן „לא יבואו בקהל“ — זיי זיינען אויסגעשלאסען פון אלע רעכטע. אזוי האט עס געמוזט זיין. אין יאלטע איז פאראן א מאן, וועלכער איז אמאל געווען איינער פון די גרעסטע געשעפטס־לייטע אין רוסלאנד, און אפשר פון גאנץ איירופא, זעהר א גרויסער געלערנטער דערצו. ער איז געווען, אזוי צו זאגען, דער געשעפטליכער

בעל־יועץ פון די צארען מיט דער גאנצער צארישער משפחה און הויפ־לייטע. נאטירליך, איצט איז ער אויף גרויסע צרות, לויט דער נייער אָרדנונג; זיין פארמעגען האָט מען נאציאָנאַליזירט און ער מוז אר־בייטען צו מאכען א לעבען. אָבער דעם „בורזשוא״ פון דורי־דורות איז ניט אזוי לייכט אויסצעוואָרצלען און נאָך אויף דער עלטער, און ער מוז געווים הונגערן. אזוי האָט געמוזט זיין זיין גורל! ער האָט געמוזט געבען דעם גרעסטען קרבן! איך בין זיכער, אז אזא מאן וואָלט אייך זעהר פיעל געקענט העלפען אין אייער אונטערנעמונג.

— אייער רעקאָמענדאציע איז פאר אונז זעהר וויכטיג, חבר טראָצקי. אבער דאָ קום איך ווידער אמאָל צו מיין פראגע: ער קען זיך טאקע זיין אפילו דער גרעסטער גאון אין דער וועלט, אָבער אזוי לאנג ווי אייערער א קאָמיסאר קען איהם אוועקנעהמען צו יעדער מינוט, איז זיין גאנצע גאונות און חריפות גאָרניט ווערט.

— זעהט זשע, חבר גולד, אזא מאן וואָלט איך שוין קיין מורא ניט געהאט צו שטעלען אונטער אייער פראָטעקציע, ווייל ער וועט זיך ניט אָפּגעבען מיט אגיטאציע. ער וועט אוועקגעבען אלע זיינע כחות און גאונות נאָר פאר מסחר און פאר׳ן פאָליטישען זייט וועט איהם ווענינ־וואָס קימערען.

— ווי איז זיין נאָמען, חבר טראָצקי? אפשר האָב איך אמאָל געהערט פון איהם.

טראָצקי איז אביסעל אומרוהיג געוואָרען, ער האָט זיך אָבער שנעל געפאסט און געענטפערט:

— זיין נאָמען איז אלכסנדר טימאָפייעוויטש טראָצקי...

— וואָאס? — איז גולד אויפגעשפרונגען א פארציטערטער. — אט דער גרויסער מולטי־מיליאָנער אלכסנדר?!

— יא, חבר גולד. — האָט ער שטיל ארויסגערעדט.

— און ער איז יעצט אן אָרימאן?

— און נאָך וואָס פאר אן אָרימאן! אנדערש האָט עס ניט געקענט זיין לויט אונזער נייעם רעזשים, חבר גולד!

— איז ער אייערער א קרוב, חבר טראָצקי?

— אָ, יא. זעהר א נאָהענטער קרוב, חבר גולד!

— נו, קענט איהר פאר איהם עפעס ניט טאָן, חבר טראָצקי?

— ניין, חבר גולד, מען קען ניט און מען טאָר ניט! עס מוז אזוי זיין! מען טאָר ניט מאכען קיין אויסנאם אפילו פאר אן אייגענעם טאטען.

— איז ער אייער טאַטע, חבר טראַצקי?

— יאָ, חבר גולד. — האָט טראַצקי געענטפערט מיט אַן אַראָפּגע־לאָזענעם קאָפּ.

— וואָס? אייערע אייגענער פאָטער?! הערען עס ריכטיג מיינע אויערען?!

— יאָ, חבר גולד! מען האָט אַזוי געמוזט האַנדלען! עס איז דער אמת׳ער קאָמוניזם! אום צו צייגען דעם אמת׳ן באָלשעוויזם, האָב איך געמוזט קודם־כל מקריב זיין מיינע אייגענע עלטערן. צוליב דער גרויסער אידעע פון אַ באַפרייטער רויטער רוסלאַנד, מוזען, נאַ־טירליך, די אידען זיין די גרעסטע קרבנות, ווייל זיי זיינען פון דורי־דורות בורזשועז.

— זייט איהר באַטש זיכער, חבר טראַצקי, אַז אַט די אַלע שווי־דערליבע אידישע קרבנות וועלען ברענגען דעם געווינשטען ציעל?

— דאָס וועט אונז די צוקונפט צייגען, חבר גולד. מיר טאָרען ניט אָפּשטעלען די ראַד פון פּראָגרעס צוליב יחידים, אָדער אפילו צוליב אַ גאַנצע ראַסע.

— כ׳וויל זיך מיט אייך ניט אַריינלאָזען אין אַ ויכוח, חבר טראַצקי! — האָט גולד געזאָגט, — ווייל מיר ביידע וועלען בשום אופן איצט ניט קענען אַראָפּברענגען די צוקונפט פאַר אַן עדות, נאָר אין איין זאַך בין איך פעסט איבערצייגט, אַז ביים סאַמע בראשית פון אייער נייעם רעזשים זייט איהר געוועזען זעהר פאַנאַטיש־בלינד, איהר האָט ניט געקוקט ווי גרויס דער קרבן איז! איהר האָט אַרויסגעריסען אפילו דעם געפיהל פון טאַטע־מאַמע פון אייער האַרצען! אָבער איצט, גלויב איך, אַז אַ פונק מיטלייד טליעט נאָך ערגעץ ביי אייך צו אייער פאָטער און מוטער, טאָ וואָרום זאָלט איהר איצט, ווען אייערע אויגען זיינען שוין עטוואָס אויסגעניכטערט פון דעם ערשטען פאַנאַטיזם, ניט וועלען פאַרגרינגערן אין עטוואָס אייער גרויסען פאָטער?

— מען טאָר ניט מאַכען קיין אויסנאַמען, חבר גולד!

— אמת, דירעקט קען מען טאָקע ניט, מחמת „למה יאמרו הגוים״, אָבער אינדירעקט זיינען פאַראַן טויזענטע וועגען צו העלפען אַ טאַטען.

— איך זעה ניט קיין אויסוועג, חבר גולד, אפילו ווען איך זאָל שוין וועלען.

— איך האָב פאַר אייך אַ גוטע עצה, חבר טראַצקי, ווי צו העל־פען אייער פאָטער, דעם גרויסען אלכסנדר.

— לאָמיך הערען, חבר גולד! — האָט טראַצקי שטיל געזאָגט.

— איהר ווילט, חבר טראָצקי, אַז איך זאָל פאַר אייך צוגרייטען אונזער באַדען, אַז אַנקעל סעם זאָל מיט דער צייט אַנערקענען אייער רעזשים? איהר ווילט מיט מיר פאַרקניפּען האַנדעלס־באַציהונגען, וואָס דאָס וועט הייסען דער „בראשית" פון דער דערנעהנטערונג פוןביידע מדינות? אַלזאָ, איך, אַלס אַן אַמעריקאַנער, וויל מיט אייךריידען פשוט און אָפען. איך וועל זיך ניט אַנהויבען צו באַנוצען מיט דער דיפּלאָמאַטישער שפּראַך, וועלכע האָט צוויי באַדייטונגען. איך גלויב, אַז ווען אַנקעל סעם זאָל אַנערקענען אייער מלוכה־רעזשים און אַנהויבען מיט אייך האַנדלען, וועט עס זיין אַ טובה פאַר ביידע מדינות אין פיעלע הינזיכטען, אָבער נאָכמעהר וועט עס ראַטעווען אייער מדינה פון אונטערגעהן. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז די סאָוועטען־מדינה געפינט זיך איצט אין אַ זעהר קריטישע לאַגע, אַז ניט וואָלט דער „דריילינג" אייך ניט אַראָפּגעבראַכט פון קאַווקאַז. זיי מוזען האָבען דעם אידישען קאַפּיטאַל אַרויסצושלעפּען זייער צרה׳דיגע שיף פון די רווישענדע ימים. צי איך בין איינשטימיג מיט׳ן באָלשעוויזם אָדער ניט — דאָס איז איצט ניט וויכטיג. ביי מיר איז אָבער איצט יאָ וויכטיג צו פאַרבעסערען דעם אידישען מצב אויף וויפיעל עס וועט זיין מעגליך, דעריבער וויל איך ענטוויקלען אַ גרויסע אינדוסטריע און קאָלאָניזאַציע אין אייער מדינה, בלויז צו העלפען די אידען (עס מעג אייך אויסקוקען צופיעל שאָוויניסטיש) און דאָס קען אַנדערש ניט דורכגעפיהרט ווערען, סיידען אַז אַלע וואָס וועלען זיין דירעקט אָדער אינדירעקט פאַרבונדען מיט דיזער אונטערנעהמונג זאָלען שטעהן אונטער דער פּראָטעקציע פון אַנקעל סעם. איך ווייס, אַז לכתחילה וועט עס אויסזעהן ווי „אַ מלוכה אין אַ מלוכה", אָבער איהר דאַרפט ניט פאַרגעסען אויף אַ רגע, אַז אייער מדינה טרינקט זיך איצט, עס דראָהעט אייך דער שרעקליכער הונגער, וואָס קיין מאַכט אין דער וועלט קען זיך ניט שטעלען איהם אַנטקעגען. אפילו אייער רויטע אַרמעע וועט זיין מאַכטלאָז קעגען דעם שונא „הונגער". ענגלאַנד וועט אייך ניט העלפען — איהר זעהט דאָך ווי זי מאַכט חנ׳דעלאַך צו דייטשלאַנד און פראַנקרייך. און פראַנקרייך איז פאַרליבט אין פּוילען, רומעניען און אַלע אַנדערע קליינע אויפגעקומענע מדינה׳לאַך. איהר זעהט עס נאָך אפשר בעסער פון מיר, נאָר איהר רעדט מיט דער פאַרפאַרבטער רויטער דיפּלאָמאַטען־שפּראַך, וועלכע איך פאַרשטעה אויך. אָבער איך זאָג, אַז „ביזנעס איז ביזנעס". איך וויל זיך טאַקע באַנוצען מיט אייער איצטיגע ניט־גינסטיגע לאַגע, אָבער ניט חלילה צו מאַכען וועלכע־ניט־איז פּראָפיטען — ווייל איך בין

רייך געגוג — נאָר איך וויל די קאָנצעסיע צוליב דער טובה פון די אידען, וועלכע וואוינען אין אייער מדינה און אינדירעקט וועט עס ארויסקומען א טובה פאַר גאַנץ רוסלאַנד.

— אָבער וואָס שטעלט איהר זיך דוקא איין פאַר אידען, חבר גולד?

— גאָר איינפאַך, ווייל איך האָב די עהרע צו זיין א איד, דאַרום וועט מיין ערשטער פּונקט זיין, אַז איהר זאָלט איבערגעבען אונטער מיין השגחה און פּראָטעקציע דעם גרויסען און אומגליקליכען אלכסנדר טימאָפייעוויטש.

— וואָס? — האָט זיך טראָצקי א כאַפּ געטאָן, ווי געביסען פון עפּעס.

— איך מיין גאַנץ איינפאַך, חבר טראָצקי. איהר זאָלט ערלויבען אייער אומגליקליכען פאָטער צו פאָהרען מיט מיר נאָך אַמעריקא און דאָרט וועט ער מיט זיין גאון'ישער קאָפּ אונז העלפען אויסצואַרבייטען אונזערע בשותפות'דיגע פּלענער.

— איהר מיינט צו זאָגען, חבר גולד, אַז דאָרט וועט ער העלפען צו פאַרשוואַרצען אונז אין די אויגען פון אייער מדינה? — האָט זיך טראָצקי געטרייסעלט.

— חבר טראָצקי! — האָט גולד געזאָגט וועהרענדיג זעהר ערנסט.— איהר האָט פריהער אליין געזאָגט, אַז איהר נעהמט אָן מיינעם אַן „עהרען־וואָרט". נו, גיב איך אייך מיין „עהרען־וואָרט" און גאַראַנטיר פאַר אייער פאָטער דעם גרויסען אלכסנדר. און כאָטש ער איז זעהר פאַרביטערט געגען אייך מיט אייער נייער תורה, ווייל איהם האָט מען וועה געטאָן מעהר פון אַלעמען; ווייל אויסער זיין פאַרמעגען האָט ער פאַרלאָרען זיינע קינדער, וואָס דאָס קען מען צוריק ניט אָפּ־קויפען פאַר קיין געלד, דאָך גאַראַנטיר איך און בין זיכער, אַז דער גרויסער אלכסנדר וועט האַלטען טייער מיין „עהרען־וואָרט", וועלכען איך גיב אייך אָט איצט. פאַרגעסט ניט, חבר טראָצקי, אַז איך קען זעהר פיעל טאָן פאַר אייער מדינה, און פאַרגעסט ניט, אַז לו דער שווייגער איז מיט מיר אין איין עצה, און לאָמיך אייך זאָגען, אַז איך בין פאַרבונדען מיט אַלע מיליאָנערען אין אונזער מדינה און דאָך בין איך א פריינט פון ארבייטער־קלאַס און קען גוט אפילו אייער ניגלאָס'ן.

טראָצקי האָט זיך פאַרטראַכט. אין זיין האַרצען האָט געשטורעמט. זיינע געדאַנקען האָבען זעהר שנעל געאַרבייט. ער האָט גערעדט ווי

פאַר זיך: „עס הייסט אַליין דערצעהלען פאַר דער גרויסער אמעריקא דעם אומרעכט, דעם פאַרברעכען, וואָס אַ זון איז באַגאַנגען געגען זיין טאַטען?

— ניין! — האָט ער זיך אַ טרייסעל געטאָן ווי אַ ליבּ און אַ ברום געטאָן — איך קען ניט! עס איז צו ריזיקאַליש! די אמעריקאַ־נער וועלען ניט קענען משיג זיין מיין כונה, אז כ׳האָב געמוזט אזוי האַנדלען. זיי וועלען מיך געוויס פאַראורטיילען, און אַנשטאָט אַ טובה קען נאָך אַרויסקומען אַ רעה. ניין, חבר גולד! מיין פאָטער איז צופיל פאַרביטערט; ער איז דער סימבאָל פון אומגליק! ער וועט ניט קענען ביישטעהן דעם גרויסען נסיון, ניט צו נעהמען נקמה!

— אָבער פאַרגעסט ניט, חבר טראָצקי, אַז אייער פאָטער איז קודם־כל אַ איד, און אַט דער גרויסער אומגליק האָט איהם נאָך שטאַר־קער צוגעבונדען צו זיין פאָלק און תורה, און אידען זיינען ניט קיין נקמה־זוכער, אידען זיינען צופרידען אַז מען לאָזט זיי לעבען און מען קריכט ניט אַריין מיט פאַרבלוטיגטע נעגעל אין זייערע נשמות, און איהר דאַרפט ניט פאַרגעסען, חבר טראָצקי, אַז בכלל זיינען אידען היינט ניט דאָס וואָס אַמאָל. זיי זיינען אַנערקענט ביי דער גאַנצער וועלט אַלס אַ פאָלק מיט אַ היסטאָרישער רעכט אויף זייער ארץ־ישראל, און זיי זיינען איצט פאַרנומען מיט זייערע אייגענע אינטערעסען, מיט דעם בויען פון זייער אייגען לאַנד און ניט מיט נקמות!

— איהר רעדט ווי אַ ציוניסט, חבר גולד! — האָט טראָצקי באַ־מערקט.

— געוויס, חבר טראָצקי! אַט דאָס בין איך און איהר וועט עס אויך מוזען ווערען!

טראָצקי האָט זיך הויך און גאַליג צולאַכט.

— ניין, חבר גאָלד! אייער אידעאַל איז צו ענג און צו שאָוויניס־טיש פאַר מיר. איך מוז האָבען די גאַנצע וועלט מיט איהרע מענשען.

— חבר טראָצקי! — האָט גולד געזאָגט. — איך בין אַן אמעריקאַ־נער געשעפטסמאַן. איך וויל ניט דעבאַטירען מכח אַ צוקונפט. ביי אונז זאָגט מען: „טיים איז מאָני" — „צייט איז געלט". מיט פאַר־געניגען גיב איך אייך די גאַנצע וועלט און מיר גיט אָט די קליינע קאָנצעסיע און מאַכט די התחלה מיט דעם גרויסען אַלכסנדרין. אין דריי טעג אַרום קום איך צו אייך נאָך אַן ענטפער. און ער איז אַרויס.



## איין־און־פערציגסטער קאפיטעל.

# ניקאליי לענין שטעהט אויף תחית המתים.

גולד האט זיך אונטערגעאיילט. ער האט מורא געהאט צופיל צו שפילען זיך זייענדיג ביים „רויטען לייב" אין מויל. ער האט פארטיג געמאכט די פאפירען, אונטערגע׳חתמ׳עט פון קאמיסאר די אמעריקאנער פאספארטען און לאעב, דאס הייסט אלכסנדר, איז גלייך אפגעפאהרען נאך דייטשלאנד, אפריידענדיג צו ווארטען אין האטעל אמעריקא, אויף לאעב מיט גולד׳ן.

אויפ׳ן דריטען טאג, ווען גולד איז געוועזן ביי טראצקי׳ן, האט ער איהם געפרעגט:

— וואס מאכען חבר לאעב׳ס צייהנער?

— ער האט געפיהלט זעהר שלעכט, חבר טראצקי, און ער איז געפאהרען נאך דייטשלאנד צו זעהן זיך מיט א ספעציאליסט פון צייהנער.

— אפשר איז עס א פאליטישע צייהן־קראנקהייט, חבר גולד? — האט איהם טראצקי געפרעגט, אריינקוקענדיג גלייך אין די אויגען.

— ווי איך פארשטעה, חבר טראצקי, מוזען אלע אין אייער מדינה ליידען אויף פאליטישע קראנקהייטען.

— ניט נאר אונזער מדינה, חבר גולד, נאר גאנץ אייראפא ליידעט דערפון.

— אבער אונזער אמעריקא וועלען מיר אויסהיטען פון דיזער קראנקהייט, חבר טראצקי!

— און אפנים טאקע דערפאר האט מען ביי אייך געמוזט איינ־פיהרען די מיסס קוואטא, חבר גולד?

— ניין. דאס איז א „בלוטס־טראפען" פון „בלוטיגען מבול", וועל־כער האט געטראפען אידען מעהר פון אלעמען, חבר טראצקי!

— איצט זעהט, אז אפילו אין אייער אמעריקא איז אויך נאר דער איד די ערשטע כפרה־הינדעל! — האט טראצקי באמערקט.

— אט דעריבער טאקע מוזען מיר האבען אן אייגענע היים! — האט גולד געענטפערט.

— זיינען פאראן עפעס א סך אידען אין אייער אמעריקא, וואס ווילען בויען אן אייגענע היים, חבר גולד? — האט טראצקי געלאכט.

— לאכט ניט פון אונז, חבר טראצקי! וואו ס'איז פאראן א רצון, דארטען מוזען ווערען מעשים און טהאטען. מיר בויען. אמת, די בויער זיינען נאך קליין אין צאהל, אבער מיר בויען. און, אגב, וויל איך אייך באמערקען: זיינען דען אלע אין אייער גרויסער מדינה באלשעוויקעס?

— נעווים ניט, חבר גולד! אבער מיט דער צייט וועלען זיי מוזען ווערען. די דיקטאטור פון פראלעטאריאט וועט זיי צווינגען דערצו.

— און מיט דער צייט וועלען אלע אמעריקאנער אידען מוזען ווערען ציוניסטען, חבר טראצקי.

— און ווער וועט זיי צווינגען דערצו, חבר גולד?

— וואס הייסט, ווער! און וואו איז די „קוואטא", די „קו־קלוקס־קלען" און פארד מיט זיינע משרתים, חבר טראצקי?

— נו, יא, אפשר! — האט זיך טראצקי פארטראכט.

— אלזא, חבר טראצקי! וואס איז מכח דער קאנצעסיע?

— איך קען אייך איצט קיין באשטימטען ענטפער ניט געבען, אבער איך וועל צוזאמענרופען א ספעציעלע זיצונג פון עקאנאמישען ראטה און מיר וועלען אויסארבייטען די פלענער. עס וועט דויערען ניט מעהר ווי א מאנאט־צייט און מיר וועלען קענען צוטרעטען צו די פארהאנדלונגען. און בנוגע אלכסנדר טימאפייעוויטש, האב איך אויסגעפונען איין־איינציגען פונקט, וואס וועט איהם ערלויבען צו פאהרען מיט אייך אין אמעריקא, און דאס איז: „אויב אלכסנדר טימאפייעוויטש וועט אונטער'חתמ'ענען א פאפיר, אז ער האט פריי־וויליג איבערגעגעבען זיין גאנצען פארמעגען צו דער סאוועטען־מאכט באוואוסטזיניג, אום צו צייגען א ביישפיעל פאר אנדערע מיליאנערען", דאן וועל איך איהם ארויסגעבען א ספעציעלע ערלויבעניש צו פאהרען מיט אייך נאך אמעריקא אלס אונזער האנדעלס־פארמיטלער.

— עס איז א געניאלער פלאן, חבר טראצקי! אייער פאטער וועט געווים אונטער'חתמ'ענען.

— חבר טראצקי! ביי אונז זאגט מען: „ווען דו ווערסט זיך ניט אונטערנעמען ווערסטו קיינמאל ניט געווינען". גיט מיר דעם דאקומענט און איך פליה צוריק אין יאלטע, צו אלכסנדר טימאפייעוויטש.

ער האט געכאפט דעם פאפיר און איז שנעל, ווי א פייל פון בויגען געפלויגען נאך יאלטע...

גולד האט געטראפען אלכסנדר'ן (דעם פארמאסקירטען לאעב), מיט פייוועלע קאמיסאר ביי א געשמאקען מאלצייט, מיט א פלעשעל

פון די אמת'ע הונדערט גראדיגע און דער אלטער גראף האט געשמאק געשלאפען ביים טיש.

— אט איז דער יאט־דיפלאמאט צוריק דא! — האט פייוועלע מיט שמחה אויסגעשריען און האט איהם דערלאנגט זיין געזונטע האנט. — איהר זייט געקומען שפיאנירען, אין דר'ערד אריין, אויב מיר ברענגען פרעסען, אט די אלטע? איך בין פייוועלע קאמיסאר, אין דרע'רד אריין, ניט קיין בורזשואזנער ליגנער! א ווארט איז א ווארט, אין דר'ערד אריין! איך קען ניט, אין דר'ערד אריין!

— ניין, חבר קאמיסאר! — האט גולד פרעהליך געזאגט. איך האב קיינמאל ניט גע'ספק'ט אין אייער ארענטליכקייט. הלואי וואלטען די גרויסע מאסקווער קאמיסארען געווען אזוי ארענטלאך ווי איהר.

— איך בין פייוועל קאמיסאר, אין דר'ערד אריין! — האט ער זיך צושריען. — מען טאר ניט ריידען אויף העבערע נאטשאלסטווע, אין דר'ערד אריין! דיסציפלין, אין דר'ערד אריין! אז ניט, יאט־דיפלאמאט, וועט זיך פון אלץ אויסלאזען א צובראכענע קארעטע, אין דר'ערד אריין!

— וואו איז דער צווייטער יאט? — האט זיך פייוועלע א פרעג געטאן.

— ער וועט קומען מארגען אדער איבערמארגען, חבר קאמיסאר. איך האב א פאפיר צו אלכסנדר טימאפייעוויטש'ן, חבר קאמיסאר!

— וואס? א פאפיר? איך בין פייוועלע קאמיסאר, אין דר'ערד אריין! אויפ'ן טיש מיט דעם פאפיר, אין דר'ערד אריין! איכ'ל געהן נאך יאשקען, אין דר'ערד אריין! ער איז מיט די שווארצע דראבנע פינטעלאך א גאנצער יא־טעביע־דאם.

ער איז ארויסגעלאפען און גולד האט איבערגעגעבען לאעב'ן די גאנצע געשיכטע.

— מען מוז אויסגעפינען אלכסנדר'ס חתימה און איך וועל שוין שפילען די ראל אויסגעצייכענט צווישען דעם „רויטען לייב'ס" צייהנער אין דר'ערד אריין! — האט זיך לאעב געוויצעלט.

יאשקע מיט פייוועלען זיינען אריינגעקומען. יאשקע האט גענומען דעם דאקומענט מיט א באזונדער יראת־הכבוד, האט ער זעהר פארזיכטיג געלעזען אות ביי אות און האט מיט'ן גמרא־ניגון געדעדט:

— יא, ס'איז ווי איך האב געזאגט, פארשטעהט איהר מיך, א „גלגל החוזר בעולם". פון א גרויסען רייכען בורזשוא געווארען, פארשטעהט איהר מיך, א גרויסער יורד, ממש געשטארבען צעהן מאל

א טאג פון הונגער, און איצט ווערט ער צוריק, ווי מען רופט עס, א האנדעלס־פארמיטלער פאר דער סאוועטען־רעפובליק, פארשטעהט איהר מיך. נו, לאמיר מאכען א לחיים, ברידער, און זאגען מיט כונה, פאר־שטעהט איהר מיך: „בצאת ישראל ממצרים". יא, חברים, ס׳געדענקט זיך א נארישקייט, פארשטעהט איהר מיך!

פייוועל איז געווארען אמת אין כעס און האט אויסגעגלאצט זיינע קעלבערנע אויגען.

— וואס? אין דר׳ערד אריין! איהר נעמט צו דעם אלטען אלכסנדר׳ן? ניין! איכ׳ל ניט לאזען, אין דר׳ערד אריין! דער אלטער פיאדאר וועט דא אליין משוגע ווערען, אין דר׳ערד אריין! ער איז אזוי צוגעוועהנט צום אלטען! ער וועט אליין קראפירען, אין דר׳ערד אריין!

דער אלטער גראף האט זיך אויפגעכאפט און גולד האט איהם ערקלעהרט וואס דא קומט פאר.

דער אלטער גראף האט אויפגעהויבען זיינע הענט אין דער הויך און האט מיט א ציטעריגען קול אויסגעקרעכצט:

— עך, קינדערלאך! דער אידישער גאט איז א גרויסער. ער האט רחמנות אויפ׳ן גוטען אלכסנדר טימאפייעוויטש. נו, פאר גע־זונט, מיין איינציגער בעסטער פריינט!

ער האט ארומגענומען אלכסנדר׳ן און האט זיך צעוויינט ווי א קליין קינד.

— כ׳קען ניט! — האט זיך פייוועל גענומען קלאפען אין הארצען. — אט־א־דא טיאבקעט, אין דר׳ערד אריין! איכ׳ל באלד קראפירען ווי א הונט, אין דר׳ערד אריין! אלטער, וויין ניט! אין דר׳ערד אריין! און פייוועל האט זיך צושריען ווי א געקוילעטער אקס.

פלוצלונג האט ער אנגעכאפט גולד׳ס האנט און האט עס גענומען קושען.

— חבר אמעריקאנער! דיפלאמאט! גוטער בורזשוי! יאט! אין דר׳ערד אריין! אפשר קענט איהר מיט אייך מיטנעהמען אט דעם אלטען פיאדאר׳ן אויך? אין דר׳ערד אריין! ער וועט דא אליין קרא־פירען, אין דר׳ערד אריין!

אבער יאשקע האט איהם געגעבען צו ערקלעהרען, אז די פאפיר פון אדון הגדול איז נאר פאר אלכסנדר׳ן און ס׳איז נעגען געזעץ מיט־צונעהמען דעם צווייטען אלטען, פארשטעהט איהר מיך.

אבער פייוועל שרייט:

— איך וויל דערפון ניט וויסען! וואס מיר געזעץ! איך בין פייוועל קאמיסאר אין דר׳ערד אריין, יאשקע, חבר, דיפלאמאט, אמע־ריקאנעץ! איכ׳ל דאס ניט אריבערטראגען! איך בין פייוועל קא־מיסאר, מיט א פאר געזונטע ידים אין דר׳ערד אריין! איך האב צו־ממית׳ט די קאנטער־רעוואלוציע, אין דר׳ערד אריין! — ער איז ארומ־געלאפען ווי א דערשאסענע חיה און גערעוועט ווי אן אקס.

דער אלטער גראף האט שטיל געוויינט און האט גערעדט פאר זיך:

— ער, קינדערלאך! איהר זייט אלע גוטע מענשען. אלע אידען זיינען גוטע. אפילו די „רויטע אידעלאך" זיינען אויך גוטע. אידען זיינען אידען, און איהר האט א גרויסען גאט, זעהט א גרויסען, קינ־דערלאך! עכעכע! ווען אייער גאט וואלט מיך וועלען אריינעמען צווישען זיינע קינדער, וואלט איך געפלויגען אט אהין, אין פאלעס־טינקע! ער, קינדערלאך, איך וואלט כאטש אויך דער עלטער אנגע־נומען דעם אידישען גלויבען און פטור געווארען פון טייוועל!

— דו הערסט, יאשקע? — איז פייוועל געווארען אויסער זיך. — יאשקע! אין דר׳ערד אריין! דו הערסט?! א איד וויל ער ווערען! א איד! אט דער אלטער! ער, אין דר׳ערד אריין! עס טיאבקעט אזוי אין הארצען, אז איך וואלט אלעמען דער׳הרג׳עט אין דער ערד אריין! איכ׳ל לויפען צום ארון הגדול אין דר׳ערד אריין! דו הערסט, יאשקע? איכ׳ל שרייען, איכ׳ל ממית׳ן! א איד וויל ער ווערען! אין דר׳ערד אריין!

לאעב און גולד זיינען געווארען אמת גערירט פון אט דעם תמימות׳דיגען ארענטליכען פייוועלס קאמיסאר. זיי האבען ניט גע־קענט פארשטעהן, ווי געפינט זיך דאס אזא איידעלע נשמה אין אזא גראבען פייוועלען. זיי האבען איהם באַרוהיגט, אז אפשר וועלען זיי אויך מיטנעהמען דעם אלטען פיאדאר׳ן.

פייוועלע איז געווען אזש אויפ׳ן זיבעטען הימעל. ער האט גע־וויינט און געלאכט, און געמאכט איין לחיים נאכ׳ן צווייטען, ביז ער איז איינגעשלאפען און זיין כראפען־מוזיק האט פארהילכט דעם חדר.

— אין דעם בחור זיצט זעהר א גרויסע נשמה! — האט יאשקע ערקלערט. — ס׳איז, פארשטעהט איהר מיך, אזוי ווי די למד־וואו׳ניקעס, כאטש מחוץ זיינען זיי גראבע פויערים, אבער מבית ברענט ביי זיי א ליכטיגער שכינה־פייער׳ל. פארשטעהט איהר מיך. נו, איהר נעהמט טאקע מיט אייך אוועק אט דעם אלטען אויך?

— געווים וואלטע מיר איהם גענומען, אבער מען מוז דאך האבען אן ערלויבניש.

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת, חבר דיפלאמאט! — האט יאשקע געזאגט. — איך, מצדי, פארשטעהט איהר מיך, וועל זיך מאכען ניט זעהענדיג און פיוועלע וועט נאך צוהעלפען. אבער וואס טוט מען מיט'ן אדון הגדול? ער וועט אונז שיקען אין טשעקא אריין, פאר־שטעהט איהר מיך, און דארטען מאכט מען באלד די ברכה „על השחיטה", פארשטעהט איהר מיך. סיידען, ווי זאגט מען, אז דער „עושה שלום במרומיו" זאל עפעס ציינען. איהר זייט דאך מיט'ן אדון הגדול גאנצע קנעפלאך! נו, וועט איהר זיך שוין אן עצה געבען, אז ס'זאל זיין אגיל ואשמח'דיג. נו, זאל זיין בכי טוב! — און ער איז אוועק מיטנעהמענדיג מיט זיך דעם אלטען גראף אהיים.

לאעב האט נאכגעמאכט אלכסנדר'ס חתימה, אז די גרעסטע עקס־פערטען וואלטען עס ניט געקענט דערקענען.

— איך דענק, גולד, אז מיר זאלען טאקע מיט זיך מיטנעהמען אט דעם אלטען גראף.

— ווי אזוי?

— דו וועסט שוין זעהן ווי אזוי. איך וועל זיי אויפשפילען אזא חתונה, אז די רויטע כלבים וועלען עס האבען צו דערצעהלען זייערע קינד'ס קינדער.

און אין דעמזעלבען פריהמארגען ווען גולד מיט אלכסנדר'ן (פאר־מאסקירטער לאעב) האבען פארלאזען יאלטע, איז לודאיעדאוו דער סאלדאט געלאפען ווי אהן א נשמה. זיינע אברים האבען געציטערט ווי אין א קאנוואולסיע. ער איז אריינגעלאפען צו יאשקע קאמיסאר און איז געפאלען צו דער ערד ווי אן אפגעהאקטער בוים.

— וואס איז? — האט זיך יאשקע א כאפ געטאן: — לודאיעדאוו, רייד! וואס איז געשעהן?

— ח־ח־ח־בר קאמי־מי־סאר! כ'האב מורא, האלט מיך! כ'האב איהם געזעהן! — האט לודאיעדאוו געערדט טרייסלענדיג זיך ווי אין א קדחת.

— וועמען האסטו געזעהן? רעד!

לודאיעדאוו האט זיך אזש גענומען צלמ'ען:

— כ'האב געזעהן איהם אליין!

— וועמען? רעד! א טייוועל? א שד? דעם אשמדאי? — האט מיט נייגעריגקייט געשריען יאשקע.

פלוצלונג איז אריינגעלאפען פייוועל, ווייס ווי א מת, מיט א פארקרימטען פנים. ער האט גערעדט אומפארשטענדליכע ווערטער.

יאשקע איז געווארען אויסער זיך:

— וואס איז געשעהן? — ער האט גענומען ריידען ווי צו א קינד. — חבר פייוועלע, וואס איז מיט דיר? זעה ווי דו קוקסט אויס!

— יאשקע, ס'איז ניט גוט! אין דר'ערד אריין! — האט ער זיך געטרייסעלט. — יאשקע, ער געהט! ער אליין, אין דר'ערד אריין!

— ווער געהט? — איז שוין יאשקע ארויס פון געדולד — משוגעים, וואס שטומט איהר? ווער? וואו? וואס?

— ניקאליי לעניו! — האט זיך לודאיעדאוו גענומען צלמ'ן.

— וואס פלוידערסטו? — האט יאשקע ארויסגעפלאצט מיט א געלעכטער.

— יאשקע! אין דר'ערד אריין! — האט זיך פייוועל געקלאפט אין הארצען. — ס'איז אמת, אין דר'ערד אריין! איך האב איהם אט ערשט אליין געזעהן!

— וועמען האסטו געזעהן, חבר פייוועל!

— איהם! איהם! אין דר'ערד אריין!

— וועמען איהם? רייד!

— ניקאלייען אליין! אין דר'ערד אריין!

יאשקע האט זיך נאך מעהר פונאנדערגעלאכט און ער האט מיט א ניגון אויסגעזונגען „ברוך מחיה המתים", און איידער ער האט נאך צייט געהאט צו ענדיגען דעם המתים, איז ניקאליי לעניו אריינגעגאנגען שטיל און האט זיך אוועקגעשטעלט פונקט אנטקעגען זיי.

לודאיעדאוו איז געלעגען אויף דער ערד און האט מורא געהאט זיך צו ריהרען, פונקט ווי ער וואלט צונויפגעוואקסען מיט דער ערד. פייוועלע קאמיסאר איז געשטאנען ווייס ווי א מת, פונקט ווי א צונעשמידטער, און יאשקע האט מיט ציטעריגע ליפען גענומען שעפטשען: „גנה אין דיין רוה אריין, שמע ישראל!"

ניקאליי לעניו האט גערעדט קלאר און דייטליך:

— חברים קאמיסארען! שרעקט אייך ניט! איך וועל אייך גאר ניט טאן. איהר זייט עהרליכע מענשען. איהר היט טריי מיין תורה. אבער דער אידישער גאט לאזט מיך ניט רוהען אין מיין קבר. „געה!" שרייט ער צו מיר. „דער אלטער וויינט! געה! גיב איהם אפ כבוד, ער איז דיין טויף־פאטער, ער איז איינער אליין! ער וויינט! איך וועל דיר ניט לאזען רוהען אין דיין קבר, ביז דו וועסט איהם ניט

ברענגען נאָך פּאַלעסטינקע!" און אַט אַזוי האָב איך ניט קיין רוה. איך האָב געוואַנדערט איבער מדבריות, געשוואומען איבער טייכען, זיך געטובל׳ט אין ירדן, ביז איך בין געקומען אַהער צופליהען מיט אַ שוואַרצען וואָלקען!

— חבר ניקאַליי! — האָט פייוועל אַרויסגעבראָמט ווי אַ פאַר־וואונדעטע חיה. — איך האָב זיך געבעטען ביי דעם הער דיפּלאָמאַט: „גזלן, נעמט מיט דעם אַלטען! כ׳קען ניט, אין דר׳ערד אַריין! איך קען ניט זעהן קיין טרערען אין דר׳ערד אַריין!" אָבער יאַשקע טענה׳ט „געזעץ", אין דר׳ערד אַריין! נו, איצט האָסטו דיר אַ טשעפּוכאַ! אין דר׳ערד אַריין!

— וואָס זאָגסטו, יאַשקע? — האָט ניקאַליי געפרעגט.

„וואָס קען איך זאָגען, חבר לענין? איך זעה, פאַרשטעהסטו מיך, אַז דער אַלטער מוז האָבען אַ גרויסען זכות. כ׳זעה, פאַרשטעהסטו מיך, אַז מן השמים גיט מען אויף איהם אַכטונג. ער איז פון די „חסידי אומות העולם" פאַרשטעהסטו מיך, אַז כביכול אַליין גיט אויף איהם השגחה. עס איז טאַקע אמת, אַז „אין משגיחין בבת קול" — האָט ער גענומען זינגען מיט אַ ציטעריגען קול, אָבער דאָ איז עפּעס אַנדערש, ס׳איז טאַקע דער בעל דבר אַליין.

לענין האָט דערלאַנגט יאַשקען אַ פּאַפּיר געחתמ׳עט מיט לענינ׳ס חתימה, אַז מען מוז דעם אַלטען גראַף צוזאַמענפירען מיט אַלכסנדר׳ן, און יענער וועט איהם שוין אָפּשיקען נאָך פּאַלעסטינקע. יאַשקע מיט פייוולען האָבען גלייך אונטערגעשריבען און איידער זיי האָבען נאָך צייט געהאַט צו קומען צו זיך, איז ער אַרויס פון דעם קאָמיסאַרסקען קאַנטאָר.

מען האָט נאָכדעם געפונען עטליכע מאַטראַזען ליגענדיג פאַר־חלש׳טע אָפּיצירען מיט צוקרימטע פּנימ׳ער. אָפּנים, אַז דער טויטער ניקאַליי האָט אָנגעמאַכט אַ חורבן.

מען איז געלאָפען צום אַלטען גראַף, אָבער מען האָט איהם אין ערגעץ ניט געפונען, און ס׳איז שוין מעהר ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט געווען, אַז ניקאַליי לענין אַליין איז אַרויס פון זיין קבר, און האָט ערגעץ דעם אַלטען אָפּגעפיהרט.

נאָכדעם ווי אונזער לאָעב האָט אָפּגעשפּילט זיין קינסטלערישע ראָל, פאַרשטעלענדיג זיך פאַר ניקאַלייען אַליין, האָבען זיי גענומען דעם אַלטען גראַף, און אָנגעטאָן איהם אין די שעהנסטע קליידער, אויסגע־קעמט זיין שעהנע פּאַטריאַרכאַלישע באָרד, און מען האָט איהם אַריינ־

געפיהרט אין שעהנסטען האטעל אין מאסקווע און לאעב, פארשטעלט אלס אלכסנדר, מיט גולד'ן זיינען אוועק צו טראצקי'ן.

ווען אלכסנדר איז געשטאנען פאר טראצקי'ן, האט איהם טראצקי געפרעגט:

— זייט איהר אלכסנדר טימאפייעוויטש?

— זון מיינער! — האט אלכסנדר אויסגעשריען מיט א פארשטיק־טען אטעם.

— מען טאר ניט! אלכסנדר טימאפייעוויטש! ס׳איז געזעץ! קיין סענטימענט, קיין רחמנות! — האט טראצקי געדעדט הארט און שטרענג.

געדענקט! איהר באלאנגט איצט צו דער סאוועטען־רעפובליק, איהר האט באוואוסטזיניג איבערגעגעבען אייער גאנצען פארמעגען צו דער רויטער מאכט, איהר האט געהאנדעלט ווי א געטרייער זון צום נייעם רעזשים. מיר שיקען אייך איצט אין די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקא אלס אונזער פארטרעטער, אלס דער פארטרעטער פון אונזערע קאאפעראטיווען. דינט געטריי און עהרליך די אינטערעסען פון אונזער רויטער מלוכה, און אז אנקעל סעם וועט אונז אנערקענען, וועלען מיר אייך דאן ערקלעהרען פאר אונזער אמבאסאדאר.

— לעאן, מיין זון! — האט דער פארמאסקירטער לאעב געגומען ריידען. — קינדער קענען פארגעסען א טאטען, אבער א טאטע — קינ־דער, קיינמאל ניט. זון מיינער! לאז מיך כאטש איינמאל דיך צו־דריקען צו מיין הארצען!

אפילו דער גרויסער, שטארקער, פארהארטעוועטער רויטער לייב האט זיך אין דעם מאמענט ניט געקענט באהערשען. ער האט זיך צו־געדריקט צו זיין פאטער. זיי זיינען געשטאנען שטיל ארומגענומען א היבשע צייט.

— זוהן מיינער! איך פאהר אוועק. ווער קען וויסען, אפשר זעהען מיר זיך צום לעצטען מאל. זאג מיר: וואו זיינען מיינע קינדער — איזאבעלא מיט בעטקען?

— פרעגט מיך בעסער ניט, אלכסנדר טימאפייעוויטש!

— זון מיינער! איך בין געגוג שטארק אריבערצוטראגען דעם ביי־טערסטען אמת. זאג מיר, לעאן!

— מען ווייס ניט וואו זיי זיינען אהינגעקומען. איזאבעלא איז פארשוואונדען נאך אין דעם ערשטען מאנאט פון דעם נייעם רעזשים,

און בעטקע איז פארשוואונדען שוין דער דריטער יאהר, נאכדעם ווי זי האט געשאסען דעם גרויסען ניקאלייען.

— וואס? זי האט געשאסען? !...

— אט דאס וואס איהר הערט. זי איז געווען די הויפט־ריכטערין פון דער סאוועטען־רעפובליק און זי האט פאר׳משפט דעם גרויסען ניקאלייען. אונזערע שפיאנען זוכען איהר ארום איבער דער גאנצער וועלט, אבער סוף־כל־סוף וועט זי ארייינפאלען אין אונזערע הענט, זי וועט גע׳משפט ווערען פון העכסטען טריבונאל און דאס וועט זיין א ווארנונג פאר אלע אונזערע שונאים.

טראצקי האט זיי איבערגעגעבען אלע נויטיגע פאפירען און זיי זיינען אוועק בשלום.

— לאעב! — האט גולד גערעדט. — דו ביזט דער גרעסטער אקטיאר אין דער וועלט. טשארלי טשאפלין איז א גארנישט געגען דיר!

עס איז געווען איינע פון די מערקווירדיגסטע און וואונדערבארסטע טראגי־קאמעדיעס, ווען לאעב, פארקליידעט אלס ניקאליי לענין, האל־טענדיג זיין טויט־פאטער, דעם אלטען גראף אונטער׳ן ארעם, זיינען פארבייגעגאנגען די רויטע גרענעץ־וואך. די רויטע סאלדאטען מיט די אפיצירען זיינען געבליבען שטעהן ווי פאראליזירטע. זיי האבען מורא געהאט זיך צו ריהרען. און ווען זיי זיינען שוין געווען אויף יענער זייט גרענעץ, אז די רויטע האנט האט זיי שוין ניט געקענט דער־גרייכען, זיינען די סאלדאטען אויף דער זייט נאך אלץ געשטאנען מעהר טויט ווי לעבעדיג. מען האט זיך שטיל גע׳סוד׳עט: „ניקאליי לענין! ניקאליי לענין!“

פון יאלטע זיינען אנגעקומען משונה׳דיגע ידיעות, אז מען האט געזעהן ניקאליי לענין ארומגעהענדיג. פיעלע מענשען זיינען געבליבען צוקרימטע פון שרעק, פיעלע זיינען געשטארבען פון פחד און פיעלע זיינען משוגע געווארען. עס איז ארום א קלאנג צווישען די פויערים, אז ניקאליי לענין איז אויפגעשטאנען „תחית המתים“ און אז דער אלטער גראף איז פלוצלונג פארשוואונדען.

די פרעסע האט נאטירליך גענומען אויפקלעהרען, אז דא איז פאר־געקומען עפעס א שווינדעל, אבער די מאסע האט זיך וועניג־וואס צו־געהערט, און צעהנדליגע טויזענדע פויערים האבען זיך געצויגען ווי א שטראם צו לענינ׳ס קבר. מען איז געשטאנען אויף די קני און גע־זונגען תפלות.

ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז טראַצקי אַליין האָט אויפגעפאַ־דערט יאַשקען מיט פּיוועלען און נאָך פיעלע רויטע סאָלדאַטען פון יאַלטע און די גרענעץ־וואַך, און ער אַליין האָט זיי גענומען אונטער אַ שטרענגען פאַרהער. אָבער נאָך אַלע חקירות ודרישות זיינען אַלע געבליבען ביי זייעריגע, אַז זיי האָבען אַליין מיט זייערע אייגענע אויגען געזעהן דעם גרויסען לעניניען.

יאַשקע קאָמיסאַר האָט געשוואָרען, אַז ער אַליין האָט בפירוש מיט זיין אייגענעם מויל גערעדט מיט „איהם אַליין". ער האָט מיט זיינע אייגענע אויערען געהערט קלאָהר זיין שטימע און געזעהן מיט זיינע אייגענע אויגען זיין געטליכע געשטאַלט. „איך האָב אַליין געהערט, פאַרשטעהט איהר מיך, ווי ער האָט געזאָגט: ,איך וועל ניט האָבען קיין מנוחה אין מיין קבר, ביז איך וועל ניט אַריבערברענגען מיין טויפּ־טאַטען נאָך פּאַלעסטינקע'!"

עס האָבען ניט געהאָלפען די טשעקאַאיסטישע אינקוויזיציע־מעטאָ־דען. ער האָט זיך געהאַלטען פעסט ביי דאָס ערשטע. „פאַרשטעהט איהר מיך", האָט ער גע'טענה'ט. ער איז געווען אַ גרויסער מענש, אַט דער אַלטער פּיאַדאַר. עפּעס אַ קליינינגקייט, דער רוחניות'דיגער טאַטע פון גרויסען ניקאָלייען. נו, פאַרשטעהט איהר מיך, האָט ער מן־הסתם אַ שר אין הימעל. נו, האָט מען דעם בן־אקל אַליין מכבד געווען אַראָפּצונידערען אויפ'ן „עולם השפל", בכדי ער זאָל מקיים זיין „כבוד אב", אַט טאַקע ככתוב, פאַרשטעהט איהר מיך. ס'איז געווען אַ מין „גלגול", אָבער ניט קיין „תחית המתים", ווי די פּויערים ווילען דרינגען דערפון, פאַרשטעהט איהר מיך.

און פּייוועלע קאָמיסאַר האָט גערעוועט ווי אַן אָקס:

— איך האָב איהם אַליין געזעהן, אין דר'ערד אריין! איך האָב ניט אויסגעהאַלטען אין דר'ערד אריין. איך בין פּייוועל קאָמיסאַר! אין דר'ערד אריין! איך האָב גע'ממית'ט די שווארצע אין דר'ערד אריין! איך האָב געהערט, ער'ט געשריען: „כ'מוז אוועקנעהמען דעם אַלטען!" אין דר'ערד אריין! „ער וועט דאָ ביי אייך קראַפּירען!" אין דר'ערד אריין! איך האָב דערקענט זיין קול. יאָ, זיינעם, דעם גרויסען ניקאָליי'ס, אין דר'ערד אריין! ער'ט גערעדט הויך, פּונקט ווי אַן אמת'ער אָדם אין דר'ערד אריין. „אַ רחמנות אויפ'ן אַלטען!" האָט ניקאָליי גע'דבר'ט אין דר'ערד אריין.

דער געניאַלער טראָצקי האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי אַלע זיינען אומשולדיג. זיי האָט געמוזט פאַרפיהרען עפּעס אַ מערקווירדיגער

קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער קינסטלערישער שווינדלער. איהם איז אָבער בשום אופן ניט געקומען אויפ׳ן געדאנק, אז דאָס זאָל זיין די ארבייט פון די אמעריקאנער „דזשענטעלמען" לאָעב און גולד.

און אונזערע העלדען: לאָעב, גולד, אלכסנדר און פיאָדאָר זיינען זיך געזעסען אין האָטעל „אַמעריקא" אויף קייזער שטראַסע אין בערלין און מען האָט דערצעהלט אין פריידען די גרויסע נסים פון טויטע גרויסען ניקאָלייען.



צוויי־און־פערציגסטער קאַפּיטעל.

## אברהם בן אברהם פאָהרט נאָך פּאַלעסטינקע.

לו דער שוויגער זיצט אין זיין אָפּיס פּאַרטיפּט אין א צייטונג. זיינע אויגען האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף די פרעהליכע נייעס, אַז דער בערלינער טאַבאַק־קעניג, הערר לובלינער, האָט אויסגעקויפט די גאַנצע טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס פון גליל, ארץ־ישראל, און האָט געעפענט צוויי גרויסע פאַבריקען צו פּראָדוצירען ארץ־ישראל ציגארעטלאך, איינע אין תל־אביב און די צווייטע אין ניו־יאָרק, אויסער וואָס ער האָט אין זיין אייגענער גרויסער ציגאַרעטען־פּאַבריק אין דייטשלאַנד, ארויס־געלאָזען אויפ׳ן דייטשען מאַרק דריי סאָרטען ארץ־ישראל ציגאַרעטען, וועלכע פאַרקויפען זיך זעהר פיעל אויך צווישען ניט־אידען.

לו שלינגט יעדעס וואָרט פון די נייעס. ער זעהט פאַר זיינע אויגען ווי די אמת׳ע רייד פון זיין פאַרשוואונדענער בערטע ווערען מקוים. ער לעזט מיט התלהבות די ווערטער וואָס הערר לובלינער זאָגט: „די טאַבאַק פון ארץ־ישראל האָט זעהר א גוטען געשמאַק מיט א דעליקאַטען אראָמאַט. עס איז דער איידעלסטער טאַבאַק אויף דעם וועלט־מאַרקעט און ער האָפט, אַז אין די קומענדע פינף יאָהר וועט ארץ־ישראל קענען שאַפען מיליאָנען קילאָס פון דעם איידעלסטען טאַבאַק, און איבער הונדערט טויזענט אידישע משפחות וועלען זיך דירעקט באַשעפטיגען מיט דער טאַבאַק־פּראָדוקציע און האָבען פרנסה אויף א שעהנעם אופן. דער רויכענדער פּובליקום ווערט זעהר באַ־גייסטערט, ווייל עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ווען מען זעעט אין ארץ־ישראל די זוימען פון א געוויסען סאָרט גוטען טערקישען טאַבאַק קומט עס ארויס ניט נאָר אזוי גוט ווי דער טאַבאַק פון דעם לאַנד,

פון וואַנען די זוימען שטאַמען, נאָר ס׳האָט דערביי אויך עפּעס איי־גענאַרטיגעס פון ארץ־ישראל. דער באָדען און די זון פון ארץ־ישראל ברענגען ארויס אַ סאָרט טאַבאַק וואָס איז ספּעציעל ארץ־ישראל׳דיג, עס איז אין איהם דאָ דער ארץ־ישראל אַראָמאַט, דער דופט פון דער ארץ־ישראל לופט, מיט וועלכע אויך די אנדערע ארץ־ישראל פּראָדוקטען צייכענען זיך אויס, ווי די אָראַנזשען און וויינטרויבען. עס איז ניט נאָר דער גוטער געשמאַק, נאָר אויך דער איידעלער ריח, מיט וועלכע דער טאַבאַק־פּראָדוקט צייכענט זיך אויס. הערר לובלינער איז זיכער, אַז „אתה־בחרתנו“־טאַבאַק וועט תמיד האָבען אַ גרויסען מאַרק און מען קען פינאַנציעל פאַרדינען זעהר פיעל. ארץ־ישראל־טאַבאַק מוז אַזוי באַריהמט ווערען, ווי דאָס לאַנד וואו ער וואַקסט. דער ארץ־ישראל ציגאַרעט מוז געבראַכט ווערען פאַר דעם רויכענדען פּובליקום איבער דער גאַנצער וועלט“.

ווען לו האָט געענדיגט לעזען די נייעס, זיינען זיינע אויגען פול געוואָרען מיט שמחה־טרערען. ס האָט זיך איהם גענומען פאַרשטעלען פאַרשידענע געמישטע בילדער. אָט זעהט ער שושנה׳ן מיט איהר ליכ־טיגען פּנים, מיט איהרע גרויסע שעהנע אויגען, מיט איהרע פּראָפּע־טישע רייד. און פּלוצלונג דערזעהט ער אין איהרע אויגען זיין בערטע׳ן, און אָט זעהט ער זיי ביידען צוזאַמען אין איין פּנים און ער ווייס ניט ווער איז שושנה און וועלכע איז זיין בערטע, זיי ווערען ביידע צונויפגעגאָסען אין איין שעהנעם גוף מיט איין ליכטיגען פּנים, און אין זיין זכרון שווימט אַרויף אָט יענער משונה׳דיגער חלום, מיט די צוויי שעהנע געשטאַלטען פון וועלכע עס ווערט איין געשטאַלט מיט צוויי ליכטיגע כרובים. ער באַגיסט זיך מיט אַ שוויים, ער הויבט אָן צו דענקען, אַז אפשר איז ער קראַנק. זיינע נערווען זיינען פאַר די לעצטע צייט צופיעל אָנגעשטרענגט.

אַ קלאַפּ אין טיר האָט פּלוצלונג איבערגעריסען זיינע פאַנטאַס־טישע געדאַנקען.

— אריין! — האָט ער אויסגעשריען.

עס זיינען אריינגעקומען לאָעב און גולד.

— האַללאָ! — האָבען זיי פרעהלאַך אויסגעשריען. — מיר האָבען דיר ניט געשריבען און ניט טעלעגראַפירט פון אונזער קומען, ווייל מיר האָבען געוואָלט מאַכען אָן איבערראַשונג, אַ סורפּריז!

די פאַר׳חלומ׳טע אויגען פון לו דעם שווייגער האָבען גענומען שיינען. ער פרעגט זיך מיט נייגעריגקייט:

— מיינע טייערע יוריסטען־דעטעקטיוום! האט איהר מיטגעבראכט פרעהליכע נייעס? ווילט איהר מיך באמת איבערראשען מיט גליק?

— יא, גוטער לו! מיר האבען דיר פרעהליכע נייעס געבראכט.

— פון מיין בערטע׳ן? — האט ער אויסגעשריען ווי א קליין קינד.

— מיר האפען, אז דאס וועט פיהרען צו א שפור פון דיין בער־טען! — האבען זיי געלאסען און זיכער געענטפערט.

זיי האבען איהם איבערגעגעבען אלע איינצעלהייטען און אויפ־טהואונגען, וואס זיי האבען אויפגעטאן אין דער רויטער מדינה און זיי האבען פעסט און איבערצייגענד אונטערגעשטראכען, אז בעטקע, די הויפטריכטערין פון רוסלאנד, איז ניט אנדערש ווי זיין בערטע, לויט אלע סימנים און באשרייבונגען פון איהר איז זי איינס־און־דאס־זעלבע, און עס איז באשלאסען געווארען, אז לאעב זאל גלייך מאכען א רייזע נאך ארץ־ישראל און גולד מיט לואי׳ן זאלען זיך דא שטעלען אין פארבינדונג מיט פארשידענע געזעלשאפטען, בכדי צו פארבינדען זיך מיט דער רויטער מדינה, ניט לשם מסחר אליין, נאר איבערהויפט צו העלפען די אומגליקליכע אידען, וועלכע געפינען זיך אין א זעהר ביטערער לאגע, און ווערען וואס נעהנטער באקאנט מיט ניגלאס׳ן, ווייל ס׳קען מעגליך זיין, אז ער זוכט ארום די הויפט־ריכטערין פון רוסלאנד אויפ׳ן באפעהל פון מאסקווע.

נאכדעם ווי אלעס איז פינקטליך ארומגערעדט געווארען האבען זיי געזאגט:

— פריינט לו, מיר האבען א צווייטען סורפרייז פאר דיר.

לו האט געלאכט ווי א גרויס קינד און האט געענטפערט:

— איהר שפילט מיט מיר קאמעדיע? נו, דערשפילט שוין ביז דעם סוף.

— ניין, גרויסער לו! — האבען זיי געענטפערט. — דאס איז ערשט דער ערשטער אקט. דעם סוף וועלען מיר דערשפילען, ווען לאעב וועט קומען צוריק פון ארץ־ישראל, אדער מיר וועלען מוזען מאכען א נסיעה׳לע אהין.

מיר האבען אהער אראפגעבראכט די צוויי הויפט־מחותנים: דעם גרויסען אלכסנדר׳ן, שושנה׳ס פאטער, פון וועלכען זי האט דערצעהלט, און דעם טויב־פאטער פון ניקאליי לענין אליין, אט דעם אלטען גראף פיאדאר׳ן. זיי האבען איהם איבערגעגעבען אלע איינצעלהייטען פון דער קאמעדיע, ווי אזוי זיי האבען עס דורכגעפיהרט.

דא איז שוין דער געלאָסענער לו געוואָרען אומגעדולדיג און ער האָט אויסגעשריען:

— סטייטש! שושנה'ס פאָטער! דער באַריהמטער גרויסער אַלכסנדר, פאַר וועמען אפילו די צאַרען אַליין פלעגען האָבען גרויס דרך ארץ! וואו האָט איהר זי איבערגעלאָזען?

— זיי זיצען און וואַרטען אין יענעם צימער, ביז מען וועט זיי אַריינרופען.

לו האָט ברייט געעפענט די טיר און האָט אויסגעשריען:

— וועלקאָמען! מיינע טייערע געסט! — און אַלכסנדר מיט פיאַדאָר'ן זיינען אַריינגעקומען.

— אָט דאָס איז דער גרויסער אמעריקאַנער, וועלכער האָט געזעהן „פנים אל פנים" מיין איזאַבעלאַ'ן? — האָט אַלכסנדר געזאָגט, דריקענדיג מיט זיינעביידע הענט לו'ס האַנט.

— און איך האָב די עהרע צו ריידען „פנים אל פנים" מיט דעם באַריהמטען אַלכסנדר, דער טאַטע פון „דער ארץ־ישראל בלום"?

ביידענס אויגען האָבען זיך באַגעגענט און געשטראַלט פון גליק. מזרח מיט מערב האָבען זיך באַהעפט אין איין גרויסען כח.

לו האָט געמוזט פון דאָס־ניי איבערדערצעהלען יעדער זאַך פון שושנה מיט יהודה'ן און זייערע קינדערלאַך. לסוף האָט אַלכסנדר אויפגעהויבען זיינע הענט און האָט געזאָגט:

— איך דאַנק דיר, גאָט פון ישראל, וואָס מיט איין האַנט האָסטו מיך געשטראָפט, אָבער מיט דער צווייטער האָסטו מיך באַגליקט. דו האָסט נאָר אויסגעלאָזט דיין צאָרן „על העצים" — אויף מיין פאַרמעגען, אָבער דו האָסט געהיט און באַשיצט מיין אידישע נשמה; דו האָסט מיר צוריקגעגעבען מיין איזאַבעלאַ'ן אַ ריינערע, אַ שטאָלצע. איך האָב זי פאַר'גוי'אישט, פאַר'איזאַבעלאַ'ט, און דו האָסט מיר געגעבען אַ שושנה, אַ בלום פון ארץ־ישראל און איך האָף, אַז דו וועסט אויסהיטען מיינע אַנדערע צוויי קינדער, מיין בעטקען און מיין לעאָנ'ן!

— אָמן! — האָבען אַלע אויסגעשריען מיט אַ יראת־הכבוד.

דער אַלטער גראַף האָט מיט פאַרוויינטע אויגען, ווי אַ קינד, גענומען ריידען:

— עד, אַלכסנדר טימאָפייעוויטש! אייער גאָט איז אַ גוטער און אַ גרויסער. ער האָט ליב זיינע קינדער. ער שטראָפט זיי פאַר זייערע זינד ווי אַ טאַטע. אָבער איך? עד, אַלכסנדר, פאַרשטויס מיך ניט! מיר האָבען אַלע מאָל געלעבט אַזוי ווי אמת'ע ברידער. געדענקסטו,

ווען איך האב געמיינט אז דו ביזט אן אמת׳ער קריסט האבען מיר זיך פארהאלטען ווי ברידער און נאכדעם, ווען דו האסט אויסגעזאגט, אז דו ביזט א איד און דו וועסט זיך לאזען מקריב זיין פאר דיין אידישקייט, האב איך זיך נאכמעהר צוגעבונדען צו דיר. איך האב דיך פארגעטערט. דו ביזט געווארען אין מיינע אויגען ווי א מאר־טירער, ווי מיינער א ברודער, וועלכען די צארען ווילען קרייציגען. נעהם מיך אריין, מיין ברודער׳ל, צווישען דיינע גוטע ברידער. איך וועל זיך לאזען מקריב זיין פאר דיין גאט, וועלכער איז באמת דער גאט פון דער גאנצער מענשהייט! — און ער האט זיך צעוויינט ווי א קליין קינד.

עס איז געווארען אן אומעטיגע שטילקייט. יעדער איינער האט געפיהלט די עלענדקייט און הילפלאזיגקייט פון דעם אלטען גראף.

לו האט גענומען טרייסטען דעם גראף:

— זארגט ניט, מיר וועלען אייך האלטען בכבוד, ווי עס פאסט פאר א גראף! איהר וועט זיין פארזארגט מיט דאס שעהנסטע און דאס בעסטע אין אונזער אמעריקא!

— איהר פארשטעהט מיך ניט, איהר גוטער, גרויסער אמעריקא־נער! — האט דער גראף געענטפערט. — איך בין שוין אלט, מיינע טעג זיינען שוין אפשר געצעהלטע. איך האב גענוג געלעבט, גרויסע מלחמות געפיהרט, גערעדט מיט מלכים, געקראגען גרויסע אויסצייכענונגען און געהאט גענוג כבוד. פאר מיין גוף דארף איך גארנישט. מישטיינס גע־זאגט, וויפיעל דארף האבען אזא אלטער צובראכענער שארבען ווי איך? אבער איך פיהל א פוסטקייט אין מיין נשמה!... עך, קינדערלאך! איך האב אפגעלעבט א לעבען פון א חיה! וואס מיר פעהלט איצט, איז אט יענער אידישער פונק, וואס באזעעלט און בארוהיגט אלע אברים! עס פעהלט מיר די מנוחת הנפש, די שבת׳דיגע נשמה — אט דאס, ברידער, פעהלט מיר! ניט עס מיר, אויב איהר קענט? פאר־שטויסט ניט אן אלטען זינדיגען מאן! עך, קינדערלאך! איך האב געזינדיגט, זעהר פיעל געזינדיגט! אבער דער אמת׳ער גאט, וועלכער זעהט אלע פארבארגענע ווינקעלאך, ווייס דעם אמת, אז ניט במזיד האב איך געפיהרט מלחמות און פארגאסען בלוט. מען האט מיך גע־צוואונגען! מען האט מיך גע׳רודפ׳ט, ווען איך האב געוואלט העלפען אט די פאגראמירטע אידען! אלכסנדר! ברודער! אט דו ווייסט דאך דעם אמת און דו פארשטעהסט דאך מיך! לאז מיין נשמה ליגען רוהיג אין קבר. איך וועל זיך אויך לאזען מקריב זיין, אט ווי אייער יצחק!

ער האָט זיך צוכליפּעט ווי אַ קינד וואָס בלאָנדזשעט אַרום איינער אַליין אין אַ פינסטערן וואַלד.

אַלכּסנדר האָט זיך אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער הויך. אַלע זיינען געוואָרען איבעראַשט פון זיין פּרינצליכער מאַיעסטעטישער שטאָלץ און שעהנקייט. ער איז ווידער געווען דער אַמאָליגער שטאָל־צער, נאָבעלער אַלכּסנדר, נאָר מיט מעהר חן — מיט דער אמת׳ער אידישער נשמה. ער האָט שטאָלץ, ווי אַ נביא, אָנגעהויבען ריידען און טרייסטען:

— גראַף גענעראַל פיאָדאָר מיכאַילאָוויטש! דער גאָט פון ישראל וויל ניט קיין קרבנות, ער ברויך ניט קיין בלוט — ער וויל נאָר ריינע, אמת׳ע הערצער מיט געלייטערטע נשמות. ניט יצחק׳ס בלוט האָט ער פאַרלאַנגט, נאָר זיין גוטען רצון, זיין אָפּפערוויליגקייט. גראַף! שטעה אויף! גלייך אוים דיינע אַמאָליגע גראַפען־גלידער! הויב אויף שטאָלץ דיין קאָפּ און גאָט וועט דיך באַגליקען, באַלייכטען און באַזעעלען מיט אַ נייער יונגער אידישער נשמה. מיין חבר ביזטו געווען און מיין ברודער וועסטו בלייבען אויף אייביג. ניט פיאָדאָר מיכאַילאָוויטש, וועלכער דערמאָנט אויף בלוט און טרעהרען וועט מען דיך רופען, נאָר אברהם בן אברהם, אַ נאָמען נאָך דעם ערשטען אידישען פאָטער, וועל־כער האָט דער ערשטער פּראָקלאַמירט די גאָטהייט אויף דער וועלט, און וועלכער האָט געהאַט אַזאַ שטאַרקען רצון, אַז ער האָט אפילו זיין בן־יחיד געוואָלט מקריב זיין!

דער גראַף איז אַרויפגעפאַלען אַלכּסנדר׳ן אויפ׳ן האַלז און האָט זעהר פיעל געוויינט. אָבער דאָס זיינען געווען אמת׳ע טרערען, טרערען פון גאולה, גייסטיגע און נשמה׳דיגע טרערען; טרערען פון גליקזע־ליגקייט און מנוחת הנפש.

לו, לאָעב און גולד האָבען אין אָנהויב ניט געקענט משיג זיין וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. אָבער זיי האָבען געפיהלט, אַז עפּעס גרויסעס, ערהאָבענעס, איז געשעהן אין דיזען מאָמענט.

דער אַלטער גראַף האָט זיך פּלוצלונג אויסגעגליכען, שטאָלץ און רוהיג. ער האָט אין דעם מאָמענט אויסגעקוקט אינגער מיט צוואַנציג יאָהר. ער האָט הויך אויסגערופען:

— פיאָדאָר מיכאַילאָוויטש האָט געפיהרט פאַלשע מלחמות, אַרויפ־געצוואונגענע! אָבער אברהם בן אברהם וועט פיהרען אמת׳ע, גערעכטע מלחמות! — מלחמות מיט׳ן יצר הרע, מלחמות פאַר מיינע אומגליקליכע און פאַר׳יסורים׳דיגטע פאַגראָמירטע אידען!

— עך, ברידער! — האט ער הויך אויסגעשריען. — איך בין יונג, אט ערשט געבארען געווארען! מיט מיין שווערד אין האנט וועל איך פארטיידיגען מיין פאלעסטינקע! ביז מיין לעצטען טראפען בלוט וועל איך אוועקגעבען פאר מיין לאנד און פאלק! יעדער שפאן ערד פון פאלעסטינקע איז אונזערע! אי וועל זיך שלאגען פאר יעדער זעמדעלע, פאר יעדער בלימעלע, ביז איך וועל פאלען אין די ארעמס פון מיין מוטער פאלעסטינקע. איך וועל זיי ציינען, אט די „געצענדי־נער"! — ער איז אריין אין אזא התלהבות, אז ער האט געמיינט, אז ער געפינט זיך אויפ׳ן שלאכטפעלד. ער האט גענומען פאכען מיט די הענט און ארומלויפען איבער׳ן צימער פונקט ווי ער באזיגט א שונא.

אלכסנדר האט אין דער שטיל ערקלעהרט די איבעריגע וואס דא איז פארגעקומען, וועגען די איבערקערעניש אין דעם אלטען גענעראל׳ס נשמה. איצט האבען זיי דאס גוט באגריפען און גענומען קוקען אויפ׳ן גראף מיט א יראת הכבוד. זיי האבען אויף איהם געקוקט ווי אויף א הייליגען מארטירער און זיי האבען אלע דערפיהלט צו איהם אמת׳ע ברידערליכע ליבע, אן אמת׳ע אהבה.

אלע האבען איהם גערייכט ברידערלאך די האנט און געוואונשען גליק. מען האט פארענדיגט די שמחה אין צוויי וואכען שפעטער, נאכדעם ווי דער אלטער גראף איז אריין „בבריתו של אברהם אבינו" און איז אויפגעשטאנען פריש און געזונט, מיט יונגע כחות און א נייעם לעבען. מען האט זיך משמח געווען מיט א שעהנעם מאהלצייט, וואו א צאהל פון די חשוב׳סטע און אנגעזעהענסטע פריינט פון לו זיינען אנוועזענד געווען.

אין מיטען פון דער סעודה׳לע האט דער גראף געהאלטען א קורצע רעדע:

— מיינע ברידער! — האט ער מיט התלהבות גערעדט. — גראף פיאדאר מיכאילאוויטש איז אויף דער וועלט ניטא, און אפשר האט ער טאקע קיינמאל ניט עקזיסטירט, נאר אונזער אידישער גאט האט אויף א רגע אריינגעבלאזען אברהם בן אברהמ׳ס נשמה אין עפעס א פיאדאר׳ן. איך בין איצט אייערער א ברודער און איך וועל זעהן מיט אלע מיינע כחות צו זיין ווערט צו טראגען דעם שטאלצען נאמען איד! איך בעט אייך, גיט מיר די געלעגענהייט צו זיין א גאנצער אברהם! שיקט מיך אוועק צו דער לאנד פון אברהמ׳ן, צו דער לאנד פון אונזערע נביאים און פונקט ווי גאט האט געזאגט צו אונזער טאטע׳ן

אברהמ׳ן: „לך לך" — געה אוועק פון דיין לאנד און פון דיין געבורטס־פלאץ, וועלכער איז פול מיט „עבודה־זרה׳ס" און געה צו דעם לאנד וואס איך האב באשטימט פאר דיר, וואו די ערד איז הייליג און וואו מען קען לערנען גאט פון דער נאטור פון דעם לאנד! ווי איך בין א איד!...

און נאך אין יענעם אווענט איז באשלאסען געווארען, אז דער אלט־יונגער אברהם בן אברהם זאל פאהרען נאך ארץ־ישראל צוזאמען מיט לאבנ׳ן.

עס איז געווען שעהן און הערליך צו זעהן, ווי דער אלטער אברהם בן אברהם האט זיך געזעגנט מיט אלכסנדר׳ן און די איבעריגע, און ווי א יונגער אינגעל, וואס מאכט דעם ערשטען מאל א רייזע אויף א שיף, איז ער מיט באנייסטערונג ארויפגעלאפען אויף דער שיף.

ער איז געשטאנען אין דער הויך, און דער ווינט האט זיך געשפילט מיט זיין שעהנער, ווייסער, פאטריארכאלישער בארד. מיט קינדיש פארטערערטע, שמחה׳דיגע אויגען האט ער פון דער הויך געשריען:

— מיין חלום איז מקוים געווארען! ענדליך פאהר איך נאך מיין פאלעסטינקע, ווי איך בין א איד! איך וועל אויף אייך אלעמען דאר־טען ווארטען מיט אומגעדולד!



דריי־און־פערציגסטער קאפיטעל.

## אלכסנדר וועקט אויף דעם אמעריקאנער אידען.

דער אמאליגער אלכסנדר טימאפייעוויטש איז געווארען א גרויסע קראפט אין דעם אמעריקאנעם אידענטום. זיינע אידישע, היימישע חריפות און זיין ערפאהרונג פון די לעצטע יאהרען, האבען איהם גע־מאכט פאר אן אנגעזעהענע פיגור צווישען די אידען פון אנקעל סעמ׳ס מדינה. מיט זיין אידישע גרויסע נשמה און וועלטליכע ערפאהרונג האט ער זיך ארייננעווארפען אין אלע אידישע קהל׳שע ענינים. אי־בערהויפט האט ער זיך מיט התלהבות ארייננעווארפען אין דעם נאציאנאלען אויפלעבונג פון דאס אידישע פאלק, וואס דער הויפט־צוועק און תכלית איז: די אויפבויאונג פון דאס אידישע היימלאנד אין ארץ־ישראל.

דער גרויסער סוחר אלכסנדר האט פארשטאנען, אז ארץ ישראל איז אויפ׳ן שוועל פון א גרויסער ענטוויקלונג. די שרעקליכע עקאנא־

מישע אונטערדריקונג פון די אידען אין פוילען, אין דער רויטער מלוכה און אין אנדערע לענדער און לענדערלאך און נאך דערצו אמע־ריקא׳ס געשלאסענע טירען, שטויסען די ארץ־ישראל ענטוויקלונג אין פאראויס.

ניט בלויז ארץ־ישראל, נאר דער גאנצער אומגעגענט אין דעם נאָ־הענטען מזרח וועט מוזען פארוואנדעלט ווערען אין א צענטער פאר מסחר, א דאנק דעם אידישען שטראם וואס פליסט איצט אריין אין ארץ־ישראל.

ארץ־ישראל וועט ווערען דער הויפט־צענטער פון דעם פארקער צווישען די דריי גרויסע קאנטינענטען: אזיע, אפריקא און אייראפא, פון וועלכע אזיע און אפריקא זיינען נאך ביים סאמע בראשית פון זייער פרוכטבארער ענטוויקלונג.

דער פאקט, וואס די גאנצע ענטוויקלונג ליגט אין אידישע הענט און אונטער דעם שוץ פון גרויס בריטאניע, גיט דער גאנצער זאך די זיכערסטע גאראנטיע.

די אידישע איניציאטיווע, ענערגיע, מוט און ווייטזעהענדיגקייט האבען איבעראל געבראכט זיכערען ערפאלג, אין כמעט יעדער לאנד וואו אידען האבען נאר געשפילט די הויפט־ראליע. אבער אין ארץ־ישראל וועט עס נאך זיין פון א באזונדער באדייטונג. דארט איז דער איד מעהר ווי א סוחר, פיעל מעהר ווי אן אינוועסטאר און אן איני־ציאטאר — דארט, פיהלט ער, אז ער איז אין דער היים און ער וועט מאכען מעהר ווי א סוחר׳ישע אנשטרענגונג צו זיכערען, אז דאס לעבען זאל פרוכפערן און וואקסען.

אלכסנדר האט עס זעהר טיף באגריפען און ער האט זיינע גע־דאנקען איבערגעגעבען די אידען פון אנקעל סעמ׳ס מדינה. ער האט אין זיי אויפגעוועקט דעם אידען, דעם אידישען שטאלץ און אונטער־נעמונגס־גייסט, און פיעלע האבען אנגעהויבען צו פארשטעהן, אז אנ־שטאט וואס זיי האלטען זייערע פארמעגענס אין די באנקען, מורא־האבענדיג פאר אינוועסטמענטס אין חוץ־לארץ, מעגען זיין זיכער צו אינוועסטען אין ארץ־ישראל, וועלכע האט שוין זיכערע גרויסע מעג־ליכקייטען אלס אן אינוועסטמענט־מארק.

אלכסנדר האט זיך פארבונדען מיט די פראמינענטסטע און פע־היגסטע געשעפטס־לייט, פון וועלכע לו איז געווען דער הויפט־פיהרער און גולד דער צווייטער.

מען האָט אָרגאַניזירט פאַרשידענע ארץ־ישראל אונטערנעמונגען, אַ גרויסען באַנק צו געבען הלואות אויף בויען הייזער און אַנדערע געשעפטען, און די קאָמפּאַניע אַליין האָט זיך גענומען צו בויען טויזענטער הייזער מיט פאַרשידענע אינסטיטוציעס, ווייל די וואוינונגס־פּראָגע אין ארץ־ישראל איז געווען זעהר אַ טרויעריגע. די הייזער וואָס מען פלעגט בויען האָבען ניט געדעקט אפילו אַ פערטעל פון דער וואוינונגס־נויט. יעדע שיף האָט געבראַכט פרישע אימיגראַנטען אין די טויזענטער, וועלכע האָבען געמוזט האָבען דירות. פיעלע משפחות האָבען זיך געמוזט צוזאַמענשטופּען אין איין דירה. אַרבייט אין לאַנד איז געווען גענוג און לייטע זיינען געווען ביכולת צו צאָהלען אַנשטענדיגע פּרייזען פאַר דירות.

די געזעלשאַפט פאַר בויען הייזער, אויסער וואָס זי האָט געהאַט אַ חלק אין דעם אויפבוי פון דער אידישער היימלאַנד, האָט גלייך געקראָגען די רווחים און דער קרן איז געווען דער זיכערסטער, און ס'איז טאַקע געווים אַ גרויסע הילף פאַר דעם ארץ־ישראל אימיגראַנט.

דער גאונ'ישער אידישער מח פון אלכסנדר'ן האָט זיך ניט אָפּגעשראָקען פאַר די גרעסטע אונטערנעמונגען. ער האָט אַזוי פיעל פּראָגרעסירט, אַז ארץ־ישראל האָט אָנגעהויבען באַטראַכט צו ווערען אַלס אַ טהייל פון דעם פּראָגראַם אפילו פון אַנטי־ציוניםם.

מען האָט געגרינדעט אַ אידישע פאַרזיכערונגס־־געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל, מיט'ן הויפּט־קאָנטאָר אין ירושלים און אָפּטהיילונגען אין כמעט אַלע גרעסערע שטעדט אין ארץ־ישראל, און די ערשטע אידישע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט איז געווען אַזוי זיכער, אַז פיעלע אידען און ניט־אידען פון די פאַראייניגטע שטאַטען האָבען ניט אַנדערש געוואָלט, ווי צו זיין פאַרזיכערט אין דער אידישער קאָמפּאַניע.

אלכסנדר, לו, גולד, אַלפרעד מאָנד און לאָרד רעדינג האָבען אָרגאַניזירט מענשען מיט גרויס־קאַפּיטאַל, צו העלפען דורכפיהרען רוטענבערג'ס עלעקטריציטעט־פּלענער אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב, באַנוצענדיג די וואַסער־קראַפטען אין ארץ־ישראל. מען האָט שוין געעפענט פיעלע עלעקטרישע סטאַנציעס און דורכדעם האָט זיך די אינדוסטריע גענומען פונאַנדערבליהען. די עלעקטרישע באַלייכטונגען האָבען די ארץ־ישראל שעהנע שטעדט געמאַכט נאָך שעהנער. זיי האָבען אויסגעזעהן ווי ליכטיגע שטערן אין דעם פאַר'סוד'עטען מזרח.

פיעלע גרויסע שטחים לאַנד אין ארץ־ישראל האָבען אויפגעלעבט דורך דער גרויסער באַוואַסערונג־געזעלשאַפט וואָס מען האָט געגרינ־

דעט. דער געשעפט איז געווארען גרויס און זיכער. באַראָט, באַרטער פון אַפּעלסינען, לימאָנען, באַנאַנעס און גרינסען, האָבען זיך אויסגעשפּרייט אין לאַנד, ווייל מיט וואַסער קען מען אין ארץ־ישראל מאַכען אַ שעהנעם לעבען אפילו מיט צעהן דונאַם לאַנד. עס פעהלט ניט קיין וואַסער צו טרינקען אין גאַנץ ארץ־ישראל, אָבער עס פעהלט וואַסער פאַר אינטענסיווער ווירטשאַפט, און דאָס האָט די קאָמפּאַניע מתקן געווען, און דערצו געמאַכט גרויסע רוחים.

איבערהויפּט האָט אַלכסנדר ערקלעהרט, אַז מען מוז זעהן דער־גרייכען, אַז אין ארץ־ישראל זאָל לכל־הפּחות באַלאַנסען דער עקספּאָרט מיט׳ן אימפּאָרט. אַנשטאָט צו איינקויפען בהמות אין חוץ־לארץ, זאָל מען עס בעסער ערציהען אין לאַנד גופא און אוועקשטעלען די מילך־ווירטשאַפט אויף דער געהעריגער הויך און ניט דאַרפען אימפּאָרטירען קעז און אַנדערע מילך־פּראָדוקטען. אַלכסנדר פלעגט טענה׳ן:

— מיר פיהרען אַרויס לעדער און פיהרען אריין אויסאַרבייטונגען פון לעדער, ווי שיך און אַנדערע זאַכען, פּונקט ווי מיר וואָלטען גאָרניט געקענט די חכמה פון שוסטעריי:

מיר קויפען מאַקאַראָנען פון חוץ־לארץ, וואָס איז געמאַכט גע־וואָרען פון אונזערע קמח.

מיר קויפען ביער, וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון אונזערע ארץ־ישראל׳דיגע גערשטען.

מיר האָבען די בעסטע אייגענע גרינוואַרג, און דאָך אימפּאָרטירען מיר עס.

מיר קויפען דעם צוקער, אין דער צייט וואָס מיר האָבען אַלע באַדינגונגען צו פּראָדוצירען עס ביי אונז אין דער היים.

מיר טאָרען ניט אימפּאָרטירען מעהר וויפיעל מיר עקספּאָרטירען און איבערהויפּט נאָך אַזעלכע סחורות, וועלכע מען קען פּראָדוצירען אין לאַנד גופא.

ער פלעגט טענה׳ן:

מיר מוזען האָבען מעהר אונטערנעהמונגס־גייסט און קאַפּיטאַל, דאַן וועלען מיר קענען אויסגלייכען אונזער עקספּאָרט מיט׳ן אימפּאָרט, און דער אריינגעפירטער קאַפּיטאַל, וועלכע די נייע אימיגראַציע מוז אַריינברענגען, וועט געהן ניט אויף צו דעקען דעפיציטען, נאָר צו באַרייכערען און ענטוויקלען דאָס לאַנד.

דער גענישלער אַלכסנדר, מיט דער הילף פון לו, גולד און אַנדערע גרויסע אַמעריקאַנער און ענגלישע פּערזענליכקייטען, האָבען זיך ניט

אפגעשטעלט פאַר קיינע שווערינקייטען. מען האָט אָרגאַניזירט אַ גרויסע שיפען־געזעלשאַפט, די ערשטע גרויסע שיף פאַר פּאַסאַזשי־רען און האַנדעל, האָט מען אָפּגעקויפט פון אַנקעל סעם. מען האָט זי גערופען „זבולון". עס איז געווען די ערשטע שיף, וואָס האָט אויף איהרע זעגלען אַרויפגעצויגען די ווייס־בלויע אידישע פאָהן. זי איז געשטאַנען אין ניו יאָרקער האַפען און האָט זיך גע׳שלום־עליכמ׳ט מיט אַלע אַנדערע פאָהנען — דעם ערשטען מאָל פאַר די לעצטע צוויי טויזענט יאָהר, זינט דאָס אידישע פאָלק איז פאַרטריבען געוואָרען אין די גלות׳ן.

די שיף־געזעלשאַפט אונטערנעמונג איז אויפגענומען געוואָרען פון אַלע אידען אין אַמעריקא מיט גרויס התלהבות און עהרע.

צום ערשטען מאָל האָבען אידען דערזעהן שיפען, אויף וועלכע עס פלאַטערן די אידישע ווייס־בלויע פאָהן. ניט נאָר מענשען, נאָר אפילו די ימים האָבען פייערליך באַגריסט. פיעלע פּראָמינענטע קריסטען פון פאַרשידענע לענדער האָבען געשיקט באַגריסונגען צו די אונטערנעהמער פון דער אידישער האַנדעלס־פלאָטע. פיעלע האָבען געבעטען, אַז מען זאָל זיי צושיקען די אידישע פאָהן, וועלכע זיי האָבען קיינמאָל ניט געזעהן. עס האָט צוגעגעבען פיעל כבוד און רוהם דעם אידישען פאָלק.

יעדער האַפען אין פיעלע ציוויליזירטע לענדער האָט אונטערגע־שטיצט די אידישע האַנדעלס־פלאָטע מיט פּאַסאַזשירען, סחורה און מיט דורכשיקען בריעף.

און אַ פּראַכטפולע אידישע פלאָטע מיט אידישע פאָהנען אין דער הויך האָבען דורכגעשניטען די כוואַליעס פון די ימים, וועלכע האָבען געשמייכעלט און געטאַנצט פון באַגייסטערונג.

די שיפס־קאָמפּאַניע, פון וועלכע אַלכסנדר איז געוואָרען דער פּרעז־זידענט, איז געווען פאַר׳שכור׳ט פון גרויס תענוג און נחת־רוח, און אויסער דעם האָבען זיי געמאַכט זעהר גרויסע רווחים.

די אידען פון פּוילען, רומעניען און פון דער רויטער מלוכה, פון וועלכע איבער צעהן טויזענט אַ מאָנאַט פלעגען פאָהרען אַהיים נאָך ארץ־ישראל, פלעגען וואַרטען נאָר אויף די אידישע שיפען. זיי פלעגען זיך בעסער וואַלגערן אין די האַפענס, כדי נאָר צו פאָהרען מיט איי־גענע שיפען, אונטער דער אייגענער פאָהן.

און איינמאָל, ביי אַן אסיפה פון די דירעקטאָרען פון דער אידישער האַנדעלס־פלאָטע־געזעלשאַפט, וואו מען האָט אָפּגעגעבען זעהר שעהנע באַריכטען פון דעם געשעפט, האָט אַלכסנדר מיט התלהבות אויס־געשריען:

— שפרייט אויס די אידישע פאָהן איבער די ימים פון דער וועלט! איך האָף, חברים, אַז גאָר אין גיכען וועלען מיר אַלע פאָהרען אויף אונזער שיף „זבולון" צו דעם ערעפענונג פון דעם העבּרעאישען אוני־ווערזיטעט אויפ'ן הר הצופים! דאָרטען וועל איך זעהן מיינע אמת'ע אידישע קינדער און איך וועל זיי דערצעהלען, אַז איך קום אַהיים מיט אַ ריינעם געוויסען: איך האָב אָפּגעוואַשען מיינע גלות־חטאים, איך בין ניט מעהר „איד אין האַרצען און מענש אין גאַס, איד אין האַרצען און רוס אין גאַס, איד אין הויז און דייטש, פראַנצויז, ענגלענ־דער, פּאָליאַק אָדער אַמעריקאַנער אין גאַס", נאָר איך בין אַ איד אי־בעראַל און אומעטום, מיט אַלע מיינע אברים — אין הויז און אין גאַס, אין שוהל און אין באַנק, אויף דער יבשה און אויף די ימים!

און אַלע האָבען זיך געגרייט צום גרויסען טאָג, ווען די שיף „זבולון" וועט מאַכען די נסיעה נאָך ארץ־ישראל, מיט די פּראָמינענטסטע לייט פון אַמעריקאַ, צו דער ערעפענונג פון אידישען אוניווערזיטעט אויפ'ן הר הצופים. זיי האָבען געוואַרט מיט אומגעדולד אויפ'ן גרויסען טאָג. די אידישע נאַציאָנאַלע נשמה האָט ערוואַכט, דער כבוד פון אַז אַלט אויסגעפּרובירט פאָלק האָט זיך ענטפּלעקט, זי זעלבּסט־שטענדיגקייט און באַוואוסטזיניגקייט האָט זיך אַרויסגעשטעלט מיט'ן פולען פּראַכט און גלאַנץ. יאָ, אַלכּסנדר האָט זיי אויפגעוועקט!



פיער־און־פערציגסטער קאַפּיטעל.

## לאָעב געפינט אויס דעם אמת'ן אמת.

איידער לאָעב מיט אברהם בן אברהם זיינען אָפּגעפאָהרען נאָך ארץ־ישראל, האָט לאָעב געשלאָסען ענגערע פריינטשאַפט מיט ניג־לאָס'ן, און ס'איז איהם אָנגעקומען ניט שווער, ווייל ניגלאָס האָט שוין ערהאַלטען ידיעה פון טראָצקי'ן אַליין מכח דעם גאַנצען פּלאַן, און לאָעב האָט איהם בפירוש געזאָגט, אַז ער האָט אָנגעשטעלט זעהר איינ־פלוסרייכע לייטע אין וואַשינגטאָן, צו זעהן ווירקען אין די רעגירונגס־קרייזען מכח דער אַנערקענונג פון דער סאָוועטען מאַכט. ביי ניגלאָס'ן איז קיין שום ספק ניט פאַרבּליבען, אַז לאָעב איז געווים איינער פון די גרעסטע באָלשעוויקעס, וועלכער שטעהט אין נאָהענטע באַציהונגען מיט טראָצקי'ן אַליין, מיט'ן רויטען לייב, און ער האָט איהם דערצעהלט פון אַלע זיינע אויפטהואונגען אין אַמעריקאַ פאַר דעם באָלשעוויזם.

לאַעב האָט אויסגעפונען, אַז איינער אַ דייטשער באַלשעוויק, מיט׳ן נאָמען שוואַרצקאַפּ האַקערקרייצלער איז אַפּגעפאָהרען נאָך ארץ־ישראל, אַלס איינער פון די געהיימע אַגענטען, און אַז ער און מעדוועדיעוו, טשערטשינסקי און אַנדערע, פיהרען דאָרטען אַן אַ רויטע אַגיטאַציע. איבערהויפּט רייצען זיי אַן איין גרופּע געגען אַ צווייטער — די אַראַבער געגען די אידען. מען וויל דאָרט איבערהויפּט שאַפען אַ כאַאָטישען הפקר־צושטאַנד. נאָכדעם וועט פאַר די רויטע זיין זעהר לייכט צו פאַרכאַפּען די מאַכט, אַזוי ווי מען האָט געטאָן אין רוסלאַנד. די „מופסים“ זיינען דאָרט שוין אין אַ היבשער צאָהל.

לאַעב האָט געזעהן די בילד פון גרויסען שוואַרצקאַפּ און ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז ס׳מוז זיין דער זעלבער שוואַרצקאַפּ, וואָס זיין פריינט לו האָט דערצעהלט. זיין בערטע, וועלכע איז ניט קיין אַנדערע, ווי די העלדישע הויפּט־ריכטערין פון דער רויטער מלוכה, וועלכע האָט אַפּגעראַמט פון וועג דעם גרעסטען דיקטאַטאָר און טיראַן פון דער וועלט. אויף איהר איז אַלץ מעגליך. ער האָט עס אַלעס באַהאַלטען אין זיין זכרון.

אַנקומענדיג אין ארץ־ישראל, זיינען זיי אַריינגעפאָהרען אין דעם שעהנסטען האָטעל, וואו זיי האָבען אַפּגעדונגען עטליכע חדרים מיט אַמאָל.

אַברהם בן אברהם, מיט זיינע שעהנע רייכע מלבושים, מיט זיין שנעע־ווייסער באָרד, מיט זיין שטאָלצען גאַנג און לעבעדיגע, בלויע, פרעהלאַכע אויגען, האָט אויסגעקוקט ווי אַ רייכער אַלטער פילאַנטראָפּ.

— אברהם מיין פריינט! — האָט לאַעב געזאָגט. — לאָמיר זיך איצט ניט איינהערען צו אונזערע געפיהלען וועגען אונזער ארץ־ישראל. מיר וועלען געניסען דערפון שפּעטער — צעהן מאָל אַזוי פיעל.

איצט מוז איך דורכפיהרען אַ גרויסע שליחות און דו וועסט מיר מוזען צוהעלפען. איך בין ניט זיכער, אָבער עס קען זיין, אַז איך וועל מוזען האָבען אַ צווייטען צו זיך.

— עך, פריינט לאַעב! — האָט אברהם געזאָגט. — דו ביזט יונג, דו האָסט גענוג כחות צו באַהאַלטען אין זיך לייד און פרייד, אָבער איך בין שוין אַן אַלטער מאַן. עך, קינדעלע, זאָג אַליין: ווי קען איך זיך באַהערשען זייענדיג אין מיין פּאַלעסטינקע און ניט צו באַזוכען תיכף די אַלטע קברים, וואו מיין טאַטע אברהם ליגט?

נאָר ניין! — האָט ער זיך תיכף שטאָלץ אַ שטעל געטאָן ווי אַ יונגער סאָלדאַט. — איך בין יונג, אַט ערשט געבאָרען געוואָרען! איך

וועל אַלץ קענען אריבערטראָגען. דו ביזט מיין עלצטער, מיין קאַפּיטאַן און איך בין דיין סאָלדאַט. — באַפעהל, און איך וועל אויספאָלגען פּינקטליך!

ער איז געבליבען שטעהן אויסגעצויגען, ווי אַ סאָלדאַט פאַר אַן עלצטען.

— פריינט אברהם! — האָט לאַנג געענטפערט צערטליך. — איך בין ניט קיין קאַפּיטאַן און דו ביזט ניט מיין סאָלדאַט. מיר זיינען צוויי ברידער. דו ביזט דער עלטערער און איך בין דער אינגערער און מיר ביידע געהען דורכפיהרען אַ הייליגע שליחות. מיר געהען פאַר־אייניגען די הערצער פון אַ פאָטער מיט קינדער און פון אַ געליבטען מיט אַ געליבטער, פאַרשטעהסטו מיך! און איך בעט דיך, פאָלג מיך בלינד. טאָמער וועסטו זעהן עפּעס אומנאַטירליכעס — פרעג ניט קיין קשיות, און ווער ניט איבערראַשט — ווען דו וועסט אפילו דערזעהן אַ טויטען פון יענער וועלט, ווייל איך גלויב, אַז איך וועל דאָ מוזען ווערען אויף אַ קורצער צייט אַ מכשף אדער אַ קינסטלער.

— איך וועל זיין אויסגעהאַלטען פּינקטליך, ווי איך בין אַ איד! — האָט דער אַלטער גראָף געענטפערט. — עך, קינדעלע! מיין כח איז נאָך מיט מיר.

— איצט, פריינט אברהם, וואַרט אויף מיר. איך וועל זיך געהן איבערטאָן אין דריטען חדר.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און פון אַ צווייטען חדר איז אַרויס־געקומען לעאָן טראַצקי אַליין.

— גאָט פון אברהם! — האָט דער אַלטער אַ פאַרציטערטער אויס־געשריען: — טראַצקי!!...

— יאָ! איך בין דער יעניגער, וועמען דו זעהסט, פּיאָדאָר מי־כאַילאָוויטש!

— ניין! איך בין ניט פּיאָדאָר מיכאַילאָוויטש! — האָט זיך דער אַלטער גענומען טרייסלען. — איך בין אברהם בן אברהם, אַן ארץ־ישראל איד!

— מיך וועסטו ניט נאַרען, אַלטער! טראַצקים אויגען זעהען זעהר וויים! דו האָסט געמיינט, אַז דו וועסט זיך קענען אויסבאַהאַלטען פון די רויטע! אָבער מיינע הענט וועלען דיך גרייכען אפילו אין דיין פּאַלעסטינקע! — האָט טראַצקי געדונערט.

פּלוצלונג האָט זיך דער אַלטער אוועקגעשטעלט שטאָלץ און מוטיג און האָט, ווי אַן אַלטער בראַווער גענעראַל, אויסגעשריען:

— לעאָן אלכסנדראָוויטש! דיין האַנט איז געווען גענוג לאַנג און שטאַרק צו פאַרניכטען און צו ערנידעריגען דעם רוסישען גענעראַל פּאָידאָר מיכאַילאָוויטש, אָבער דיין האַנט איז קורץ און מאַכטלאָז אַנ־צוריהרען דעם אידען אברהם! — און ער איז אריין אין דריטען חדר זעהן לאָעב׳ן, אָבער ווי ערשטוינט איז ער געוואָרען, ווען ער האָט דאָרטען קיינעם ניט געטראָפען. ער איז אַרוים צוריק און האָט געזוכט אין אַלע ווינקעלאַך, אָבער ער האָט קיינעם ניט געטראָפען, אויסער טראַצקי׳ן. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט קאָלטבלוטיג, פּונקט ווי טראַצ־קי׳ס אנוועזענהייט אינטערעסירט איהם ניט.

— וואָס וועט איהר ענטפערען אויף אייער אנטלויפען, פּעאָדאָר מיכאַילאָוויטש? — האָט טראַצקי שטרענג געפרעגט.

— איהר האָט שוין מיין ענטפער געהערט, לעאָן. איך, אברהם בן אברהם, האָב איצט פאַר קיינעם קיין מורא ניט, אפילו פאַר׳ן טייוועל אליין אויך ניט, — ספּעציעל ווען איך געפין זיך אין מיין פּאַלעס־טינקע! ווי איך בין אַ איד!

— דו ווייסט, אַלטער! — האָט טראַצקי געשריען. — איך בין שטאַרק און מעכטיג! אויף מיין באַפעהל וועלען קומען צולויפען רויטע מחנות גאַר אָהן אַ צאָהל, אפילו פון דיין פּאַלעסטינקע!

— איך לאַך זיך אויס פון דיינע רויטע מחנות! — האָט אברהם געענטפערט. — דער גאָט פון אברהמ׳ן איז שטאַרקער פון אייך אַלעמען. אפילו די גרויסע פלאַמען פון דער קאַלך־אויווען האָבען אויף אברהמ׳ן קיין שליטה ניט געהאַט. איך האָב גענוג כח צו דערשטיקען דיך מיט מיינע אַלט־יונגע הענט! — און איידער יענער האָט צייט געהאַט זיך ארומצוקוקען, איז ער געוואָרען איינגעקלאַמערט צווישען דעם אַלטענס הענט. אברהם בן אברהם האָט איהם געכאַפּט שטיקען אויף אַן אמת.

אָבער וואָס איז דאָס? אַ מאַסקע מיט אַ פּאַרוק זיינען אַראָפּגע־פאַלען און לאָעב האָט פאַרהילכט דעם חדר מיט אַ גליקליכען און פרעהליכען געלעכטער.

— דו ביזט שטאַרק און אויסגעהאַלטען, ברודער אברהם! — האָט ער געזאָגט. — איך האָב געוואָלט אויספּרובירען, אויף ווי ווייט דיינע כחות גרייכען! איך בין מיט דיר זעהר צופרידען. דו האָסט נאָך אַ פּאָר געזונטע ידים, ווי פּייוועלע פלעגט זאָגען.

דער אַלטער איז געקומען צו זיך פון דער איבעראַשונג און האָט געזאָגט:

— עך, ברודער׳ל, דו ביזט אַן אמת׳ער קאָמעדיאַנט! אָבער פונקט טראַצקי! ווי איך בין אַ איד! — זיינע רייד, זיין קול און זיינע באַוועגונגען. אפילו זיין אייגענער טאַטע וואָלט איהם אַנדערש ניט דערקענט! ווי איך בין אַ איד!

— יאַ, ברודער אַברהם! דו וועסט נאָך זעהן פיעלע קונסט־שטיק פון מיר. אָבער איך בין איבערצייגט, אַז דו וועסט זיך ניט שרעקען ווען אפילו דו וועסט זעהן לעניני׳ען אַליין.

דער אַלטער האָט אַ גלעט געטאָן זיין באָרד און האָט געענטפערט:

— אַברהם בן אַברהם שרעקט זיך פאַר קיינעם ניט!...

***

אין אַ שעהנע, שטילע, פאַר׳סודות׳דיגטע ארץ־ישראל־נאַכט, זעהען מיר אונזערע העלדען מעדוועדיעוו און טשערטשינסקי זיצענדיג אונטער אַ גרויסען, גראָבען טענענבוים. זיי קוקען אויס זעהר פאַר׳דאגה׳ט און פאַר׳חושכ׳ט. קוים וואָס מען קען זיי דערקענען: דער פנים איינגעצויגען, די אויגען זיינען ווי אריינגעקראָכען אין קאָפּ און זייער גאַנצער אויסזעהן איז ווי פול מיט יסורים און שרעק. מיר הערען ווי מעדוועדיעוו רעדט, קוים וואָס מען הערט:

— וואָס וועט פון אונז ווערען, חבר טשערטשינסקי? זינט יענע נאַכט וואָס שושנה איז פאַרשוואונדען האָב איך נאָך ניט געהאַט קיין רוהיגע נאַכט. שרעקליכע חלומות מאַכען מיך ציטערען און אַט דער נפתלי מאַכט מיך פּשוט משוגע מיט זיין לאַכען, טשאָרט פּאָבערי!

— מיר געהט עס אויך ניט בעסער, חבר מעדוועדיעוו! זעה וואָס פון מיר איז געוואָרען! הויט אוןביינער. איך שרעק זיך פאַר יעדעם בלעטעל וואָס פאַלט אַראָפּ פון בוים. ניט נאָר אין חלום, נאָר אפילו אויפ׳ן וואַהר, אין רעכטען מיטען טאָג זעה איך שרעקליכע בילדער. אַט האָב איך היינט אין מיטען העלען טאָג געזעהן דעם גרויסען טראַצקי אַליין, ווי ער געהט אַרום מיט עפּעס אַ שעהנעם אַלטען מאַן, טשאָרט פּאָבערי! עס קען דאָך ניט זיין, אַז ער אַליין זאָל קומען אַזש קיין פּאַלעסטינקע! אָבער די שרעקליכע יסורים פון יענער נאַכט האָבען צושרויפט מיינע נערווען און איך זעה בילדער אפילו אין מיטען העלען טאָג.

—וואָס וועט אָבער ווערען פון אונז? וועט עס נעהמען ווען־עס־איז אַ סוף? אונזער בעט... כ׳מיין שוואַרצקאָפּ וויל ניט אַנדערש, ווי וואַרטען, ביז אַט זייער אוניווערזיטעט וועט זיך עפענען, און ווען אַלע גרויסע מענשען מיט די לאָרדען און פּראָפעסאָרען וועלען זיך צונויפּ־

קלייבען אויף איין פּלאַץ. נו, ברודערקע! וועט מען זיי דאַן געבען רויטען פּולווער צו שמעקען... טשאַרט פּאַבערי!

— יאַ, חבר׳ל! אונזער שוואַרצקאַפּ איז קלוג און גרויס, טשאַרט פּאַבערי! ער וויים ווען מען דאַרף שיסען. ער וויים די צייט, טשאַרט פּאַבערי! יאַ, מען מוז וואַרטען, כאָטש אין שרעק און אין יסורים, אַבער ס׳וועט זיין אַ גרויסער קראַך, ברודער׳ל! עה, אַ קראַך! ס׳וועט שמעקען פּולווער, טשאַרט פּאַבערי! מיר וועלען זיי געבען קושען די רויטע פּולעס!...

— אַבער זעה! — האָט ער זיך פּלוצלונג איינגעקאַרטשעט אין דרייען. — אָט זעה איך זיי ווידער אַמאָל!

— וועמען? — האָט מעדוועדיעוו אויסגעקרעכצט.

— אָט זעה, דאָרטען! זיי געהען! — האָט ער געציטערט.

מעדוועדיעוו האָט גענומען קוקען אין אַלע זייטען און איז גע־בליבען זיצען ווי אַ פּאַראַליזירטער.

— יאַ, ברודער׳ל, איך זעה זיי אויך. טראַצקי מיט אַן אַלטען מאַן! — האָט ער גענומען שטאַמלען. — טשאַרט פּאַבערי!

זיי האָבען געוואָלט אויפשטעהן און אנטלויפען, אַבער זיי האָבען זיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט.

און טראַצקי מיט דעם אַלטען זיינען וואָס אַ רגע אַלץ נעהענטער צוגעקומען צו זיי.

מעדוועדיעוו מיט טשערטשינסקי׳ן זיינען געזעסען ווי צוגעשמידטע ווען טראַצקי מיט׳ן אַלטען זיינען געשטאַנען געגען זיי פּנים־אל־פּנים.

צום סוף האָבען זיי ניט אויסגעהאַלטען.

— דו גרויסער טראַצקי! דו רויטער לייב! — האָט מעדוועדיעוו געשעפּטשעט און זיך געבויגען ביז צו דער ערד. — איך בין דיין דינער מעדוועדיעוו פון מאָסקווע. איך בין געשיקט געוואָרען אָהער אויפ־צובונטעווען די אַראַבער.

— דו גרויסער מיניסטער, דער גאָט פון די רויטע אַרמעען! — האָט טשערטשינסקי גערעדט און איהם האָט געקלאַפּט אַ צאָהן אַן אַ צאָהן. — איך בין טשערטשינסקי איך בין געשיקט געוואָרען אָהער צוזאַמען מיט׳ן חבר מעדוועדיעוו צו פאַרשפּרייטען דאָ אונזער רוי־טע תורה!

טראַצקי־לאַעב האָט שוין פאַרשטאַנען מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן און ער האָט אָנגעהויבען:

— חברים! פארגעסט ניט מיט וועמען איהר רעדט! איך בין דער ארגאניזאטאר פון די רויטע ארמעען! איך האב פיינט די בור־זשואזנע עטיקעטע! פאר מיר דארף מען זיך ניט בייגען ווי פאר די אמאליגע מיניסטארען. גלייכט זיך אויס, אין דר׳ערד אריין! שטעהט ווי מענשען, ווי ס׳פאסט פאר באלשעוויקעס, און דערצעהלט מיר בעסער וואס איהר האט אויפגעטאן ביז איצט! און וואו איז שווארצקאפ?

זיי זיינען געקומען צו זיך. מעדוועדיעוו איז געווארען אביסעל דרייסטער און האט געענטפערט:

— חבר טראצקי! מען וועט זיי באלד געבען רויטע פעפערלאך צו שלינגען, טשארט פאבערי!

— וועמען? — האט ער שטרענג געפרעגט.

מעדוועדיעוו האט איהם איבערגעגעבען פון אלץ וואס ער האט געוואוסט בנוגע די באמבעס, וואס מען וועט ווארפען ביי דער ער־עפענונג פון אידישען אוניווערזיטעט אויפ׳ן הר הצופים.

— ווער איז אייער עלצטער? — האט טראצקי געפרעגט.

— שווארצקאפ! — האבען ביידע מיט אמאל געענטפערט.

— געדענקט, חברים! דער מויל פון טשעקא איז זעהר א גרויסער און א ברייטער. איהר מוזט דינען געטריי אייער רויטע פאטערלאנד!

די רויטע שפיאנען זיינען געווארען פארציטערט. עפעס א קליי־ניגקייט דער רויטער לייב פון דער סאוועטען מאכט! און וואס טהוט מען, אז ער געפינט אויס, דאס שווארצקאפ איז נאר בעטקע? א פחד און א צלמות איז זיי ביידען באפאלען. אבער זיי האבען זיך בא־הערשט און בארוהיגט, אז ראשית וועט ער עס קיינמאל ניט אויס־געפינען, והשנית — אויב יא, וועלען זיי קענען זאגען, אז זיי האבען אליין ניט געוואוסט. דער אמעריקאנער געהיימער בונד האט איהם געשיקט מיט א רעקאמענדאציע אזש פון גרויסען טריבונאל. נו, וואס האבען זיי געקענט וויסען?

— האט איהר עפעס א שפור פון דער הויפט־ריכטערין פון דער רויטער מלוכה, וועלכע האט געשאסען דעם גרויסען ניקאלייען?

— ניין! — האט מעדוועדיעוו געענטפערט און עס האט איהם גע־ווארפען ווי אין א קדחת.

נאך זיין „ניין־ענטפער" האט לאעב פארשטאנען, אז ער ווייס יא עפעס, נאר ער האט עס איצט דורכגעלאזען.

— איהר זעהט אַט יענע שעהנע בוימער מיט די געדיכטע גרויסע צווייגען? — אַט דאָרט וועל איך איצט זיין, און איהר געהט גיך און ברענגט מיך אהין שוואַרצקאָפּ׳ן. אָבער מאַכט עס שנעל אין דר׳ערד אריין!

זיי זיינען אוועק.

— ווי איך בין אַ איד, ברודער לאַעב, — האָט דער אַלטער זיך ניט געקענט אָפּחידוש׳ן. — דו ביזט ווערט גאַנצע אוצרות פאַר דיין קונסט. איך האָב שוין געזעהן גענוג קינסטלער אויף מיין לעבען און דוקא פון די בעסטע, אָבער, עד, ברודער׳ל, ווי איך בין אַ איד — זיי קומען ניט צו דיינע קנעכלאַך!

לאַעב האָט געלאַכט:

— יאַ, מיר אַמעריקאַנער אידען זיינען אמת׳ע קינסטלער.

זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט צווישען די בוימער וואַרטען...

מעדוועדיעוו און טשערטשינסקי, ווי געיאָגט פון טייוועל, זיינען אַהן אַ נשמה אריינגעפלויגען צו שוואַרצקאָפּ׳ן, וועלכער איז געזעסען פאַרטיפט אין זיינע מחשבות.

— בע... שאַ... חבר שוואַרצקאָפּ! — האָבען זיי ביידע מיט אַמאָל אויסגעשריען. — מיר האָבען איהם געזעהן!

— וועמען? — איז שוואַרצקאָפּ געוואָרען אין כעס, וואָס מען האָט איהם געשטערט אין זיינע מחשבות.

— איהם אַליין, חבר שוואַרצקאָפּ!

— רעדט, משוגעים! וועמען „איהם אַליין"?

— איהם, דעם רויטען לייב אַליין!

— וועמען מיינט איהר מיט דעם? — איז שוואַרצקאָפּ געוואָרען עטוואָס אומרוהיג.

— איהם. דעם גרויסען טראָצקי!

— וואָס? איהר זייט פון זינען אראָפּ?

— אמת, אין אַנהויב האָבען מיר געדענקט, אַז אונז דוכט זיך דאָס אויס, ווייל זינט יענע שרעקליכע נאַכט זעהען מיר זאַכען וואָס זיינען ניט-געשטויגען ניט-געפלויגען. אָבער ער האָט מיט אונז אַליין גערעדט, טשאָרט פּאָבערי! ער האָט זיך געפרעגט וואו מיר האַלטען מיט אונזער אַרבייט.

— נו? — האָט שוואַרצקאָפּ געפרעגט מיט שרעק. — און וואָס האָט איהר געענטפערט?

— מיר האבען איהם געזאגט אלץ וואס מיר ווייסען, אז ס׳וועט קראכען באמבעס און מען וועט שמעקען פולווער.

— נו, וואס האט ער געזאגט? — האט שוין שווארצקאפ מיט פייער אויסגעשריען.

— ער האט געזאגט טשארט פאבערי, אז „דער מויל פון טשעקא איז גרויס און מיר זאלען דינען געטריי אונזער רויטער מלוכה”.

— נו, און וואס ווייטער? — איז שווארצקאפ ארומגעלאפען אהין און צוריק.

— ער האט געפרעגט, צי מיר האבען עפעס א שפור פון בעטקען?

— וואס האט איהר איהם געענטפערט? — איז שווארצקאפ ארויס פון געדולד.

— מיר האבען ניט קיין שפור! — האבען מיר געענטפערט. און ער האט געזאגט: „לויפט גיך און ברענגט מיר שווארצקאפ׳ן”. און מיר זיינען געלאפען, ווי געיאגט פון טייוועל, טשארט פאבערי!

שווארצקאפ האט גיך גענומען טראכטען, דענקען און איבער־דענקען, אבער בשום אופן האט זיך איהם ניט געלעגט אויפ׳ן שכל, אז דאס זאל זיין באמת טראצקי. עס קען דאך ניט זיין, אז טראצקי זאל קומען ניט פארשטעלט און ס׳זאל ניט אויפרודערען דאס גאנצע לאנד!

נאר וואס איז דא צו טראכטען? מען מוז געהן און זעהן. ער האט פארשטעקט זיינע פיסטאלעטען און איז אוועק צום אנגעציינטען פלאץ.

ער האט ווירקליך געטראפען טראצקי׳ן מיט עפעס זעהר א שעהנעם אלטען מאן.

— חבר שווארצקאפ! — האט טראצקי אויסגעשטרעקט די האנט.

— מיין גאט! — האט בעטקע געטראכט. — ס׳איז ער מיט די ביינער: זיין פנים, זיין שטימע, זיינע קליידער און זיינע אומרוהיגע באוועגונגען. ער האט זיך ניט געענדערט.

— איהר זייט איבערראשט, חבר שווארצקאפ?! איהר האט זיך בשום אופן ניט געקענט פארשטעלען, אז איך זאל דא זיין?

— געוויס ניט! — האט שווארצקאפ געענטפערט, ארייננקוקענדיג טראצקי׳ן גלייך אין די אויגען.

— יא, חבר שווארצקאפ. איך האב איצט געמוזט אליין מאכען די רייזע. איך וויל אלעס זעהן מיט מיינע אייגענע אויגען. איך בין געוועזן אין כינע, מאראקא, מצרים און איצט בין איך דא. זייענ־

דיג אין אנקעל סעמ׳ס מדינה, האט מיר ניגלאס איבערגעגעבען, אז ער האט אייך אהער געשיקט. איך האב געמאכט די נסיעה׳לע אין געהיים. איך פאהר איינער אליין מיט מיין איבערגעגעבענעם אלטען דאקטאר, וועלכער היט און וואכט איבער מיין געזונט.

שווארצקאפ איז געשטאנען ווי א צוטומעלטער. ער האט ניט געגלויבט אין וואס זיינע אויערען הערען און זיינע אויגען זעהען. אבער, ווי געזאגט, די הויפט־ריכטערין בעטקע פארלירט ניט דעם קאפ. און שווארצקאפ האט איינגעלאדען טראצקי׳ן מיט׳ן דאקטאר צו יהודה׳ן אין ווילע.

—אבער חבר שווארצקאפ, — האט טראצקי באמערקט: — איך טאר זיך ניט באווייזען מיט מיין אמת׳ן פנים צו ניט פארטרויטע חברים.

— האט דען דער גרויסער טראצקי אן אמת׳ען אריגינעלען פנים? — האט שווארצקאפ באמערקט.

— וואס באדייטען אייערע ווערטער? — האט טראצקי, ווי זיין שטייגער איז, גענומען ריידען שטרענג און אומרוהיג.

— גאנץ איינפאך! דער גרויסער טראצקי ווייזט זיך צו זיינע „רויטע ארמעען" מיט א פנים פון אן איש מלחמה, אדער, בעסער געזאגט, ווי אן „אל נקמות", און צו ליטעראטען מיט א פעדער אונטער׳ן אויער, צווישען געלערנטע — ווי א פראפעסאר און צו דער גרויסער מאסע — ווי א נביא, וועלכער מוסר׳ט און טרייסט! — נו, זאגט אליין, — האט שווארצקאפ געענדיגט. — האט טראצקי אן אריגינעלען געשטאלט?

— און ווי קוק איך איצט אויס? — האט טראצקי געלאכט.

— איצט? איצט — האט שווארצקאפ געלאסען געענטפערט. — איצט קוקט איהר אויס אין א גאנץ אנדער געשטאלט, אין א געשטאלט פון א גרויסען געניאלען דעטעקטיוו, וועלכער זוכט און פארשט די פארבארגענע ווינקעלאך פון די יעניגע, מיט וועלכע איהר קומט נאר אין באריהרונג.

טראצקי איז געווארען אביסעל אומרוהיג. ער האט געפיהלט אז ער האט דא צו טאן מיט אן איבערנאטירליכען מענשען, און ער וועט דא מוזען אנווענדען זיין גאנצע קונסט. איבערהויפט האט ער געמוזט אויף גיך אויסגעפינען, וועלכער שווארצקאפ דאס איז. אויב דאס איז דער זעלבער, פון וועמען לו האט דערצעהלט, איז דאך דאס ניט קיין אנדערע, ווי די פארשוואונדענע בערטע, אדער ס׳איז דער אמת׳ער שווארצקאפ האקענקרייצלער, וועלכער מיינט טאקע באמת צו געבען שלינגען רויטע פעפערלאך די פארזאמעלטע ביי דעם ערעפענונג פון

דעם אוניווערזיטעט, און דאס מוז ער פארהינדערן אונטער אלע אומ־שטענדען, ווען ס׳זאל איהם קאסטען אפילו זיין לעבען.

נאך א לענגערן ישוב־הדעת מיט זיך אליין האט טראצקי געזאגט:

— חבר שווארצקאפף! אויב איהר זייט פארטרויט אין אייער יהודה׳ן מיט זיינע לייטע פונקט ווי אין זיך אליין, דאן געה איך איצט מיט אייך אט ווי איך שטעה און געה.

יהודה איז מיין בעסטער פארטרויטער מאן, אט פונקט ווי איך אליין.

— אויב אזוי, קומט! נאר זעהט אז זייטיגע מענשען זאלען זיך דארטען ניט געפינען, כל זמן מיר װעלען פארברענגען ביי אייער יהודה׳ן, און זאגט אן אייערע נארישע געה״ים־אגענטען, אז זיי זאלען ווערען שטום פאר דער צייט און זיך ניט באווייזען פאר מיינע אויגען.

ווען זיי זיינען אריין אין הויז, איז די פרוי בלומענטהאל געווארען א פארציטערטע. זי האט אנגעווענדעט איהר גאנצע ענערגיע אום ניט אויסצושרייען: „לעאן, ברודער!"

שווארצקאפף האט שטיל און סודות׳דיג פארגעשטעלט דעם גרויסען גאסט, וועלכער האט זעהר ווארים געדריקט די האנט פון פרוי בלומענטהאל, וועלכע איז דאן די איינציגע געווען אין הויז.

דער גרויסער יוריסט־דעטעקטיוו לאעב איז געווארען אויסער זיך. ער האט גארניט געוואוסט וואו ער איז אויף דער וועלט. ס׳איז דאך דיזעלבע בלומענטהאל, וועגען וועלכער לו האט איהם דערצעהלט. פונקט די זעלבע סימנים. הײנט ווי איז דאס מעגליך? ס׳קען דאך ניט זיין, אז „איין פערזאן זאל ווערען צוויי" אין איין צייט? ס׳מוז דא זיין א גרויסע נעהיימנים. ער איז אבער געווען זיכער, אז ער האט געפונען א שפור פון בערטע׳ן, מיט א ממה־נפשך: ענטוועדער שווארצקאפף אדער בלומענטהאל — איינע פון זיי מוז זיין בערטע.

עס איז אריינגעקומען יהודה, וועלכער איז געווארען א פארציטערטער. ער האט זיך אבער געשטארקט און זיך פריינטלאך גע־שלום־עליכמ׳ט מיט׳ן גרויסען גאסט.

זיי האבען גערעדט וועגען די לעצטע געשעהענישען, מכח די גרויסע אומרוהען אין כינא, וועגען דער מלחמה אין מאראקא און בכלל מכח דעם מזרח. טראצקי האט עטליכע מאל איבערגעפרענט אויב זיי זיינען ווירקליך גרייט צו מאכען וועלכע־ניט־איז שטערונגען ביי דער ערעפענונג פון אוניווערזיטעט? ער האט אבער נעקראגען האלב־

זייטיגע ענטפערס, וואס ער האט פון זיי בשום אופן ניט געקענט פארשטעהן, אויב זיי זיינען פארבארייט אדער ניט. ער האט אבער געוואלט האבען א קלאהרע דייטליכע תשובה, און ער האט געפיהלט, אז די מענשען זיינען פון זיין חדר, נאך מיט מעהר שארפקייט.

צום סוף האט ער גענומען באנוצען שטרענגקייט:

— חברים! — האט ער זיך גענומען טרייסלען. — פארגעסט ניט, אז איהר רעדט מיט מיר! איך מוז וויסען דעם גאנצען אמת! ענטוועדער־אדער, ענטוועדער איהר זייט צוגעגרייט אדער ניט, קיין האלבע וועג איז ביי מיר ניטא!

יהודה האט געענטפערט:

— לויט די לעצטע פאסירונגען און ידיעות פון דער סאוועטען־מאכט, עקזיסטירט שוין דארטען ניט מעהר דעם פארשטארבענעם ניקאלייס מאטא: „ענטוועדער אדער", אדער „יקוב הדין את ההר". ביי איהם איז ניט געווען קיין מיטעל־וועג. אבער איהר, גרויסער טראצקי, האט פיעל זאכען נאכגעגעבען, אדער בעסער געזאגט גע־פשרה׳וועט. איהר האט אפילו נאכגעגעבען פריוואט קאפיטאל, און ווי אונזערע פריינט אין אמעריקא שרייבען אונז, האט איהר געגעבען א גרויסע קאנצעסיע צו אמעריקאנער קאפיטאליסטען, טא וואָרום ווילט איהר דא דוקא זיין שטרענג?

— געשעפט איז געשעפט! — האט טראצקי אויסגעשריען. און, אגב, דאס האבען מיר געמוזט, ווייל מיר ווילען האבען די אנערקענונג פון אנקעל סעם. אבער דאס שטערט ניט די דורכפיהרונג פון אונזער גרויסען אידעאל, וועלכען מיר מוזען פארשפרייטען איבער דער גאנ־צער וועלט.

שווארצקאפ האט געוואלט געווינען צייט אום צו געפינען עפעס אן עצה ווי אנצוגעהן מיט איהם. מען האט געמוזט האבען מעהר ווי מענשליכע כחות, אום ניט אויסצושרייען „ברודער!" סיי יהודה, סיי שווארצקאפ און סיי פרוי בלומענטהאל האבען זיך געמוזט אנשטרענגען, אום ניט ארויסצושפרינגען מיט א ווארט, וואס זאל זיי פארראטען.

— מיר וועלען אייך קענען געבען א קלאהרע תשובה אין צוויי טעג ארום. — האט שווארצקאפ געענטפערט.

לאעב איז אבער ניט געווען צופרידען פון דעם גאנצען ענין. וואס ווייטער איז ער אלץ מעהר פארפלאנטערט געווארען, און פיעלע זאכען האט ער בשום אופן ניט געקענט פארשטעהן. איהם איז פלוצלונג איינגעפאלען אן אידעע: ער וועט שפילען נאך א קארט. אפשר וועט עס איהם געלינגען.

— גוט. — האָט ער געענטפערט. — לאָמיר איבערלאָזען דעם ענין אויף א צווייטען מאָל. איצט וועלען מירריידען וועגען א צווייטען ענין, וואָס האָט גאָר קיין שום שייכות ניט מיט אונזער אידעאַל. עס טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ פּריוואַט־זאַך.

ווען איך בין געווען אין געהיים אין אַנקעל סעמ׳ס מדינה, האָב איך זיך באַקענט מיט איינעם פון די גרעסטע אַמעריקאַנער אידען. ער איז אַ גרויסער דיפּלאָמאַט. און כאָטש ער איז אַן איבערגעגעבענער הייסער ציוניסט, דאָך דענק איך, אַז ער איז איינער פון די פּראַגרע־סיווסטע מענשען פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט. מען רופט איהם „לו דער שוויינער".

אַלע האָבען בשעת מעשה אַ ציטער געטאָן, און לאָעב׳ס אויגען האָבען דעם ציטער אויפגעכאַפּט. ער האָט זיך אָבער געמאַכט ניט זעהענדיג און איז אַנגעגאַנגען מיט זיין ערצעהלונג.

— אַט דער גרויסער לו האָט, נאַטירליך, ניט געוואוסט ווער איך בין, ווייל איך האָב זיך פאַר איהם פאַרנעשטעלט אונטער דעם נאָמען לאָעב.

איך האָב געפונען חן אין זיינע אויגען, און איך האָב זיך געצעהלט פון זיינע אמת׳ע פריינט. זיין פריינטשאַפט צו מיר איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט מיר פאַרטרויט אפילו זיינע פּריוואַט סודות, ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט אַן אומגליק מיט זיין געליבטער בערטע, וועלכע איז פּלוצלונג פאַרשוואונדען, ווען זיי זיינען געווען אין קאירא. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז זיין בערטע איז געווען אַ מערקווירדיג מיידעל. אַמאָל פלעגט זי זיך פאַרקליידען פאַר׳ן דייטש שוואַרצקאַפּ (ער האָט בעת מעשה שטאַרק געקוקט אויף שוואַרצקאַפּ, וועלכער האָט אַ ציטער געטאָן), און אַמאָל האָט זי זיך פאַרקליידעט פאַר מאַדאַם בלומענטהאַל (און בעת מעשה האָט פרוי בלומענטהאַל אַ ציטער גע־טאָן, און ער האָט עס באַמערקט). איצט, מיינע פריינדע, ווען איך געפין זיך אין אַ הויז, וואו איך האָב באַגעגענט סיי אַ שוואַרצקאַפּ׳ן און סיי אַ בלומענטהאַל, וואָלט איך ביי אייך פרעגען: ווי קען עס געמאָלט זיין, אַז איין מיידעל זאָל האָבען צוויי קערפּערס, און מיט אַמאָל זיך פאַרוואַנדלען אין צוויי פּערזאָנען אין איין צייט? אין באַזונדערע צייטען איז מעגליך, דורך קונסט. אבער אין איין צייט — ווי איז דאָס מעגליך?

ער האָט זיך זעהר שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט.

זיין גאַנצע דערצעהלונג האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ מאָדנע

ווירקונג. עפּעס איז זיי די גאַנצע געשיכטע און הנהגה פאַרגעקומען רעטזעלהאַפט.

בעטקען איז אריינגעפלויגען אַ געדאַנק, אפשר וויל ער איהר גע־ליבטען לו אַריינציהען אין דער רויטער נעץ. אויף איהם איז אַלץ מעגליך צו גלויבען. אָבער אַ צווייטער געדאַנק האָט איהר אויפגע־עפּענט איהרע אויגען. איהר לו, האָט זי געטראַכט, זעהט אַ סך ווייטער ווי אַנדערע און אַז ער האָט איהם פאַרטרויט די געשיכטע, מן־הסתם האָט ער גוט געוואוסט צו וועמען ער פאַרטרויט עס. און אַ געדאַנק האָט איהר אַ בליץ געטאָן. אפשר איז עס גאַר ניט טראָצקי? ווייל נאָך אַלעמען וועט דער גרויסער רויטער לייב מורא האָבען אַרומצו־פאָהרען איבער דער וועלט, וועלכע וואָלט גיכער געוואָלט זעהן זיין טויט. ניין, איז זי געקומען צו אַ פעסטען באַשלוס: עס איז ניט ער, נאָר עפּעס אַ גרויסער קינסטלער, און ער איז אפילו ניט קיין באָלשעוויק, אויב ער קען אַזוי גוט איהר לו. אדרבה, ער איז גיכער געקומען פאַרהיטען אַ קאַטאַסטראָפע וואָס די באָלשעוויקעס פּלאַנעווען צו ברענגען.

שוואַרצקאָפּ האָט געענטפערט:

— אייער דערצעהלונג איז זעהר אינטערעסאַנט און אַמוזירענד. עס איז אָבער אַלץ מעגליך. אויב קריסטען גלויבען, אַז ס׳קען זיין פון „איינס—דריי“, ווארום זאָלען מיר ניט גלויבען, אַז איין מיידעל קען זיך פאַרוואַנדלען אין צוויי געשטאַלטען אין איין צייט, און נאָך דערצו אין אַ פרוי מיט אַ מאַן?

— אָבער איך בין דאָך אַ איד! — האָט טראָצקי געענטפערט.

— ס׳טייטש! מיר האָבען דאָך געהערט, אַז איהר האָט זיך ענט־זאָגט פון דאָס אידישע פאָלק? — האָט שוואַרצקאָפּ באַמערקט.

— יאָ, כ׳האָב זיך בכלל ענטזאָגט פון שאָוויניסטישען נאַציאָנאַ־ליזם, אָבער אין דער זעלבער צייט גלויב איך ניט אין קיין רעליגיאָן, ניט אין „איינס“ און ניט אין „צוויי“ — „ניט אין טאַטען און ניט אין זון“.

— אָבער, חבר לאָעב! — האָט פּלוצלונג שוואַרצקאָפּ אויסגעשריען (דאָ האָט שוין לאָעב אַ ציטער געטאָן און בעטקע האָט עס אויפגע־כאַפּט). אַ, פאַרצייעט! מיר איז גראַדע אריינגעפאַלען אין געדאַנק דער נאָמען מיט וועלכען איהר האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַר דעם גרויסען אמעריקאַנער. — האָט זיך שוואַרצקאָפּ פאַרענטפערט.

— אייער דערצעהלונג איז זעהר שפּאַנענד און אַנציהענד, אָבער עס קענען דאָך טרעפען די זעלבע מענשען מיט די זעלבע נעמען און פּנימ׳ער, און גראָדע מיר זיינען די יעניגע, וועלכע זיינען עהנליך אַט צו אייער מאַסקען־מיידעל.

צוויי גרויסע כחות האָבען זיך פאַרמאַסטען איינע געגען די אַנ־דערע. זיי האָבען פאַרשטאַנען איינע די צווייטע.

— אַט, למשל, האָבען מיר נעכטען באַגעגענט פּונקט אַזאַ פּנים ווי אייערע, מיט אַזאַ געשטאַלט, מיט די זעלבע באַוועגונגען. נו, האָבען מיר איהם אפשר גערארפט אָנגעהמען פאַר׳ן אמת׳ן טראַצקי?

— איך וואָלט זעהר געוואָלט זעהן יענעם מאַן פּנים אל פּנים. — האָט טראַצקי באַמערקט. אפשר קענט איהר איהם אויסגעפינען און ברענגען אהער?

— געוויס, חבר טראַצקי! — האָט שוואַרצקאָפּ געענטפערט. אַט וועל איך שיקען נאָך מיין פריינט נפתלי. ער האָט איהם אויך באַ־געגענט און ער וועט איהם געוויס אויסגעפינען.

ווען מ׳האָט נפתלי׳ן ערקלעהרט וואָס מען וויל פון איהם, האָט ער גלייך געענטפערט:

— איך וועל איהם שוין אויפזוכען.

ס׳האָט געדויערט אַן ערך אַ שעה צייט און טראַצקי דער צווייטער איז אַריינגעקומען, אָבער פּונקט ווי צוויי טראָפּענס וואַסער: דער זעלבער קול, די זעלבע באַוועגונגען, אַז אפילו לאַבע, וועלכער איז געווען אַ קינסטלער אין דעם פאַך, איז געוואָרען איבערראַשט.

ביידע טראַצקי׳ס האָבען אָנגעקוקט איינע די אַנדערע ווי צוויי העהנער, וועלכע ווילען זיך שלאַגען.

— נו, גרויסער טראַצקי, וואָס וועט איהר איצט זאָגען? — האָט שוואַרצקאָפּ געפרעגט עטוואָס סאַרקאַסטיש.

— איך קען אייך דערויף גאָר נישט ענטפערן, — האָט ער גע־זאָגט. — איך וואָלט נאָר געוואָלט זעהן אַט דעם פריהערדיגען בחור נפתלי!

— מיט׳ן גרעסטען פאַרגעניגען! — און יהודה האָט אַריינגערופען נפתלי׳ן.

נאָ אַ קורצען שטיל שווייגען האָט לאַבע באַמערקט:

— ס׳איז די זעלבע געשיכטע ווי מיט משה׳ן. ווען ער האָט אַ וואָרף געטאָן זיין שטעקען און ס׳איז געוואָרען דערפון אַ שלאַנג, האָבען די מכשפים פון מצרים נאָכגעטאָן דאָס זעלבע מיט זייער כשוף, און

אזוי ווי ארץ ישראל איז אין שכנות מיט מצרים, האָט איהר זיך געמוזט אויסלערנען די כשוף־שפּראַך.

— איך דענק, אַז די „רויטע תורה" איז ריין פון אַבערגלויבען.— האָט יהודה באַמערקט.

— יאַ, איהר האָט רעכט,— האָט טראָצקי צוגעשטימט.— אָבער מיר גלויבען אין שווינדעל־כשוף.

— זאָגט בעסער „אין קונסט".— האָט פרוי בלומענטהאַל באַמערקט.

לאַעב האָט פאַרשטאַנען, אַז ער געפינט זיך צווישען קינסטלער, און ער מוז דאָ נעהמען גאָר אַן אַנדער ווענדונג. ער האָט געוואָלט נעהמען אַפּשייד און אוועקגעהן, נאָר פרוי בלומענטהאַל האָט איהם זעהר שטאַרק געבעטען, אַז ער זאָל ביי זיי איבערנעכטיגען. זי וויל האָבען די גרויסע עהרע, אַז דער מאַן, וואָס מאַכט ציטערען די וועלט, זאָל איבערנעכטיגען אין זייער הויז. ער האָט איינגעוויליגט. דער צופאַל האָט געפיהרט, אַז לאַעב זאָל זיין זיכער אַז ער געפינט זיך אויפ׳ן ריכטיגען פּלאַץ און אויסגעפינען דעם אמת׳ן אמת.

ווען דער צווייטער טראָצקי מיט נפתלי׳ן זיינען אַרויסגעגאַנגען, און דער אַלטער דאָקטאָר, וועלכער האָט געשוויגען די גאַנצע צייט, האָט אַנגעהויבען ריידען מיט פרוי בלומענטהאַל, איז עפּעס ווי אַ ציטער דורכגעפלויגען איבער איהר גאַנצען קערפּער. דער פּנים, דער קול און די שפּראַך איז איהר פאַרגעקומען אַזוי באַקאַנט און זי האָט גענומען שטאַרק נאַכדענקען, וואו זי האָט געזעהן אָט דעם מענשען. זי האָט גענומען אין איהרע געדאַנקען פאַרשטעלען און אַרויסברענגען פאַרשידענע בילדער פון באַקאַנטע, און זי איז געבליבען שטעהן ביי איין געשטאַלט: גראַף גענעראַל פיאָדאָר מיכאַילאָוויטש.

וואָס מעהר זי האָט געקוקט אויפ׳ן דאָקטאָר, אַלץ מעהר האָט זי אין איהם געזעהן דעם גראַפ׳ס פּנים. און זי האָט געזאָגט:

— עפּעס אַ מאָדנער מערקווירדיגער אָווענט היינטיגער! מיר זעהען מענשען מיט די זעלבע פּנימ׳ער: „צוויי טראָצקי׳ס" און איצט דערמאָן איך זיך אויף נאָך אַ פּנים, וואָס איז פּונקט עהנליך צום דאָקטאָר׳ס.

— וואו האָט איהר געזעהן נאָך אַזאַ עהנליכקייט? — האָבען אַלע פאַראינטערעסירט געפרעגט.

— אין רוסלאַנד! — האָט זי געענטפערט אַביסעל פאַרטראַכט.

— אין רוסלאַנד? — האָט זיך טראָצקי אַ טרייסעל געטאָן.

— יא, אין יאלטע! איך געדענק עס פונקט ווי איך וואלט ערשט נעכטען געזעהן. איך געדענק גאנץ גוט דעם אלטען גראף גענעראל פיאדאר מיכאילאוויטש! איהר קוקט אוים פונקט ווי ער! — האט זי געזאגט צום דאקטאר. — פונקט ווי צוויי טראפענס וואסער. מעהר ניט, איהר זייט עטוואס עלטער און די ציווילע קליידער מאכען אייער אויסזעהן עטוואס אנדערש.

— עך, מאמעלע! — האט דער דאקטאר געענטפערט. — ס'טרעפען זיך אין אונזער וועלט־ל אזעלכע עהנליכקייטען, ווי איך בין א איד!

— און די זעלבע אויסדריקע! — האט פרוי בלומענטהאל ענטציקט אויסגעשריען. — דער אלטער גראף פלעגט אויך תמיד זאגען: „עך, מאמעלע"!

איצט איז שוין לאעב געווען זיכער, אז די פארשוואונדענע בערטע געפינט זיך ערגעץ דא, נאר ער ווייס ניט, ווער פון די ביידע איז „בעטקע", די פרוי בלומענטהאל, אדער שווארצקאפ.

ער האט פלוצלונג א פרעג געטאן:

— און וואו איז אייער שושנה?

אלע זיינען פארציטערט געווארען. פון וואנען ווייס ער פון שושנה'ן?

— זאל אייך ניט וואונדערן אזוי. — האט ער געזאגט. — איך האב זיך דערמאנט, ווי דער גרויסער אמעריקאנער פלעגט מיר אפט דערצעהלען פון דער וואונדערבארער שעהנער שושנה, וועלכע איז אזוי עהנליך צו זיין בערטע'ן.

בעטקע איז איצט געווען זיכער, אז ער איז ניט טראצקי, נאר אן אמת'ער גוטער פריינד פון איהר לו, וועלכער איז געוויס געקומען מיט א שליחות פון איהר געליבטען, און זי האט געזאגט:

— חבר טראצקי, איך הויב אן צו גלויבען, אז איהר זענט א גוטער פריינד פון דעם אמעריקאנעם, ווען איהר אינטערעסירט זיך אזוי מיט זיינע פריוואט דערצעהלונגען?

— געוויס בין איך זיינען א פריינט, חבר שווארצקאפ! פארשטעהט איהר מיך: מיר ווילען דאך קריגען די אנערקענונג פון אנקעלסעם און לו דער שוויינער האט זעהר א גרויסען איינפלוס, דארום וויל איך פאר איהם אויך עפעס אויפטאן. איין האנט וואשט די צווייטע.

— מיר קענען אייך אבער בשום אופן ניט דערקלעהרען, וואס מיט שושנה'ן האט פאסירט. זי איז פלוצלונג פארשוואונדען געווארען, אט ווי אין וואסער אריין!

לאָבּ׳ן איז ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. מעהר האָט ער שוין ניט גענדאַרפט זוכען. דער גרויסער יוריסט־דעטעקטיוו האָט תיכף באַשלאָסען, אַז ער האָט דאָ געפונען ביידען, סיי שושנה׳ן און סיי בערט׳ען. ער דאַרף נאָר וויסען וועלכע איז וועלכע.

— מערקווירדיג! — האָט ער אַרויסגערעדט: — דעם גרויסען לו׳ס מיידעל איז פּלוצלונג פאַרשוואונדען, און שושנה, וועלכע איז אַזוי עהנליך צו זיין בערטע׳ן, איז אויך פּלוצלונג פאַרשוואונדען! אַרימער לו! איך הויב אָן צו דענקען, אַז איינס האָט אַ שייכות מיט דאָס צווייטע, און די זעלבע געהיימע נעץ, וואָס האָט געפאַנגען בערטע׳ן האָט אויך געפאַנגען שושנה׳ן צוליעב זייער עהנליכקייט. און איך בין זיכער, אַז ווען איינע זאָל זיך אָפּזוכען וועט שוין די צווייטע ממילא קומען.

שוואַרצקאָפּ האָט ניט גערעדט. זיינע געדאַנקען האָבען שנעל געאַרבייט. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס איז ניט לעאָן. אָבער ווער איז ער? ער האָט אויך פיעל נאָכגעדענקט איבער דער עהנליכקייט פון אַלטען דאָקטאָר מיט׳ן גראַף. און אפשר איז עס טאַקע דער גראַף אַליין? און עס האָט זיך אָנגעהויבען פּלאָנטערן אין קאָפּ איין געדאַנק נאָכ׳ן צווייטען. זאָל עס מעגליך זיין, אַז דער אַלטער גראַף האָט געשלאָסען ברודערשאַפט מיט טראַצקי׳ן? זאָל עס מעגליך זיין, אַז טראַצקי וויל ווערען אַ בעל־תשובה?

בעטקען איז אריינגעפאַלען אַ וואונדערבּאַרער פּלאַן. זי האָט עס גלייך פאַרטרויט יהודה׳ן מיט שושנה׳ן, און מען האָט עס תיכף גענומען דורכפיהרען.

אויף מאָרגען, ווען אַלע זיינען געזעסען ביי אַ שעהנעם געשמאַקען ארץ־ישראל מאָלצייט, מיט אמת־גוטע כרמל־וויין, האָט זיך פּלוצלונג געעפענט די טיר און ניקאָליי לענין האָט גענומען געהן צום טיש.

ביי אַלעמען זיינען די ביסענס געבליבען אין די מיילער ניט אַראָפּגעשלונגען.

דער געניטער לאָעב האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז אימיצער האָט זיך געקלינט איבער איהם און מען האָט איהם איבערגעשפּיצעלט.

— איך האָב געוואוסט, פאָטער, אַז דו ביזט דאָ, און איך בין געקומען דיך זעהן! — האָט זיך ניקאָליי געווענדעט צום גראַף.

— ניין! — האָט דער אַלטער זיך גענומען טרייסלען מיט אַלע זיינע אברים. — איך בין ניט דיין טאַטע. איך בין אַ איד! אברהם בן אברהם! איך קען דיך ניט און איך וויל דיך ניט קענען! דיין

טאַטען האָסטו אַליין מיט דיינע בלוטיגע הענט דערמאָרדעט! דו רוצח! נאָר ניין! דו האָסט קיינמאָל קיין טאַטען ניט געהאַט! דו ביז אַ שד! אַ טייוועל! — האָט דער אַלטער זיך צושריען — איך וועל דיך דערשטיקען מיט מיינע אייגענע הענט, ווי איך בין אַ איד! — און איידער אַלע זיינען געקומען צו זיך זיינען שוין דעם אַלטענס הענט געווען אַרומגעקלאַמערט אויף ניקאָליי לעניניס האַלז.

יהודה האָט געלאָזען אַרונטערנעמען דעם אַלטענ׳ס הענט און די געשטאַלט פון ניקאָליי לענין איז פאַרשוואונדען. אַלע האָבען גע־שמייכעלט.

דער אַלטער איז קוים געקומען צו זיך, און האָט גערעדט ווי פאַר זיך:

— ער, עכע, ניקאָלייקע! דער אידישער גאָט איז שטאַרקער פון דעם רויטען טייוועל. ער לאָזט דיך ניט רוהען אין דיין שדישען קבר. פאַר דיר זיינען שוין אַלע טויערען פאַרשלאָסען. דיר וועט שוין ניט העלפען קיין תשובה. ניין! צו שפּעט, ווי איך בין אַ איד!

יהודה האָט געפרעגט דעם אַלטען:

— גלויבט איהר באמת, אז טויטע קענען אַרויסגעהן פון זייערע קברים?

ביים אידישען גאָט איז אַלץ מעגליך, האָט ער געענטפערט צוטור־מעלט. — און אפשר, — האָט ער זיך פּלוצלונג אַ קעהר געטאָן צו טראָצקיין, — האָט זיך אימעצער פאַרשטעלט פאַר ניקאָלייקען אָט פּונקט ווי... — ער איז געוואָרען מעהר צוטומעלט פון לאַבּ׳ס שטרענ־גען בליק, און ער איז אינגאַנצען אַנטשוויגען געוואָרען.

פרוי בלומענטהאַל איז צוגעגאַנגען צום אַלטען, האָט אַרויפגעלעגט איהר האַנט אויף זיין שולטער און האָט ליבליך געזאָגט:

— באַרוהיגט אייך, גראַף!

ביים וואָרט „גראַף" איז דער אַלטער ווידער אויפגעשפּרונגען.

— וואָס האָט איהר צו מיר?! איך בין מעהר ניט קיין גראַף! איך בין מעהר ניט קיין גוי! איך בין אברהם בן אברהם! אַ איד, געקומען נאָך מיין פּאַלעסטינקע! ווי איך בין אַ איד!

שוואַרצקאָפּף האָט געקוקט טראָצקיין אין די אויגען מיט טריאומף, ווי איינער זאָגט: „מיר פאַרשטעהען דיך און מיר האָבען דיך געכאַפּט ביים האַנט!"

לאַעב האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען ריידען קלאָר און דייטליך:

— מיינע פריינדע! איך גיב צו, אז איהר זייט שטארקער פון מיר! איהר האט זיך געקלינט איבער מיר. איך מוז צוגעבען, אז איהר אלע זייט גרעסערע קינסטלער פון מיר.

— מאכט זיך ניט צו קיין קליין־געלט! — האט שווארצקאפ באַמערקט. — איהר האט געשפילט ווי דער גרעסטער קינסטלער. אזוי נאטירליך, אזוי אויסגעהאלטען, אז איך באוואונדער אייך. אבער מיר האבען אייך געצייגט, אז אונזערע ארץ־ישראל־קינדער קענען אויך ניט פארשעמט ווערען! איצט, חבר טראצקי, מוזען מיר מאכען א סוף צו דער קאמעדיע. נעהמט ארונטער אייער מאסקע און צייגט אונז אייער אמת׳ען פנים! זאגט אונז ווי א פריינט וואס איהר ווילט פון אונז אויסגעפינען — און מיר זיינען גרייט אייך צו העלפען אין אלע אייערע גערעכטע און אמת׳ע אונטערנעמונגען מיט ראט און מיט טהאט.

— איהר האט רעכט, מיינע פריינד! — האט לאעב געענטפערט. — צווישען גרויסע מענשען איז דער אמת די בעסטע קונסט.

ער האט אראפגענומען זיין מאסקע און האט זיי איבערגעגעבען די גאנצע געשיכטע נאך וואס ער איז געקומען (ער האט נאר פארשוויגען דאס אלכסנדר איז איצט אין אמעריקא. דאס האט ער געוואלט איבערלאזען אויפ׳ן לעצטען אקט). ער האט פארענדיגט מיט די ווערטער:

— און איצט, טייערע מענשען, העלפט מיר אויסצוגעפינען די פארשוואונדענע בערטע. העלפט מיר גליקליך מאכען מיין אמת׳ן פריינט, דעם גרויסען לו, פאר וועמען איך וועל נעהן אין פייער און אין וואסער!

איצט זיינען אלע געווען איבערצייגט, אז אלע זיינע רייד זיינען אמת, און שווארצקאפ האט געענטפערט:

— פריינט לאעב! אייער וואונש וועט ערפילט ווערען נאר מיט א תנאי: אז דער גרויסער אמעריקאנער זאל דערפון ניט וויסען ביז דער ערעפענונג פון דעם אידישען אוניווערזיטעט אויפ׳ן הר הצופים און דארט וועט ער געפינען די פארשוואונדענע בערטע, וועלכע רופט זיך איצט יהודית.

— יהודה, מיין פריינט! — האט שווארצקאפ געזאגט. — אין א שטונדע ארום זאלסטו קומען מיט׳ן פריינט לאעב אין אונזער ווינטער וואוינונג, און דארטען וועט ער געפינען וועמען ער זוכט.

פונקט אין א שטונדע ארום זיינען יהודה מיט לאֶבּ׳ן געאַרעמט אריינגעקומען אין ווינטער וואוינונג.

לאֶעב האָט געטראָפען צוויי שעהנע ציונ׳ס טעכטער, מיט מלאכים פּנימ׳ער, מיט גראַציעזע געשטאַלטען, וועלכע האָבען געשיינט ווי די זון.

— זייט געבענשט אין אונזער היים, פריינד לאָעב! — איז בערטע די ערשטע איהם אַנטקעגען געלאָפען מיט אויסגעשטרעקטע הענט. — מיין לו׳ס פריינט איז אויך מיין פריינט. איך בין די פארשוואונדענע בערטע, די הויפּטריכטערין פון דער רויטער מלוכה, בעטקע, און איצט — א געטרייע, איבערגעגעבענע ציון׳ס טאָכטער. איך וואַרט מיט אומ־געדולד אויף דעם גרויסען טאָג, ווען דער גרויסער אמעריקאַנער וועט קענען אומאַרמען זיין יהודית!

— און איך בין שושנה, וועלכע האָט געפונען מיין שוועסטער די „בלום פון יהודה“! זייט געבענשט פון גאָט, איהר אַמעריקאַנער איד! דער פריינט פון מיין גרויסען ברודער לו.

— זאָל היינטיגען טאָג פאַרצייכענט ווערען צווישען די שעהנע און גליקליכע טעג פון אונזער לעבען! — האָט יהודה מיט שמחה אויס־געשריען.

— און איהר וועט נאָך זוכה זיין צו זעהן אייער אַלט־יונגען טאַטען, דעם גרויסען אַלכּסנדר׳ן! — האָט לאָעב מיט שמחה־טרערען געזאָגט.

— אָמן! — האָט זיך דערהערט א געשריי פון הינטער דער טיר, און אברהם בן אברהם איז פּלוצלונג געבליבען שטעהן פאַר זיי.

זיי האָבען זיך אַלע ארומגענומען און זיינען געבליבען שטעהן אין א הייליגע, גליקליכע שטימונג, און ס׳האָט זיך געפיהלט ווי די פליגלען פון דער שכינה האָבען זיי פאַרדעקט.



פינף־און־פערציגסטער קאַפּיטעל.

## די רויטע שפּיאָנען ווערען משוגע.

אויפ׳ן ברעג פון ירדן, אין אונטערשטען גליל, אין דער הויז, וועלכע ס׳זעהט אויס ווי עפּעס א מין ראָמאַנטיש איינגעפונדעוועטער פּריצי־שער מאַיאַנטעק, אינ׳ם סטיל פון די „אדעל־נעסטען“, ווייס און זויבער, אַלעען, אפּעלסינען ריחות, בלומען, זכרונות און מעשיות, האַלטען אָפּ א בּאראַטונג: יהודה, שושנה, בערטע, לאָעב, נפתלי, דן און אברהם בן אברהם. עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אז יעדער איינער זאָל אנ־

האלטען זיין ראליע ווי ביז איצט, אויסער דן, וועלכער זאל זיך פאר־קליידען אלס א צווייטער שווארצקאפ, צוליעב די ווייטערע ענטוויק־לונגען.

לאעב, פארמאסקירט אלס טראצקי און דן אלס שווארצקאפ, געהען איצט ביידע ארום ניט ווייט פון דער נאך גאר יונגער נהלל, וואו עס שמעקט נאך אונטער אביסעל מיט מדבר. פון איין זייט א שטיי־נערנער בארג, וואו עס איז אמאל געשטאנען די הויפט־שטאדט פון מלכות ישראל — שומרון, און פונקט אנטקעגען בארג שטעהען פרא־וויזאריש הייזלאך, פשוט׳ע געצעלטען און רעשטלאך פון די מיליטע־רישע ענגלישע מלחמה־ביידלאך.

— נהלל — דערקלערט דן, — טראגט דעם סטיל פון ערנסטען, עהרליכען, פראקטישען, הארעפאשנעם פויער. מען האט דא אויך גרוים אפשיי פאר נאציאנאלע און רעליגיעזע טראדיציעס. אפילו א שוחט פארמאגט נהלל. אבער דער שוחט איז ניט קיין לעדיג־געהער. אין די פרייע שטונדען איז ער אויך א פויער, אזוי ווי אלע... נהלל איז ערנסט. אפילו די יונגע זיינען דא אויך געזעצטע פארשוינען. אין נהלל פארשטעהט מען זיך אויף א פערד און אויף א בהמה. אין נהלל איז א ווארט א רענדעל, און טאמער שמועסט מען אמאל סתם אין דער וועלט אריין, איז עס אינ׳ם נוסח פון אלטע וועטעראנען, וואס דערצעהלען וועגען געוועזענע פארשפילטע און געוואונענע מלחמות.

ס׳איז א שטיק מדבר. ניטא קיין פולשטענדיגע זיכערקייט. פון איין זייט בלאטעס און קדחת און פון דער אנדער זייט בעדואינער אלס שכנים, א פאלק, וואס איז נאך ניט גוט בא׳הבנ׳ט אינ׳ם ענין פון „מיינס־דיינס“. די בלאטעס מוז מען אויסטריקענען און געגען די ווילדע שכנים מוז מען תמיד שטעהן אויף דער וואך. אייגענליך א מלאכה פאר מיליטערישע ארמעען, און דא האבען עס גענומען אויף זיך די ארבייט בחורים מיט מיידלאך. פארשטעהט זיך, אז ביי אזא סארט לאגע מוז מען זיך האלטען חברות־וויז. דער איינצעלנער מענש קען ניט שטעלען אויף זיך גופא, בפרט בעת א סכנה...

און כאטש די אלע בחורים און מיידלאך זיינען שטאדט־קינדער, אויף פערד און אייזלען קיינמאל ניט געריטען, און קיין אקעראייזען קיינמאל אין די אויגען ניט געזעהן, זיינען פלוצלונג, ווי עפעס דורך דער נאכט געווארען ערד־ארבייטער. דערצו נאך אהן מיטלען, באזעצט זיך אלס קבוצה. איינער לערנט פון צווייטען. דער שוואכער איז ניט אזוי הילפלאז. אין שווערע מינוטען איז פאראן א שטיצע פון דער זייט. איין אינסטרוקטאר קען קלעקען אויף פינף מנינים. דערצו

טאָקע ביליגער אויך. איין שטוב, איין שטאַל, איין קיך און ברלית ברירה, קען אפילו איין בגד אויך סטייען פאַר עטליכע מיט אַמאָל, מ׳טהיילט זיך דורך אַלע אינאיינעם, און אַט אויף אזא אופן שאפט זיך עס די ארץ־ישראל׳דיגע קבוצה...

די קבוצה איז אַ גרויסע שולע, וועלכע לערענט: קיינמאָל אין קיינפאַל ניט באַנוצען זיך מיט פרעמדע הענט, נאָר העלפען איינער דעם צווייטען. ניט שטענדיג — נאָר אין אַן עת צרה... קהל׳שע שוהלען, קהל׳שע שפּיטאַלען, קאָאָפּעראַטיווען לעבען, אָבער אין אַרבייטען פאַר זיך און צוליעב זיך, און ממילא געניסט דער כלל.

— יאָ, ס׳איז זעהר אַ שווערע תקופה אין אידישען לעבען! — האָט לאָעב באַמערקט. — ווען אונזערע אַמעריקאַנער אידען וואָלטען עס נור באַגרייפען, וואָלטען זיי געקענט אין גאָר אַ קורצער צייט מיט זייער געלט און פעהיגקייטען פאַרוואַנדלען ארץ־ישראל אין אַ גן־עדן.

אָבער זיי וועלען עס מוזען באַגרייפען, פריהער אָדער שפּעטער. זאָל זיך נור עפענען אונזער אוניווערזיטעט אויפ׳ן הר הצופים, וועט איהר זעהן, ווי עס וועלען אַנהויבען קומען אַהער טוריסטען פון אַנקעל סעמ׳ס מדינה. פון ציוניסטען איז דאָך אָפּגערעדט, זיי וועלען דאָך אודאי מאַכען אַ נסיעה׳לע נאָך ארץ־ישראל, כאָטש ניט צום באַזעצען זיך, ווייל זיי לעבען נאָך אין טעות, דענקענדיג, אַז מען דאַרף נאָר זייער געלט, אָבער דער נפש קען נאָך לעת־עתה פאַרבלייבען אין חוץ לארץ. אָבער זיי וועלען קומען. די רייכערע וועלען „אינוועסטען״, די אָרימערע וועלען נאָר „זעהען״ די לאַנד, אָבער אַלע וועלען אַנהויבען משיג צו זיין „די נייע ווירקליכקייט״.

פאַרמעגליכע עלטערן וועלען שיקען אַהער זייערע קינדער אויף זייער וואַקאַציע. אַנדערע וועלען שיקען אַהער זייערע קינדער צו לערנען און עס וועט ווערען, ווי מען זאָגט, אַ בריק צווישען אַנקעל סעמ׳ס מדינה און ארץ־ישראל.

— און אפשר איז דאָס טאַקע אָט יענער לעגענדארישער בריק, איבער וועלכען מיר וועלען אַריינקומען אין אונזער לאַנד; אָט דער בריק פון די אַמעריקאַנער דאָלאַרען! — האָט לאָעב באַמערקט.

— מיר דוכט, אַז דאָרטען געהען די צוויי צובראָכענע שפּיר־הינט.— האָט דן באַמערקט. — איך מיין, אַז עס איז שוין צייט, אַז מיר זאָלען פאַר זיי אויפשפּילען איינע פון די ארץ־ישראל־אַמעריקאַנישע קאָ־מעדיס.

— אבינדב קומט אויך מיט זיי. מן הסתם דאַרף זיך די שפּיל באַלד אַנהויבען.

— אהער! אהער! — האט שווארצקאפּ (דן) געשריען פון ווייטען. און מעדוועדיעוו מיט טשערטשינסקי'ן זיינען געבליבען שטעהן פאר טראצקי'ן ווי אנגעצויגענע סטרונעס, מיט ציטערדיגע פּנימ'ער.

— חברים! — האט טראצקי מיט א פריינטליך־הארטען קול גע־זאגט. — איך האב היינט ערהאלטען פון ניגלאס'ן, פון אמעריקא, א געהיימע טעלעגראמע, אז בעטקע, די הויפּט־ריכטערין פון אונזער רויטער רעפּובליק, געפינט זיך ערגעץ אין ארץ־ישראל, און מיר מוזען אנווענדען אלע אונזערע כחות צו פאנגען איהר אין אונזער נעץ.

— מיר מוזען! מיר מוזען! — האט מעדוועדיעוו ציטערנדיג מיט אלע זיינע אברים געזאגט.

— מיר מוזען! מיר מוזען! טשארט פּאבערי! — האט טשער־טשינסקי איבערגע'חזר'ט.

— מיר מוזען פונאנדערשיקען אלע אונזערע אגענטען איבער גאנץ ארץ־ישראל און ניט איבערלאזען קיין איין ווינקעל. — האט שווארצקאפּ אויסגעשריען.

— דער יעניגער, וואס וועט זיין פון די גליקליכע איהר צו פאנ־גען, וועט ווערען איינער פון די גרעסטע לייט אין אונזער רויטער מלוכה! — האט טראצקי גדלות'דיג און שטייף געזאגט. — איך וועל איהם רעקאמענדירען אלס מיטגליד צום העכסטען סאוועטישען טריי־בונאל! פארשטעהט איהר מיך? אין דר'ערד אריין!...

— טשארט פּאבערי! איך וועל זי שוין דערטאפּען! — האט מעדוועדיעוו אויסגעשריען. יא, איך וועל! טשארט פּאבערי! — און זיינע אויגען זיינען געווארען אויפגערייצט און ווילד ווי ביי א פאר־וואונדעטע חיה.

אבער איין בליק פון שווארצקאפּ'ן האט פון איהם אוועקגענומען אלע זיינע חיה'שע געדאנקען און ער איז געבליבען מאכטלאז און שטום.

— איך וועל זי גיכער פון אלעמען פאנגען! — האט אבינדב גע־זאגט. — איהר דארפט ניט פארגעסען, אז איך בין קלאר אין אלע ווינ־קעלאך פון ארץ־ישראל.

— ניט אזוי גרינג, ברודער'ל! — האט טשערטשינסקי געזאגט. — פארגעסט ניט, אז זי איז געווען די הויפּטריכטערין פון אונזער רויטער רוסלאנד, אן אמת'ע גרויסע קאמוניסטקע. זי איז שטארקער און קלי־גער פון טייוועל אליין, טשארט פּאבערי! — און בעת מעשה האט ער מורא געהאט א קוק צו טאן אין דעם זייט וואו שווארצקאפּ איז געשטאנען.

און אזוי ווי זיי זיינען אלע געשטאנען און ארגומענטירט מכח בעטקען, איז פלוצלונג אנגעקומען נאך א שווארצקאפ, אבער פונקט ווי צוויי טראפען וואסער (ס'איז געווען בעטקע).

— וואס איז דאס? — האט טראצקי אויסגעשריען, און אלע זיינען געווארען ווי פארשטיינערט.

שווארצקאפ נומער צוויי איז צוגעגאנגען צו טראצקי'ן און האט שטאלץ געזאגט:

— איך קום ערשט פון דייטשלאנד אין זעהר א געהיימע שליחות. איך בין דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט צו האבען די עהרע צו שטעהן פנים־אל־פנים און ריידען מיט'ן גרויסען טראצקי, וועלכער האט אויפגעטרייסעלט די גאנצע וועלט.

— אבער וואס איז דא פאר א שווינדעל?! — האט טראצקי שטרענג געזאגט. — חבר שווארצקאפ איז שוין דא איבער דריי יאהר, און ער ארבייט אין די אינטערעסען פון אונזער רויטער מלוכה!

— גרויסער טראצקי! — האט שווארצקאפ נומער צוויי געענט־פערט. — דו ביזט דער גרעסטער מאן פון צוואנציגסטען יאהרהונדערט, און דו וועסט פארבלייבען אויף דורי־דורות דער גרעסטער היסטארי־שער אינטערנאציאנאלער העלד. און אויב דער גרויסער ניקאליי לענין וועט פארבלייבען פאר אלעמען א לעגענדארישע געשטאלט, וועסטו, גרויסער טראצקי, אימער זיין די היסטארישע געשטאלט, וועלכע האט געשאפען און ארגאניזירט. ניקאליי לענין האט געשאפען די שטימונג פאר'ן באלשעוויזם, אבער דער רויטער טראצקי האט ארגאניזירט דעם באלשעוויזם און געגרינדעט די ערשטע גרויסע רויטע סאוועטען רע־פובליק.

דענקסטו, אז איך וועל וואגען צו קומען זיך שטעלען פאר'ן גרוי־סען טראצקי ניט מיט מיין ריכטיגען נאמען און געשטאלט? — און ער האט ארויסגענומען פאפירען, וואו ס'ווערט באשטעטיגט, אז ער איז דער גרויסער שווארצקאפ האקענקרייצלער, פון דייטשלאנד, דער שטארקסטער מאן פון די דייטשע קאמוניסטען און א מיטגליד פון רויטען טריבונאל אין מאסקווא.

— וואס וועסטו דערויף ענטפערען? — האט טראצקי שטרענג גע־פרעגט שווארצקאפ'ן נומער איינס.

— מיינע פאפירען און דאקומענטען זיינען די עדות, אז איך בין דער אמת'ער שווארצקאפ, וועלכער איז אין געהיים געקומען נאך

אמעריקא, און אזוי גיך ווי ס'איז אנגעקומען דער געהיימער באפעהל פון מאסקווע צו פאהרען נאך פאלעסטינא, בין איך ערוועהלט געווא־רען פון דעם אמעריקאנעם קאמוניסטישען בונד אלס דער פאסענדסטער שליח נאך פאלעסטינא, דורכצופיהרען די גרויסע שליחות. און די גרויסע ארבייט וואס איך האב דא שוין אפגעטאן איז געקרוינט מיט גרויס ערפאלג. מיר ווארטען נאר אויף דער צייט, ווען די פארטרע־טער פון אלע נאציאנען פון דער וועלט וועלען זיך פארזאמלען ביי דער ערעפענונג פון אוניווערזיטעט, דאן וועל איך געבען דעם סיגנאל און דער קראך וועט זיך הערען איבער דער גאנצער וועלט!

— עך וועט עס זיין א קראך! — האט מעדוועדיעוו ארויסגע־בארכעלט.

— יא, א גרויסער קראך! — האט טשערטשינסקי צוגעשטימט. — טשארט פאבערי!

— וואו זיינען די פאפירען, וועלכע באשטעטיגען, אז איהר זייט דער אמת'ער שווארצקאפ? — האט טראצקי געדונערט.

— איך האב זיי איבערגעגעבען מעדוועדיעוו'ן, גלייך ווי איך בין געקומען, ווייל ער איז דאן געווען דער הויפט־אגענט פון די רויטע אין מזרח! — האט שווארצקאפ נומער איינס געענטפערט.

— וואס הייסט עפעס „דאן"? — האט טראצקי געשריען. — און ווער איז דא איצט דער הויפט־אנפיהרער, — ניט מעדוועדיעוו?

— ניין, גרויסער טראצקי! — האט שווארצקאפ נומער איינס גע־ענטפערט. — איצט בין איך דער אנפיהרער פון אלע רויטער אונטער־נעהמונגען.

— און ווער האט עס דיך געמאכט פאר'ן אנפיהרער? — האט טראצקי געשריען. — ווער האט עס געוואגט צו שטעלען זיך קעגען מאסקווע?

— מען האט מיך ערוועהלט, גרויסער טראצקי! — האט שווארצ־קאפ געענטפערט.

— מעדוועדיעוו! — האט טראצקי זיך געקאכט. — וואס טהוט זיך דא? ווי אזוי האסטו געוואגט איבערצומאכען מאסקווע? דער העכ־סטער טריבונאל פאר אויסלענדישע פראפאגאנדע האט דיך באפאל־מעכטיגט צו זיין דער אנפיהרער, אבער ניט קיין אנדערן! איז דאס דיין דיסציפלין?

מעדוועדיעוו'ן האט געווארפען ווי אין א קדחת. ער האט קוים געקענט ענטפערן:

— גרויסער טראָצקי! איך בין געטריי אונזער נייער תורה, וועלכע דער גרויסער ניקאָליי האָט אין אונז איינגעפּלאַנצט. ער איז ביי אונז דער אמת׳ער יעזוס פון באָלשעוויזם. איך, טשערטשינסקי, איזמאאיל און איבראהים האָבען געפּיהלט, אז ער, שווארצקאָפּ, איז קליגער פאר אונז אלעמען. א מאן וואָס ווייס די קליינע דראָבנע אותיות׳לאך פון אלע לשונות, נו, האָבען מיר איהם איבערגעגעבען די קאָמאַנדע, אינ׳ם נאָמען פון אונזער גרויסען אידעאַל.

— אמת! טשאָרט פּאָבערי! — האָט טשערטשינסקי באַשטעטיגט.

— נו, גוט! — האָט טראָצקי שוין אביסעל רוהיגער געזאָגט: — ווער איז אָבער פון דיביידע דער אמת׳ער שווארצקאָפּ? אין דר׳ערד אריין! (א ירושה פון פּייוולען).

— גרויסער טראָצקי! — האָט טשערטשינסקי גערעדט מיט ציטערניש. — אָט־אָ־דער וואָס איז מיט אונז שוין פון לאַנג איז דער אמת׳ער שווארצקאָפּ און אָט־אָ־דער פרישער מוז זיין עפּעס א שווינדלער, טשאָרט פּאָבערי!

— וואו זיינען די פּאַפּירען פון שווארצקאָפּ נומער איינס? — האָט טראָצקי געפרעגט מעדוועדיעוו׳ן.

— איך האָב זיי פאַרברענט, גרויסער טראָצקי, אויספאַרזיכטיגקייטס־וועגען, כדי איך זאָל זיי ניט פאַרלירען! — האָט ער געכאָרכעלט.

טראָצקי האָט זיך פאַרטראַכט. אלע ארום זיינען געבליעבן שטיל. פּלוצלונג האָט ער געגעבען א שטרענגען באַפעהל:

— דער ערשטער שווארצקאָפּ איז דער ריכטיגער און דעם צווייטען זאָל מען תיכף בינדען און אוועקשלעפּען אין אָט יענער חורבה. היינט ביי נאַכט וועלען מיר זיך מיישב זיין וואָס מיט איהם צו טאָן. מיר וועלען אָנווענדען אלע אונזערע טשעקאיסטישע מעטאָדען, ביז ער וועט זיך מוזען מודה זיין ווער ער איז, און נאָכדעם וועל איך ארויסגעבען דעם פּסק.

שווארצקאָפּ נומער צוויי האָט געוואָלט אַנטלויפען און אלע האָבען זיך גענומען יאָגען נאָך איהם. עס האָט פּאַסירט פּונקט דער היפּוך, אז מען האָט געבונדען שווארצקאָפּ נומער איינס, אונזער דנ׳ען.

אבינדב, מעדוועדיעוו און טשערטשינסקי האָבען איהם אוועקגעשלעפּט אין יענער חורבה, וואו אונזערע רויטע אגענטען האָבען איינמאָל געהאַט די עהרע איבערצונעכטיגען.

אבינדב איז אוועק און די צוויי רויטע העלדען זיינען פאַרבליבען אין חורבה מיט׳ן געבונדענעם.

זיי זיינען געשטאַנען און האָבען זיך געטרייסעלט. זיי האָבען זיך דערמאָנט אַז יענער שרעקליכער נאַכט און עס האָט זיי גענומען שווידערן.

— מעדוועדיעוו! — האָט דער געבונדענער שוואַרצקאָפּ אַ געשריי געטאָן. — קום אהער גיכער!

— וואָס איז? דו פאַרפלוכטער שווינדלער! — האָט זיך מעדוועדיעוו געטרייסעלט.

— שאַ, שריי ניט אַזוי! — האָט דער געבונדענער זיך געבעטען. — איהר האָט געמאַכט אַ גרויסען טעות. ווען אַלע האָבען זיך געיאָגט נאָך שוואַרצקאָפּ נומער צוויי, האָט איהר מיך, אַנשטאָט יענעם געבונדען. איך בין בעטקע, די הויפּטריכטעריין פון רויט-רוסלאַנד! בינדט מיך גיכער אויף!

— וואָאָס?! האָבען ביידע אויסגעשריען און די אויגען האָבען ביי זיי גענומען אַרויסקריכען פון קאָפּ. — וואָס? בעטקע?!...

זיי האָבען גענומען רייסען די האָר פון קאָפּ און טשערטשינסקי האָט גענומען קלאַפּען זיין קאָפּ אָן די שטיינער פון דער חורבה. זיי האָבען אויסגעזעהן ווי משוגעים.

— בינדט מיך פונאַנדער! — האָט זיך שוואַרצקאָפּ געבעטען. און זיי זיינען אַרומגעלאָפען און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

— איהר פאַלשע מענשען! — האָט שוואַרצקאָפּ געשריען. — אַט אַזוי ליבט איהר מיך? ווען ס׳קומט אַן עת צרה ווילט איהר זיך אַרויסדרעהען! יעדער איינער האָט מיך געשוואָרען אמת׳ע ליבע! יעדער איינער פון אייך האָט מיר געשוואָרען, אַז ער וועט פאַר מיר זיך מקריב זיין! בינדט מיך פונאַנדער!

— מעדוועדיעוו, מיין טייערער! מיין געליעבטער! ראַטעווע מיך! מיר וועלען ביידע אַנטלויפען! קום, מיין גוטער מלאך! בינד פונאַנדער מיינע הענט און איך וועל דיך צודריקען צו מיין ברוסט, וועלכע קלאַפּט מיט ליבע צו דיר!

מעדוועדיעוו האָט זיך אַנגעבויגען און איז געווען פאַרטיג אויפצובינדען די שטריק, אָבער טשערטשינסקי איז אויף איהם אַרויפגעפאַלען. זיי האָבען זיך גענומען קייקלען איבער דער ערד, שטיקען, רייסען, בייסען איינע די אַנדערע. זיי האָבען געזשיפּעט ווי שלאַנגען, געכאַרכעלט, ווי ניט דערקוילעטע אָקסען.

און שוואַרצקאָפּ ליגט און טענה׳ט:

— ווער עס וועט מיך ראטעווען, מיט יענעם וועל איך אנטלויפען. איך וועל אויסקושען אלע זיינע גלידער. אַ, איך, בעטקע, די הויפּט־ריכטערין פון רוסלאנד, ווייס ווי צו ליבען ווער ס׳איז ווערט.

די ראַנגלעריי און זשיפּעריי פון די צוויי רויטע האט זיך געשטארקט פון מינוט צו מינוט.

פּלוצלונג האט זיך דערהערט אַ דונער־שטימע אין חורבה:

— וואס איז דאס? וואס הערען מיינע אויערען? וואס זעהען מיינע אויגען?...

זיי האבען אפּגעלאזען איינער דעם צווייטען. זיי האבען זיך ארומגעקוקט און ארויסגעלאזען אַ פארצווייפעלטען געשריי:

— ניקאליי לענין!...

ניקאליי לענין איז געשטאנען פאר זיי און האט זיך ניט גערירט פון אָרט, און זיי זיינען געבליבען ווי צוגעוואקסען צו דער ערד.

זיי האבען געהערט ניקאלייס שטימע, אָט די שטימע וועלכע איז זיי געווען גוט באקאנט:

— קינדער מיינע! איך קען רוהיג ניט איינליגען אין מיין קבר! ביז די יעניגע, וועלכע האט מיך געשאסען און מיך פריהצייטיג גע־טריבען אין קבר אריין וועט ניט באקומען איהר שטראף! בעטקע די הויפּטריכטערין פון מיין רויטער מלוכה האט מיך געשאסען! איך בין געקומען צופליהען אויף אַ וואלקען, געשוואומען איבער אלע ימים, געפלויגען איבער מדבריות, אום דעם סוד, ווער עס האט מיך דער׳הרג׳עט אייך ארויסצוגעבען. אָט זי, מיין מערדערין, געפינט זיך איצט אין דער אידישער מדינה, אין ארץ־ישראל, אָבער דער אידישער נאט באהאלט זי אונטער זיינע פליגלען און וויל מיר ניט אנטפּלעקען וואו איהר באהעלטעניש איז.

איך האב זיך געפרעגט ביי יעזוס׳ן, אפשר וועט ער מיר אויס־זאגען וואו זי באהאלט זיך. אָבער יעזוס איז אין כעס. ער זאגט, אַז זיין תורה האט מען פארלאזען און מען איז אַוועק אין די דרכים פון סאנט פּאול׳ן, וועלכע זיינען פאלש פון אָנהויב ביז׳ן סוף. איך האב פאר איהם זעהר שטארק געוויינט, האט ער מיר אנטפּלעקט, אַז איהר, מעדוועדיעוו און טשערטשינסקי ווייסט וואו זי געפינט זיך און איהר וועט קענען נעהמען ראכע פאר מיר. געדענקט מיינע קינ־דער! — און ער איז פארשוואונדען.

זיי זיינען נאך אַלץ געלעגען ווי צוגעוואַקסען צו דער ערד, אָבער זיין שטימע און יעטווידער וואָרט זיינער האָט ווי אַ האַמער געקלאַפּט אין זייערע מחות און געלעכערט זייערע הערצער.

עס האָט גענומען אַ היבשע צייט ביז זיי זיינען געקומען עטוואָס צו זיך.

— טשערטשינסקי טייערער! — האָט פּלוצלונג שוואַרצקאָפּ זיך גע־נומען בעטען: — בינד מיך אָפּ! לאָמירביידע אַנטלויפען! קום מיט מיר, מיין נשמה! איך וועל דיך האַלדזען און קושען! קום, מיין מלאכ׳ל! לאָזען אונזערע ביידענס ליפּען זיך באַהעפטען אין אַ לאַנגען אייביגען קוש!...

טשערטשינסקי איז געוואָרען ווילד. לעניג׳ס בקשה פון איין זייט און שוואַרצקאָפּ׳ס פון דער צווייטער זייט... ער האָט געהערט צוויי שטימען: לעניג׳ס און בעטקעס. די ערשטע האָט גערופען צו נקמה און די צווייטע צום גן־עדן.

מערוועדיעוו איז אויפגעשפּרונגען:

— בעטקע! — האָט ער געזשיפּעט. — האָסטו געהערט זיין קול?...

— וועמענס קול?

— ניקאָליי לעניג׳ס!

— דו ביזט פון זינען אַראָפּ, מערוועדיעוו! יענער איז שוין לאַנג טויט און טויטע קענען ניט אַרומגעהן. ניט אַנדערש, אַז דיר האָט זיך עס געמוזט אויסדוכטען! אָבער בינדט מיך שוין אָפּ! — האָט זיך שוואַרצקאָפּ גענומען בעטען.

— ניין! — האָט מערוועדיעוו אויסגעשריען. — דו מוזט שטאַרבען! דו האָסט ערמאָרדעט אונזער נייעם רויטען יעזוס׳ן. איך וועל דיך דערווערגען מיט מיינע אייגענע הענט, דו פאַרפלוכטער טייוועל!

טשערטשינסקי האָט אָבער געשריען להיפוך:

— צום טייוועל מיט דיין רויטען יעזוס׳ן. מיר איז גוט דער שוואַר־צער יעזוס!

און שוואַרצקאָפּ האָט גערעדט ווי פאַר זיך:

— איצט זעה איך ווער עס איז מיר געטריי און ווער עס ליבט מיך אויף אַן אמת. קום צו מיר, מיין טייערער ליעבער טשערטשינסקי, קום און כ׳וועל דיך גוט אָנקושען.

טשערטשינסקי האָט שוין געוואָלט איהר אָפּבינדען, אָבער מער־וועדיעוו האָט זיך אין איהם איינגעקלאַמערט, און זיי האָבען זיך ווידער גענומען רייסען און בייסען נאָך מיט מעהר גיפט ווי פריהער.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַן אומנאַטירליכע שטימע:

— וואָס הערען דאָס מיינע אויערען און וואָס זעהען דאָס מיינע אויגען?

אַ גרייז־גרויע געשטאַלט איז געשטאַנען פאַר זיי.

— איך בין סאַנט פּאָול, דער אָרגאַניזאַטאָר פון קריסטענטום. איך האָב געהערט ווי מיינע קינדער רייסען זיך און בייסען זיך ווי די חיות, זשיפּען ווי די שלאַנגען. קינדער מיינע! יעזוס איז דער גאָט פון ליבע און פון פרידען. אונזער מאָטאָ איז: „דאָס צוועק הייליגט דעם מיטעל".

די געשטאַלט איז פאַרשוואונדען.

— בעטקע! — האָט טשערטשינסקי אויסגעשריען:

— דו האָסט געהערט?...

— יאָ, מיין ליבער. איך האָב געהערט! ער האָט געזאָגט אַז „יעזוס איז דער גאָט פון ליבע" און „דאָס צוועק הייליגט דעם מיטעל". קום, ליבער, לאָמיר זיך ליבען אַזוי ווי יעזוס האָט געבאָטען.

— ניין! — האָט מעדוועדיעוו געזשיפּעט. — אונזער גאָט איז ני־קאָליי לענין און אונזער סאַנט פּאָול איז דער גרויסער טראָצקי! סאַנט פּאָול האָט פאַרניכטעט די אימפּעריע פון רוים, און טראָצקי האָט פאַרניכטעט די אימפּעריע פון רוסלאַנד. די באָלשעוויסטישע שטאַטס־מאַכט, וועלכע איז געבויט אויף דער רויטער אַרמעע, האָט טראָצקי געשאַפען און ניט לענין. לענין איז דער קריסטוס פון באָלשעוויזם, אַלע מוזען אין איהם גלויבען, סיי די רעכטע און סיי די לינקע, אַזוי ווי אין קריסטוס׳ן גלויבען סיי קאַטויליקען, סיי פּראָטעסטאַנטען און אַנדערע. און טראָצקי איז דער רעאַלער באַגרינדער פון דער פּאָליטי־שער וועלט־מאַכט פון באָלשעוויזם.

פלוצלונג איז אַריינגעקומען דער אַלטער אברהם בן אברהם. ער האָט גענומען ריידען:

— עה, קינדערלאַך! איהר קריגט זיך אומזיסט. איך האָב גע־קענט אַלעמען: יעזוס׳ן מיט סאַנט פּאָול׳ן און לענינ׳ן מיט טראָצקי׳ן. עה, קינדערלאַך! מיר וויסען אַלע גאָרנישט מיט גאָרנישט, מיר זיינען נאָר אינסטרומענטען אין די הענט פון דעם אידישען גאָט, וועלכער איז דער אמת׳ער גאָט פון דער גאַנצער וועלט.

דער אַלטער רוימישער צעזאַר האָט חרוב געמאַכט און פאַרניכ־טעט די אַלטע יהודה און זיינע יורשים האָבען געוואָלט פאַרניכטען

דאָס גאַנצע אידישע פאָלק. איז געקומען סאַנט פאָול דער איד און האָט צושמעטערט די רוימישע אימפּעריע.

און אַט די פאַרברעכערישע פּאָליטיק פון צעזאַר האָבען נאָכגעטאָן די רוסישע צאַרען און האָבען געוואָלט פאַרניכטען דאָס פאָלק ישראל. נו, איז געקומען דער איד טראָצקי און האָט פאַרניכטעט די רוסישע אימפּעריע. דער גאָט פון דער אַלטער יהודה איז שטאַרקער פון די רוימישע און רוסישע אימפּעריעס, און פון די צעזאַרס מיט די צאַרען. ווי איך בין אַ איד!

ס׳איז אַריינגעלאָפען אַ גרויסער הונט. זיי האָבען דערקענט אַט יענעם הונט. זיי האָבען זיך פאַררוקט אין די ווינקעלאַך.

דער הונט האָט געשמעקט, געהאווקעט און האָט פּלוצלונג געגעבען אַ שפּרונג אויף מעדוועדיעוו׳ן. ער האָט איהם גענומען רייסען און בייסען און לסוף האָט ער איהם אָפּגעביסען אַ שטיק אויער און איז אַרויסגעלאָפען. מעדוועדיעוו האָט אַרויסגעלאָזען משונה׳דיגע קולות פון שרעק און וועהטאָג.

— גיך, מאַך מיך פריי! — האָט זיך שוואַרצקאָפּ פּלוצלונג גענומען בעטען ביי טשערטשינסקי׳ן.

ער האָט זיך שוין געוואָלט נעהמען צו דער אַרבייט און אָפּבינדען די שטריק. אָבער מעדוועדיעוו האָט זיך ווי אַ טיגער אויף איהם געוואָרפען. ער האָט איהם גענומען שטיקען און ווערגען.

אָבער אין מיטען דערינען זיינען אָנגעקומען טראָצקי, יהודה, נפתלי און אברהם בן אברהם. מען האָט געמאַכט ליכטיג אין חורבה.

— וואָס איז דאָס? — איז טראָצקי אַריין אין רציחה — און איהר זייט עם די שומרים פון דער רויטער תורה? — האָט ער געדונערט.

צובלוטיגטע, צושראָקענע האָט מען זיי אָוועקגעזעצט אויף אַ באַנק. צעהן שטאַרק געבויטע יונגען זיינען אַריין אין חורבה, מען האָט זיך אויסגעשטעלט ווי סאָלדאַטען און מען האָט אָפּגעבונדען שוואַרצקאָפּ׳ן.

מען האָט געבראַכט אַ טיש. טראָצקי האָט זיך געזעצט אויבנאָן. יהודה פון רעכטען זייט, אברהם בן אברהם פון לינקען זייט, נפתלי אַנטקעגען און מעדוועדיעוו און טשערטשינסקי׳ן אויף דער צווייטער באַנק אַנטקעגען.

טראָצקי האָט אָנגעהויבען צו ריידען:

— ביי יעדען פאָלק משפּט מען אַ שפּיאָן זעהר שטרענג און ביי אונז נאָך שטרענגער, ווייל די רויטע מדינה איז נאָך יונג. מיר זיינען אַרומגערינגעלט פון שונאים מבית ומחוץ. דער געבורט פון אונזער

רויטער מלוכה איז דורכאויס פון אכזריות. קיין רחמנות עקזיסטירט ניט ביי אונז. מיר האבען געשוואנגערט מיט האס און נקמה און מיר האבען געבארען נקמה, אכזריות, רציחה און בלוט־פארגיסונג.

קינ׳ס צייכען איז אונזער פאהן, דארום וועט קיינער ניט ערווארטען קיין רחמנות און יושר, ווייל ס׳איז געגען אונזער רויטער תורה. אבער מיר לעבען אין צוואנציגסטען יאהרהונדערט און מיר מוזען זיך פיהרען ווי ציוויליזירטע מענשען און געבען א געלעגענהייט דעם אנגעקלאגטען זיך צו פארטיידיגען. מיר מוזען דורכפיהרען די צערעמאניע אויפ׳ן געזעצליכען אופן.

— אנגעקלאגטער. מיט וואס קענט איהר זיך פארטיידיגען?

— דו גרויסער טראצקי! — האט שווארצקאפ גערעדט. — איך בין ביי דיר אין די הענט. דו קענסט טאן מיט מיר וואס דו ווילסט. אבער פאר מיין טויט שווער איך, אז איך בין ניט קיין פאררעטער, ניט קיין קאנטער־רעוואלוציאנער, נאר דער אמת׳ער שווארצקאפ, לויט ווי מיינע פאפירען האבען דייטלאך באוויזען. זאל מיין אומשולדיג בלוט פאלען אויף יענע קעפ, וועלכע וועלען עס פארגיסען!

— חברים! טהוט אייער פליכט! — האט טראצקי א געשריי געטאן.

צעהן הענט מיט אנגעשטעלטע רעוואלווערען האבען זיך אויפגעהויבען.

— האלט! — האט מיט ניט־מענשליכע קולות געשריען טשערטשינסקי.

— וואס איז דאס? — האט טראצקי געשריען. — וואס ווילסטו ווייטער זאגען?

— גרויסער טראצקי! ס׳איז ניט דער פאלשער שווארצקאפ. מיר האבען דורך א טעות געבונדען דעם אמת׳ן אנשטאט יענעם.

— ביזטו זיכער? — האט טראצקי געשריען.

— יא, גרויסער טראצקי! ס׳איז געמאכט געווארען א גרויסער טעות, טשארט פאבערי!

מעדוועדיעוו האט זיך גענומען טרייסלען און האט מיט די לעצטע כחות גענומען ריידען: גרויסער טראצקי! ניקאליי איז אונזער נייער יעזוס און דו ביזט אונזער גרויסער סאנט פאול!

— וואס פלוידערסטו? — איז טראצקי אריין אין רציחה. — וואס מיר יעזוס, סאנט פאול! רייד קלארע דבורים!

— יא, גרויסער טראַצקי! אַ גרויסע זינד האָב איך באַגאַנגען. — און ער האָט דערצעהלט, ווי ער מיט טשערטשינסקי׳ן האָבען געוואָלט ראַטעווען בעטקען, די הויפּט־ריכטערין פון רוסלאַנד, וועלכע האָט דער־שאָסען דעם הייליגען ניקאָלייען, נאָר צוליב זינדיגע ליבע, ווי אַזוי זי האָט זיך אַ גאַנצען יאָהר אויסבאַהאַלטען אונטער דעם נאָמען שוואַרצ־קאָפּ, נאָר היינט האָט ער אַליין גערעדט מיט׳ן הייליגען ניקאָלייען און יענער וויל דורכאויס נקמה.

—און איך האָב אַליין גערעדט מיט׳ן הייליגען סאַנט פּאָול׳ן — האָט טשערטשינסקי אויסגעקרעכצעט און ער האָט מיר בפירוש גע־זאָגט, „אַז דאָס צוועק הייליגט דעם מיטעל“, „און יעזוס איז דער גאָט פון ליבע“.

— משוגעים! — האָט טראַצקי געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. — זיי זיי־נען אַראָפּ פון זינען... נאָר יערענפאַלס, לאָמיר זיך נעהמען צום ענין.

— זייט איהר די פאַרשטעלטע הויפּט־ריכטערין פון רויטער רוס־לאַנד? — האָט ער שטרענג געפרעגט.

— ניין, גרויסער טראַצקי! איך בין דער אמת׳ער שוואַרצקאָפּ האַקענקרייצלער פון דייטשלאַנד, דער שטאַרקסטער מאַן אין דער רויטער באַוועגונג.

— ס׳איז פאַלש! — האָט מעדוועדיעוו געשריען! ס׳איז די שווינדלערקע בעטקע, די הויפּטריכטערין, וועמען איך, זינדיגער, האָב גע־האָלפען זיך צו באַהאַלטען אַ גאַנץ יאָהר.

— וואָס זאָגסטו, טשערטשינסקי? — האָט טראַצקי געדונערט.

— איך זאָג, אַז ער איז דער אמת׳ער שוואַרצקאָפּ און מעדוועדיעוו האָט אויף אַן אמת געמוזט אַראָפּ פון זינען, טשאָרט פּאָבערי! האָסטו געהערט אַז אַ מאַנסביל זאָל זיין אַ בעטקע?! טשאָרט פּאָבערי!

טראַצקי האָט זיך איבערגעקוקט מיט יהודה׳ן. ס׳איז געוואָרען שטיל. צוויי חברים האָבען אַראָפּגעצויגען די קליידער פון שוואַרצ־קאָפּ׳ן. אַלע האָבען דערזעהן אַ שעהן געזונטען מאַנסבילשען קערפּער.

טראַצקי האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אויף מעדוועדיעוו׳ן. ער האָט איהם ערקלעהרט פאַר משוגע.

טשערטשינסקי האָט זיך גענומען רייסען די האָר פון קאָפּ. ער האָט געשריען מיט די לעצטע כחות:

— גרויסער טראַצקי! גרויסער סאַנט פּאָול! אָט דאָס איז טאַקע דער פאַלשער שוואַרצקאָפּ, טשאָרט פּאָבערי! איך האָב געמאַכט זעהר אַ גרויסען טעות. אָט יענער איז דער אמת׳ער און מיר האָבען געבונדען דעם פאַלשען.

— גיך ברענג אהער דעם צווייטען שווארצקאפ׳ן, מיר מוזען איינ־מאל פאר אלע מאל די זאך אויספלאנטערן. — האט טראצקי געקאָ־מאנדעוועט.

ווען דער צווייטער שווארצקאפ איז אריינגעקומען האט טראצקי מיט כעס אויסגעשריען:

— טשערטשינסקי! מיט וואס קענסטו מיר אויפצייגען אז דאס איז דער אמת׳ער שווארצקאפ?

— מיט וואס? — האט ער גענומען שטאמלען, — ווייל אט דער איז א מיידעל!

אלע האבען זיך פונאנדערגעלאכט, נאר מעהר פון אלעמען האט גע־לאכט נפתלי.

— ער איז אויך אראפ פון זינען! — האט טראצקי באמערקט.

— ניין! גרויסער טראצקי! איך בין ביי מיין קלאהרען פאר־שטאנד, טשארט פאבערי! הלואי געה איך טאקע אראפ פון זינען!

צוויי חברים האבען גענומען רייסען די קליידער פון צווייטען שווארצקאפ׳ן. — ער האט אבער א געשריי געטאן:

— שטעהט! ריהרט מיך ניט אן! איך בין די הויפט־ריכטערין פון רוסלאנד! — און ער האט אראנטערגענומען די מאסקע.

בעטקע איז געשטאנען אין איהר פולען פראכט און גלאנץ. די מאנסבילשע קליידער האבען איהר נאך מעהר חן צוגעגעבען.

— יא! — האט זי אויסגעשריען. — איך בין געווען די הויפט־ריכטערין פון די רויטע, און איך אליין האב פאר׳משפט דעם גרעסטען רויטען צום טויט. און איך האב ניט קיין חרטה. דעם גרויסען טראצ־קי׳ן וועט דער אידישער גאט אליין משפט׳ן.

— פיהרט זי אוועק! — האט טראצקי שטרענג באפוילען. — האלט ארום איהר א שטארקע וואך, ביז מיר וועלען איהר אפפיהרען נאך דער רויטער מלוכה.

פלוצלונג איז מעדוועדיעוו צוגעלאפען צו יהודה׳ן, ער האט גע־כאפט קושען זיינע הענט. ער האט זיך פאר איהם מודה געווען אין דעם פארברעכען פון יענער נאכט, ווען זיין שושנה איז פארשוואונדען געווארען.

ער האט געקוקט אויף טשערטשינסקי׳ן מיט א ווילדער רציחה, און טשערטשינסקי אויף איהם מיט שוים אויף די ליפען און זיי ביידע אויף בעטקע׳ן, וועלכע איז געשטאנען צווישען דער וואך ווי א פרינצעסין.

פלוצלונג איז אריינגעלאפען שושנה. יהודה האט זי ארומגעכאפט און געקושט. זי האט דערצעהלט פאר אלעמען, ווי אזוי אט דיביידע טייוולען האבען זי אין יענער נאכט אוועקגעשלעפט אין דער חורבה.

די צוויי רויטע שפיאָנען האבען שוין מעהר ניט געקענט אריבער־טראָגען. ס׳איז שוין ווירקליך געוועזען איבער זייערע כחות.

זיי זיינען אויף אן אמת ווי משוגע געוואָרען און מען האט זיי אוועקגעפיהרט אין א משוגעים־אנשטאלט.

אברהם בן אברהם האט דער לעצטער גערעדט:

— עד, קינדערלאך! איך האב זיי געזאָגט, אז די אלטע יהודה איז שטארקער ווי די אלטע רוים. רוים איז שוין אויף דער וועלט ניטאָ און די אלטע יהודה איז געוואָרען איבער־א־נייעם יונג, שעהן און שטארק, ווי איך בין א איד!



# פינפטער טהייל

זעקס-און-פערציגסטער קאפיטעל.

## אויף דער אידישער שיף „זבולון“

גאנץ ניו יארק איז געווען אויפגעשטורעמט און אויפגערודערט. שוין פון גאנץ פריה אן האבען זיך מאסען מענשען געצויגען צום ניו יארקער האפען, און שוין ארום אכט אזייגער איז דער האפען געווען פארפלייצט פון א ים מענשען-קעפ.

דאס וועטער איז געווען שעהן, דער הימעל איז געווען לויטער, די זון האט העל געשיינט; אלע נייע מענשען זיינען אנגעקומען און יעדער האט מיט נייגעריגקייט זיך געשטופט צום פראנט.

וואס האט דיעזע מענשען אהער צונויפגעבראכט? ווארום דריקט אוים יעדענ'ס געזיכט אזוי פיעל נייגעריגקייט?

די אורזאכע פון דעם גערודער איז געווען די וואונדערבארע מעלדונג, וועלכע איז ערשינען אין אלע ניו יארקער צייטונגען, אז די אידישע שיף „זבולון“ מאכט די ערשטע רייזע נאך ארץ-ישראל. אט דיעזע מעלדונג האט צונויפגעטריבען צום ניו יארקער האפען אזא געוואלדיגע מאסע מענשען.

אויף אלעמעס ליפען איז געווען דער נאמען „זבולון“ — „די אידישע שיף“. איינער, קענטיג א צייטונגס-מאן, האט ערקלעהרט, ווארום די שיף הייסט „זבולון“. — ווייל דער שבט זבולון האט געוואוינט ארום די האפענס: „זבולון לחוף ימים ישכון“ און ער האט געווים געהאט א גרויסע האנדעלס-פלאטע; זבולון האט געהאט א סך האנדעלס-שיפען פאר פאסאזשירען, עקספארט און אימפארט און דערפאר האט מען א נאמען געגעבען די שיף „זבולון“.

— איז הייסט עס, אז די שיף איז טאקע אן עכט אידישע? — האט אימעצער אריינגעווארפען א באמערקונג.

— געוויס! — האט א צווייטער געענטפערט. — מען זעהט דאך אפילו נאך די פארב. עס איז געפארבען ווייס און בלוי.

— און די שיפס־קאפיטאנען מיט די מאטראזען זיינען אויך אי־דישע?" — האט נאך איינער געפרעגט.

— אודאי אידישע! — האט א הייסער ציוניסט געענטפערט. — זיי האבען זיך געלערענט צו זיין קאפיטאנען און מאטראזען אויף אנדערע שיפען פאר לאנגע יאהרען, און איצט זיינען די קינסטלער אויף די ימים. — ער האט נאך עפעס געוואלט זאגען, אבער א הילכיגער הידד־געשריי האט דערטרונקען זיינע ווערטער, ווייל אין דער זעלבער צייט האט א יונגער אפיצער, בלוט און מילך, צארט און שעהן ווי א מיידעל, ארויפגעצויגען די אידישע ווייס־בלויע פאהן. אלכסנדר איז ווי אן אלטער שטאלצער פרינץ געשטאנען אין דער הויך און האט מיט א שטארקע קלינגענדיגע שטימע געמאכט די ברכה „שהחינו!" די שיפען פון כל־ערליי נאציאנען, וועלכע זיינען דאן געשטאנען אין האפען, און א ספעציעלער סקאדראן פון אנקעל סעמ'ס לופט־שיפען אין דער הויך, האבען אלע מיט איינמאל אויסגעשאסען און באגריסט די אידישע פאהן.

דאס זעלטענע בילד האט ווי עלעקטריזירט דעם עולם, און א הילכיגער, הייליגער הידה, צוזאמענגעמישט מיט די טענער פון התקוה האט דורכגעשפאלטען די לופט.

דער עולם איז געווען אזוי פארכאפט און פארנומען, אז קיינער האט ניט באמערקט א מערקווירדיגען פאל, וועלכער וואלט פיעלע נעקענט אנשטויסען אויף אינטערעסאנטע גערדאנקען.

עס איז פארגעקומען פאלגענדעס: אין דער צייט ווען דעם קאַ־פיטאנ'ס שיפעל איז שוין געווען ביי דער „זבולון", איז א צווייטע שי־פעל פארבייגעלאפען דעם קאפיטאנ'ס שיפעל און האט מיט זיין לאפעטע (ווע‌סלע) ארויסגעשלאגען דעם קאפיטאנ'ס לאפעטע. ער האט די וועסלע באלד אונטערגעכאפט און האט זי איהם דערלאנגט, איבערנעהמענדיג ביי איהם די וועסלע האט דער קאפיטאן אונבאַ־מערקט אריינגעלעגט אין זיין האנט א שטיקעל פאפיר און דער מאן איז באלד אוועק צום ברעג.

ווי ער איז נאר ארויס אויפ'ן ברעג, האט ער דאס שטיקעל פאפיר פונאנדערגעעפענט און געלעזען פאלגענדעס:

„שיק תיכף א טעלעגראמע צו יהודה'ן, אז די זבולון פאהרט היינט ארויס. אויפ'ן שיף פאהרט פארשטעלט דער הויפט־תליון פון טשעקא,

„דזשערדזשינסקי". ער קוקט אויס ווי אן ארמעניער, זיין פּנים איז באדעקט מיט גרויסע לעבער, אויסגעגעסענע פון פּאָקען. איבער זיין פּנים ציהען זיך צוויי לאנגע נעט פון א מעסער־שניט און איין אויג איז ביי איהם פארמאכט, אבער דאָס צווייטע אויג זעהט זעהר ווייט און דרינגענד. באגעגענט אונז אין נעאפּאל".

אין דער צייט ווען דער אונבאקאנטער איז געגאנגען ערפילען זיין שליחות מכח דער טעלעגראמע, האָט דערווייל דער גרויסער עולם גע־האלטען אין איין שרייען הידד פאר „זבולון".

דער קאפּיטאן, חבר מלכיאל, א שעהן קרעפּטיגער יונגערמאן, הויך ווי א צעדערבוים פון וואלד־לבנון, מיט זיינע באגלייטערס, זיינען ארויף אויפ'ן דעק פון דער שיף. דער ערשטער אָפיצער יהודה, א שעהן און נאָך גאָר יונג בחור'ל, מיט א מיידעלשען פּנים און שווארצע גרויסע מזרח־אויגען, מיט'ן צווייטען אָפיצער ישראל, וועלכער האָט אויסגעזעהן ווי א צווילינגס־ברודער צום ערשטען, נאָר עטוואָס על־טער, האָבען אונטערזוכט, אויב אלעס אויפ'ן שיף איז אין אָרדנונג. און ס'איז געגעבען געוואָרען די קאָמאנדע אָפּצופאָהרען.

דער קאפּיטאן איז געשטאנען אויף זיין בריקעל און האָט גע־געבען באפעלע. פלינק האָבען זיך די מאטראָזען א וואָרף געטאָן צו זייער ארבייט. עס איז געווען ניכר, דאָס אויסער זייער פלינקייט איז עס ביי זיי געטאָן געוואָרען ווי א התלהבות'דיגע תפלה.

ביי א האלבע שטונדע האָבען געדויערט די הכנות. ענדליך האָט זיך די „זבולון" גענומען ריהרען. לאנגזאם, לאנגזאם האָט זיך איהר וויים־בלויער קערפּער גענומען באוועגען. דער קאפּיטאן מיט די אָפי־צירען זיינען געשטאנען אויפ'ן דעק און זיך גענייגט צום גרויסען עולם, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען הידד. לו דער שווייגער, גולד און פיעלע הונדערטע פּראָמינענטע לייטע פון די פאראייניגטע שטאָטען, אידען און קריסטען, וועלכע זיינען געפאָהרען צו דעם ער־עפענונג פון אידישען אוניווערזיטעט, זיינען ארויס אויפ'ן דעק. דער עולם האָט גענומען פאָכען מיט ציוניסטישע און אמעריקאנישע פאָה־נען, מיט טיכלאך און הימלען. פון דער שיף האָט מען געענטפערט מיט די זעלבע געפיהלען און התלהבות.

הויך איבער דער אויבערשטער מאסט האָט געפלאטערט די וויים־בלויע פאָהן, וועלכע האָט אלעמען באגריסט מיט א שלום!

און די „זבולון“ איז ארויס אויף איהר ערשטע רייזע, וואו עס האבען אויף איהר געלויערט געהיימע שונאים און וואו עס האבען איהר ערוואַרטעט פיעלע געפאהרען.

לאַנג־לאַנג איז דער הונדערט־טויזענדיגער עולם נאך געשטאַנען ביים האפען, כאַטש די „זבולון“ איז שוין לאַנג פארשוואונדען געווען פון זייערע אויגען.

אין דער צייט ווען די זבולון האט מאַיעסטעטיש געשפאַלטען די כוואַליעס, וועלכע האבען איהר באַגריסט מיט שמחה, דערזעהענדיג איהר נאך אזוי פיעל יאהרען, און די ווייס־בלויע פאַהן האט מיט באַגייסטערונג זיך געגעבען שלום־עליכם מיט די אנדערע פאַהנען, וועלכע זיינען פארבייגעפאַהרען און האבען איהר דערקענט נאך א משך פון צוויי טויזענט יאהר, איז דער איינאוויגיגער דזשערדזשינסקי געזעסען אין זיין קאַיוטע צוזאמען מיט ניגלאַס׳ן און האבען צווישען זיך געפיהרט דעם פאלגענדען געשפרעך:

— איך קען עס בשום אופן ניט פארשטעהן! — זאָגט דזשערדזשינסקי. — שוין איבער א יאהר צייט זינט אונזערע חברים מעדוועדיעוו און טשערטשינסקי געפינען זיך אין פאלעסטינא, און פאר דער צייט האבען זיי כמעט ווי גאָרנישט אויפגעטאַן, אויסער די אונוויכטיגע שטיקעל ארבייט אין מצרים, ווען זיי האבען אפגעראַמט פון וועג דעם ענגלישען גענעראל!

— איך פארשטעה דאס אודאי ניט! — האט ניגלאס פארטראכט געזאגט. — דער גרויסער שווארצקאפּ האקענקרייצלער, אויף וועמען מאסקווע האט אזוי פיעל געבויט, איז אינגאנצען אנטשוויגען געוואָרען. איך האב פון איהם פאר דער גאנצער צייט געהאט נאר איין טעלעגראַמע, אז זיי האבען דאָרטען צוגעקראָגען צוויי גרויסע כחות: איבראהים און איזמאיל, זעהר איבערגעגעבענע באלשעוויקעס. זיי האבען דאס געזאָלט זיין די הויפּט־אנפיהרער פון דמשק...

— איך הויב אן חושד צו זיין, אז אין זייערע רייהען האט זיך געמוזט אריינכאפּען א בורזשואזנער שפיאן, וועלכער פארפיהרט זיי אויף א פאלשען וועג און האלט אפּ די ארבייט — האט דזשערדזשינסקי פארטראכט געזאגט.

— זייט איהר זיכער מיט שווארצקאפּ׳ן? — האט ניגלאס געפרעגט.

— אַ, יאָ! — האט דער תליון מיט זיכערקייט געענטפערט. שווארצקאפּ איז זעהר א גרויס קראפט. אלע דייטשע קאמוניסטען האלטען איהם פאר זייער לעניץ. און ער איז ווירקליך אן איבער־

נאטירליכע פערזאן: בראווי, מוטהיג, אונערשראקען. עס איז א סברה, אז ער איז געווען די רעכטע האנט פון דעם גרויסען ניקאלייען, ווענען ער האט ארויסגעהאלפען אין די קריטישע מאמענטען.

— אויב אזוי, איז די זאך נאך מעהר פארפלאנטערט און רעט־זעלהאפט — האט ניגלאס ארויסגעזאגט. — ווארום שווייגט ער?...

— ווארשיינליך וויל ער אויפטאן עטוואס גרויסעס, אז די גאנצע וועלט זאל אויפציטערען. — האט דזשעררדזשינסקי געטרייסט ניגלאס'ן. ווי איך האב געהערט, גרייטען זיי זיך דארטען אויף א גרויסען פאראד, ווייל די גרעסטע מענשען פון אלע בורזשואזנע לענדער וועלען זיין ביי דער ערעפענונג, נו, וועט זיי אונזער שווארצקאפ געוויס צייגען, וואס ער קען אויפטאן. עס וועלען געוויס קראכען באמבעס איינע נאך די אנדערע, אז יעדע בורזשואזנע לאנד וועט ווערען פארציטערט. עס וועט ווערען א מיש־מאש, א כאאס. די פעלקער־ליגע וועט דאן מוזען צוריקציהען דעם ענגלישען מאנדאט איבער פאלעסטינא און דער בורזשואזנער לייב וועט פארזאגען זיינע קינדס־קינדער צו וועלען באשאפען נייע נאציאנען; די אידעלאך וועלען אויפהערען צו חלומ'ען איבער־א־נייעס אויפצובויען זייער ארץ־ישראל, און זיי וועלען מוזען אייביג ארבייטען פאר אונז. מיר וועלען זיי מיט געוואלד צווינגען צו פארשפרייטען אונזער רויטע תורה איבער דער גאנצער וועלט, פונקט ווי זיי האבען פארשפרייט אלע בורזשואזנע תורות, און אזוי ווייטער.

די לעצטע ידיעה האט מאסקווע געקראגען, אז שווארצקאפ איז זעהר טהעטיג אין דמשק. ווארום עפעס דוקא אין דמשק און ניט אין פאלעסטינקע, פארשטעה איך ניט. עס וואלט, דאכט זיך, געווען לאגישער איצט אפצושפילען מיט גרויס־בריטאניע, וועלכע האט אויסגעשפרייט איהרע פליגלען איבער דער גאנצער וועלט: אייראפא, אזיע, אפריקא, אויסטראליען און איבער א גרויסען טהייל פון אמעריקא. ענגלאנד נויטיגט זיך איצט מעהר ווי אלע מאל אין א גרויסע און שטארקע ארץ־ישראל, און דוקא פון דעם פעהיגסטען פאלק, וועלכע וועט שוין פארשטעהן ווי צו שיצען איהר סועץ קאנאל און ממילא אינדיען. פראנקרייך איז איצט אפגעשוואכט צו פיעל און מיט איהר וואלטען מיר א סך לייכטער זיך געקענט אפרעכענען.

— ניט אזוי גרינג און לייכט ווי דו דענקסט, חבר דזשעררדזשינסקי. די פראנצויזען זיינען זעהר קלוג און ריהרעוודיג. אט האבען זיי זיך לעצטענס געכאפט צו זעהר א קלוגען מיטעל. זיי עפענען

ביסלאכווייז זייערע טויערען פאר די אידען, און דאָס וועט פאַר־שטאַרקען זייער פּאָזיציע. אידישע אונטערנעמונגס־גייסט, אידישער שכל וועט זיי ווידער מאַכען שטאַרק און רייך, אַט ווי אָנקעל סעמ׳ס מדינה, וועלכע איז איצט די רייכסטע לאַנד אויף דער וועלט.

— יאָ, חבר ניגלאָס! — האָט דער תליון באַמערקט. — די אידען זיינען אַ מערקווירדיגעס פאָלק. וואָס מעהר מען רודפ׳ט זיי, אַלץ שטאַרקער ווייזען זיי אַרויס זייער ווידערשטאַנד, און לסוף קומען זיי אַרויס יונג און שטאַרק, ווי ניי־געבאָרען. זיי האָבען איבערגעלעבט אַלע זייערע שונאים: די מצריים, די בבליים, די אשורים, די רומיים, די גריכען און לעצטענס — די צאַרען, און לויט ווי מען דערצעהלט, וואַקסט זייער פּאַלעסטינקע פון טאָג צו טאָג. עך, ווען מיר קענען אַלע אידעלאַך באַקומען אין אונזערע רויטע מחנות — מיר וואָלטען באַזיגט די וועלט!

— ס׳איז ניט אַזוי לייכט! — האָט ניגלאָ׳ס אַ זיפץ געטאָן. — דער נאַציאָנאַליזם פון דאָס אידישע פאָלק איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי שטאַרק ווי איצט. ער דרינגט אַריין אין אַלע שיכטען פון פאָלק. אַט האָב איך אַלס ביישפּיעל אונזער אָנקעל סעמ׳ס מדינה. דער נאַ־ציאָנאַליזם האָט דאָרטען שוין אַריינגעדרונגען אפילו צווישען די גרויסע אַרבייטער־מאַסען. וואָס אַ טאָג הערען הערען מיר, ווי גרויסע אַרבייטער־מאַסען ערקלעהרען זיך אין ליעבע צום נאַציאָנאַליזם. אַט איז דער גרויסער אַרבייטער־רינג, וואָס צעהלט אין די הונדערטע־טויזענדע גענאָסען, מיט די געווערקשאַפטען, לעצטענס אַרויס מיט אַן אויפרוף צו שטיצען די ארץ־ישראל׳דיגע אַרבייטער, די קאָאָפּעראַ־טיווען, די קבוצות און אַזוי ווייטער. זיי האָבען שוין אפילו געגרינ־דעט אַ גרויסע אַרבייטער באַנק, ספּעציעל פאַר די ארץ־ישראל אַר־בייטער. אמת טאַקע, זיי געהען כלומר׳שט אין דעם נאָמען פון סאָ־ציאַליזם, פון פּראָלעטאַריאַט, אָבער סוף־כל־סוף העלפען זיי בויען ארץ־ישראל, אַ אידישע לאַנד, מיט אַן אייגענע שפּראַך, און אפילו דער רעדאַקטאָר פון זייער גרעסטע אַרבייטער צייטונג האָט עפענטליך געמאַכט חנ׳דעלאַך צו דער בת־ציון.

— ניט גע׳דאגה׳ט חבר ניגלאָ׳ס. — האָט איהם דער איין־אויגיגער געטרייסט. — אונזער רויטע תורה וועט זיי אַלעמען לערנען דרך־ארץ און אַרויספיהרען זיי אויפ׳ן אמת׳ן קאָמוניסטישען דרך הישר. מיר מוזען נאָר וואָס מעהר פּראָפּאַגאַנדירען און טאַקע מיט מעשים...

— מיר וואונדערט זעהר, וואָס שווארצקאָפּ האָט אונז גאָרנישט דערצעהלט, אַז מאָסקווע האָט איהם געשיקט נאָך פּאַלעסטינא? ער האָט נור דורך לאָגישער טאַקטיק דורכגעפיהרט, אַז ער זאָל פּאָהרען און אויך ניט מיט אַזאַ שטאַרקען חשק...

— אָ, ער איז זעהר קלוג און פּאָרזיכטיג, ברודער׳ל! ער איז אַ קינסטלער אין זיינע אונטערנעהמונגען.

— יאָ, דאָס האָב איך אויך געזעהן נאָך זיינע רעקאָמענדאַציאָנס פּאַפּירען — האָט ניגלאָס באַמערקט.

— וואו געפינט ער זיך איצט, חבר?

— די לעצטע טעלעגראַמע האָט מאָסקווע פון איהם ערהאַלטען, אַז ער גרייט זיך צו פּאַרלאָזען דמשק און פון דאָרטען וועט ער אָפּ־פּאָהרען גלייך נאָך ירושלים, וואו ער וועט דורכפיהרען דעם אויפ־שטאַנד. אָבער אין נעאַפּאָל וועלען מיר אַלעס פּינקטליך וויסען, וויי׳ל ס׳איז מעגליך, אַז ער צוזאַמען מיט זיינע איבערגעגעבענסטע לייטע וועלען ארויפשטייגען די „זבולון“.

— אויב אַזוי איז שוין אַלעס רעכט! — האָט ניגלאָס פרעהליך ארויסגערעדט. — און אַזוי גיך ווי ער מיט זיינע שטאַרקע יונגען וועלען זיין מיט אונז אויפ׳ן שיף, וועלען מיר גלייך פּאַרכאַפּען די שיף אין אונזער רשות. — האָט דזשערדזשינסקי געזאָגט. — מיר וועלען אַזוי אויסאַרבייטען, אַז די אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטען און אַלע רייזענדע אויפ׳ן שיף זאָלען קיין שום פאַרדאַכט ניט האָבען, אַז עס איז אונזער אַרבייט, וויי׳ל מאָסקוואַ וויל זעהר שטאַרק אָנהאַלטען גוטע באַצי־הונגען מיט אַנקעל סעם, ערשטענס צוליעב אַ הלוואה׳לע און צווייטענס אפשר וועט זיך דאָך איינגעבען צו קריגען די אנערקענונג פון די אַמעריקאַנער. — זינט נאָך דער גרויסער מלחמה טרעפט גאַנץ אָפט אַז פּיראַטען, ים־רויבער, שמוגלען זיך אַריין און פּאַרכאַפּען אַ שיף. — אדרבה, מיר וועלען נאָך אַזוי מאַכען, אַז אונזערע מענשען זאָלען באַ־שיצען זייערע לעבענס!...

מיר וועלען זיי העלפען אַראָפּשטייגען אין אַ האַפּען און עטליכע פון אונזערע וועלען פאַר זיי געפינען אַ שיף, וואָס געהט אָפּ נאָך אַמעריקאַ און ווען זיי וועלען קומען אַהיים, וועלען זיי געוויס צו־שמירען אין אַלע צייטונגען, אַז נאָכאַלעמען זיינען די רויטע ניט אַזוי שרעקליך. אדרבה, זיי זיינען בראַווע העלדען, גוטע מענשען! און דאָס וועט זעהר פיעל העלפען צו אונזער אנערקענונג, און מיר וועלען אויפטאָן דריי גרויסע זאַכען: ערשטענס וועלען די אַמעריקאַנער דיפּ־

לאָמאָטען ניט אָנזעהן פּאַלעסטינא, צווייטענס וועלען זיי ניט ליידען פון די באָמבעס ביי דער ערעפענונג, און דריטענס — וועט אין אמע־ריקא געשאַפען ווערען אַ גוטע מיינונג וועגען אונז, און דערצו נאָך וועלען אונזערע דאָרט העלפען מאַכען דערפון אַ גאַנצע לעגענדע!

אַ פאַרטרעפליכער פּלאַן! — האָט ניגלאַס ענטציקט כמעט ווי אויס־געשריען. — די אַמעריקאַנער זיינען פון נאַטור דזשענטעל־לייט (ספּאָרטס). זיי וועלען געוויס דאַן מיט אַלע מעגליכקייטען העלפען אין קאָנגרעס און אין סענאַט דורכצופיהרען די אַנערקענונג פון דער סאָוועטען רעפּובליק, און דערנאָך וועלען מיר ערשט האָבען אַ פרייע פעלד וואו צו פאַרזעען אונזער באָלשעוויזם.

ביידע רויטע חברים האָבען געריבען די הענט פון נחת.

— מיר וועלען מוזען שטילערהייט אויפמערקזאַם מאַכען אונזער רויטקאָפּ דעם געשטופּעלטען. — האָט ניגלאַס געזאָגט אין אַ געהוי־בענער שטימונג.

איך האָב פאַר איהם גענומען אַ ספּעציעלע ערשטע קלאַסע קאַיוטע, כדי ער זאָל זיך חבר'ן מיט די אַמעריקאַנער אַלרייטניקעס, און, אגב, אויספאָרשען וויפיעל ציוניסטלאַך קאַפּיטאַליסטלאַך, פּראָפעסאָרען און דיפּלאָמאַטען עס פאָהרען אויף דער שיף. איך האָב דערקענט צווי־שען די רייזענדע דעם גרויסען לו מיט'ן גרויסען מולטי־מיליאָנער און אַרבייטער־פריינד, דער יוריסט גולד. אָט דער גולד איז אַ וואוילער יונג, און אַ גוט־ברודער, כאָטש ער איז אַ מיליאָנער, איז ער אין דער־זעלבער צייט אַ פריינד פון דעם פּראָלעטאַריאַט. עס איז זיכער, אַז ער אַרבייט פאַר די אַנערקענונג פון דער סאָוועטען־מאַכט. ער האָט מיט מיר פיעל מאָל פאַרבראַכט! — האָט ניגלאַס גדלות'דיג געזאָגט. — און ער האָט מיר פאַרטרויט, אַז ער שטעהט אין פאַרבינדונג מיט טראָצקי'ן אַליין. — — — ער אַרבייט איצט אויף זעהר אַ גרויסען פּלאַן, אַז די סאָוועטען־מלוכה זאָל איהם מיט זיין קאָמפּאַני געבען אַ גרויסע קאָנצעסיע, מיט געוויסע שטחים לאַנד פאַר די אידען און דאָס זאָל שטעהן אונטער דער פּראָטעקציע פון אָנקעל סעם, און דערפאַר וועט ער שוין זעהן אויסווירקען די אַנערקענונג פון דער רויטער מלוכה.

— עס וועט אָבער אויסזעהן ווי „אַ מלוכה אין אַ מלוכה" — האָט רזשערדזשינסקי געזאָגט. — און, אגב, וועט עס רייצען איין טהייל פון דער באַפעלקערונג געגען דער צווייטער, לָמאַי האָט די לעצטע בע־סערע באַדינגונגען!

— ניט גע׳דאגה׳ט! — האט ניגלאס מעשה דיפלאמאט געענט־פערט. — קודם כל לאמיר קריגען די אנערקענונג פון אנקעל סעם, און די מיליאנען פון די אמעריקאנער אידען, נאכדעם וועלען שוין אונזערע „יעווסעקען“ טאן וואס זיי אליין וועלען געפינען פאר נויטיג.

— אבער, ברודער׳ל! מיט אנקעל סעם שפיעלט מען זיך ניט! — האט דזשערדזשינסקי גע׳טענה׳ט.

— אמת! — האט ניגלאס געענטפערט. — ווען עס וואלט זיך גע־האנדעלט וועגען אמת׳ע הונדערט פראצענטיגע אמעריקאנער, אט די „נארדיקס“, קו קלוקס קלען און אזוי ווייטער, וואלט טאקע געווען ניט אזוי אגיל־ואשמח׳דיג, אבער דא האנדעלט זיך דאך ניט מעהר ווי וועגען רוסישע אידען און אפשר אויך עטליכע אמעריקאנער אידען, — צוליעב זיי וועט זיך אנקעל סעם וועניג־וואס אפעסען די הארץ — צוליעב אידען וועט אנקעל סעם ניט אפברעכען די פארבינדונגען און ערקלעהרען קריעג.

— מען זאגט אבער, אז אין אייער אמעריקא זיינען אידען די גאנצע רעדעל־פיהרער! — האט דזשערדזשינסקי געזאגט.

— עס איז ניט מעהר ווי געזאגט, חבר. עס איז, ווי מען זאגט, געשאטען זאמד אין די אויגען. די אידען זיינען אפשר גאנצע מאכערס און דעה זאגערס אין זייערע אייגענע שוהלען, תלמוד־תורה׳ס, ארגא־ניזאציעס און אזוי ווייטער, אבער ווען ס׳קומט צו מלוכה־ענינים, זעהען זיי זיך זעהר וועניג אן, אויסער אפשר עטליכע יחידים, וועלכע האבען זיך שוין לאנג אסימילירט און שעמען זיך אפילו אויסצוזאגען, אז זיי שטאמען פון אידען. זיי זיינען נאך אפטמאל אידישע שונאים, כדי מען זאל זיי חלילה ניט חושד זיין, אז זיי זיינען מזרע היהודים...

— אט האט אייער קאנגרעס און סענאט איינשטימיג אנערקענט און גוט־געהייסען די באלפור־דעקלאראציע, וואס דאס איז א ריין־אידישער ענין? — האט דזשערדזשינסקי באמערקט.

— דאס איז עפעס אנדערש, חבר! דאס איז א ריינע דעמא־קראטיע! וואס קימערט אנקעל סעם, אז ס׳וועט צוקומען נאך א מלוכה? וועט זי דערווייל מאכען מיט נאך א מלוכה געשעפט! די אמעריקאנער זאגען, אז „ביזנעס איז ביזנעס“. אבער געהן זיך איינ־שטעלען פאר רוסישע אדער פוילישע אידען צוליעב אמעריקאנער אי־דישע דאלארען — דאס וועט אנקעל סעם בשום־אופן ניט טאן!

און אט אזוי האבען די „רויטע“ גערעדט און גע׳דיפלאמאטעוועט, זיך געפרעהט און געפלאנעוועט, און דוקא אויף דער אידישער שיף

„זבולון". אבער ווי זאגט דארטען די תורה: „דער רויטער טראכט און דער איד לאכט!"

מיר זעהען אין א צווייטער קאיוטע אונזערע צוויי אפיצערען: יהודה און ישראל, וועלכע זיינען ניט קיין אנדערע, ווי אונזערע צוויי העלדינען בערטע און שושנה, וועלכע זיינען געקומען אין געהיים מיט לאבע׳ן. זיי ארבייטען אזוי קינסטלעריש, אז אפילו גולד האט זיי אויך ניט דערקענט און ווייס ניט פון זייער אנוועזענהייט.

זיי האבען געוואוסט, אז אויף דער שיף זבולון לויערען פיעלע געפעהרליכע שונאים. רויטע און שווארצע קראקאדילען ווילען איינ־לאזען זייער גיפט אין די שלוחים פון דער אידישער שמחה און זיי האבען גענומען די זאך אין זייערע אייגענע הענט. זיי האבען מורא געהאט אין אזא עניין זיך צו פארלאזען אויף פרעמדע הענט. זיי האבען דאס אוועקגעשיקט די טעלעגראמע צו יהודה׳ן, אז ער אליין זאל אפ־היטען דעם אמת׳ן געפעהרליכען שווארצקאפ׳ן, וועלכער בונטעוועט איצט די סיריער אין דמשק און גרייט צו אן אויפשטאנד געגען לארד באלפור, אויב ער וועט דורכפאהרען דמשק. דאס אלעס האבען אויס־געפונען נפתלי מיט איבראהים׳ען. זיי האבען אויך געוואוסט, אז שווארצקאפ האקענקרייצלער וועט אין נעאפאל ארויפשטייגען אויפ׳ן שיף „זבולון". ער וועט דארטען מן־הסתם אויסארבייטען עפעס א טייוועלשען פלאן, און מען האט זיך מכין געווען זייערע רויטע פלע־נער צוצושטערען.

זיי זיצען איצט און ריידען צווישען זיך, שטיל און פארזיכטיג: לאבע פארקליידעט אלס אן אינדישער פראפעסאר, מיט א שנעע־ווייסע בארד, זיצט אין מיטען און די צוויי אפיצערען, שושנה און בערטע, ביי די זייטען.

— מיר מוזען אט דעם געשטופעלטען רויטקאפ אזוי פארדרעהען זיין קאפ, אז ער זאל ניט וויסען פון ארור המן ביז ברוך מרדכי, — האט לאבע געלאכט. — דער בחור ווארפט זיך מיט הונדערטער דא־לארס און בלאזט זיך כלומר׳שט ווי אן אמת׳ער מיליאנער. ער מיינט, דער דומקאפ, אז איך האב איהם ניט דערקענט.

אונזער נפתלי וועט איהם שוין אויפשפילען אזא שפיעל, אז זיין רויטע קאפ וועט איהם גיך ווייס ווערען! — האט שושנה באמערקט.

— און אונזער אברהם בן אברהם וועט איהם שטעלען אמת׳ע פאלעסטינער באנקעס! — האט בערטע געשמייכעלט.

— מילא, מיט איהם וועלען מיר גיך פארטיג ווערען. אבער אי־בערהויפט טארען מיר ניט אפלאזען פון די אויגען אט דעם ניגלאס׳ן. ער איז א גאנץ געבילדעטער קערל, און דער איינ־אויגיקער ארמעניער דרינגט אריין מיט זיין אויג זעהר טיעף. אפנים, אז מען וועט זיין לעצטע אויג אויך מוזען אויסשטעכען.

— ניט אזוי גיך! — האט בערטע געזאגט. — ער וועט אפריהער מוזען זעהן דעם פראכט און גלאנץ פון דעם ערעפענונג פון אונזער אוניווערזיטעט אויפ׳ן הר הצופים, ערשט נאכדעם וועט ער ממילא בלינד ווערען פון דאס גרויסע ליכט וואס וועט אויפשיינען! אונ־זערע חברים וועלען איהם, אנשטאט „רויטע פעפערלאך“, מכבד זיין מיט ארץ־ישראל׳דיגע מילגרוימען!...

— אבער, שא! גולד מיט ניגלאס׳ן ריידען אויפ׳ן דעק. לאמיר זיך מיט זיי באקענען.

זיי זיינען צוגעקומען. מען האט זיך באגריסט, גיך באקאנט געווארען און פארבעטען צו זיך אין קאיוטע.

— זייט איהר אפשר א קרוב צו לאעב דעם יוריסט? — האט גולד געפרעגט לאעב׳ן.

— א, ניין! — האט ער געענטפערט. — יענער איז, ווי מיר שיינט, גאר א איד, און איך בין אן אמת׳ער יענקי, אן אמעריקאנער; מעהר ניט, איך בין פארווארפען געווארען אין אינדיע אין אן אוניווער־זיטעט.

גולד׳ן איז ניט געפעלען געווארען זיין טאן און ער האט באמערקט:

— נאך אייער טאן פיהלט זיך, אז א איד קען ניט זיין קיין אמת׳ער אמעריקאנער — הער פראפעסאר?

— א, ניין, מיסטער גולד! איהר האט מיך פאלש פארשטאנען. איך האב געמיינט גאר פשוט, אז איך בין בלויז אן אמעריקאנער, און יענער, אויסער וואס ער איז אן אמעריקאנער, איז נאך דערצו א איד, וועלכער האט טאפעלטע פליכטען: אלס איד און אלס אמעריקאנער. ער מוז שווערער ארבייטען אלס אמעריקאנער פאטריאט און אלס ארץ־ישראל׳דיגער פאטריאט.

— איך דענק, — האט גולד געענטפערט — אז איהר אמעריקאנער זייט אויך ניט פטור פון דער ארץ־ישראל אונטערנעהמונג, ווייל איהר האט שוין אייער שעהנע פרייע היים, וועלכע איהר האט מיט אייער בראווקייט און העלדישקייט אויסגעקעמפט, און איהר ווייסט שוין דעם טעם פון א „דעקלארײשאן אוו אינדעפענדענס“ איז דעריבער אייער

פליכט, אלס מענשען, צו העלפען אנדערע צו עטאבלירען זייער אייגענע היים.

— איהר האט זעהר גוט געזאגט, מיסטער גולד! איך שטים מיט אייך איין פאלקאם. דער אמת׳ער אמעריקאנער, וועלכער האט גאר־ניט לאנג דורכגעפיהרט זיין אייגענע באפרייאונג און די באפרייאונג פון שקלאפעריי, יענער פיהלט א געוויסע פליכט צו העלפען אלע אונטערדריקטע, און ספעציעל די אידען, וועלכע האבען זעהר פיעל געהאלפען אין דער באפרייאונג פון אנקעל סעם און אין דעם בירגער־קריעג.

— איך שטים לחלוטין ניט איין מיט אייערע אידעען! — האט זיך ניגלאס אריינגעמישט. — צוליעב וואס דארף מען פארשטארקען דעם שאוויניזם? און העלפען ארגאניזירען נאך נאציאנען — ווען מען האט גענוג צרות פון די שוין־עקזיסטירענדע?! דער שאוויניזם פון יעדער נאציאן איז פשוט ניט אריבערצוטראגען. יעדע איינע דענקט, אז זי איז די אויסדערוועהלטע, דער בחיר היצורים, און וואס אמאל מעהר ווערט די מחיצה אלץ בולט׳ער, דער פירוד קענטיגער און די שנאה שטארקער, און דאס איז דער מקור פון אלע מלחמות.

וואלט דען ניט בעסער געווען, אז מען זאל די נאציאנאלע וואונד אינגאנצען אויסשניידען און עס זאל ווערען איין מענשהייט, וועלכע איז איינגעטהיילט אין צוויי מחנות: בורזשואזע און פראלעטארישע, און יעדער איינער וועט וויסען ווער זיין שונא איז. אנשטאט הונדער־טע מלחמות וועט מען פיהרען נאר איין מלחמה, און אזוי ווי דער פראלעטאריער איז די מאיאריטעט, וועט ער סוף־כל־סוף זיגען און די גאנצע וועלט וועט ווערען רוהיג און עס וועט הערשען שלום און אחדות!

— איהר האט פאלקאם רעכט! — האט דער ערשטער אפיצער געזאגט. — אבער זאגט מיר, מיין ליעבער אמעריקאנער, ווי אזוי קענען נאציאנען אפגעשאפט ווערען? עס איז דאך ניט אזא סארט ארטיקעל, וועלכען מען קען אויפהערען פאבריצירען. זינט די וועלט איז באשאפען געווארען ביז אויף היינטיגען טאג עקזיסטירען נאציאנען, פונקט ווי עס עקזיסטירען פארשידענע מינים פון חיות און פויגלען, און אזוי ווי מיר קענען ניט ארויסגעבען א באפעהל, אז פון היינט אן מוז זיין נאר איין מין חיה אדער עוף, אזוי קענען ניט אלע מיט אמאל, פלוצלונג, ווערען איין מין מענש. עס וועט נאך ווערען א גרעסערע מלחמה. יעדע נאציאן וועט זאגען, אז ער איז דער בחיר,

און אַלע מוזען ווערען אַזוי ווי ער, און דאָס קען קיינמאָל ניט גע־שעהן, אַזוי לאַנג ווי הימעל און ערד וועלען עקזיסטירען.

וואָס עס קען יא מעגליך זיין, איז אַט וואָס: אַזוי ווי דער מענש איז דאָך באַשאַפען געוואָרען מיט חכמה און שכל; ער האָט דאָך פאַרט אין זיך אַ פונק פון דער גאָטהייט אַליין, — קען איין מענש פאַרשטעהן דעם אַנדערן; איין פאָלק קען זיך דערנעהנטערן צום צווייטען, לערנען איינע די אַנדערע, פאַרשטעהן די גוטע אייגענשאַפ־טען פון די אַנדערע — ערשט דאַן, ווען איינע וועט גוט פאַרשטעהן די צווייטע און זיי וועלען אויסגעפינען, דאָס איין פּינטעלע גאָטהייט באַזעלט זיי אַלעמען גלייך, וועלען זיי דאַן איינזעהן, אַז זיי געהערען צו דעם איין און דעם זעלבען מין מענש, צו די זעלבע העכערע מענש־ליכע אידעאַלען, און דאַמאָלס ערשט וועט קענען אויסוואַקסען אַ פאַר־שידענאַרטיגע, פול־פאַרביגע רייכע מענשהייט. עס וועט זיין אַ שעה־נער אַרקעסטער־מוזיק מיט פאַרשידענע שעהנע קולות, וואו אַלע האַר־מאָנירען נאָכ׳ן טאָן און קלאַנג; עס וועלען ניט זיין קיינע בורזשועו און פּראָלעטאַריער, נאָר פאַרשידענערליי קינסטלער, און די פראַגע פון „מלחמה״ וועט גאָרניט זיין במציאות.

— קענט איהר מיר אפשר זאָגען, מיט וועלכע מיטלען מען קען עס דערגרייכען אַט אייער שעהנע משיח־תקופה? — האָט ניגלאָס גע־פרעגט אין אַ שפּאָטישען טאָן.

— געווים. דורך לערנען! דורך וויסענשאַפט! דורכ׳ן אָפּהיטען דעם „ואהבת לרעך כמוך״! — האָט דער צווייטער אָפּיצער אונטער־געכאַפּט.

— נו, דאָס זיינען דאָך די אַלטע פאַרשימעלטע און אויסגעדראָ־שענע סגולות! — האָט ניגלאָ׳ס גע׳טענה׳ט.

קיין גוטער געדאַנק, קיין פרייהייטס־באַוועגונג איז נאָך ניט דורכ־געפיהרט געוואָרען מיט וויסענשאַפט און לערנען. מען האָט פּשוט געמוזט מאַכט באַנוצען.

— דערפאַר איז עס טאַקע ניט פאָלקאָם! — האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט. — אַט נעהמט אַלע פרייע לענדער, וועלכע האָבען שוין דורכ־געמאַכט די בלוטיגע רעוואָלוציאָנען — זיינען זיי ווירקליך פריי? ניין! ס׳איז ניט מעהר ווי שעהן פאַר׳ן אויג און פאַר׳ן אויער, כלומר׳שט דעמאָקראַטיע, ליבעראַליזם, אָבער דער גרעסטער טהייל בלייבט אַז אומצופרידענער, ווייל די דעמאָקראַטיע האָט איהם פאַר־גוואַלטיגט, און ער האָפט נאָך אויף אַ ישועה, אויף אַ משיח, וועלכער

וועט איהם אויסלייזען. אַט נעהמט די לעצטע מאָדערנסטע רעוואָ־לוציע אין רוסלאַנד, וואו די גאַנץ אַלטע און אפילו די נייע אָרד־נונגען זיינען לחלוטין אויסגעריסען געוואָרען מיט די וואָרצלען, און איינע פון די גאַנץ נייע אָרדנונגען איז עטאַבלירט געוואָרען, אַ נייע רויטע תורה איז באַשאַפען געוואָרען, נו, זיינען דען דאָרטען אַלע צו־פרידען? אדרבה, דער גרעסטער טהייל פון רוסלאַנד׳ס קינדער זיינען די ביטערסטע שונאים פון דער סאָוועטען־מאַכט; זיי בענקען אפילו נאָך די צייטען פון די צאַרען, וואו, נאָך זייערע רייד, איז אמת און יושר ניט געטראָטען געוואָרען מיט די פיס אַזוי ברוטאַל, ווי איצט. און לויט ווי איך האָב געהערט, געהט טאַקע איצט די „רויטע מלוכה“ אויף צוריק. זי פיהרט אפילו איין צוריק פריוואַט קאַפּיטאַל, נאָר אונטער „אַ נעפּ שלייער“, און זי וויל מאַכען געשעפטליכע פאַרבינ־דונגען מיט אַלע קאַפּיטאַליסטישע מלוכות.

דאַ האָט זיך שוין גולד אריינגעמישט:

— ביי אונז זאָגט מען „ביזנעס איז ביזנעס“, און, אגב, מוזען מיר פאַרשטעהן, אַז די „רויטע מלוכה“ איז נאָר איינע אויף דער וועלט, און היינטיגע צייטען קען אַ מלוכה ניט מאַכען שבת פאַר זיך. זי מוז קויפען, זי מוז פאַרקויפען; אויב ניט — מוז זי אונטער־געהן.

מר. גולד פאַרשטעהט די זאַך גאַנץ ריכטיג און פּראַקטיש, — האָט ניגלאַס אונטערגעכאַפּט אַ צופרידענער. — און דעריבער, ווען נאָך עט־ליכע מלוכות וואָלטען טאַקע אָנגענומען אַט דעם זעלבען סיסטעם פון דער סאָוועט־רעזשים, וואָלט מען דאַן מיט מאַכט געקענט צווינ־גען די איבעריגע אָנצונעהמען דעם סאָוועטען־סיסטעם און ס׳וואָלט דערפון געקענט אַרויסקומען אַ פאַראייניגטע אַלוועלטליכע סאָוועטען רעפּובליק.

— אָבער ווי צווינגט מען אַט די ערשטע עטליכע מלוכות? — האָט דער פּראָפעסאָר געלאַכט.

— ווער ווייסט, אפשר איז דאָ אַזאַ מיטעל, — האָט גולד געענט־פערט, נאָר ער האַלט זיך אין אויסאַרבייטען און פלוצלונג וועט ער אַרויסשפּרינגען.

— נאָכדעם וועט ערשט מוזען אַרויסשפּרינגען אַ בלוטיגע מלחמה. אפילו ווען אַלע זאָלען אָננעהמען דעם רויטען סיסטעם, וויל וואו וועט זיין די אַלוועלטליכע הויפּטשטאָדט? — האָט דער פּראָפעסאָר געלאַכט. — מאָסקווע וועט טענה׳ן, אַז זי איז בארעכטיגט, און מיט

רעכט, ווייל די איז די ערפינדעריו פון דעם סאָוועטען־סיסטעם; ענג־לאַנד וועט טענה׳ן, אַז זי ווייל לאָנדאָן, ווייל לאָנדאָן איז לאָנדאָן! דייטשלאַנד וועט וועלען אַז בערלין זאָל זיין די הויפּטשטאָדט, עסט־רייך — וויען; פראַנקרייך — פּאַריז און אָנקעל סעם וועט טענה׳ן, אַז וואַשינגטאָן איז דער שעהנסטער פּלאַץ — ווייל אָנקעל סעם איז געווען דער ערשטער ערפינדער פון אַ פאַראייניגטע שטאַאַטען, און אַזוי ווייטער.

ניגלאַס האָט געפיהלט, אַז גולד איז אַ באַהאַלטענער באָלשעוויק. ער האָט איהם פאַרבעטען אין זיין קאַיוטע. זיי האָבען גערעדט מכח דער „קאָנצעסיע“ און וועגען דער אנערקענונג פון דער רויטער מלוכה, ער האָט איהם אָבער נאָך מורא געהאַט פאַרצושטעלען פאַר דזשער־דזשינסקי׳ן, ווייל ער האָט נאָך גע׳ספק׳ט אין זיין הונדערט פּראָצענטיגע רויטקייט.

אויפ׳ן דעק איז געוואָרען לעבעדיג, פרעהלאָך. מען האָט גענומען זינגען פאַרשידענע ניגונים, העברעאישע און אידישע לידער, מען איז געגאַנגען אַ לעבעדיגען ריקוד׳ל, דער אָרקעסטער האָט געשפּילט די „התקוה“.

דער עולם איז געוואָרען נייגעריג. פון ווייטען האָט זיך דערזעהן נעאַפּאָל.

— נעאַפּאָל! נעאַפּאָל! — האָבען אַלע אויסגעשריען, און דער עולם איז געוואָרען ווי פאַר׳שכור׳ט פון שמחה.



### זיבען־און־פערציגסטער קאַפּיטעל.

## די זבולון ראַטעוועט דעם קעניג.

קיין שיף האָט זיך נאָך ביז איצטער ניט געקענט באַריהמען מיט אַזעלכע מאַטראָזען, ווי די שיף זבולון. כאָטש די אַלע וואָס זיינען געווען באַשעפטיגט אויפ׳ן דעק פון שיף, ביי די זעגלען, ביי דער מאַשינעריע, ביים רודער און אַזוי ווייטער, האָבען געטאָן זייער אַר־ביי ווי געניטע מאַטראָזען פון דור־דורות, דאָך האָט אַ געניטע אויג געקענט באַמערקען, אַז זיי זיינען ניט קיין געבוירענע מאַטראָזען, ווי די אַלע אנדערע מאַטראָזען פון שיפען. פיעלע פון זיי האָט מען זיכער געקענט אָננעהמען פאַר דענקער, לעהרער און פּראָפעסאָרען, וועלכע האָבען זיך איבערגעטאָן אין וויים־בלויע מאַטראָזען־קליידער,

ס'האָט זיך בולט אַרויסגעזעהן פון זייער פּנים דער אַריסטאָקראַט און אידעאַליסט.

אַלע מאַטראָזען פלעגען אויספאָלגען זייער ליעבען קאַפּיטאַן, ניט ווי מאַטראָזען, נאָר ווי חסידים זייער רבי'ן. ס'איז געווען ניכר, אַז זיי וועלען געהן פאַר זייער קאַפּיטאַן אין פייער און אין וואַסער אויס ריינער ליעבע און איבערגעבענהייט.

אין נעאַפּאָל איז די שיף געשטאַנען צוועלף שטונדען צייט. פיעלע רייזענדע זיינען אַראָפּ באַקוקען די פאַר'כשופ'טע שטאָדט. איבער־הויפּט האָט מען באַמערקט, אַז אַלע מאַטראָזען זיינען אַוועק אין שטאָדט. עס זיינען נאָר פאַרבליבען אויפ'ן דעק דער קאַפּיטאַן, די צוויי אָפיציערען און געצעהלטע מאַטראָזען.

דזשערדזשינסקי, ניגלאס און רויטקאָפּ דער געשטופּעלטער האָבען איצט געפונען אַ שעת הכושר צו זיין אַלע צוזאַמען און פאַרהאַנדלען זייערע פּלענער.

זיי האָבען אָפּגערעדט, אַז יעדער איינער פון זיי זאָל אין דער שטיל אָפּהיטען שוואַרצקאָפּ'ן מיט זיינע מענשען, ווען זיי וועלען אַרויפגעהן אויפ'ן שיף.

דזשערדזשינסקי, ניגלאס און רויטקאָפּ האָבען געקענט שוואַרצ־קאָפּ'ן פּערזענליך.

ווען אַלע פּאַסאַזשירען האָבען זיך גענומען קלייבען אויפ'ן שיף, האָט מען באַמערקט פיעלע נייע פּנים'ער, צווישען וועלכע מיר דער־קענען: יהודה'ן, אבינדב'ן, זבולון, שמעון, אבשלום דער שעהנער, אדונירם, דן נפתלי, מלאכי און אנדערע. זיי זיינען אַריינגעקומען איינציגווייז, אָפּנים, אַז מען זאָל זיי קיין עין הרע ניט געבען.

ס'איז אויך אַרויפגעקומען דער אמת'ער שוואַרצקאָפּ, מיט זיינע צעהן שטאַרקע פאַרדעכטיגטע יונגען, און כאָטש זיי זיינען אויך אַרויפגעקומען איינציגווייז, האָט דאָך אַ געניטע אויג געקענט דער־קענען, אַז זיי באַלאַנגען צו איין מין, אָדער צו איין רויבער־באַנדע.

ווען די שיף זבולון איז שוין געווען אַ טאָג רייזע פון נעאַפּאָל, איז אַ ספּעציעלע וואונדערבאַרע שעהנע יאַכט־שיף פאַרבייגעפלויגען די זבולון און האָט איהר באַגריסט. די זבולון האָט איהר געענטפערט מיט אַ באַגריסונג און זיך אָפּגעשטעלט.

ס'האָט לאַנג ניט גענומען און צו דער „זבולון" איז צוגעפאָהרען אַ קליינע שיפעל און אַן ענגלישער אָפיצער האָט איבערגעגעבען דעם קאַפּיטאַן מלכיאל'ן אַ פּאַפּיר, וואו ס'איז געווען געשריבען פאָלגענדעס:

„איך, קינג דזשארדזש פון גרויס בריטאניע, באגריס די אידישע שיף „זבולון" אויף איהר ערשטע רייזע נאך ארץ־ישראל. איך דאנק גאט וואס ער האט מיך געפיהרט אויף דעם וועג, איך זאל האבען דעם פארגעניגען און די עהרע צו זעהן די ערשטע אידישע שיף פנים אל פנים, און די פאהן פון גרויס בריטאניע זאל זיך קענען שלום־עליכם געבען מיט דער פאהן פון יהודה וישראל".

דער ערשטער אפיצער יהודה פון דער „זבולון" איז ספעציעל צו־געפאהרען צו דער קעניגליכער יאכט מיט א באגריסונגס־פאפיר, וואו ס'איז געווען אן ענטפער, וועלכער האט זיך געלייענט ווי פאלגט: „דאס פאלק ישראל איז זעהר גליקליך פאר דעם כבוד, וואס די גרעסטע מלוכה און מאכט פון דער וועלט, גרויס בריטאניע, האט איהר צו־געטהיילט, דורך איהר באליבטען קעניג, צו באגריסען די ערשטע אי־דישע שיף אויף איהר רייזע נאך איהר היימלאנד, וועלכע איז אונטער דער שוץ פון אייער מאיעסטעט קינג דזשארדזש. אייער נאמען און דער נאמען פון אייער גרויסען פאלק וועלען שיינען מיט גאלד־פייער־דיגע ליכטיגע אותיות אין דער געשיכטע פון אונזער פאלק, וועלכע האט געהאלפען אויפבויען אונזער אלט־נייע־לאנד. זיי געבענשט פון גאט, דו גרויסער קעניג, און זאל זיין געבענשט פון גאט דיין גרויסע פאלק!"

די שיפען האבען זיך נאך אמאל סאלוטירט און זיך געגעבען שלום־עליכם, און יעדע איז אוועק איהר וועג.

ווען די „זבולון" איז אפגעפאהרען א קורצע שטרעקע, האט זי דער־הערט סיגנאלען פון דער קעניגליכער יאכט־שיף. די „זבולון" האט זיך צוריקגעקעהרט.

דער קאפיטאן פון „זבולון" האט שנעל געשניטען דעם ים. די כוואליעס זיינען אפגעשפרונגען, פונקט ווי זיי וואלטען אליין גע־מאכט דעם וועג פאר דער שיף. און ווען די שיף איז שוין געווען גאנץ נאהענט פון דער קעניגליכער שיף, איז דער צווייטער אפיצער ישראל מיט צעהן שטארקע מאטראזען צוגעפאהרען מיט א קליין שיפעל צו דער קעניגליכער יאכט.

ווען זיי זיינען ארויף אויפ'ן שיף האבען זיי דארטען געטראפען א גאנצע איבערקעהרעניש.

די מאנשאפט פון דער יאכט איז געווען א גאנץ קליינע, ווייל דער קעניג איז געפאהרען אויף א קורצע לוסט־רייזע, אבער אויף א געהיימניספולען אופן האבען זיך אויף דער יאכט ארויפגע'גנב'עט

עטליכע „רויטע מאַטראָזען“ און האָבען גענומען איבעררעדען די שיף־מאַטראָזען צו אַן אויפשטאַנד, און ווען די לעצטע האָבען זיך ענט־זאָגט, האָבען זיי פּלוצלונג, איידער אימעצער האָט זיך געכאַפּט, מיט וואַפען אין די הענט, געבונדען די ענגלישע מאַטראָזען און האָבען גע־וואָלט פאַרכאַפּען די שיף אין זייער רשות. דער קאַפּיטאַן האָט אָבער אין צייט געגעבען דעם סיגנאַל צו דער „זבולון“.

דער אָפיצער מיט די מאַטראָזען פון דער „זבולון“ האָבען זיך ווי לייבען געוואָרפען אויף די רויטע, מען האָט אַלעמען געבונדען מיט שווערע, גראָבע שטריק, און אַלעס איז ווידער רוהיג געוואָרען.

דער קעניג האָט באַדאַנקט דעם אָפיצער מיט די מאַטראָזען פון דער „זבולון“ און לסוף האָט ער מיט התלהבות אויסגעשריען:

— זאָגט אייער פאָלק אין מיין נאָמען, אַז אויב איך און גרויס־ברי־טאַניע וועלען זיין איינגעשריבען מיט גאָלדענע פייערדיגע אותיות אין דער אידישער געשיכטע, וועט אויך דאָס בראַווע אידישע פאָלק מיט׳ן פּראָזען אידישען אָפיצער און מאַטראָזען פון דער שיף „זבולון“ זיין פאַרשריבען מיט גאָלדענע ברידערליכע אותיות אין דער געשיכטע פון גרויס בריטאַניע, אַלס די רעטער פון זייער קינג און פון זייער כבוד!

ווען דער אָפיצער מיט די מאַטראָזען זיינען צוריקגעקומען צו דער „זבולון“ און דער עולם אויפ׳ן שיף האָט זיך דערוואוסט פון דער גרויסער געשעהעניש, איז פּלוצלונג אויסגעבראָכען אַ הידד־אויסגע־שריי, מיט אַזאַ הילכיגען שירה־טאָן, אַז דער ים איז פּשוט פאַרצי־טערט געוואָרען. אַלע קולות האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין איין גרויסען, לאַנגען הידד־קול. מען האָט פון שמחה געטאַנצט, געזונ־ און זיך געפרעהט. אויפ׳ן שיף האָבען זיך געפונען אַ היבשע צאָהל רבנים און זיי האָבען גלייך באַפוילען מען זאָל זינגען הלל, און דער גאַנצער עולם האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט מיט אַזאַ מתיקות און התלהבות הלל געזונגען, אַז דער ים איז אנטשוויגען געוואָרען. ער איז געוואָרען אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקענט פיהלען, ווי דער ים הויבט זיך אָן דערמאָהנען; עפּעס זיינען איהם די ווערטער באַקאַנטע. מען האָט געזעהן ווי דער ים שמייכעלט. ער האָט דערקענט דעם אידישען „אָז ישיר“ און אַזוי ווי ער וואָלט זאָגען: „זינגט, זאָגט הלל, אידעלאַך! עס איז ניט דער ערשטער נס וואָס גאָט טהוט פאַר אייך. עס איז מן השמים נגזר געוואָרען, אַז די אידישע שיף זאָל זיין דער שליח מציל צו זיין גרויס בריטאַניע׳ס קעניג און איהר כבוד.“

אין דערזעלבער צייט, ווען אלע אויפ׳ן שיף זיינען געווען פאר־נומען מיט׳ן הלל זאגען, איז דער אמת׳ער שווארצקאפּ האקענקרייצלער געזעסען אין דזשערדזשינסקי׳ס קאיוטע, צוזאמען מיט ניגלאס׳ן. ער האט זיי דערצעהלט פאלגענדע געשיכטע:

נאך מיט א יאהר צוריק, ווען ער האט ארגאניזירט די דייטשע קאמוניסטען, האט ער באשלאסען צו פאהרען קיין אמעריקא. מאס־קווע איז געווען זעהר צופרידען פון זיין ארבייט און פון זיין נסיעה, נאר צוליעב געוויסע סבות האט ער געמוזט אפלעגען זיין נסיעה קיין אמעריקא. דערווייל האט עפּעס איינער, א פאררעטהער, אן ענטשלאָ־סענער יונג, ארויסגע׳גנב׳עט זיינע פאפּירען וועלכע מאסקווע האט איהם געשיקט. ביז איך האב באקומען אנדערע פאפּירען, האב איך איבערגעאנדערש מיינע פּלענער, נאטירליך, מיט דער צושטימונג פון מאסקווע. איך האב אונטערגענומען די רייזע נאך כינא, מאראקא און צום סוף נאך סיריען. איך האב צוגעגרייט די דמשק׳ער צו אן אויפשטאנד, ווען לארד באלפור וועט דארטען דורכפאהרען. איך האב צוגעגרייט די מופסים, אז זיי זאלען ניט שלאפען ביי דער ערעפענונג פון דעם אידישען אוניווערזיטעט, און אזוי ווייטער.

ניגלאס איז די גאנצע צייט געזעסען ווי א פאראליזירטער. ער האט איצט פארשטאנען, אז אט יענער פאררעטער איז דאס געווען ביי איהם און ער האט איהם איבערגעגעבען אלע סודות. ער איז איצט אין פאלעסטינא און ארבייט געווים ווי א פאררעטהער. ער האט עס איבערגעגעבען דזשערדזשינסקי׳ן מיט שווארצקאפּ׳ן.

— טויט דעם פאררעטהער! — האבען זיי געקריצט מיט די צייהן. אבער מעהר ווי דאס האבען זיי ניט געקענט טאן.

דזשערדזשינסקי האט איבערגעגעבען זיין פּלאן, אז ווען אלע וועלען שלאפען און אויפ׳ן שיף וועט זיין רוהיג, זאלען זיי שטילערהייט, מיט וואפען אין די הענט, בינדען דעם קאפּיטאן מיט די אפיצערען, און אויב מעגליך, אלע מאטראזען. נאר אויב די מאטראזען וועלען זיך שטעלען אנטקעגען, זאל מען ניט ווארטען און גלייך שיסען; מען זאל פארשליסען אלע רייזענדע אין זייערע קאיוטעס און אויסקירעווען די שיף אויף צוריק.

שווארצקאפּ האט באמערקט:

— דאס איז דאך אבער איינפאכע רויבעריי!

דזשערדזשינסקי האט זיך פונאנדערגעלאכט מיט א טייוועלשען געלעכטער:

— און אַז מען ערקלעהרט מלחמה, איז עס ניט רויבעריי? דער אונטערשיד איז נאָר אין דעם: יענע ערקלעהרען — און מיר וועלען גלייך שיסען, אָהן ערקלעהרונגען, כדי אונזער שונא זאָל זיך ניט קענען פּאַרטיידיגען. מיר מוזען אַזוי האַנדלען, ווייל מיר זיינען קליין אין צאָהל. די גאַנצע וועלט איז געגען אונז און, אגב, „הייליגט דער צוועק דעם מיטעל“!

שוואַרצקאָפּ האָט פאַלקאַם איינגעשטימט...

עס איז שפּעט נאָך האַלבע נאַכט, אַלע שלאָפען גליקליך און גע־שמאַק. אויפ׳ן שיף איז רוהיג און שטיל, און די שיף אַליין גליטשט זיך מאַיעסטעטיש ווי אַ שעהן־באַ׳חנ׳טע מיידעל אין אַ צניעות׳דיגען טאַנץ. דער ים דרעמעלט, אויסער די שטיפערישע כוואַליעס פלעגען פון צייט צו צייט אונטערפּאַטשען דער טאַנצענדיגער „זבולון“, חבר׳יש, אַט אַזוי זיך, פון פרעהליכקייט וועגען.

די מאַטראָזען זיינען געווען פּאַרטאַן יעדער מיט זיין אַרבייט. זיי האָבען זייער אַרבייט געטאָן מיט ליעבע און מיט שמחה, דער שיפס־קאַפּיטאַן איז געשטאַנען רוהיג אויף זיין פּאָסטען, און די צוויי אָפּי־ציערען יהודה און ישראל האָבען געדרעמעלט אָדער זיך געמאַכט ווי זיי דרעמלען.

אַט אין דיעזער צייט האָבען זיך ווי נאַכט־שאָטענס דורכגע׳גנב׳עט, דער איינאויגיקער דזשערדזשינסקי, שוואַרקאָפּ האַקענקרייצלער, ניג־לאַס און דער געשטופּעלטער רויטקאָפּ, זיי זיינען זעהר שטיל אַרויפ־געקראָכען אין דער הויך צום קאַפּיטאַן, און האָט געוואָלט דורכפיהרען זייער טייוועלשען פּלאַן.

נאָך איידער זיי האָבען נאָך צייט געהאַט עפּעס צו טהאָן, זיינען ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסען צעהן שטאַרקע מענער, וועלכע האָבען אַרויפגעוואָרפען זעק אויף די פיער טייוואָלים, מען האָט זיי פאַר־שטאָפּט די מיילער און צונויפגעבונדען מיט שטאַרקע שטריק, ס׳איז אָפּגעטאָן געוואָרען אַזוי פלינק, אַז אפילו דער קאַפּיטאַן האָט ניט געפונען פאַר נויטיג עפּעס צו זאָגען. ער האָט נאָר ליעבליך גע־שמייכעלט, און אַלעס איז אָנגעגאַנגען פּונקט ווי עס וואָלט גאָרניט פּאַסירט. נאָכדעם איז דן אַרויס פּאַרקליידעט אַלס שוואַרצקאָפּ און איז אַרומגעגאַנגען שטיל איבער׳ן דעק פון דער „זבולון“.

אַ פּאַרדעכטיגטע פּערזאָן איז צו איהם שטיל צוגעגאַנגען און איהם געפרעגט:

— נו?

— געה גיך און גיב דעם געהיימען צייכען צו די איבעריגע חברים, און זאָלען אַלע קומען אין דער הויך וואו דער קאַפּיטאַן געפינט זיך, אָבער זעהר שטיל, אַז קיינער זאָל ניט באַמערקען. דער קאַפּיטאַן מיט די צוויי אָפיצערען ליגען שוין געבונדענע. אָבער שאַ...

אין עטליכע מינוטען זיינען צעהן שטאַרקע יונגען אַרויפגעקומען אין דער הויך. נאָר איינער אימעצער פון זיי האָט צייט געהאַט עפּעס צו טאָן, איז ער שוין געלעגען מיט אַן אַרויפגעוואָרפענעם זאַק, און אויף אַט דעם אופן זיינען אַלע געלעגען געבונדענע. מען האָט זיי אַלעמען אַרונטערגעטראָגען אונטען און געשמידט אין קייטען, און אַלעס איז ווידער געוועזן שטיל און רוהיג.

די פּאַסאַזשירען האָבען געשמאַק געשלאָפען, אַנדערע האָבען גע־חלומ׳ט פון ציון און ירושלים, פון דעם אוניווערזיטעט אויפ׳ן הר הצופים; קיינעם האָט זיך אָבער ניט גע׳חלומ׳ט פון די גרויסע העל־דענטהאַטען און וואונדער, וואָס די בראַווע „זבולון" האָט היינטיגע נאַכט דורכגעפיהרט. קיינער האָט גאָר קיין אַהנונג ניט געהאַט, אַז די „רויטע שלאַנגען" פון דער רויטער מדינה האָבען געוואָלט פאַר־כאַפּען די אידישע שיף און פאַרגיפטען די גרויסע אידישע שמחה אויפ׳ן הר הצופים. אָבער דער שומר ישראל האָט געוואַכט איבער דער „זבולון".

אויף מאָרגען גאַנץ פריה, ווען די זון האָט זיך נאָר וואָס אָפּגע־טובל׳ט אין ים, זיינען אַלע פּאַסאַזשירען, אויסגעשלאָפענע, באַגייס־טערטע, מיט ליכטיגע פּנימ׳ער, אַרויף אויפ׳ן דעק און באַגריסט דעם שעהנעם ליכטיגען טאָג.

ראַדיאָ־טויבען האָבען אָנגעהויבען אַרומפליהען איבער דער וועלט. פיעלע שיפען אויפ׳ן ים האָבען אַרויסגעשיקט דורך די ראַדיאָ־טויבען זייערע באַגריסונגען דורך דער „זבולון".

די אידישע קהלה אין גיבראַלטאַר האָט זיך געווענדעט דורך אַ ראַדיאָ־טויב צום קאַפּיטאַן פון „זבולון", אַז ער זאָל זיך אָפּשטעלען כאָטש אויף אַ שעה אין גיבראַלטאַר, אום די אידען זאָלען קענען געבען אַ האַרציגען שלום־עליכם דער „זבולון" אויף איהר רייזע נאָך ארץ־ישראל.

פיעלע שלום־עליכמ׳ס האָבען די ראַדיאָ־טויבען אַריבערגעבראַכט פון ארץ־ישראל גופא, פון ירושלים, פון תל־אביב, פון כמעט אַלע קאָלאָניעס, פון די קבוצות, פון דער ציוניסטישער פאַרוואַלטונג, פון אידישען נציב, פון די גימנאַזיעס, פּאָליטעכניקום, פון די לעהרער,

פּראָפעסאָרען, רבנים און דאָס גלייכען, און די „זבולון" שפּאַלט דעם ים און שווימט גלאַט און שטאָלץ צו די שעהנע בערג פון יהודה.

באַלד ווי „זבולון" איז אַריינגעשוואומען אינ'ם ים־התיכון, האָט ער זיך אַביסעלע צושפּילט. ער האָט גענומען ציינגען זיינע שטיפעריייען, ער האָט זיך צושטורעמט און צוכוואַליעט, ער האָט אַביסעל אַ קאָ־מאַנדעווע געטאָן מיט די פּאַסאַזשירען אויפ'ן דעק, ער האָט פיעלע פון זיי צולעגט קונדס'דיג. די בעטלאַך האָבען ביי איהם געטאַנצט, זיך געדרעהט און געזיג־זאַגט, ס'האָט געקראַכט פון אַלע זייטען, אָבער די „זבולון" האָט פריינדליך געשמייכעלט, זי האָט געפיהלט, אַז אַן אייגענער קונדס דאַרף מסתמא אַזוי באַגריסען. דאָס איז זיין קונדס־שלום־עליכם.

די „זבולון" מיט די פּאַסאַזשירען האָבען זיך געוויצעלט. דער אַלטער שעהנער אלכסנדר איז ניט אַנדערש געבליבען אויפ'ן דעק, ווען די שיף האָט זיך געוויגט ווי אַ קליינע הוידעלקע און האָט גלייכ־גילטיג געראויכערט לובלינער'ס ארץ־ישראל'דיגע ציגאַרעטלאַך און גע־שמועסט מיט לו דעם שוויגער און גולד'ן.

— זאָל ער אַביסעל שטיפען — האָט ער געלאַכט. — איך בין אי־בערגעקומען גרעסערע שטורעמס, פרעמדע שטורעמס, אָבער ער, אָט דער שטורעם, איז דאָך לכל־הפחות אַן אייגענער, ס'איז דאָך אונזער ים, ס'איז מיר, אדרבה, ליעבלאַך זיין קונדס'עריי, זאָל ער זיך שפּילען מיט מיין באָרד, זאָל ער מיך אפילו אומוואַרפען.

עס איז פאַרבייגעגאַנגען דער צווייטער אַפּיצער ישראל. ער האָט זיי פריינדליך געבעטען אַריינצוגעהן אין די קאַיוטעס, ווייל די „זבולון" וויגט זיך צו שטאַרק.

אלכסנדר האָט איהם געענטפערט:

— מיר פאַהרען דאָך איצט אויף אונזער אייגענעם ים, לאָזט אונז זיך מיט איהם אַביסעל דורכשמועסען, זיך אָפּגעבען שלום־עליכם! אַזאַ לאַנגע צייט זיך ניט געזעהן! איהר זעהט ווי ער טאַנצט און פרעהט זיך מיט אונז? איהר זעהט ווי די כוואַליעס מאַכען אַ וועג פאַר אונזער „זבולון"? אמת, איהר זייט טאַקע דער אַפּיצער פון „זבולון", אָבער איהר זייט נאָך יונג. איך, אַלטער, האָב שוין דורכ־געמאַכט אמת'ע שטורעמס, „בלוטיגע מבול'ס"! אַזאַ שטורעמ'ל איז מיר ליעב און טייער.

דער אַפּיצער איז געבליבען ווי פאַרשטיינערט: „מיין גאָט!" — האָט ער געטראַכט. „ער קוקט דאָך אויס ווי מיין טאַטע! זיין קול,

זיינע אויגען, זיין שטאַלץ! נאָר אַנשטאָט אַ שוואַרצע באָרד — אַ שעהן ווייס זילבערנע!

— וואָס האָט איהר זיך פאַרטראַכט, יונגערמאַן? — האָט אַלכסנדר גוטמוטיג געלאַכט. — אייך פאַרדריסט, וואָס ביי אונז אידען איז ניטאָ קיין דיסציפּלין? מען פאָלגט ניט אוים די באַפעהלע פון די אָפּי־צערען?... איהר האָט רעכט — האָט ער אַליין געענטפערט. — איך געה טאַקע שוין אין מיין קאַיוטע. אָבער — האָט ער צוגעגעבען. — איהר דאַרפט דאָך פאַרשטעהן די נשמה פון אַן עלטערן אידען, וועלכער האָט געהאַט זעהר אַ שטורמישען לעבען, וועלכער האָט אפילו פאַרגעסען אויף זיין גאָט און פאָלק און איז נאָכ'ן לאַנגען שטורם סוף־כל־סוף געקומען צו זיך, אָדער בעסער געזאָגט, ער האָט זיך געפונען — און איז צווישען זיינע אייגענע ברידער, ער פאָהרט אויף זיין אייגענער שיף צו זיין אייגענער לאַנד! — און טרעהרען האָבען זיך געשטעלט אין זיינע אויגען.

דער אָפיצער האָט זיך געשטאַרקט ניט אויסצוברעכען אין אַ געוויין. ער האָט צערטליך געזאָגט:

— מיין הערר! איך פיהל אייער נשמה! איהר דאַרפט ניט פאַר־געסען, אַז איך בין אַן אָפיצער אויף אַ אידישער שיף, און איך לעב דורך, וואָס אַלע אידען לעבען איבער. אמת, איך בין נאָך יונג, אָבער איך בין גענוג אַלט אין ערפאַהרונגען. מיר דאַרפען אָבער אויף אַלע אונזערע צרות פונ'ם עבר פאַרגעסען. מיר מוזען איצט לעבען פאַר אונזער גלאָררייכען עתיד. מיר האָבען געזעעט מיט טרעהרען און מיר מוזען שניידען מיט געזאַנג און שמחה.

— קען איך האָבען די עהרע צו וויסען אייער ווירדיגען נאָמען? — האָט דער אָפיצער געפרעגט.

— מיין נאָמען — האָט ער געענטפערט — איז פאַרלויפיג אַלכסנדר.

— וואָרום עפּעס פאַרלויפיג? — האָט דער אָפיצער קוים געפרעגט.

— ווייל, פאַרשטעהט איהר מיך: אַט דער נאָמען דערמאָנט מיך אַן דעם ביטערען גלות, אויף מיין יסורים'דיגע פאַרגאַנגענהייט. ווען איך וועל קומען אַהיים אין אונזער ארץ־ישראל, וועל איך זיך געבען אַן עכט־אידישען נאָמען.

— איך דענק — האָט דער אָפיצער געענטפערט, — אַז אַלכסנדר איז דער שעהנסטער נאָמען. דאָס דערמאָנט אַן דעם גרויסען אַלכסנדר, ווען ער איז אַמאָל דורכגעגאַנגען ארץ־ישראל, און אַלע אידישע קינדער וועלכע זיינען געבאָרען געוואָרען יענעם יאָהר האָט מען אַ נאָמען גע־

געבען אַלכּסנדר. איך האָב אַ זוהן, שעהן ווי אַ מלאכ׳ל — אויך אַן אַלכּסנדר!

די שיף האָט זיך געגעבען אַ הוידע. אַלכּסנדר האָט זיך געגעבען אַ שטאַרקען שאָקעל, אָבער דער יונגער אַפּיצער האָט איהם אריינגע־כאַפּט אין זיינע אָרעמס און האָט איהם שטאַרק צוגעדריקט צו זיך ווי אַ קינד. ביידענס הערצער האָבען אָנגעהויבען שטאַרקער צו קלאַפּען.

— ווי איז אייער נאָמען, יונגער שעהנער אָפּיצער? — האָט אַלכּסנדר געפרעגט, ווען ער איז נאָך געווען אין זיינע אָרעמס.

— מיין נאָמען איז ישראל! — האָט ער געענטפערט.

— ישראל איז אַן עכט אידישער שעהנער נאָמען, מיט וועלכען דער מלאך האָט גערופען יעקב׳ן, ווען ער האָט זיך געראַנגעלט מיט איהם, און איך וועל מיך פון היינט אָן רופען ישראל! — האָט אַלכּסנדר געזאָגט.

— איהר וועט זיך רופען אַלכּסנדר־ישראל! — האָט דער אַפּיצער געענטפערט. — עס וועט קלינגען זעהר שעהן. אַט אַזוי ווי אַלט־ניילאַנד!

— איהר ארץ־ישראל־קינדער זייט אמת׳ע פּאָעטען! — האָט אַלכּסנדר ליעבליך געלאַכט.

— געווים. ווייל מיר געפינען זיך תמיד אין דער לאַנד פון די נביאים. ווען איהר וועט זיך געפינען אונטער די ארץ־ישראל הימלען, וועט איהר אויך ווערען אַ פּאָעט, אָדער אַ נביא! — האָט דער אַפּיצער געענטפערט.

— איהר זייט ניט קיין אַמעריקאַנער? — האָט דער אַפּיצער גע־פרעגט.

— פון וואַנען פאַרשטעהט איהר עס, מיין טייערער אַפּיצער?

— אַט נאָך אייער שעהנער אויסשפּראַכע, וועלכע דערמאָנט מיר אָן אַ רוסישען אָדעלמאַן, הערר אַלכּסנדר.

— איהר האָט געטראָפען! — האָט אַלכּסנדר מיט אַ זיפץ גע־ענטפערט. — הלואי וואָלט איך דאָס ניט געווען.

— וואָרום דענקט איהר אַזוי, הערר אַלכּסנדר?

— ווייל דאַן בין איך קיין איד ניט געווען! — האָט ער געזיפצט. איך האָב געהאַט פאַרגעסען אפילו אויף מיין אידישער אָפּשטאַמונג.

— אַמאָל איז עס אפשר בעסער, — האָט דער אַפּיצער געענט־פערט. — ווייל נאָכדעם, ווען מען קומט צו זיך, ווייס מען בעסער ווי צו האַלטען טייער דעם „איך“ אין זיך.

— איהר זייט זעהר אַ גוטער מענש, מיין טייערער אַפּיצער! איהר זייט אַ דן־לכף־זכות־ניק!

— געוויס מוז מען תמיד דן־זיין לכף־זכות, ווייל „אַל תדין את חברך עד שתגיע למקומו“ — ווייל דער יעניגער וואָס פאַר׳משפּט, ווען ער זאָל זיך געפינען אין יענעמס לאַגע, וואָלט ער אפשר בעסער ניט געהאַנדעלט.

— ארץ־ישראל מעג שטאָלצירען מיט אַזעלכע יונגע־לייט ווי איהר זייט! — האָט אלכסנדר כמעט ווי אויסגעשריען.

— אונזער ארץ־ישראל וועט געוויס שטאָלצירען מיט אַזעלכע אַלטע לייט, ווי איהר! — האָט דער אַפּיצער געענטפערט.

— וואָרום דענקט איהר אַזוי, יונגערמאַן?

— גאַנץ איינפאַך, הער אלכסנדר־ישראל. אייער אריסטאָקראַטי־שער אויסזעהן זאָגט עדות, אַז איהר האָט זעהר פיעל געלערענט אין אייער לעבען. איהר האָט דורכגעמאַכט אַ לעבען פון גוטע און שלעכ־טע צייטען, אייער ערפאַהרונג און ליעבע צו ארץ־ישראל וועט זעהר פיעל בייטראָגען פאַר דעם גיכען אויפבוי פון אונזער אַלט־ניילאַנד.

— איך דאַנק אייך זעהר פון מיין טיעפען הארצען, מיין ליעבער ארץ־ישראל׳דיגער אַפּיצער. אייערע רייד האָבען ווי גוטע בשמים אריינגעטריפט אין מיין נשמה און איך פיהל, ווי איך ווער יונג.

— הייסט עס, אַז איהר קומט פון רוסלאַנד? — האָט דער אַפּיצער זיך אומגעקעהרט צום פריהערדיגען געשפּרעך.

— ווי איך פאַרשטעה, ווילט איהר דורכאויס לערנען מיין גע־שיכטע, — האָט אלכסנדר געלאַכט. — מיין געשיכטע איז זעהר אַ לאַנגע און אַ טרויעריגע. ווען מיר וועלען זיך טרעפען אין ארץ־ישראל, זאָג איך אייך צו, אַז איך וועל אייך דערצעהלען מיין ביאָגראַפיע פונ׳ם סאַמע בראשית ביז דעם לעיני כל ישראל! פאָרלויפיג קען איך אייך נאָר זאָגען, אַז איך בין אַ געבאָרענער פון דעם ארץ־הדמים, נאָר די לעצטע צייט האָב איך געלעבט אין אמעריקא, וואו איך האָב אָפּגעגעבען מיין גאַנצע צייט פאַר אידישע ענינים, איבערהויפּט פאַר דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל. איהר זעהט אָט די שיף וואו איהר האָט די זכיה צו זיין אַפּיצער, דאָס איז די פּרוכט פון מיין אונערמידליכער ארבייט. איצט זייט איהר צופרידען, מיין שעהנער יונגערמאַן?

דער אַפּיצער האָט זיך מעהר ניט געקענט באַהערשען. ער האָט אַריינגעכאַפּט דעם אַלטען אין זיינע אָרעמס, האָט באַדעקט זיין פּנים מיט הייסע קושען און איז אַנטלאָפען געוואָרען. דער אַפּיצער איז אַריינגעלאָפען צו זיך אין צימער, האָט זיך אַ וואָרף־געטאָן אין זיין בעט און האָט מיט טרעהרען אין די אויגען געשעפּטשעט:

— אַ, נאָט פון ציון! ס'איז ער, מיין טאַטע!

דער אַלטער אַלכסנדר איז געבליבען ווי פאַרטומעלט. לו און גולד, וועלכע האָבען פון ווייטען צוגעזעהן די סצענע, זיינען צוגעקומען לאַכענדיג.

— מאָדנע לייטע, אָט די ארץ־ישראל'דיגע, — האָט אַלכסנדר גע־זאָגט. — זיי קענען זיך גאָרניט באַהערשען. זיי דריקען תיכף אויס זייער ליעבע מיט ממשות'דיגע קושען.

— און עס קען נאָך טרעפען, אַז אונטער די אַפּיצערסקע קליידער זאָל זיך געפינען אַ שעהנע אידישע טאָכטער. אַ קשיא אויף די ארץ־ישראל'דיגע חברה! — האָט גולד געלאַכט.

— אַ, איהר יונגע קונדסים! — האָט אַלכסנדר געלאַכט.

דער שטורם האָט זיך איינגעשטילט. אַפּנים, אַז ער האָט זיך אויסגעמאַטערט באַגריסענדיג.

די שיף און דער ים האָבען זיך געהאַלטען מערקווירדיג פיין און אָרטיג. סאַמעט־גלאַט איז זיין פּנים געוואָרען, קיין שום קנייטשעלע, קיין קרים. די ליכטיגע זון האָט מיט איהרע גינגאָלדיגע שטראַהלען סאַלוטירט די בלוי־ווייסע פאָהן, וואָס האָט גדלות'דיג און גליקליך געפלאַטערט. און ווען דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט די התקוה, האָבען אַלע פּאַסאַזשירען מיטגעזונגען.

אפילו די גוים האָבען זיך אויך אַריינגעפלאָכטען אין כאָר. דער אַלטער שעהנער אַלכסנדר איז אַריין אין עכטען עקסטאַז און מיט אַלע זיינע חושים און אברים האָט ער אויסגעשריען: „געוויס וועט ניט פאַרלאָרען געהן אפילו אַ טראָפּען פון אונזערע האָפענונגען, די האָ־פענונגען פון אַלע אונזערע דורות, ווען מיר האָבען שוין זוכה געווען צו אַזאַ הערליכע סצענע אין דעם שוים פון אונזער ים. ניינצעהן הונדערט יאָהר האָבען די אומות העולם אונז אין פייער און אין וואַסער געשליידערט, סיי די יבשה און סיי די ימים זיינען פאַר אונז געווען פרעמדע, פיינדליכע טעריטאָריע! היינט מאַרשירען קינדער פון ישראל, פריי, שטאָלץ, קוממיות'דיג אויף אַן אייגענער שיף, וואָס איז זייער בלוט און פלייש, וועלכע טראָגט זיי אויף איהרע פליגלען צו זייער

מוטער ציון, צו דעם פּלאץ, וואו עס ליגט זיך דער יסוד פון דער אידישער גאולה, וואו עס בויט זיך אונזער אלט־נייער לאנד! — פריידען־טרערען האבען זיך געקייקעלט איבער זיינע באקען און אויף די באקען פון אלע רייזענדע, וואס האבען אויסגעדריקט גרענעצלאזע אינערליכע שמחה.

אויפ׳ן אויבערשטען דעק זיינען געשטאנען פאטאגראפיסטען און האבען פאטאגראפירט די הערליכע סצענע, אום צו פונאנדערשיקען די הערליכע בילד בכל תפוצות ישראל און צו אלע נאציאנען פון דער וועלט.

און די שיף שניידט פעסט און בטחונ׳דיג. די כוואליעס פון ים אין דער ריכטונג פון מזרח, דארט וואו ס׳ליגט די היימלאנד, דער מאגנעט פאר אידישע הערצער. די פּאסאזשירען זינגען א בענקונגס־געזאנג, פון א געליבטען וואס פאהרט צו זיין געליעבטער. מען זינגט, מען רוישט, מען האפט, מען טרוימט, אלע ווערען הינגעריסען פון די התעוררות וואס עס ברענט ווי א פייער און צינדט אן אנדערע מיט׳ן זעלבען פייער, און דער עולם כאפּט א טענצעל. אלעס טאנצט און זינגט. די שיף מיט איהרע דעקאראציעס, מיט די מגן־דוד׳ס, מיט די וויים און בלוי באפארבטע ווענט, אפילו די ווייס־בלויע געשיר, די טעלער, די לעפעל, די גלעזער און די גאנצע מאנשאפט פון שיף, דער קאפּיטאן, די אפיצערען, די מאטראזען, די וויטערס — אלע זינגען, מען טאנצט און מען זינגט.

דער אלטער אלכסנדר איז געוועזן שכור פון גליק. ער איז ניט אפּגעטראטען פון לו דעם שוויגער, ביי ועמען עס האט זיך באוויזען א פּייערל אין די שעהנע בלויע אויגען.

לו רעדט צו גולד׳ן שטיל:

— מיט יאמער און געוויין זיינען די אידען געגאנגען פון מזרח צו מערב; אבער מיט ציונ׳ס געזאנג אויף די ליפּען געהען זיי פון מערב צום מזרח.

צובראכענע און באזיגטע זיינען זיי געגאנגען פון מזרד קיין מערב, אבער מיט א פרישען יוגענט אין הארצען, און אונבאזיגטע, געהען זיי צוריק פון מערב צום מזרח!

— אמת! — ענטפערט גולד מיט באגייסטערונג. — עס איז א היס־טארישע פּאסירונג און אן ערהאבענע לעגענדע. די שפּעטערדיגע דורות וועלען עס אפשר קענען אפּשאצען. מיר זיינען צו נאהענט, אז מיר זאלען עס קענען פארשטעהן. עס מוזען אויפשטעהן נייע דיכטער, נייע

נביאים, וועלכע וועלען זיין בכח צו באזינגען אט די איצטיגע גרויסע היסטארישע לעגענדע.

דער ערשטער אפיצער, יהודה, איז צו זיי צוגעקומען מיט א ברייטען קלינגענדיגען שלום.

— זייט גרייט, ליעבע פאסאזשירען! אט באלד וועלען אונזערע פיס באטרעטען דעם הייליגען באדען פון אונזער אלט־ניי־לאנד! — האט ער אויסגערופען.

— געבענשט זאלסטו זיין פון גאט, דו שעהנער יונגער אידישער אפיצער, פאר דער גליקליכער בשורה! — האבען אלע אויסגעשריען אין איין אטעם.

דער אפיצער האט דערזעהן דעם גרויסען אמעריקאנעם און זיין הארץ האט געטאנצט פון שמחה. „אט איז ער, דער געליעבטער פון מיין הארצען! אבער ניין! אט דארטען, אויפ׳ן הר הצופים, וועל איך איהם האלדזען און קושען! מיר האבען נאך זעהר פיעל ארבייט מיט די רויטע טייוואלים!" — האט ער ביי זיך געטראכט.

— ווי איז דיין נאמען, דו שעהנער אפיצער פון יהודה? — האט אלכסנדר געפרעגט.

— איהר האט ערשט געהאלטען מיין נאמען אויף אייערע שעהנע ליפען! — האט ער שמייכלענדיג ווי א מיידעל געענטפערט.

— אזוי? הייסט עס, אז אייער נאמען איז יהודה! — האט אלכסנדר ענציקט אויסגערופען. — וואונדערבאר! פארטרעפליך! — האט ער געזאגט. — יהודה און ישראל האבען זיך פאראייניגט! דעם צווייטען אפיצער רופט מען „ישראל" און דעם ערשטען „יהודה"! ווי ערהאבען דאס איז!

— און ווי רופט מען אייך, שעהנער אלט־יונגער? — האט דער אפיצער געפרעגט, ווערענדיג אויפמערקזאם.

— ביז אהער האט מען מיך גערופען אלכסנדר, אבער פון איצט אן וועט מען מיך רופען אלכסנדר־ישראל! — האט ער געענטפערט. — דעם נאמען ישראל האט מיר צוגעגעבען אייער צווייטער אפיצער.

— אבער וואס איז דאס? דעם אפיצער איז פלוצלונג נישט גוט געווארען. ער איז געווארען וויים, פונקט ווי די וויסע וואל פון די ארץ־ישראל שעפסען, נאכדעם ווי מען האט זיי ארומגעוואשען. ער האט געהאלטען ביים פאלען, אבער לו דער שוויגער האט איהם אנגעכאפט און איהם אוועקגעזעצט.

— וואס איז אייך? זאל איך רופען דעם דאקטאר?

— א, נייַן, מיין הערר! עס וועט באַלד איבערגעהן! — האָט ער געשעפּטשעט. ער האָט אַנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אַן לו׳ם אַקסעל אויף אַ קורצע צייט. ער האָט זיך באַלד אויפגעהויבען און האָט באַדאַנקט לו.

ער איז אַריינגעלאָפען אין זיין קאַיוטע:

— א, גאָט! עס איז דאָך מיין טאַטע! געבענשט זאָל זיין דער גאָט פון ציון!

דער ערשטער אַפּיצער איז אַריינגעפלויגען צום צווייטען, און ביידע זיינען געשטאַנען אַרומגעאַרעמט, ביז די „זבולון" האָט אָנגעהויבען אַנזאָגען און אויסשרייען „ארץ־ישראל!"



## אַכט־און־פערציגסטער קאַפּיטעל.

# פאָרטרעטער פון אַלע נאַציאָנען קומען צו דער שמחה.

די גאַנצע ארץ־ישראל נאַטור: דער הימעל, די בוימער און די פעלדער האָבען זיך אויסגעפּוצט לכבוד דעם גרויסען היסטאָרישען טאָג אויפ׳ן הר הצופים. עס איז געווען אַזאַ הערליך שעהנער טאָג, וועלכען מען קען זעהן נאָר אין ארץ־ישראל.

איבער אַלע ברייטע און שמאָלע וועגען, וואָס פיהרען צום הר־הצופים, האָבען זיך געצויגען מחנות מענשען, אידען און ניט־אידען, יונג און אַלט זיינען זיי געקומען. די פרייד, די שמחה וואָס איז געלעגען אין אַלעמענס הערצער האָט גענומען אַרויסשטראַהלען דורך די פאָרטרעטע אויגען, מיט א פייערדיגע „שהחיינו"־ברכה דורך די ליפּען. די ווייס־בלויע בגדים פון די אידישע מיליטערישע שומרים און סדרנים, האָט די בילד געמאַכט נאָך שעהנער און איינדרוקספולער.

די אַלטע ירושלים האָט אויסגעטאַן איהרע טרויער־קליידער און האָט שיר־השירים׳דיג געשמייכעלט. דער הר־הבית, דאָרט וואו פוקסען האָבען אמאָל געשפּאַצירט האָט אַלעמען מאַיעסטעטיש באַגריסט. די גרויסע שטיינערנע בערג פון מואב און גלגל און זייערע טהאָלען, אויף וועלכע עס האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט דער ים המלח, — דער בלויער טויטער ים, וועלכער איז געלעגען ווייט אוועק צום מזרח און זיך געסוד׳עט מיט׳ן ירדן און איהם דערצעהלט צוויי טויזענט יעהריג לאַנגע

סודות, האבען איצט גאַנץ נייע סודות דערצעהלט... און דאָ אויף דעם באַרג צופים איז אַ אידישע יוגענט געשטאַנען, סאָלדאַטען אין וויים־בלויע קליידער, סאָלדאַטען וועלכע פאַרוואַנדלען שווערדען אין אקער־אייזענס.

עס נעהמט ניט קיין סוף צו די אַנקומענדע מחנות. אין די הונ־דערטער און טויזענדער קומען זיי. ס׳קומט אַ אידישע פאָלק מיט כל־ערלייאיגע לשונות, אָבער צוזאַמען מיט׳ן „דור הפלגה“ און „בלבול הלשונות“, ברענגען זיי מיט זיך דעם פייערדיגען אידעאַלען צעמענט, וועלכער וועט אַלעמען צונויפגיסען אין איין אידישע פאָלק מיט איין שפּראַך, וואו עס וועלען מעהר ניט זיין קיין רוסישע, פּוילישע, דייטשע, פראַנצויזישע, ענגלישע, אַמעריקאַנישע און טערקישע אידען, נאָר פּשוט׳ע נאַטירליכע גאַנצע אידישע אידען, פון אלף־בית ביז׳ן דאָקטאָר־דיפּלאָם, און וואו דער אידישער אינטעליגענט וועט מעהר ניט דאַרפען שפּילען דעם „גייסטיגען אַקראָבאַט“ אין דעם „וועלט צירקוס“ און נייגען זיך פאַר דער וועלט... נאָר ער וועט זיין אַ געזונטער אינטעלי־גענט פאַר זיך זעלבסט.

אידען פון דער גאַנצער וועלט זיינען זיך צונויפגעקומען אויפ׳ן הר הצופים, צו פּראָקלאַמירען פאַר דער גאַנצער וועלט, וואו אידען זיינען צוזעעט און צושפּרייט, פאָלגענדעס: „אידען! מיר געהען צוריק צו זיך! מיר געהען לערנען מיט זיך אליין, פאַר אונזער לאַנד, פאַר אונזער קולטור, פאַר אונזער וויסענשאַפט און פאַר אונזער גשמיות־דיגען און רוחניות׳דיגען לעבען. דער גרויסער טאָג פאַר אונז איז ענדליך געקומען!“

עס זיינען געקומען שלוחים פון דער אידישער נאַציאָן פון דער גאַנצער וועלט, און שלוחים פון אַלע נאַציאָנען, פון אַלע גלויבענס, פון דער גאַנצער וועלט. אַ ספּעציעלער ארץ־ישראל פריהלינגס־ווינטעל האָט אַלעמען באַגריסט. די פייערדיגע זון מיט די זיסע ריחות האָט געבליצט מיט שלום־עליכם־שטראַהלען. אין די גאַסען רוישט. מען קושט זיך, מען האַלדזש זיך, אַלע לויפען; אויף אַלץ און אויף אַלעמען איז אויסגעגאָסען געוואָרען אַ לעבענס כוואַליע; עס פליסט און עס מבול׳ט מיט שמחה, מיט התלהבות, מיט תחית המתים.

די וויסע שאָסעע־וועג, צווישען די גרינע פעלדער און די ליכ־טיגע בערג איז שוואַרץ פון אויטאָמאָבילען און וועגענער, וועלכע פיהרען צעהנדליגע טויזענטע מענשען צום גרויסען אידישען יום־טוב. צעהנדליגע טויזענדער פוס־געהער שניידען דורך די גרין־באַדעקטע ערד

אויף די זייטען פון די בערג דורך סטעזשקעס, זיי זעהען אויס ווי א לאנגע מענשען־קייט. וואס איין ברעג איז שוין אויפ׳ן הר הצופים און דער צווייטער ברעג איז נאך אין ירושלים.

אויף דעם רוקען פון בארג זיינען אויסגעשניטען געווארען שעהנע קינסטליכע טעראסען, איינע איבער די אנדערע, אלץ העכער און העכער, ביז אונטער׳ן שפיץ פון בארג — דאס איז דער סטאדיום פון אוניווערזיטעט.

געגען איבער די לאנגע שורות פון טעראסען, איז אויפגעבויט געווארען א וואונדערבארע פלאטפארם, אויף וועלכע עס שטעהען שורות־שורות שטוהלען און א שעהנער טיש, מיט א ספעציעלע „בימה" פאר די רעדנער.

די טויזענטע פלעצער זיינען שוין באזעצט, כאטש די פלאטפארמע איז נאך אין גאנצען לעדיג.

הונדערטע שעהנע יונגע לייט, אין ווייס־בלויע בגדים, ווייס־בלויע גארטלען און בלויע לענטעס אויפ׳ן ארעם מיט׳ן אויפשריפט „סדרן", האלטען אלעמען אין א וואונדערבארער ארדנונג. ניט אלע האבען געהאט די זכיה צו קריגען א פלאץ צום זיצען. א ריזיגע צאהל מענשען שטעהען ארום, הינטען, צו דער רעכטער זייט און צו דער לינקער זייט. אויף שפיצען פון בערגלאך שטעהען די קאמערע־לייטע מיט זייערע מאשינען, וועלכע זיינען מוכן־ומזומן אויפצוכאפען די בילדער פון דעם גרויסען היסטארישען יום־טוב.

עטליכע העלדישע יונגע לייט, צווישען וועלכע מיר דערקענען אונזער נפתלי׳ן מיט איבראהימען, זיינען ארויפגעקראכען אין דער הויך אויפ׳ן בארג אויף די צווייגען פון די בוימער, אום צו באטראכטען פון דארטען די הערליכע בילד.

פלוצלונג האבען זיך באוויזען א שורה מענשען, געקליידעט אין אוניווערזיטעט־בגדים — די ליכטיגע ירושלים־זון האט באשטראהלט זייערע רויטע און פורפורנע איבערמאנטלען, וואס האט געמאכט אויסזעהן ווי א רעגען פון פינקעלדיגע דימענטען.

זיי געהען לאנגזאם, יראת־הכבוד׳יג. דאס זיינען די שלוחים פון בילדונג און וויסענשאפט, פארטרעטער פון ציוויליזאציאן, פון אלע אוניווערזיטעטען פון דער ציוויליזירטער וועלט, — זיי זיינען געקומען פון אלע וועלט־טהיילען צו באגריסען דעם איינגסטען אוניווערזיטעט וועלכער ווערט געבויט פון דעם אלטען פאלק־ישראל.

נאכדעם האט זיך באוויזען א צווייטע שורה מענשען, געקליידעט אין כל־ערלייאיגע נאציאנאלע בגדים. דאס זיינען געווען פרינצען, לארדען, גראפען, פראפעסארען, וויסענשאפטס־לייטע, נאטור־פארשער, מיליאנערען, פילאנטראפען, ארבייטער־פארטרעטער און מיליטערישע בעאמטע פון אלע וועלט־טהיילען.

צום סוף האט זיך באוויזען די לעצטע שורה, וועלכע איז געגאנגען, אדער בעסער געזאגט: געשוועבט אין דער לופט. זייערע פנימ'ער האבען געשטראהלט פון גרויס גליק. עס איז געווען ניכר, אז אלע זייערע גלידער זינגען שירה צו גאט. דאס זיינען געווען די שלוחים פון אלע ציוניסטישע אגודות פון גאר דער וועלט, און פון אלע אידישע קהלות, ארדענס, אינסטיטוציעס, ישיבות און תלמוד תורה'ס פון דער גאנצער וועלט.

דערזעהענדיג די דריי מחנות פארטרעטער פון דער גאנצער וועלט, איז די הונדערט־טויזענד קעפיגע מאסע מענשען ווי עלעקטריזירט גע־ווארען. קיינער האט ניט באוועגט מיט קיין אבר די גאנצע צייט וואס די מחנות האבען פארנומען זייערע פלעצער אויף דער פלאטפארמע.

עס איז פאר אלעמען קלאר געווארען, אז עטוואס גרויסעס ווערט דא איצט געשאפען. ניט בחינם שיקען אלע נאציאנען זייערע שלוחים אונז צו באגריסען.

אין די מחות פון די צעהנדליגע טויזענדע אידען, וואס זיינען געקומען פון אלע לענדער און רעדען אלע לשונות, האט פלוצלונג אויפגעבליצט איין רעיון, וואס האט אלעמען פאראייניגט: „היינט זיינען מיר געווארען א פאלק! אלע פעלקער באגריסען אונז ווי זייער גלייכען! מיר זיינען א פאלק צווישען פעלקער, א נאציאן צווישען נאציאנען! היינט אנערקענען אלע פעלקער פון דער וועלט אונזער נצחון, אז קיינער קען אונז ניט פארניכטען!"

ווען דער אידישער עולם איז עטוואס געקומען צו זיך פון די נשמה־דיגע איבערלעבונגען, און זעהענדיג די באגריסער וועלכע זיינען גע־קומען אין דעם נאמען פון דער גאנצער מענשהייט, זיך פרעהען מיט דער אידישער שמחה, אויסגעזעצט אויפ'ן פלאטפארמע, יעדער נאך זיין ראנג, האט פלוצלונג אויסגעבראכען אזא הילכיגער און שטורמישער הידד־אויסגעשריי, אז דער רוקען פון הר־הצופים האט א גליקליכען ציטער געטאן און די קלאהרע דורכזיכטיגע ארץ־ישראל לופט האט דעם הידד־בת־קול אוועקגעטראגען איבער די קעפ פון די בערג וואס פיהרען צום ים המלח און פון דארט איבער דער גאנצער וועלט.

דער יום־טוב האָט אַלעמען באַהערשט מיט אַן אחדות־געפיהל:
אידען, קריסטען, מאַכמעדאַנער, בערג און וואַסער, ערד און הימעל —
אַלע האָבען זיך פאַראייניגט מיט דער יום־טוב׳דיגער נשמה, און האָבען
זיך געפיהלט גרינג ווי די לופט פון דעם וואונדערבאַרען טאָג, ווי דער
שטילער ווינטעל וואָס שאָקעלט צערטליך דעם שפּיץ פון די בוימער
אויפ׳ן שפּיץ פון הר הצופים, וועלכע זעהען אויס ווי אַ שורה צושויערס
וואָס זיינען געקומען זעהען די וואונדערבאַרע נייעסען, וועלכע קומען
פאַר אויף די אַלטע גרויסע פּלעצער.

ווען דער בת־קול פון ערשטען הידד איז פאַרשוואונדען, האָבען
זיך אַלע בליקען געריכטעט אויף צוויי הויכע שטאַרקע שומרים אין
ברייטע זיידענע קאַלירטע קליידער, מיט גאָלדענע באַפּוצונגען, וועלכע
געהען און קלאַפּען מיט זילבערנע שטעקענס, אָנזאָגענדיג, אַז דער אי־
דישער נציב קומט. און גלייך נאָך זיי געהט לאַנגזאַם, גלייך ווי אַ
סטרונע, מאַיעסטעטיש שעהן, דער נציב שמואל דער ערשטער. ער
איז אָנגעטאָן אין אַן אויבערמאַנטעל מיט רויטען אונטערשלאַג. באַלד
נאָך איהם, אין מיליטערישען אָנצוג געהט לאָרד אַלענבי, דער זיגער
פון ארץ־ישראל.

אַ שטורם פון הידד־קלאַפּעריי, נאָך שטאַרקער פון ערשטען, שפּאַלט
די לופט.

ווי שעהן ער קוקט אויס, דער אידישער מושל, זיצענדיג אויפ׳ן
פּלאַטפאָרמע צווישען די שלוחים פון די פעלקער, וועלכע זיינען גע־
קומען צו דער שמחה פון דעם אידישען פאָלק.

עס ווערט שטיל אויפ׳ן רוקען פונ׳ם הר הצופים. אַלע האַלטען
איין דעם אָטעם. מתיקות׳דיגע טענער פון מוזיק שפּאַצירען צווישען
דער שטילקייט. מען שפּילט „השמים מספרים“, ווי די הימלען פון
ארץ־ישראל דערצעהלען די וואונדער פון גאָט, אַז אידען זיינען צוריק
אין זייער היים, אונטער דעם אייגענעם בלויען הימעל, צווישען איי־
גענע בערג, אייגענע שומרים, אויף אַן אייגענער שמחה, און געסט
באַגריסען זיי. דער גלות פאַרשווינדט. מען האָט געבראַכט דעם
פאַרטריבענעם פּרינץ מיט מוזיק צו זיין היים, מען האָט איהם מיט
גרויס פּאַראַד ארויפגעזעצט אויף זיין טראָהן, און מען וועט איהם
באַלד באַגריסען. אָט אַזוי האָבען אַלע געפיהלט דורך די מוזיק־טענער,
וועלכע האָבען זיך געענדיגט.

עס הערשט אַ הייליגע שטילקייט. אויפ׳ן בימה שטעלט זיך אויף
דער רב הכולל פון ארץ־ישראל, הרב קוק. ער שטעהט אין זיין גרויסער

פּעלצענער שטריימעל און אַטלעסענער קאַפּאָטע, מיט די סאַמעטענע ברעגעז אויף די אַרבעל. אַ וואונדערבאַרע ערשיינונג. ער שטעהט, דער אַלטער רב מיט זיין שעהן פּאַטריאַרכאַלישער באָרד, די אויגען געווענדעט צום הימעל. ער רעדט וועגען די הויכע רעיונות פון מענ־שען־ליעבע, פון גערעכטיגקייט, פון אייביגע ברידערליכקייט, פון פריי־דען, וועלכע די אידישע נביאים האָבען די ערשטע פּראָקלאַמירט אויף דער וועלט. ער רעדט ווי אַ נביא, זיינע אויגען קוקען וייט־ווייט, זיי קוקען אַריין אין דעם „באחרית הימים“, און זיין פּנים איז באַלויכטען מיט אַ קדושה־גלאַנץ, צו וועלכען נור יחידי־סגולה זיינען זוכה צו דערגרייכען.

דער גרויסער עולם האָט דערפיהלט, אַז פאַר זיי שטעהט אַ טיעפער דענקער, אַ דיכטער און אַ מיסטיקער, וועלכער פאַרשטעהט דעם אמת׳ן געדאַנק פון דעם היינטיגען יום־טוב, און פיהלט עס דורך מיט זיין גאַנצער, גרויסער נשמה.

נאָך הרב קוק האָט זיך אויפגעשטעלט דער גרויסער חיים וויצמאַן. דער אויסדרוק פון באַגייסטערונג פאַרדונקעלט אַלעם וואָס עס איז געווען ביז איצט. דאָס אידישע פאָלק פיהלט, אַז זיין ליעבלינג פאַר־מאָגט אַ געוואַלדיגע ענערגיע און אַרבייטס־קראַפט וואָס קען ריהרען בערג. אַלע פיהלען, אַז אָט דיעזער חיים איז עפּעס אַן אונפאַרשטענד־ליכע לעגענדע. אַ פינסקער איד וואָס באַאיינפלוסט מלוכות! ער שטעהט אין זיין פולען גלאַנץ, אָנגעטאָן אין אוניווערזיטעט־בגדים, פון קאָפּ ביז די פיס. קיינער קען זיך ניט אָנזעטיגען מיט זיין שעהנעם פּנים, וועלכער לייכט ווי די ארץ־ישראל זון. ער שטעהט, דער ציוניס־טישער פיהרער, דער וואונדערבאַרסטער אידישער מושלם, דער פּאָלי־טיקער, דיפּלאָמאַט, דרשן און אַגיטאַטאָר, ער שטעהט, דער אידישער פינאַנץ־מיניסטער און געלעהרטער און באַטראַכט די צעהנדליגע טוי־זענטער אידען, וועלכע גיבען אַן אמת־האַרציגע נשמה׳דיגע אויפנאַהמע צו זייער גרויסען ליעבלינג, וואָס האָט געפונען דעם שליסעל צו דער אידישער האַרץ.

און דער לעבעדיגער, הומאָריסטישער, וואַרימער פּשוט׳ער איד, און דער רוהיגער, איינגעהאַלטענער פּאָליטיקער, דער שווער באַלאַדע־נער געלעהרטער חיים רעדט:

— — — — „אידען פון דער גאַנצער וועלט און פאַרטרעטער פון אַלע נאַציאָנען! מיר האָבען זיך פאַרזאַמעלט דאָ היינט פון אַלע עקען וועלט, אויף דער ערד, וואָס איז אויסגעטראָטען מיט הייליגע זכרונות,

דער גייסט פון די דורות פון דער אידישער פארגאנגענהייט, און פון דער אידישער צוקונפט קוקט אראפּ אויף אונזער היינטיגען יום־טוב, וואס מיר פייערען אויף דעם היסטאָרישען הר הצופים. פיעלע פון אייך וועלען זיך דערמאָנען אין דער ניט לאַנגער פארגאנגענהייט, ספּעציעל אין דעם טאָג פון יולי, 1918, ווען מיר האָבען געלעגט דעם ווינקעלשטיין פאר דעם לאַנג־געחלומ׳טען אוניווערזיטעט, די דאמאָלסדיגע צערעמאָניע פון לייגען דעם ווינקעלשטיין וואס איז פאָרגעקומען אונטער די העכסטע דראמאטישע אומשטענדען, האט אויסגעדריקט אונזער זיכערקייט און אונזער גלויבען, אז עס וועלען קומען גליקליכע טעג. —

„איצט קענען מיר זאגען, אז אונזער גלויבען איז געווען בארעכטיגט. די חלומות וואס אונזער פאָלק טראָגט זיך ארום שוין פאר אזוי פיעל דורות מיט זיך אין גלות אונטער פארשידענע פארפאָלגונגען, ווערען איצטער רעאליזירט אין פאקטען.

„די ערשטע אפּטיילונגען פון דעם העברעאישען אוניווערזיטעט אויף דעם דאָזיגען היסטאָרישען בארג, עפענען היינט אויף זייערע טיהרען. אונזער אוניווערזיטעט האט נאָך, אָהן צווייפעל, א זעהר לאַנגע וועג דורכצומאכען, מיר וועלען זיך ניט פּרואווען צו זאָגען, אז אונזער אינסטיטוציע פון תורה צו דער ערעפענונג צו וועלכער מיר זיינען זיך דא אלע צוזאמענגעקומען, וועט זיין א פאָלקאָמענער אוניווערזיטעט אין העכסטען זין, ווי עס ווערט פארשטאנען לויט די גרויסע אוניווערזיטעטען פון אמעריקא און אייראָפּא; אונזער אוניווערזיטעט וועט דארפען געהן אויף א גאנץ נייעם וועג. די אפּטהיילונגען וואס ווערען היינט געעפענט, וועלען אפשר ניט באַלד צוציהען סטודענטען וואס זיינען פאראינטערעסירט צו לערנען געשיכטע, ליטעראטור און וויסענשאפט. די דאָזיגע אפּטיילונגען וואס ווערען איצט געעפענט, וועלען זיך קאָנצענטרירען איבערהויפּט אויף פונדאַמענטאלער פאָרשונגס־ארבייט, וואס וועט זיין געווידמעט הויפּטזעכליך צו די באדערפעניששען פון דער וואקסענדער ארץ־ישראל און פון דעם ערוואכענדען אריענט. אונזער אוניווערזיטעט וועט דארפען פארדינען זיין רעפּוטאציע דורך זיינע בייטראָגען צו דעם אלגעמיינעם באַגאַזש פון וויסענשאפט”.

„די געביידעס וואס מיר עפענען היינט, זיינען באשיידענע היימען פאר דריי אינסטיטוטען, געווידמעט צו כעמיע, מיקראָביאלאָגיע און אידיש־אָריענטאלישע וויסענשאפט. אלס צוגאב וועט דא מאָרגען

אויך געלעגט ווערן דער ווינקעלשטיין פאַר אַן אינסטיטוט פאַר פיזיק און מאַטעמאַטיק. די אַלע אָפּטיילונגען וועלען באַדינט ווערן דורך דער העברעאישער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק, וועלכע פאַרמאָגט שוין הונדערטע טויזענטע ביכער.

„אונזער באַלדיגע דערגרייכונג איז, נאַטירליך, אַ באַשיידענע אין פאַרגלייך מיט די אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע אוניווערזיטעטען. מיר האָפען און מיר זיינען איבערצייגט, אַז אין פאַרלויף פון דער צייט, וועט אונזער אוניווערזיטעט האָבען די ווערטה צו שטעהן אין די רייהען פון די אוניווערזיטעטען פון דער גאַנצער וועלט. דער אינסטיטוט פאַר אַגריקולטור אין תל־אביב און דער אינסטיטוט פאַר טעכנישער בילדונג אין חיפה וועלען אויך זיין פאַרבונדען מיט דעם אוניווערזיטעט. העברעאיש, אונזער אַלטע שפּראַך, וועט זיין די שפּראַך פון אונזער אוניווערזיטעט און פון די קאָלעדזשעס און שולען וואָס וועלען שטעהן אין פאַרבינדונג מיט׳ן אוניווערזיטעט.

„די דאָזיגע אינסטיטוציע פון תורה וועט זיין אָפען פאַר די מיטגלידער פון אַלע גלויבענס און ראַסען, אינוועניג אין דעם אוניווערזיטעט וועט ניט זיין קיין פּלאַץ פאַר פּאָליטישע רייבונגען. אַלע ראַסען זיינען פאַראייניקט אין דער אויפגאַבע צו זוכען דעם אמת. די דאָזיגע אינסטיטוציע פון תורה וואָס מיר עפענען היינט, וועט אויפלעבען אין ארץ־ישראל די ציוויליזאַציע, וואָס דאָס לאַנד האָט אַמאָל געהאַט, און וועט געבען דעם דאָזיגען אַ פּלאַץ אין דער וועלט פון געדאַנק און תורה. די אידעע פון יענע, וואָס האָבען גע׳חלומ׳ט וועגען גרינדען דאָס דאָזיגע הויז פון תורה איז געווען, אַז דאָס הויז זאָל ניט זיין אַ קאָפּיע פון אַנדערע ענליכע אינסטיטוציעס. עס איז קלאָהר, אַז אַן העברעאישע אוניווערזיטעט מוז זיין אויסגעהאַלטען צו זיך אַליין, מוז אַרויסוואַקסען פון דער אייגענער אַטמאָספערע, פון אידישע טראַדיציעס און אידישע אומשטענדען. עס איז אָבער אין דערזעלבער צייט אויך קלאָהר, אַז די דאָזיגע אינסטיטוציע דאַרף טאָן איהר אַרבייט ניט בלויז פאַר דעם אידישען פּאָלק אָדער פאַר ארץ־ישראל אַליין, נאָר אויך פאַר דער אויפוואַכונג פון דעם גאַנצען מזרח, און פאַר דעם וואוילזיין פון דער גאַנצער מענשהייט. אויב דער דאָזיגער אוניווערזיטעט זאָל אויסדריקען דעם אידישען גייסט וואָס האָט געדיענט פאַר פיעלע נאַציאָנען און פאַרמירען זייער גלויבען אין זייער געשיכטע, און אויב דער אוניווערזיטעט זאָל אויך האָבען די אויפגאַבע צו ענטוויקלען אין אונז די מעגליכקייט פון דעם בליק צו קוקען אויף

דער וועלט פון אונזער אייגענעם שטאנדפונקט, דאן מוז אזא זאך געטאן ווערען בלויז דורך דער העברעאישער שפראך און דורך דעם אידישען גייסט. דער אידישער גייסט און די העברעאישע שפראך זיינען קיינמאל, ניט קוקענדיג אויף אלע אויסערליכע שטערונגען, ניט צושיידט געווארען.

„דער אידעאל, וועלכער האט אונז געגעבען קוראזש און ערמוטיגונג אין אלע אונזערע שווערע מאמענטען, איז געווען צו פארשטארקען דעם גלויבען פון יענע, וועלכע האבען פיעלע יאהרען געחלומ׳ט, אז עס זאל פארווירקליכט ווערען דאס, דער אנפאנג פון וועלכען איהר, און איך, זעהען היינט דא. דערפאר מיינען מיר דאס מיט׳ן גאנצען הארצען, ווען עפענענדיג דעם העברעאישען אוניווערזיטעט וואס דארף דינען דעם העברעאישען גייסט און דער שפראך, זאגען מיר דא פאר אייך אלע, אז דאס אידישע פאלק זוכט די חבר׳שאפט פון אלע נאציאנען פון דער גאנצער וועלט.

„דער דאזיגער אוניווערזיטעט איז הויפטזעכליך ניט אינגאנצען קיין נייע ערשיינונג. ער האט הינטער זיך לאנגע טראדיציעס פון העברעאישער תורה, פון העברעאישער שטרעבונג און פון העברעאישען קאמפף. ער האט אין זיין הינטערגרונד די שולען פון די נביאים — די דאזיגע פענאמענאלע מענשען, וואס האבען ביז היינטצוטאג אן איינפלוס אויף דער מענשהייט און וועלכע האבען געפיהרט די מענשהייט אויף נייע וועגען. ער האט הינטער זיך די אלטע ישיבה פון יבנה, די ישיבה וועלכע איז געגרינדעט געווארען אין אונזער לאנד באלד נאך דעם חורבן פון ירושלים, אויך די ישיבות פון פומבדיתא און די גרויסע שולען פון גלות אין שפאניען, איטאליען, פראנקרייך און בגדד, פון די טראדיציעס פון די דאזיגע ווערטהפולע לעהרענהייזער וועט אונזער אוניווערזיטעט ציהען זיין אינספיראציע און קראפט, אין דערזעלבער צייט אבער, וועט דער אוניווערזיטעט אויך קוקען פאר אינסטרוקציעס פון די מאדערנע אוניווערזיטעטען און פון אידישע בילדונגסטהוער, עס מאכט ניט אויס וואו זיי געפינען זיך נאר.

„ערעפענענדיג דעם דאזיגען אוניווערזיטעט, באגריס איך אין נאמען פון דער אלוועלטליכער ציוניסטישער ארגאניזאציע סער הערבערט סעמועל, דעם נציב פון ארץ ישראל; לארד אלענבי, די פארשטעהער פון פארשידענע רעגירונגען און אוניווערזיטעטען אין אנדערע לענדער און איבערהויפט לארד באלפור, וועלכער איז ניט בלויז אן

אנגעזעהענע פיגור אין דער וועלט פון געדאנק און דער רעקטאָר פון קעימברידזשער אוניווערזיטעט, נאָר וועלכער איז אויך אַ וויכטיגער און הויכגעבילדעטער שטאַטסמאַן, וועמעס נאָמען עס וועט אויף אייביג פאַראייניגט ווערען אין פאַרבינדונג מיט דעם היסטאָרישען אַקט, וואָס האָט ראַדיקאַל געענדערט דעם אויסזעהן פון דער אידישער וועלט און האָט מעגליך געמאַכט די גרינדונג פון דעם דאָזיגען אוניווערזי־טעט, וועלכער וועט דינען אַלס אַ סימבאָל און וועלכער איז באַשטימט געוואָרען צו וואַקסען פאַר דער הייליגקייט פון אמת און פאַר, ער אידישער נאַציאָנאַלער היים אין אונזער אַלטען לאַנד ארץ־ישראל".

צעהנדליגע טויזענדע אידען האָבען מיט ליעבע און באַגייסטערונג באַגלייט די שעהנע קלינגענדע נשמה־רעדע פון דעם ליעבלינג.

עס ווערט אויף אַ מינוט שטיל. עס הערט זיך נאָר דער פאָכען פון די פליגלען פון טייבעלאַך, וועלכע זיינען אין דעם מאָמענט פאַר־בייגעפלויגען אויפ׳ן שפּיץ פון באַרג.

עס שטעלט זיך אויף די שעהנע פיגור פון דעם אידישען נציב שמואל דער ערשטער. דער עולם געהט אריין אין עקסטאַז. דער רעש ווערט שטאַרקער און שטאַרקער, די לופט ווערט דורכגעשניטען פון דעם התלהבות׳דיגען הידד־געשריי.

דער מושל פאַרנייגט זיך רעכטס און לינקס און וויל אָנפאַנגען רעדען, אָבער דער נשמה׳דיגער הידד דערטרינקט זיין קול. אַלייכטער, קוים באַמערקבאַרער שמייכעל באַוויזט זיך אויף דעם טיעף־ערנסטען ליכטיגען פּנים פון דעם אידען, וואָס האָט זוכה געווען צו זיין דער מושל איבער ארץ־ישראל, זינט די אידישע מלוכה איז פאַרניכטעט געוואָרען. און אַזוי שטעהט דער נציב פון ארץ־ישראל און וואַרט ביז דאָס פאָלק וועט איהם לאָזען אָנהויבען רעדען. ער שטעהט מיט זיין פאַרברוינט פּנים פון דער ארץ־ישראל זון. זיינע טיעפע קנייטשען אויפ׳ן שטערן זאָגען עדות, אַז דאָ שטעהט אַ זיגער. דער רעש, די דונערען, דער הידד וואָס אַרום איהם, איז ניט נאָר פון די וואָס זיינען דאָ אויפ׳ן פּלאַץ, נאָר ס׳איז דער אָפּקלאַנג פון איין עק וועלט ביז דער אנדערער, ווייל שמואל דער ערשטער איז איינגעבאַקען ביי אַלעמען אין הארצען.

עס ווערט שטיל און דער נציב רעדט מיט אַ קלאָהרע שטימע און אַ טאָן פון אַ הערשער און פון אַ שטאַטסמאַן.

„אינ׳ם נאָמען פון זיין מאַיעסטעט׳ס רעגירונג וויל איך אייך אי־בערגעבען זייערע בעסטע וואונשען.

„דער קאָלאָניאַל מיניסטער פון גרויס בריטאַניע האָט געשריבען, אַז ער קוקט מיט גרויס אינטערעסע אויף דער ערעפענונג פון אַ נייעם צענטער פון בילדונג אין ירושלים. ער גלויבט, אַז דער פּראָיעקט וועט זיין ערפאָלגרייך אין פאַרשפּרייטען קולטור און אויפקלעהרונג אויף דעם היסטאָרישען באָדען פון ארץ־ישראל.

„די רעגירונג פון ארץ־ישראל פרעהט זיך זעהר מיט דער גרינדונג פון דיעזען אנשטאַלט, געגרינדעט אונטער גוטע אויפזיכט, וועמעס שיקזאַל עס איז, האָפען מיר, צו דינען דער וויסענשאַפט און לערנונג.

„דיזע געלעגענהייט איז ווירקליך באַגייסטערנד. די אנוועזענהייט פון דעם גרויסען שטאַאַטסמאַן, וועלכער איז געפאָהרען טויזענדער מיילען, אום צו צייגען דורך זיין באַטהייליגונג, ווי טיעף ער סימפּאַ־טיזירט מיט די אנזיכטען און צוועקען פון דעם אוניווערזיטעט, — די אנוועזענהייט פון לאָרד אַלענבי, וועמעס בריליאַנטענע מיליטערישע פיהרערשאַפט האָט דאָס מעגליך געמאַכט; דער פּאַרזוך פון גרויסען דר. חיים ווייצמאַן, וועלכער פאַרקערפּערט אין זיך דעם גייסט וואָס האָט געשאַפען דיזען אוניווערזיטעט, און נאָך פיעלעם; די אנוועז־זענהייט פון די געעהרטע פאַרשטעהער פון רעגירונגען און בילדונגס־אנשטאַלטען פון פיעלע לענדער; די טיעפע אינטערעסע, וועלכע מי־ליאָנען אידען איבער דער גאַנצער וועלט נעהמען אין דער צערעמאָניע; די אומגעבונג פון דער נאַטור אַרום אונז; און דער אוניווערזיטעט זעלבסט, וועלכער כאַראַקטעריזירט די שטרעבונגען פון דעם מענשען — די אַלע פאַראייניגען זיך צו מאַכען דיזע אנגעלעגענהייט אינספּי־רירענד און געדענקבאַר.

„דער אוניווערזיטעט וועט וואַקסען צוביסלאַך. ער פאַנגט זיך אַן מיט פיער אינסטיטוטס. נאָך דריי וועלען באַלד געבויט ווערען. פיעל וויכטיגקייט וועט געגעבען ווערען דעם שטודיום פון דער אַראַ־בישער שפּראַך און ליטעראַטור. דער אוניווערזיטעט און זיינע זיבען פאַקולטעטען דאָ אויפ'ן הר הצופים, דערמאָנט אַ שטעלע אין משלי: „חכמות בנתה בית חצבה עמודיה שבעה, תקרא על גפי מרומי קרת, מי פתי יסור הנה חסר לב אמרה לו, לכו לחמו בלחמי ושתו ביין מסכתי, עזבו פתאים וחיו ואשרו בדרך בינה".

„ווען מען וואָלט עטאַבלירט אַ כעמישע לאַבאָראַטאָריע אין מיטעל־אַלטער, וואָלט עס וואַרשיינליך געווען אין די הענט פון אַן אַלכעמיקער, וועלכער האָט אַרומגעזוכט דעם פילאָזאָפ'ס שטיין, וואָס זאָל מאַכען גאָלד פון אנדערע מעטאַלען, דער גלויבען, די באַגייסטערונג וואָס

מיר זעהען אין ארץ־ישראל, דאס איז דעם פילאזאפ׳ס שטיין, זיי האבען שוין פארוואנדעלט זומפען אין טרוקענעם זאמד און גערטנער. פאר אונזערע אויגען פארוואנדלען זיי דיעזע ארימע און צוריקגע־שטאנענע לאנד אין א בליהענדען און פראגרעסיווען שטאאט. עס וועט זיי נאך געלינגען צו פארוואנדלען שנאה אין פריינדשאפט.

„אין דיעזער הויז פון חכמה וועט מען שטודירען און לערנען זייט ביי זייט מיט די עלטסטע ליטעראטור און די מאדערנסטע ווי־סענשאפט. עס איז אונמעגליך, אז עס זאל ניט זיין פון גרויס ווערט צו אלע טהיילען פון דער באפעלקערונג פון ארץ־ישראל. עס איז צו האפען, אז עס וועט זיין פון ווערט פאר דער גאנצער מענשהייט. עס וועט זיכער זיין פון דירעקטען, באלדיגען ווערט צו דאס אידישע פאלק. צו לאנג האט מען באטראכט דאס אידישע פאלק אלס א רואינע, אינטערעסאנט, זאנדערבאר, אלס א לעבעדיג געבליבענע — אבער א זאך פון דער פארגאנגענהייט, וואס האט ניט קיין פארבינדונג מיט דער געגענוואַרט אדער מיט דער צוקונפט. א רואינע קען זיין בילדער־רייך, אבער קיינער וויל דארטען ניט וואוינען.

„דאס אידישע פאלק האט אלזא אונטערגענומען די ארבייט פון צוריקאויפבויען א היים, און דער אוניווערזיטעט וועט זיין איינע פון איהרע נאבעלסטע טהיילען.

„טויזענטער יאהרען האט פאר דעם ארון קודש אין יעדער שול געברענט א קליין ליכטעל. מען רופט עס דער „נר תמיד“. טעג נאך נעכט, יאהרען נאך יאהרען, יאהר־הונדערטע נאך יאהר־הונדערטע, יאהר־טויזענטע נאך יאהר־טויזענטע האט דער קליינער פלאם גע־צאנקט. וויפיעל מענשען פאר פיעלע דורות און פיעלע לענדער האבען עס געהאלטען פאר א סימבאל. זיי האבען געלעבט און איינציגווייז געשטארבען זייערע האפענונגען גרעסטענטהייל ניט ערפילטע, אבער זייער גלויבען איז געוועזען זעהר שטארק. אין אונזערע טעג דאכט זיך, אז מיר זעהען יענעם קליינעם פלאם, ווי ער ווערט גרעסער און ליכ־טיגער, ביז, ווי מיר האפען און גלויבען, עס וועט ווארפען א ליכט אויף דער גאנצער וועלט. „גליקליך זיינען מיר, וואס מ י ר קענען עס דיענען אין דיעזע יאהרען. ברוך אתה שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה!“

די באגייסטערונג פון עולם וואקסט פון מינוט צו מינוט. שמואל דער ערשטער האט פארכאפט מיט זיך דעם גאנצען פובליקום, וועלכער ווערט צונויפגעגאסען מיט׳ן רעדנער. די הארץ פון יעדערן וואקסט

פון שמחה. דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ, וואָס מיר פאַרמאָגען אַזעלכע מענשען, ווי דער נציב, נעמט אַרום אַלעמען. אויפ'ן פּלאַטפאָרמע, צווישען די געלערנטע, זעהט מען סימנים פון גרוים באַגייסטערונג פאַר דעם וואונדערבאַרען נציב. די ברכה פון דעם נציב האָט אָנגעצונדען אַלע הערצער. פון די אויגען ביים עולם האָט אַרויסגעבליצט עטוואָס אַזעלכעס, וואָס מען קען נאָר זעהן אין גרויסע מאָמענטען. דער נציב האָט ביי דער ענדע פון זיין רעדע דערגרייכט די העכסטע מדרגה.

אָבער באַלד קומט די גרעסטע באַגייסטערונג, אַזעלכעס וואָס איז ניט געזעהן געוואָרען אפילו ווען דער נציב האָט זיך געשטעלט רעדען.

פון דער פּלאַטפאָרמע הויבט זיך אויף א הויכער זקן, אָנגעטהון אין א רויטער אַקאַדעמישער קליידונג, און גלייך האָט אויסגעבראָכען עטוואָס וואָס איז ביז איצט נאָך ניט געזעהן געוואָרען.

דער הויכער זקן איז לאָרד באַלפור, וועמעס נאָמען עס וועט אויף אייביג זיין פאַרבונדען מיט דער געשיכטע פון אידישען פאָלק.

אויב מען וואָלט וועלען געפינען א וואָרט אין וועלכען מען זאָל קענען אויסדריקען אַלעס וואָס די אידען פון ארץ־ישראל און פון דער גאַנצער וועלט האָבען אין דעם מאָמענט געפיהלט, וואָלט דער בעסטער וואָרט דערפאַר געווען „באַלפור“.

אַזאַ ליעבשאַפט וואָס א פאַרפאָלגטע אומה קען געבען צו א פריינט, אַלס דאַנקבאַרקייט וואָס א פאָלק איז שולדיג צו איינעם וואָס העלפט זיין באַפרייאונג אַלע אַכטונג וואָס א פאָלק קען אַרויסציינען צו א פּערזאָן וואָס האָט אָוועקגעשטעלט זיין געשיכטע אויף א נייעם וועג, אַלע ווייכע און צאַרטע געפיהלען אויף וועלכע א פאָלק ווי די אידען זיינען פעהיג. דאָס אַלעס איז געווען אויסגעדריקט אין דעם וואָרט „באַלפור“.

הונדערטע טויזענטער אויגען האָבען געשיקט בליקען פון טיעפסטע ליבשאַפט צו דעם אַלטען מאַן מיט די פעסטע בריטישע געזיכטצינגע, הונדערטע טויזענדע הערצער האָבען געקלאַפּט תפלה'דיג, אַז גאָט זאָל געבען לאַנגע יאָהרען צו דעם גרויסען קעמפּפער פאַר דער באַפרייאונג פון דער אידישער נאַציאָן.

ער איז געשטאַנען, דער גרויסער ליבלינג באַלפור, אָהן א היטעל, און דער ארץ־ישראל'דיגער פריהלינג־ווינטעל האָט זיך געשפּילט מיט די ווייסע לאָקען פון זיין קאָפּ. זיין פנים האָט אויסגעדריקט תמימות,

אמונה און נשמה־דיגקייט. זיין געזיכט איז געווען באַלויכטען פון אַזאַ טיעפע עהרליכקייט, פון אַזאַ געוואַלדיגער גאַנצקייט אין דער נשמה אַז זיין גאַנצע ערשיינונג האָט אויסגעזעהן, ווי עטוואָס אונגעוועהנ־ליכעס, עטוואָס אַזוי ערהאַבען אַז עס איז ניט צו פאַרגלייכען מיט אַלעם וואָס אימעצער פון דעם גרויסען עולם האָט ווען עס איז גע־זעהן אין זיין לעבען, און באַלפור האָט גערעדט מיט אַ קרעפטיגע שטימע ווי אַן אַלטער נביא:

„ערלויבט מיר אייך צו דאַנקען פאַר דער האַרציגער אויפנאַהמע, וואָס איהר האָט מיר געגעבען. איך וואָלט וועלען קענען צו אייך רעדען אין העברעאיש, אָבער איהר וועט זיך מוזען צופרידענשטעלען מיט דער שפּראַך, וואָס איז מיר בעסער באַקאַנט, און איך האָף אַז זי איז ניט אין גאַנצען אומבאַקאַנט צו פיעלע פון די וואָס איך האָב דעם כבוד צו זיי צו ריידען.

„די געלעגענהייט, וואָס האָט פאַרזאַמעלט די גרויסע אויסגעקלי־בענע מאַסע, וואָס קומט פון יעדען טהייל פון דער וועלט, און וואָס ווען זיי ריידען אין זייערע מוטער־שפּראַכען זיינען זיי פאַרשידען אין זייערע לשונות. — מיר האָבען זיך פאַרזאַמעלט צו אַ גרויסער געלעגענ־הייט, אין דעם לאַנד, אין וועלכען היסטאָרישע עראינערונגען איבער־וועלטיגען אונזערע מחשבות אויף יעדען שריט וואָס מען מאַכט פון צפון צו דרום און פון מזרח צו מערב. ס'איז ניט די וואונדערבאַרקייט פון דער אויסזיכט וואָס ציהט זיך פאַר אייערע אויגען, נאָר עס איז דאָס באַוואוסטזיין, אַז דאָס פאַרצייכענט אַ גרויסע עפּאָכע אין דער גע־שיכטע פון אַ פאָלק, וואָס האָט געמאַכט דאָס קליינע ארץ־ישראל פאַר דעם צענטער פון גרויסע רעליגיעס, וועמעס אינטעלעקטועלער און מאָראַלער גורל לעבט אויף פון אַ נאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט, און וואָס וועט צוריקקומען צו דעם טאָג, אין וועלכען מיר פייערען איצט, אַלס צו אַן אויסגאַנגפּונקט פון זיין ווייטערער קאַריערע. עטליכע מינוטען צוריק האָט מען מיך דערמאָנט, אַז פון אָט דעם פּלאַץ וואו איהר זיצט קען מען זעהן דעם פּונקט דורך וועלכע די בני ישראל זיינען אַרויסגעקומען אין דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד; און אַז פון דעם זעלבען באַרג האָבען די רוימישע צושטערער פון ירושלים אָנגעפיהרט זייער באַלאַגערונג, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו יענעם קאַפּיטעל פון דעם אידישען פאָלק, קען נאָך זיין אַ וויכטיגערער היסטאָרישער פּונקט?

פון דעם דאָזיגען באַרג קען מען זעהן דאָס וואָס מען האָט דאָ־מאָלסט געדענקט, אַז ס׳וועט זיין דער סוף פון די אידען אין דעם לאַנד וואָס זיי האָבען געמאַכט אַזוי באַריהמט.

אַ נייע עפּאָכע האָט איצט אָנגעפאַנגען. די גרויסע אויפטהואונג פון ארץ־ישראל, וואָס איז אָפּגעשטעלט געוואָרען מיט אַזוי פיעל יאָהר־הונדערטע צוריק, אָט יענע אויפטהואונג ווערט איצט אויפ׳ס׳ניי אָנ־געפאַנגען אין דער אַלטער היים פון דעם אַלטען פאָלק. איך דענק ניט פאַר איין מינוט, אַז די גאַנצע אידישע קולטור האָט אין דער צווישענצייט, זינט דער צושטערונג פון ירושלים ביז דער ארויסטריי־בונג פון די טערקען, אויפגעהערט צו עקזיסטירען. עס איז ווייט פון מיר אַזאַ געדאַנק. די אידישע קולטור האָט עקזיסטירט אָהן אונ־טערברעכונג, אָבער זי איז געווען צוזעעט און צושפּרייט. עס איז געווען די קולטור פון דעם אידישען פאָלק, בעת ער האָט געלעבט אין די טראַדיציאָנעלע גרענעצען פון דעם לאַנד, וואָס ער האָט אַזוי באַ־ריהמט געמאַכט.

עס זיינען געווען באַזונדערע באַמיהונגען, פון באַזונדערע יחידים, פון באַזונדערע וויסענשאַפטסמענער, פון באַזונדערע טהעאָלאָגען, פון באַזונדערע פילאָזאָפען, וועלכע זיינען געווען צושפּרייט איבער דעם גאַנצען באַוואוינטען ערד־קוגעל. זיי האָבען בייגעטראָגען זייער חלק צו דעם פּראָגרעס פון דער ציוויליזאַציע. איך דענק, אַז ס׳איז אַ גרויסער טעות צו מיינען אַז מענשען פון אידישער אָפּשטאַמונג האָ־בען ניט בייגעטראָגען זייער פולען חלק צו דעם פּראָגרעס פון וויסען און צו דעם וואוקס פון דער ציוויליזאַציע איבער דער גאַנצער וועלט. זיי האָבען דאָס יאָ געטאָן, כאָטש זיי זיינען געווען צושפּרייט און כאָטש זיי האָבען ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו קאָנצענטרירען זייער אייגענטהימליכע נאַציאָנאַלע געניאַליטעט פאַר אַ געמיינזאַמער אויפ־גאַבע און איך האָב דעם צוטרויען און ערוואַרט, אַז אין דער צוקונפט וועלען זיי זיין אימשטאַנד בייצוטראָגען נאָך פיעל מעהר.

אונטער אָט די אייגענטימליכע פאַרהעלטניסע מוז מען באַטראַכ־טען די איצטיגע איינצעלנע ערייגניסע; אונטער אָט דיזע פאַר־העלטניסע נעהמען מיר זיך צוצופּאַסען מערב׳דיגע מעטהאָדען און צו שאַפען אַ מערב׳דיגע פאָרמע פון אַן אוניווערזיטעט אין אַ מזרח לאַנד, און צו שאַפען אַ מערב׳דיגע ערציהונג אין אַ מזרח־שפּראַך, דאָס איז אַ נייער עקספּערימענט, וואָס איז קיינמאָל פריהער ניט פּרובירט גע־וואָרען. עס איז פריהער קיינמאָל ניט פּרובירט געוואָרען אונטער

וועלכע־עס־איז באדינגונגען, צו מאכען אז עהנליכע זאך ווי די, פון וועלכע איך רייד, סיידען איך פארשטעה אינגאנצען ניט די סימנים פון דער צייט, און סיידען איך מאך א טיעפען טעות בנוגע דער גע־ניאליטעט פון אידישען פאלק — אנדערש איז דער עקספערימענט פון פאראויס־באשטימט צו זיין אן אומפארמיידליכער ערפאלג, מיט וועל־כען ניט נאר מענשען פון אידישער אפשטאמונג, נאר אויך אנדערע, וועלכע נעהמען אנטהייל אין דער אויסבילדונג פון דער אלגעמיינער ציוויליזאציע, וועלען האבען גרינדע זיי צו באגריסען.

אויב איך רעד אין א טאן פון פעסטען צוטרויען, זאלט איהר דערפאר ניט מיינען אפילו פאר איין מינוט, אז איך אונטערשעץ די שוועריגקייטען וואס דר. חיים ווייצמאן, סער הערבערט סעמועל און זייערע נאכפאלגער וועלען באגעגענען אין דער דורכפיהרונג פון זייער אויפגאבע. שטעלט אייך ניט פאר, אז איך אונטערשעץ די שווע־ריגקייטען וואס די גרינדער און פיהרער פון דער אוניווערזיטעט ווע־לען האבען, איין שוועריגקייט וואס וועט זיין קלאהר פאר יעדען, איז די שוועריגקייט פון דער שפראך. עס איז אמת, אז העברעאיש איז קיינמאל ניט געווען קיין טויטע, אבער זי איז ביז לעצטענס ניט געווען צוגעפאסט צו פיעלע זייטען פון דער מאדערנער ענטוויקלונג עס איז א גרויסע שפראך. איך זאג דאס גאנץ דרייסט, כאטש איך קען ניט קיין העברעאיש.

און איך זאג דאס אויס דעם פאלגענדען גרונד: אלע ענגליש־שפרעכענדע פעלקער זיינען אויפגעבראכט געווארען אויף דער איבער־זעצונג פון די הייליגע שריפטען — די ביבעל. און די דאזיגע איבער־זעצונג איז איינע פון די גרעסטע ליטעראַרישע אוצרות פון די יעניגע, וועלכע רעדען די ענגלישע שפראך. עס שפילט ניט קיין ראליע וואס איז זייער גלויבען, אדער וואס עס איז זייער מיינונג וועגען דעם געשיכטליכען ווערטה פון דער העברעאישער ביבעל; אויב זיי ווייסען נאר עפעס פון דער גרויסער שפראך וואס זיי האבען גע׳ירש׳ענט (פון ענגליש), דאן וועלען זיי אויך זאגען, אז די איבערזעצונג פון די העברעאישע הייליגע שריפטען אין ענגליש האט געהאט א זעהר שטארקע ליטעראַרישע ווירקונג אויף דער גאנצער ענטוויקלונג פון אונזער ליטעראַרישען שאפען.

עס איז דערפאר קלאהר, אז דאס אידישע פאלק האט א גרויסען אינסטרומענט פון ליטעראַרישער ערציהונג, וואס איז פעהיג צו בא־

האנדלען אלע העכערע זייטען פון ליטעראַרישער און ספּעקולאַטיווער ליטעראַטור.

אבער איז דערפון געדרונגען, אַז העברעאיש איז צוגעפּאַסט צו דעם מאָדערנעם געברויך?

ס'איז פאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד צווישען ישעיה און מיקראָביאָלאָגיע. איז די שפּראַך פון דער פּאָעטישער פאַרשטעלונג פון ישעיה צוגעפּאַסט צו דעם געברויך פאַר דער אַרבייט אין די לאַבאָראַטאָריומס, וועלכע ווילען מאַכען דעם דאָזיגען פּונקט באַריהמט?

אַלע קאָמפּעטענטע אויטאָריטעטען פאַרזיכערען מיר, אַז דער געניאַליטעט פון איין מאַן... מען זאָגט מיר פון איין מאַן — איז העברעאיש ענטוויקעלט געוואָרען, און זי איז געשטעלט געוואָרען אויף אַ באַזיס פון ענטוויקלונג, וואָס עס מאַכט איהר ווירקזאַם און רייך, און פעהיג צוגעפּאַסט צו ווערען צו יעדער געברויך און צו יעדער ענטוויקלונג אויפ'ן געביט פון וויסענשאַפט. די דאָזיגע שוועריגקייט, הייסט עס, איז זיכער באַזייטיגט געוואָרען.

בנוגע דעם וואָס אידען קענען ביישטייערן, וועל איך ברענגען נאָר אַלס אילוסטראַציע, אַז אין די לעצטע עטליכע יאָהר זיינען געווען דריי טהעאָריען, און יעדע פון זיי איז געווען בנוגע אַן אנדער צווייג פון דער וויסענשאַפט: איין טהעאָריע איז געווען אַ פילאָזאָפישע און איז באַקאַנט אין אַלגעמיין אַלס די טהעאָריע פון „שאַפענדער עוואָלוציע. דער פאַרפאַסער פון דער טהעאָריע איז מיינער אַ פריינד, אַ גרויסער פילאָזאָף און אַ איד. אַ צווייטע טהעאָריע, פון וועלכע מען רעדט זעהר פיעל, בילדעט דאָס וואָס ווערט אָנגערופען די „נייע פּסיכאָלאָגיע"; דער פאַרפאַסער איז זיגמונד פרויד, אויך אַ איד. די דריטע טהעאָריע — די מעהר אָריגינעלע און די וויכטיגסטע פון אַלע, און די טהעאָריע פון רעלאַטיוויטעט. דאָס איז הויפּטזעכליך דאָס ווערק פון גרויסען איינשטיין, אַ מאַטעמאַטישער און וויסענשאַפטליכער זשעניע פון ערשטען ראַנג — וועלכער איז אויך אַ איד. איך מיין ניט צו ערקלעהרען, אפילו צו די אַנוועזענדע דאָ, אַז אַלע גרויסע וויסענשאַפטליכע אַרבייטען פון דער וועלט זיינען געמאַכט געוואָרען פון מענער פון אידישער אָפּשטאַמונג. דאָס זיכער ניט. אָבער ס'איז ווערטה צו פאַרצייכענען פאַר די וואָס קוקען מיט צווייפעל אויף דעם אידעאַל פון אידישען אוניווערזיטעט פאַר ארץ־ישראל, וואָס זאָל זיך אָפּגעבען מיט וויסענשאַפטליכער פאָרשונג, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָליע

עס שפּילען אידען אין די פּראָבלעמען וואָס פאַראינטערעסירען די גאַנצע מענשהייט.

„איך האָף, אַז די אַראַבער וועלען געדענקען, דאָס אין די פינסטערע טעג פון דעם פינסטערען מיטעל־אַלטער, ווען די מערב׳דיגע ציווילִיזאַציע האָט אויסגעזעהן ווי כמעט אויסגעלאָשען און דערשטיקט אונטער באַרבאַרישע איינפלוסען, זיינען עס געווען די אידען און די אַראַבער צוזאַמען, וועלכע האָבען געבראַכט דעם ערשטען פונק פון ליכט, וואָס האָט באַלייכט יענע טרויעריגע פּעריאָדע. אויב אין דעם צעהנטען יאָהרהונדערט, צום ביישפּיעל, האָבען אידען און אַראַבער געקענט אַרבייטען צוזאַמען פאַר דער באַלייכטונג פון אייראָפּא, פאַר וואָס זשע זאָלען איצט די אידען און אַראַבער ניט קענען צוזאַמען אַרבייטען מיט אייראָפּא, אום צו מאַכען דעם אוניווערזיטעט ניט בלויז אַן ארץ־ישראל אוניווערזיטעט, נאָר אַזאַ ארץ־ישראל׳דיגע אינסטיטוציע, פון וועלכער אַלע טהיילען פון דער פּאַלעסטינער באַפעלקערונג זאָלען קענען ציהען אינטעלעקטועלע און גייסטיגע נוצען?!

איהר האָט געוואונען דאָס לאַנד, דעם צענטער פון גרויסע רעליגיעס, ווי איך האָב דאָס שוין אָנגעצייגט. איהר הויפּט־רעכט אויף דאַנקבאַרקייט שטיצט זיך טאַקע הויפּטזעכליך אויף דעם. אָבער צו דערזעלבער צייט, ווי מיר אַלע ווייסען, איז די ווירקונג דערפון געווען, צו מאַכען דאָס קליינע לאַנד פאַר אַ סצענע פון ענדלאָזע שטרייטיגקייטען, ענדלאָזע שוועריגקייטען און ענדלאָזע צרות; צו קוקען צו די זיילען און קופּאָלען פון די צאָהללאָזע מאָנומענטען אין ירושלים, דאָס קען דערמאָנען, ווי ווייט רעליגיעזע פאַרשיידענהייטען קענען צוטהיילען דער מענשהייט. אויב אָבער די מענשען וועלען קוקען טיעף גענוג וועלען זיי אויסגעפינען, אַז עס זיינען פאַראַן פונדאַמענטאַלע פּרינציפּען און שטרעבונגען, אין וועלכע אַלע קענען זיין פאַראייניגט.

„דער העברעאישער אוניווערזיטעט מוז, נאַטירליך, זיין העברעאיש, און זיין שפּראַך מוז זיין העברעאיש. עס וועט אָבער זיין אַ גרויסער טעות צו דענקען, אַז די אַראַבער וועלען פון דעם אוניווערזיטעט ניט קריגען די פולע נוצען. איך האָף, אַז די אַראַבער וועלען געדענקען די היסטאָרישע פאַקטען, אַז אין די פינסטערע טעג פון די פינסטערע צייטען, ווען ציוויליזאַציע איז געווען אין די הענט פון די באַרבאַרען, האָבען די אידען, צוזאַמען מיט די אַראַבער אין דער אַראַבישער שפּאַניען, געהאָלפען אָנצינדען די ערשטע פונקטען פון

ליכט אין אייראָפּאַ. אויב די אידען און אראַבער האָבען געקענט אַרבייטען געמיינזאַם פאַר דעם צוועק אריינצוברענגען ליכט אין אייראָפּאַ, פאַר וואָס זאָלען זיי ניט קענען אָנפיהרען קיין געמיינזאַמע אַרבייט אין ארץ־ישראל?

די רעליגיעזע אונטערשיידען זיינען פון קליינער וויכטיגקייט. איך האָף, אַז די דאָזיגע אונטערשיידען וועלען זיך ניט אריינמישען אין די אונטערנעהמונגען, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט זיך איצט אונטערנומען. אַלע זיינען איינשטימיג, אַז לערנען קען ניט זיין קיין אורזאַכע פאַר שפּאַלטונגען, נאָר פאַרקערט — זי איז אַ זאַך וואָס פאַרבינדעט מעהר און פאַראייניגט אַלע מענשען אין אַלע טהיילען פון דער וועלט.

דער העברעאישער אוניווערזיטעט מוז, אָהן צווייפעל, ווערען אַ פּלאַץ פון אַלגעמיינעם אינטערעס און פון נוצען פאַר אַלע יענע וואָס זיינען אינטעלעקטועל.

„רעדענדיג וועגען דעם פאַרנעהם פון דעם אוניווערזיטעט, איז דאָס אַן אַקט פון חכמה, פון דער זייט פון יענע, וואָס האָבען דאָס באַשלאָסען דורכצופיהרען.

„דער אוניווערזיטעט, גלויב איך, וועט ניט שפּילען קיין נידעריגע ראָליע, ווייל ער איז געשאַפען געוואָרען דורך הויכע אידעאַלען. דער סטעף איז צוזאַמענגעשטעלט פון מענשען, וועלכע זיינען ניט נידעריגער אין זייער וויסען צו פאַרנעהמען עהנליכע עמטער אין אַנדערע גרויסע אוניווערזיטעטען.

„צוליעב דער דאָזיגער אורזאַכע און צוליעב דעם וואָס איך בין אויך איבערצייגט אין אַ זיכערען ערפאָלג אינאַגוריר איך איצט אין דאָזיגען גייסט דעם העברעאישען אוניווערזיטעט אין ארץ־ישראל!“

און ווען באַלפור האָט, מיט זיינע הענט אין דער הויך, אָנגעוויזען אויף דעם, אַז פון איין זייט הר־הצופים זעהט מען דעם וועג, דורך וועלכען די אידען זיינען אריין אין ארץ־ישראל, און אַז דער אידישער אוניווערזיטעט שטעהט אויף דעם פּלאַץ, אויף וועלכען טיטוס׳עס אַרמעען זיינען געשטאַנען, ווען ער האָט חרוב געמאַכט ירושלים, איז דער גאַנצער עולם, ניט נאָר אידען, נאָר אויך די אראַבער און די קריסטען, געוואָרען געריהרט ביז דער טיפסטער־טיפעניש פון זיין נשמה, און אַלע האָבען דערפיהלט, אַז דאָ פייערט מען ניט נאָר די פּתיחה פון אוניווערזיטעט, נאָר אויך די ווידערגעבורט פון דער אידישער נאַציאָן.

איידער דער גרויסער עולם איז געקומען צו זיך פון די גרויסע באגייסטערונג, און עס האט זיך נאך געהערט דער בת־קול פון באל־פורס ליעבליכע רעדע, האט זיך פון דער פלאטפארמע אויפגעהויבען א הויכער, שטארק־געבויטער מאן, מיט שעהנע הימעל־בלויע אויגען, מיט א לינקאלן־פנים, און א הונדערט־טויזענדיגער צוזאמענגעגאסענער אויסגעשריי האט פארהילכט דעם געגענט. הידד! הידד! דער גרויסער אמעריקאנער! — און די ארץ־ישראל־ערד האט א ציטער געטאן פון דעם פה־אחד׳יגען קול, אזוי ווי דורכ׳ן שם־המפורש איז דער עולם געווארען שטיל. יעדער איינער האט איינגעהאלטען דעם אטעם, און דער געהיימניספולער לו, אדער לו דער שווייגער, האט גענומען ריידען, אפריהער שטיל, סודות׳דיג, פאר׳חלומ׳ט, און וואס ווייטער שטארקער, קרעפטיגער, ביז זיין קלאהרע הויכע שטימע האט גענומען דונערען:

„מיינע ברידער, אידען וועלכע האבען זוכה געווען צו זיין איצט דא, און וועלכע זיינען דא ניטא, אבער זייערע הערצער, זייערע נשמות זיינען דא מיט אונז, — פארשטעהער, געלעהרטע און פארטרעטער פון אלע נאציאנען פון דער וועלט:

„היינט איז דער בראשית פון דער אלט־נייער ליכט, וועלכע ווערט אנגעצונדען אויפ׳ן הר־הצופים פאר די אויגען פון דער גאנצער וועלט. די שטראהלען, די מיליאנען ניצוצים, וועלכע זיינען געווען צוטהיילט און צעווארפען איבער דער גאנצער ווייטער גלות־וועלט, און זיך באהאלטען אונטער פרעמדע מאנטלען, האבען זיך ווידעראמאל גענומען באהעפטען איינע צו די אנדערע, „צוריק צום אידישען ליכט", צום „אור הקדמון" פון דער אידישער תורה, צו דער ליכט פון די נביאים און תנאים, פון די גאונים און פון די מיליאנען אידישע קדושים.

„און דער גרויסער לויכטענדער פאקעל פלאקערט איצט אויף אויפ׳ן הר־הצופים. עס איז דער ערשטער פלאמענדער, ליכטיגער אויפשיין פון גרויסען אידישען ליכט!

אמת, דער פלאם איז נאך קליין, די שטראהלען שפריצען נאך זעהר דין, עס פעהלען נאך א סך, א סך פון די צעווארפענע, צושאטענע אידישע גייסט־פונקען, צו מאכען פאלקאם דאס גרויסע אידישע ליכט, אבער דער אלט־נייער בראשית איז געמאכט און ארויסגעזאגט געווארען.

פאר די אויגען פון דער גאנצער וועלט ווערט היינט אנגעצונדען דאס אלט־נייע ליכט, פון וועלכע עס דארף זיך פונאנדערפלאמען דאס אמת׳ע ליכט פון ישעיה׳ס נבואה, פון „והיה באחרית הימים"; דער

„אור הגנוז“ וואָס ליגט אין דער אידישער קראַפט, אין דער אידישער מאַראַל און אין די אידישע באַגריפען וועגען גאָט און מענש.

„איינצעלנע אידישע פונקען האָבען די גאַנצע צייט פון דעם לאַנגען גלות געטליעט און געגליהט אונטער די גרויע אַש, וואָס פרעמדע סביבות און פרעמדע קולטורען האָבען אויף זיי אָנגעשאָטען. און די הייליגע אידישע ניצוצים האָבען געברענט אין די פאַרפרעמדטע אידישע הערצער, געבענקט איינער צום צווייטען, געבענקט, ניט־ווי־סענדיג צו זאַמלען זיך און באַהעפטען זיך אין אַ געמיינזאַמען פלאַם, געבענקט אינסטינקטיוו צו געפינען זיין תיקון אין דער היים.

לאַנגע, לאַנגע יאָהרען האָבען צעוואָרפענע פונקען פון אידישען גייסט געצונדען פרעמדע פייערען, געלאָזען זיך־מקריב־זיין אויף פרעמדע מזבחות, באַצירט ווי שנירלאַך בריליאַנטען די העלזער פון פרעמדע קולטורען, און די פרעמדע קולטורען האָבען זיך געגרויסט מיט די שעהנע, שווערע, ליכטיגע צירונג, אַרומגעגאַנגען שטאָלץ און אָנגעבלאָזען מיט די אידישע קרוינען אויף זייערע קעפּ און די אידישע בריליאַנטען אויף זייערע העלזער — פונקט ווי זיי וואָלטען באמת געווען זייערע.

און עס האָט געפינקעלט און געבליאַסקעט אין די קרוינען פון פרעמדע קולטורען, אָבער דאָס גרויסע ליכט פון ישעיה הנביא, פון „באחרית הימים“, פון „ומלאה הארץ דעה כמים לים מכסים“, האָבען זיי ניט געבראַכט, ווייל דאָס אמת־גרויסע ישעיה־הנביא־ליכט מוז זיין אַ גאַנצע אידישע און זי מוז אַרויסשיינען נאָר פון ירושלים!

„דער אידישער וועג איז ניט דער וועג ווי פון אַלע אַנדערע נאַציאָנען. מיר לעבען אַן אייגען אָריגינעלען לעבען און פאָלגען אונזערע אייגענע גייסטיגע געזעצען.

„וואָלט יעדער אַנדער פאָלק אין אונזער לאַגע זיך איצט פאַרנומען מיט אַן אוניווערזיטעט? אין דער צייט ווען דער הויפּט־פּראָבלעם איז: אַגריקולטור, אינדוסטריע, אַקער־בוי, הייזער־בוי, פאַבריקאַציע, מאַשינען און אַזוי ווייטער?!

„עס וואָלט זיי אפשר גאָרניט געקומען אין די געדאַנקען אַזאַ פאַרקערטע אידעע: איינריכטען עלעקטרישע באַלייכטונג איידער די הויז איז פאַרטיג. אָבער מיר זאָגען: דאָס ליכט איז פריהער פאַר׳ן דאַך. זאָל עס כאָטש הענגען אויף אַ פאָדים, אָבער ליכטיג זאָל זיין! און דאָ אויפ׳ן הר־הצופים איז אויפגעשטעלט געוואָרען דער „ליכט־טורם“, די גייסטיגע ליכטיגע הויז פון דעם אידישען פאָלק!

דער אוניווערזיטעט איז דוקא געבויט אויפ׳ן הר הצופים — דער בארג פון די „זעהער״, דער בארג, פון וואנען מען קען זעהן ווייט־ ווייט !

„פון דעם אוניווערזיטעט וועט מען קענען קוקען ווייט־ווייט, און מיר וועלען זיך קענען ארומקוקען וואו מיר האלטען אין דער וועלט און וואו די וועלט האלט מיט אונז. מיר וועלען קענען זעהן אלע איהרע וועלט־ערשיינונגען און נעהמען א שטעלונג צו איהם.

„ביז איצט איז דאס אידישע פאלק, דאס רוב, געווען פאסיוו אין דער באציהונג צו דער וועלט, ווייל זי אליין האט זעהר פיעל גע־ ליטען.

„אמת, מיר האבען אויף אלע געביטען געארבייט, אומעטום צו־ געלענט א האנט; אונזערע בעסטע קינדער האבען זיך פאר אלעמען געלאזען מקריב זיין; מיר האבען אריינגעטראגען אונזער אייגענ־ ארטיגען, שארפען קריטישען גייסט, אבער ס׳איז געווען בלויז די ארבייט פון יחידים, עס איז ניט געווען קיין קאנצענטרירטע אידישע טהעטיגקייט, און ס׳איז אפשר דעריבער ניט פארשריבען אויף אונזער חשבון.

„אבער א נייע צייט, א נייע תקופה איז געבוירען געווארען. עס איז ארויסגעשוואומען פונ׳ם „בלוטיגען מבול״ אין פייער פון דער וועלט־מלחמה.

אלע יסודות זיינען צוטרייסעלט געווארען, אלע אנגענומענע מאדעס און השגות זיינען אויפגערודערט געווארען, אלע פארבארגענע, טיעפ־ גליהענדע וואונשען און בענקעניסען פון אלע טונקעלע ווינקעלאך פון דער אידישער נשמה האבען זיך גענומען ארויסשפארען.

„דער איד האט זיך אנגעהויבען צו דערמאנען ווער ער איז און וואוהין ער געהערט, און פון דעם דאזיגען אומרוה און בענקשאפט איז ארויסגעקומען די העברעאישע אוניווערזיטעט אויפ׳ן הר הצופים.

„די פעלקער פון דער וועלט האבען פארשטאנען די גרויסע, כמעט מיסטישע באדייטונג פון דעם אוניווערזיטעט אויפ׳ן היסטארישען בארג, און זיי האבען געשיקט די בעסטע פון זייערע קינדער, צו בא־ גריסען אונז, אויף אונזער גרויסען יום־טוב. אבער מיר, דאס אידישע פאלק, מוז דורכנעמען וועוען מיט דער גרויסער ליכט ! דער „פתחו שערים״, וואס האט געווים אפגעקלונגען איבער דער גאנצער וועלט, מוז פריהער פאר אלץ עפענען אונזערע אייגענע הערצער און די פאר־גלות׳טע אסימילירטע אויגען. מיר מוזען פיהלען און זעהן, אז

אט דער שעהנער ליכטיגער פאקעל, וועלכער האט ערשט אויפגעפלאמט מעכטיג, בלענדענדיג, אפשיינענדיג אין אלע ווינקעלאך פון דער וועלט, איז נאך אלץ ניט די גרויסע „זון“, וואס מיר האפען אז ער וועט ווערען. עס איז נאך ניט דער גאנץ־גרויסער ברען־פונקט פון אידישען גייסט, ס׳איז נאך ניט דער גאנצען סכום פון אלע אונזערע פונקען און שטראהלען.

„ס׳איז אמת, אז ניט אין איין טאג ווערען געשאפען „זונען“, אבער ווען מיר האבען שוין דעם בראשית־ליכט געמאכט, מוזען מיר מיט פאראייניגטע כחות שטרעבען צו דער גאנצער אידישער זון. מיר מוזען ארויסציהען אט יענע גרויסע כחות, וועלכע ליגען איינגע־פרעסט אין דעם אונטערדריקטען אידישען פאלקס־קערפער, ארויס־ברענגען דעם געוואלדיגען לעבענס־ווילען, דעם מעכטיגען אימפולס, צו שאפען גוטעס און גרויסעס פאר זיך און ממילא פאר אלעמען, פונאנדערעפענען די פארשלאסענע, פארזשאווערטע טיהרען פון דאס אייביגע פאלק, און שטרעבען צו אן אייביג גרויסע, הויכע, גוטע און נאך בעסערע אידישע שטרעבונג.

„עס מוז איינמאל פאר אלעמאל געשאפען ווערען די אידישע היים, די אידישע אטמאספערע, די מעכטיגע השפעה פון דער אייגענער ערד, די געזיכערטע רוהע, די איינגעפונדעוועטע אידישע פרייהייט, און אז די אידישע ליכט־שטראהלען פון אלע טהיילען פון דער וועלט, וועלען קומען זוכען זייער תיקון אין דער היים, ערשט דאן וועלען זיי זיך פאראייניגען אין א גרויסע ארץ־ישראל־זון, וועלכע וועט באליי־טער די גאנצע וועלט.

„די ארץ־ישראל־בלום קען זיך ריכטיג ניט צובליהען אין די קאלטע צפון־לענדער. עס מוז זיין נאר אונטער אן ארץ־ישראל־זון. און ווען דער אידישער גייסט וועט פיהלען די אייגענע ערד אונטער זיך, וועט ער זיך ווי דער פאבעלהאפטער ריעז אויפהויבען אין זיין גאנצער גייסטיגער גבורה און אויסשפרייטען זיין ליכט איבער אלע פינסטערנישען!“

ער האט פארענדיגט:

„איך וועל ארומלויפען איבער אלע גאסען פון די אידען אין די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקא! איך וועל זיי אלעמען וועקען, אויפפאדערען און טרייסטען! און אונזער „אנקעל סעם“ וועט אויך געוויס אונז העלפען צו פארווירקליכען אונזער גרויסער ארבייט ביז צום סוף!...“

— ער האָט גערעדט ווי אַ נביא! — האָט זיך דורכגעשניטען סודות׳דיג, ווי אַ ים־כוואַליע, צווישען גרויסען עולם, און עס האָט פּלוצלונג אויסגעדונערט אַ הידד־געשריי פון אַלעמענס מיילער: „הידד! הידד, גרויסער אמעריקאַנער!"

און לו איז געשטאַנען מיט זיינע פאַר׳חלומ׳טע בלויע אויגען, זיך נייגענדיג רעכט און לינקס.

פּלוצלונג האָבען אַלע באַמערקט, ווי אַ שעהנער יונגער אַפּיצער, מיט אַן אַנגעברוינטען פּנים, מיט שעהנע, שוואַרצע מזרח־אויגען, איז צוגעשפּרונגען גאַלאַנט צום גרויסען אַמעריקאַנער און האָט אַפּגעשטעמ־פּעלט זיין לינקאָלן־פּנים מיט עטליכע פייערדיגע ארץ־ישראל־קושען. דער עולם האָט אויסגעבראַכען אין אַ התלהבות׳דיגען עקסטאַז. די אַפּ־לאַדיסמענטען האָבען דערגרייכט ביז׳ן הימעל.

„געבענשט זאָלסטו זיין פון גאָט! דו שעהנער אַפּיצער פון ישראל!" האָט דער עולם גע׳יובל׳ט.

„דער גרויסער אמעריקאַנער איז ווערטה אפילו די אמת׳ע שיר־השירים׳דיגע קושען!" האָבען די פרויען אויסגעשריען.

און ווען דער עולם האָט נאָך געהאַלטען אין שרייען האָט זיך באַוויזען אויפ׳ן פּלאַטפאָרמע אַ שעהן ליבליך פּנים, שעהן ווי אַ מלאך, ס׳איז געווען איינע פון די שעהנסטע ציונ׳ס טעכטער. דער עולם איז ווי מיט אַ כישוף איינגעשטילט געוואָרען. אַלעמענס אויגען האָבען זיך ווי איינגעגעסען אין דער הימלישער שעהנקייט.

די זעקס הונדערט שעהנע, שטאַרקע סדרנים, וועלכע האָבען אַכ־טונג געגעבען, אַז דער יום־טוב זאָל דורכגעפיהרט ווערען מיט פּראַכט און גלאַנץ, האָבען די ערשטע דערקענט שושנה׳ן, און אַלע ווי איין מאַן האָבען אויסגעשריען: „שושנה! ארץ־ישראל־בלום!" און נאָך זיי האָט דער גאַנצער עולם אויסגעשריען: „שושנה! ארץ־ישראל בלום!"

און שושנה איז געשטאַנען ווי אַ געטליכע פּרינצעסין און האָט אַלעמען באַגריסט מיט איהרע שעהנע, ליבליכע אויגען. זי האָט גע־געבען אַ צייכען און אַלע זיינען שטיל געוואָרען.

שעהן, מאַיעסטעטיש ווי אַ נביאה, האָט זי אַלעמען באַגריסט אין אַ שענהעם קלינגענדען העברעאיש, און צום סוף האָט זי אויסגעשריען:

„אַ גרויסען טהייל פון היינטיגען גרויסען יום־טוב האָבען מיר צו פאַרדאַנקען אַט דעם גרויסען אמעריקאַנעם, און איך, אַלס די פאַר־שטעהערין פון אַלע אידישע חלוצות און שומרות פון אונזער ארץ־

ישראל, וויל באַדאַנקען דעם גרויסען, געהיימניספולען, שווייגענדיגען לו, ניט מיט רייד, נאָר טאַקע מיט ממשות׳דיגעס", און איידער לו האָט צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקען, האָט איהם שושנה דערלאַנגט אַ הילכיגען קוש אויף זיין באַק. דערביי האָט זי איהם אריינגעסוד׳עט: „זיי געבענטשט, דו גרויסער מאַן, פאַר דיין פאַרשוואונדענער בערטעל, וועלכע וואַרט אויף דיר מיט אַ קלאַפּענדיג און ליבענדיג האַרץ!"

די שעהנסטע שיר-השירים׳דיגע רעדע פון טאָג האָט געהאַלטען דער גרעסטער פאָלקס-משורר, דער ליבלינג חיים נחמן ביאַליק. די שפּעטערדיגע דורות וועלען זיין אימשטאַנד איבערצוגעבען זיינע רייד אין די נביאים-שפּראַך. פאַר מיר איז עס אונמעגליך!

די וואָס האָבען ביינעוואוינט דעם אוניווערזיטעט יום-טוב האָבען געזעהן מיט זייערע אויגען די צוקינפטיגע אידישע מלוכה. זיי האָבען אריינגעקוקט אינ׳ם עתיד, אָהן-אַ-שיעור ווייטער ווי די וואָס זיינען דאָ ניט געווען. וואָס אַ שפחה האָט געזעהן ביים ים, האָט עס יחזקאל הנביא ניט געזעהן אין זיין נבואה. וואָס אַ פּשוט׳ער איד האָט געזעהן אויפ׳ן הר הצופים, קען דאָס ניט זעהן קיין גרויסער איד און ניט קיין דיכטער אין זיין גאַנצען לעבען. דאָ האָט מען בולט אַרויסגעזעהן די וואונדערבאַרע ווידערגעבורט פון דאָס אידישע פאָלק אין איהר אַלט-ניי-לאַנד.

ווען די שעהנע, אַריסטאָקראַטישע פיגור פון דעם אַלטען אַלכסנדר, מיט זיין שנעע-ווייסער באָרד, מיט זיינע גרויסע שוואַרצע אויגען האָט זיך באַוויזען אויפ׳ן פּלאַטפאָרמע, איז דער ריזיגער עולם ווי עלעקטריזירט געוואָרען. אַזאַ שעהנע, מאַיעסטעטישע פיגור האָבען זיי נאָך ביז איצט ניט געזעהן. ער האָט אויסגעקוקט ווי אַ שעהנער אַלטער קעניג פון מזרח, אפשר ווי שלמה המלך אין זיין צייט, אָדער ווי אַ קעניג פון די אַמאָליגע אשורים — אַלע האָבען געפיהלט אַזאַ מאָדנעם יראת הכבוד צו דעם אַלטען אומבאַקאַנטען קעניג, אַז מען האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהון: שרייען הידד אָדער איינהאַלטען דעם אָטעם.

ער האָט גערעדט קורץ, מיט אַ שטאַרקען קול און מיט טרערען אין די אויגען:

„מיינע ליעבע ברידער, קינדער פון דאָס פאָלק ישראל! איהר שלוחי-צבור פון די צושפּרייטע אידען מאַרבע כנפות הארץ! פאַרטרעטער פון אַלע גרויסע און קלענערע נאַציאָנען פון דער וועלט!

„איהר ווילט געווים וויסען, ווער איך בין? ווי אזוי איז מיין נאמען און ווען איך פארטרעט?

„איך בין א קינד פונ'ם גרויסען, ביטערען גלות, א קרבן פון דער ארץ־הדמים, פון דער געוועזענער גרויסער רוסלאנד.

"די צארישע, טיראנישע, בארבארישע געזעצען האבען פון מיר אוועקגערויבט מיין אידישען פארשטאנד און מענשליכען שכל.

„איך האב זיך אויסבאהאלטען פון מיין גאט און פאלק; איך האב פארלייקענט מיין אידישען יחוס אפילו פון מיינע אייגענע קינדער, — איך האב געדענקט, אז אט אזוי וועל איך קענען לעבען רוהיג און גליקליך, אבער אין דעם זכות פון מיינע עלטערען די קדושים, האט מיך דער אידישער גאט אויסגעפונען און האט געעפענט מיינע פאר־שמירטע, פארבלענדעטע אויגען און „איך האב זיך געפונען!" איך האב געפונען דעם „איד" אין זיך! אמת, גאט האט מיך געשטראפט, ער האט אוועקגערויבט פון מיר מיינע ליעבע שעהנע קינדער: מיין בן־יחיד דיענט איצט צו פרעמדע געטער, מיין זוהן — דער גרויסער לעאן טראצקי, וועלכער מאכט ציטערען די וועלט, טראגט זיך ערעם ארום מיט א מין נייע „רויטע תורה", אבער איך בין פעסט איבער־ציינגט, אז די אלטע אידישע תורה און דער גאט פון ציון, וועט גיך גובר זיין דער נייער תורה, און מיין זוהן וועט סוף־כל־סוף איינזעהן זיין גרויסען טעות אט פונקט ווי איך. ער וועט פונקט ווי איך עפענען זיינע רויטע אויגען און קומען אהער, אויף דיעזען בארג, זיך בוקען פאר דעם גאט פון ציון!

„איך האב פארלארען מיינע שעהנע צוויי טעכטער, וועלכע זיינען געוועזן שעהן ווי די כרובים פון ארון־קודש, און נאכדעם אלעמען, נאך אט דער גרויסער תוכחה, האט מיך גאט געשטארקט און געבראכט צום לעבען און מיינע אויגען האבען זוכה געווען צו זעהן די גרויסקייט פון ציון וירושלים.

„איך בין א איד! א גלות איד, וועלכער האט געפונען א תיקון אין דער היים, אין אונזער ארץ־ישראל!

„איהר ווילט וויסען, ווען איך פארטרעט איצט?

„איך פארטרעט די שעהנע אידישע שיף „זבולון", וועלכע האט אהער געבראכט די שעהנסטע פארטרעטער פון אמעריקאנער אי־דענטום.

„ווי שעהן און מאיעסטעטיש אונזער „זבולון“ האט געשפּאלטען די ימים; ווי ליבליך אונזער פאהן האט זיך באגריסט מיט אנדערע פאהנען צום ערשטען מאל אין צוויי טויזענד יאהר.

„ווי מען רופט מיך?

„אין רוסלאנד האט מען מיך גערופען אלכסנדר טימאפייעוויטש טראצקי — דער גרויסער סוחר און מיליאנער, וועלכער האט געהאט צו טהון נור מיט די צארען, פּרינצען און גראפען. אבער איצט בעט איך, אז מען זאל מיך רופען אלכסנדר־ישראל.

„געלויבט איז דער אידישער גאט, וועלכער האט מיך געפיהרט אויף דעם אמת'ן וועג, ביז ער האט מיך געבראכט אהער, אז מיינע פיס זאלען שטעהן אויפ'ן הר־הצופים צוזאמען מיט אלע שלוחי־צבור!“

ער האט זיך פונאנדערגעוויינט ווי א קליין קינד, און דער גאנצער עולם האט מיטגעוויינט. דאס זיינען געווען טל־תחיה טרערען.

עס האט זיך ווידער באוויזען די שעהנע פיגור פון שושנה, וועלכע האט מיט איהר שעהנער שטימע איבערגעריסען דאס געוויין.

„היינט איז א צו־גרויסער יום־טוב! היינט איז א טאג פון פרייד און גליק און ניט פון געוויין!“ — האט זי ליעבליך גערעדט.

„דער אידישער גאט איז זעהר א גוטער! ער וועט ניט אוועק־נעהמען די קינדער פון אזא שעהנעם אלטען מאן!

„גרויסער אלכסנדר־ישראל! קוק זיך גוט איין אין מיין פּנים און זעה, אז נאר אין ציון וועסטו געפינען דיינע קינדער!“ — און זי איז געפאלען אין אלכסנדר'ס ארעמס. — „מיין טייערער גוטער פאטער!“ — האט זי אויסגעשריען.

„מיין טאכטער!“ — האט אלכסנדר מיט פריידענס־טרערען גע־שעפּטשעט.

„הידד! שושנה! ארץ־ישראל־בלום!“ — האט דער עולם געשריען אין עקסטאז.

פאטער און טאכטער זיינען א לאנגע צייט געשטאנען ארומגענו־מען, דער עולם האט געשריען און די מתיקות'דיגע טענער פון דער „התקוה“ — והשיב לב אבות על בנים — האבען פארענדיגט דעם גרוי־סען טאג.



## ניין־און־פערציגסטער קאַפּיטעל.

# די גרויסע סעודה

אויף מאָרגען האָט מען פאַרבאַרייט אַ גרויסאַרטיגע סעודה לכבוד די פּראָמינענטע געסט, וועלכע זיינען זיך צונויפגעפאָהרען אין ירושלים צום גרויסען היסטאָרישען יום־טוב.

אויף דער סעודה זיינען אַנוועזענד געווען די גרעסטע פּערזענ־ליכקייטען, צווישען זיי לאָרד באַלפור, לאָרד אַלענבי, דער נציב, דר. חיים ווייצמאַן, נחום סוקולוב, אַלכסנדר, לו דער שווייגער, יהודה, גולד, די הויפּט־באַאַמטע פון די רעגירונגס־דעפּאַרטמענטען, די קאָנ־סולען, די ספּעציעל דעלעגירטע פון די רעגירונגען צו דער ערעפענונג פון אוניווערזיטעט, די פּראָפעסאָרען, די מיטגלידער פון דער ציוניס־טישער עקזעקוטיווע, די רבנים ראשיים פון ארץ־ישראל, ענגלאַנד, פראַנקרייך און עסטרייך, פאַרטרעטער פון ארץ־ישראל׳דיגע און חוץ־לארץ׳דיגע פרעסע און אַזוי ווייטער.

נאָך דער גרויסער אידישער סעודה האָט נחום סוקולוב, וועלכער איז געווען דער יושב־ראש פון אָווענט, געהאַלטען אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט געשילדערט די לאַגע פון ציוניזם אין אַלגעמיין און פון ארץ־ישראל בפרט. ער האָט דערמאָנט די אַלע שווערינקייטען פון דער פאַרגאַנגענהייט און די גוטע רעזולטאַטען וואָס דער ציוניזם האָט דער־גרייכט ביז איצט.

ער האָט אויסגערעכענט איינציגווייז אַלע גרויסע רעגירונגען, וועל־כע האָבען געהאָלפען צו דער ענטוויקלונג פון דער אידישער נאַציאָנאַ־לער היים.

גרויס בריטאַניע, מיט לאָרד באַלפור און לאָרד אַלענבי, וועלכע האָבען מעגליך געמאַכט די ציון־דעקלאַראַציע; איטאַליע, וועלכע איז תמיד געווען אַ פריינד צו אידען; די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקאַ, וואָס זייער קאָנגרעס און סענאַט האָבען גוט־געהייסען די ציון־דעקלאַראַציע, און אַם ענדע — די קליינע בעלגיע, וועלכע האָט אויך באַוויזען איהר פריינדשאַפט צום ציוניזם.

ער האָט אויסגעדריקט אַ ברכה צו קעניג דזשאָרדזש, האָט זעהר געלויבט דעם אידישען נציב שמואל דעם ערשטען און האָט געטרונקען „לחיים" פאַר די אויפבויאונג פון ארץ־ישראל, וואָס וועט זיין אַ ברכה פאַר אַלע איינוואוינער פון לאַנד, אָהן אונטערשייד פון רעליגיאָן און

ראסע, און וואס וועט דערנעהנטערן אלע ארץ־ישראל איינוואוינער אין געגענזייטיגער שותפות׳דיגער ארבייט, און ער האט איינגעלאדען לארד אלענבי צו רעדען אייניגע ווערטער.

לארד אלענבי איז עמפפאנגען געווארען מיט גרוים באגייסטערונג. ער האט גערעדט פאלגענדעס:

„איך בין א מיליטאריסט, און גאנץ ווייניג זיינען די געלעגענהייטען ווען איך געה ארוים פון קרייז פון מיין קאריערע און טהעטיגקייט אויף דער רעדנער־ אדער שרייבער־ביהנע; דאך קען איך זיך ניט צוריקהאלטען היינטיגען אווענט פון אננעהמען די ליבענסווירדיגע איינלאדונג פון גרויסען נחום סוקולוב׳ן און איך וועל אייך זאגען אייניגע ווערטער:

„ערשטענס, דארף איך אויסדריקען מיין דאנק צו די פיהרער פון דער אוניווערזיטעט, דערפאר וואס זיי האבען מיך באעהרט און איינגעלאדען צו קומען קיין ירושלים, אויך דאס מאל צו דער ערעפענונג פון דעם דאזיגען גרויסען הויז. איך געדענק אימער מיט ענטוזיאזם, ווי די ציוניסטישע פיהרער האבען מיך באעהרט צו לעגען דעם ווינקעלשטיין מיט זיבען יאהר צוריק, ווען די קאנאנען פון שונא פלעגען נאך שליידערן זייערע קוילען און פלעגען שפייען פייער אנטקעגען הר הצופים.

„דאס איז געווען א גרויסער מאמענט אין מיין לעבען, און איך האב געפיהלט, אז יענעם טאג האבען מיר געמאכט א גרויסען, ממשות־דיגען שריט, צו פארווירקליכען א חלום וואס מיר האבען ביז איצט ניט געקענט און ניט געוואוסט — ווייל זייענדיג א מיליטאריסט פון מיין יוגענט אן, האב איך זיך קיינמאל ניט פאראינטערעסירט אין פאליטישע און געזעלשאפטליכע פראגען און דער גאנצער ענין פון ציוניזם איז געווען פרעמד מיר, און אויך צו די סאלדאטען און באאמטע וואס האבען געארבייט אונטער מיין קאמאנדע.

„און פלוצלונג איז געקומען אט דער מערקווירדיגער דאקטאר חיים ווייצמאן קיין קאירא, און נאכדעם קיין ארץ־ישראל, און באלד נאך מיינע ערשטע געשפרעכען מיט דעם דאזיגען גרויסען מאן, וואס איז פון דאמאלסט אן געווארען מיין גוטער פריינד, האב איך געפיהלט דעם צויבער און די שעהנקייט פון דער באוועגונג, וואס האט זיך געשטעלט אלס צוועק צו גרינדען אויף די חורבות פון דער פארגאנגענהייט פון באדען פון דער ביבעל, א נאציאנאלע היים פאר די אידען, וואס זיינען צושפרייט אין אלע עקען וועלט. אזוי איז איינגעוואר־

צעלט געווארען אין מיר און אין די אפיצערען און סאלדאטען וואס זיינען געשטאנען אונטער מיין קאמאנדע, די אנערקענונג, אז ניט נאר געהען מיר באפרייען דאס לאנד פון די טערקען, נאר אויך עס צו פארבארייטען פאר א באנייטער צוקונפט!

„צוליב דעם איז דער ענטוזיאזם ביי אונז אלעמען פארטאפעלט געווארען, און מיר האבען דערגרייכט דעם באוואוסטען זיעג, וואס האט פארניכטעט די האפנונגען פון די טערקען זיך צוריקצוקעהרען אין דעם דאזיגען לאנד.

„און איך שטעה איצט ווידער דא פאר אייך, נאך זיבען יאהר, און מיין גאנצע הארץ איז מיט אייך צו דער פייערליכער ערעפענונג פון דעם העברעאישען אוניווערזיטעט — אז מיר האבען געלעגט דעם ווינקעלשטיין, האב איך ניט ערווארטעט, אז אזוי גיך וועלען קומען איהרע פיהרער צו פארווירקליכען דעם פלאן. איך בין גליקליך, וואס איך האב זוכה געווען דערצו! איך בין גליקליך, וואס איך בין געווען אן עדות היינט צוזאמען מיט לארד באלפור, היי־קאמישאנער סער הערבערט סעמועל און דר. חיים ווייצמאן, צו איינע פון די גליקליכסטע און פרעכטינסטע סצענעס, וואס איך האב ווען געזעהן אין מיין לעבען. איך בין גליקליך וואס די דאזיגע אוניווערזיטעט איז אפען אבסאלוט ניט בלויז פאר די אידען, איהרע גרינדער, נאר פאר אלע שטאמען וואס וואוינען אין לאנד, און איך ווינש איהר פון איצט אן גליק אין איהר לעבען, וואס פאנגט אן מיט מיין האפנונג, אז די העברעאישע אוניווערזיטעט אויפ׳ן הר הצופים וועט זיין א לייכטענדעס ליכט פאר די מזרח־פעלקער, וואס מיין סימפאטיע איז מיט זיי, זינט איך האב אנגעהויבען זיך צו אינטערעסירען אין דער צוקונפט פון נאהענטען מזרח!“

זיינע הארציגע רייד האבען געמאכט זעהר א טיפען איינדרוק און די אנוועזענדע האבען זיי אויפגענומען מיט גרוים התלהבות.

נ. סוקולוב האט נאכדעם אויפגערופען דעם פראנצויזישען קאנסול אין ירושלים, וועלכער איז א גרויסער אידענפריינד און אנהענגער פון ציוניזם. אין זיין רעדע האט דער קאנסול באמערקט:

„די פראנצויזישע רעגירונג האט מיך באאויפטראגט צו איבער־געבען אייך איהר הארציגע ברכה צו דער ערעפענונג פון אוניווערזי־טעט. „קיין זאך קען ניט ארויסרופען אזוי די סימפאטיע פון דער פראנצויזישער רעגירונג, ווי דער ווילען צו מאכען אייער נאציאנאלער

היים, ניט בלויז אַז אַזיל פאַר די פאַרוואַלגעלטע קינדער פון אידישען פאַלק, נאָר אויך פאַר אַ צענטער פון גייסטיגע ליכט.

„עס איז צום באַוואונדערען, אַז וועהרענד פיעלע פון אייערע עמיגראַנטען האָבען נאָך ניט געהאַט קיין דאַך איבער'ן קאָפּ, האָט איהר שוין אַנגעפאַנגען טהון קאָסטבאַרע ארבייט אויפ'ן הר הצופים, אויפצו־שטעלען דאָרטען אַ משכן פאַר חכמה.

„איהר האָט געוויזען דורכדעם, אַז איהר זייט געבליבען טריי צו דער טראַדיציע פון אייער געשיכטע, אַז היינט, ווי אין די טעג פון נחמיה, האָט די ענטוויקלונג פון גייסט ביי אייך אַ פאָרצוג איבער מאַטעריעלע אַנגעלעגענהייטען, און אַז אַ טעמפּעל פון גייסט איז ביי אייך בילכער ווי די ווענט פון אַ שטאָדט.

„דר. חיים ווייצמאַן האָט אין זיין רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען דעם פיער־און־צוואַנציגסטען יולי, ניינצעהן הונדערט און אַכטצעהן, ביים לעגען דעם ווינקעלשטיין פון דער אוניווערזיטעט, ערוועקט די עראינערונגען פון די אידישע נביאים. אָט דאָס גיט דעם היינטיגען אוניווערזיטעט־יום־טוב דעם אמת'ן כאַראַקטער און מאַכט, אַז אַרום דאָס וויגעלע פון אייער אוניווערזיטעט־וועזען וואָס ווערט איצט גע־שאַפען, זאָלען שפּאַצירען די שאָטענס פון אייערע גרויסע עלטערן, וועלכע זיינען געווען די ערשטע צו ריידען אין דער שפּראַך פון הומאַ־ניטעט. — פון דעם טאָג אַן, וואָס זייער שטימע איז געבליבען שטיל, האָבען די אידען געהאַט אויף זיך פיעלע צרות; זיי זיינען געגאַנגען פון גלות צו גלות און האָבען געלערנט און געקענט אַלע שפּראַכען און די פילאָזאָפיע פון אַלע פעלקער, און אויב עס איז אמת, ווי אַ באַוואוסטער דיכטער האָט זיך אויסגעדריקט, „אַז מען דערקענט די גרויסקייט פון בורא־עולם ערשט דאַן, ווען מען עסט ברויט מיט טרערען", איז וועלכע פאָלק נאָך אַזוי מסוגל צו אַנערקענען דעם בורא־עולם, ווי דאָס אידישע פאָלק?

„מיר זיינען זיכער, אַז פאַרבלייבענדיג טריי צום גייסט פון אייער געשיכטע און צום מוסר השכל פון אייערע לאַנגע אומגליקען, וועט איהר לערנען, און געבען אין אייער אוניווערזיטעט די שעהנסטע און איידעלסטע לעהרען. און ווייל די פראַנצויזישע רעגירונג איז איבער־צייגט אין דעם, שיקט זי אייך איהרע האַרציגע גליקוואונשען צום ערפאָלג פון אייערע ארבייטען. יהי רצון, אַז די „האַרפען וואָס איהר נעהמט ווידער פון די טייכען פון בבל" זאָלען קענען לאָזען הערען פון דאָס ניי איינע פון די נייע לידער און הימנעס פון פרידען און

ליעבע, וואָס וועלען באַצויבערען די מעשהייט..." (אַפּלאַדיסמענטען.)

דער אמעריקאַנער קאָנסול אין ירושלים האָט גערעדט פאָלגענדעס:

„די ערציהונגס־אַרבייט אין אמעריקא האָט זיך אָנגעהויבען איבער־הויפּט זייט דער גרינדונג פון דער רעפּובליק מיט הונדערט און פופציג יאָהר צוריק, און פיליכט נאָך פריהער.

„ערציהונגס־אַנשטאַלטען פון אַלע סאָרטען, פון דער עלעמענטאַר־סקול ביז דער אוניווערזיטעט, זיינען געוואַקסען און געשפּראָצט שנעל אין אַלע שטעדט פון לאַנד, און גרויסע סומען געלט ווערען געגעבען יאָהר־יעהרליך פון פּריוואַט לייטע אויף אוניווערזיטעטען און הויכע וויסענשאַפט־אינסטיטוציעס.

„דעריבער איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז דאָס פאָלק פון די פאַר־אייניגטע שטאַטען איז פאַראינטערעסירט ניט בלויז אין די ערציהונגס־אַנשטאַלטען פון זיין לאַנד, נאָר אויך אין די פון די אַנדערע לענדער. די גרינדונג פון אַ העברעאישען אוניווערזיטעט אין ירושלים, פאַר'ן פאָרגרעס פון דער וויסענשאַפט און ליטעראַטור האָט אַרויסגערופען גרויס אינטערעס און האָט אויפגעפלאַמט די הערצער פון אַ גרויסען ברייטען טהייל פון אַמעריקאַנישען פאָלק.

עס איז צו גלויבען, אַז די דאָזיגע התלהבות וועט ניט פאַרלאָשען ווערען. איך בין באַאויפטראַגט צו מעלדען דער לייטונג פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט, אַז לויט די פאָדערונגען פון אבגעאָרדע־טען פון אַמעריקאַנעם קאָנגרעס, וועט מען שיקען באַוואוסטע רעגי־רונגס־דאָקומענטען אין דעם קאָנסולאַט, און זיי איבערצוגעבען צו דער אוניווערזיטעט־ביבליאָטעק, און איך וועל האָבען דאָס פאַרגעניגען איבערצוגעבען די דאָזיגע דאָקומענטען צו דער באַראַטונגס־קאָמיטע פון דער אוניווערזיטעט־לייטונג באַלד ווי איך וועל זיי באַקומען.

דער איטאַליענישער קאָנסול האָט איבערגעגעבען אַ ברכה, אין נאָמען פון דער רעגירונג פון קעניג וויקטאָר עמאַנועל. ער האָט באַטאָנט, אַז איטאַליע, וואָס איז פון תמיד־אָן געווען אַן אָרט פון וויסענשאַפט און קונסט און אַ מוטער פון די גרויסע וויסענשאַפט־און גייסט־לייט, איטאַליען — וועלכע באַציהט זיך מיט סימפּאַטיע און ליעבע צו אידען, קוקט זעהר פריינדליך אויף דער אידישער אוניווער־זיטעט. ער האָט באַדאַנקט סוקולוב'ן פאַר די גוטע רייד וואָס ער האָט גערעדט וועגען איהם אַלס קאָנסול.

דער דייטשער קאָנסול האָט באַגריסט און געוואונשען דער העב־רעאישער אוניווערזיטעט, אין נאָמען פון דער דייטשער רעגירונג. ער

האט געזאגט, אז די עפענונג פון אוניווערזיטעט איז זעהר א וויכטיגע עפאכע אין לעבען פון נאהענטען מזרח און אז דייטשלאנד, וואס אינטערעסירט זיך פון אייביג־אן אין וויסענשאפט, וועט טהון אלעס בעסטעס צו שטיצען איהר יונגע שוועסטער אויפ׳ן הר הצופים. די העברעאישע אוניווערזיטעט אויפ׳ן הר הצופים וועט ברענגען נוצען ניט בלויז צו ארץ־ישראל, נאר אויך צו אייראפא, וואס האפט און ער־ווארט פון איהר גרויסע זאכען.

דער בעלגישער קאנסול האט געהאלטען זעהר א הארציגע רעדע, אין וועלכער ער האט באטאנט, אז די ווערט פון היינטיגען יום־טוב, וואס האט פראקלאמירט די פארווירקליכונג פון איינע פון די עלטסטע אידישע שטרעבונגען, איז זעהר גרויס, און יעדער פארשטענדיגער, בריטהארציגער בעלגיער, וועט זיך מתחבר זיין מיט דאנק ניט בלויז צו די באשאפער פון דער אוניווערזיטעט, נאר אויך צום גאנצען אי־דישען פאלק.

דער פוילישער קאנסול האט געהאלטען א לאנגע רעדע, אז פוילען שטעהט איצט אין דער ערשטער שורה צווישען אנדערע מדינות, וואס אנבאלאנגט צו דעם אידישען אימיגראציאנס שטראם קיין ארץ־ישראל. ער האט ארומגערעדט די וויכטיגקייט פון נייעם מאטעמא־טישען און פיזיק אינסטיטוט אויפ׳ן נאמען פון באלפור־איינשטיין, וואס מען ליגט איצט זיין ווינקעלשטיין לעבען דעם העברעאישען או־ניווערזיטעט, און די וויכטיגקייט פון דער ביאלאגישער און כעמישער פאקולטעט, וואס זיינען שוין אפען, און ער האט געוואונשען גליק דעם אוניווערזיטעט אין נאמען פון דער פוילישער רעגירונג.

נאכדעם האבען גערעדט: דער האלענדישער, דער עסטרייכישער און דער ליטווישער קאנסול. יעדער איינער אין נאמען פון זיין רע־גירונג.

דער רב הכולל פון לאנדאן, גראנד ראבינער פון פאריז און פרא־פעסאר מ. קאפלאן פון ניו יארק, האבען געהאלטען זעהר התלהבות׳דיגע רעדעס.

לארד באלפור האט באדאנקט מיט ווארימע ווערטער פאר דעם גרויסען כבוד וואס מען האט איהם צוגעטהיילט און ער האט בא־טאנט, אז וואס מעהר ער פארברענגט אין ארץ־ישראל, אלץ פעסטער און זיכערער ווערט זיין אמונה אין דער צוקונפט פון דעם פאלק ישראל.

צום סוף האט גערעדט דער שעהנער אלטער אברהם בן אברהם:

„איך בין שוין אן אכציגער!“ — האט ער אויסגעשריען. — גע־פיהרט מלחמות מיט פארשיידענע פעלקער. מען האט מיך געצוואונגען צו פארגיסען בלוט און געהן אין די נארישע אוננארמאלע צארישע דרכים, אבער דער גאט פון ישראל, וועלכער ווייסט און זעהט אלע דורות, האט געזעהן, אז איך בין אומשולדיג, און ער האט מיך צוגע־נומען אונטער זיינע פליגלען, כדי איך זאל ניט דארפען רויט ווערען פון שאנדע, וואס די גרויסע רוסלאנד פעהלט דא איצט ביים טיש, צווישען אלע נאציאנען. איך בין איצט א קינד פון פאלק ישראל. איך בין נאך א יונגער איד, און מיין יונגע נשמה פרעהט זיך מיט׳ן כלל ישראל, ווי איך בין א איד! דער רויטער ניקאלאי איז א זוהן פון די היידאמאקעס — דער גייסט פון די צארען, אבער איך בין א קינד פון דעם גרויסען אברהם און מיינע אויגען וועלען נאך דערלעבען צו זעהן, ווי אלע פעלקער ציהען זיך צום הר הצופים, צו לערנען די חכמה פון שלום און אחדות! ווי איך בין א איד!“

און דער שעהנער עולם איז נאך דער סעודה געגאנגען אנקוקען די אלט־ניילאנד: די אלטע היסטארישע פלעצער מיט די נייע שעהנע בנינים.



## פופציגסטער קאפיטעל.

# די געלייטערטע העלדען

ווען דער גרויסער טאג פון דער ערעפענונג פון אוניווערזיטעט איז אריבער מיט פראכט און גלאנץ און אין דער שעהנסטער ארדנונג, פון וואס אלע פארטרעטער פון די נאציאנען האבען זיך ניט געקענט אפ־וואונדערן, און ס׳איז אנגעקומען דער שעהנער, קיהלער ארץ־ישראל אווענט, זעהען מיר שושנה׳ן אין דער באגלייטונג פון איהר פאטער, דעם שעהנעם אלכסנדר׳ן און דעם געהיימניספולען לו.

— ענדליך האט מיר גאט צוריקגעגעבען כאטש איין קינד! — האט אלכסנדר מיט שמחה גערעדט. — מיין שושנה, מיין טייער קינד, וועלכע האט מיר די ערשטע אויפגעעפענט די פאר׳גלות׳טע אויגען — נאך זייענדיג אין יאלטע איינגעטונקט אין די מ״ט שערי טומאה פון אסימילאציע, האט זי שטאלץ, ווי יהודית, פראקלאמירט איהר אידי־שען יחוס. אה, גאט! ווי גליקליך איך בין איצט! — און ער האט זי ווידער געהאלזט און געקושט.

— דערמאָן ניט, גוטער פאָטער, דעם עבר. לאָמיר ניט פּאַרוואַ־כיגען דעם גרויסען טאָג מיט טרויעריגע גלות־זכרונות. לאָמיר זיך פרעהען מיט'ן איצט און זיך פאַרבאַרייטען פאַר אַ גליקליכער צו־קונפט! — האָט שושנה געזאָגט, טוליענדיג זיך צו איהר פאָטער.

— אָבער זאָג מיר, מיין קינד, וואו איז דיין בראַווער יהודה? דער איינציגער זוהן פון מיין ערמאָרדעטען ברודער, דעם קדוש יעקב?

— מיין העלדישער יהודה האָט היינט געהאַט זעהר אַ שווערען, אָבער גליקליכען, טאָג. ער איז דער עלצטער פון אַלע ארץ־ישראל שומרים און סדרנים — זיין בראַווקייט און העלדישקייט צו פאַרדאַנ־קען, איז דער גרויסער יום־טוב דורכגעפיהרט געוואָרען אין בעסטען אָרדנונג. זיינע בראַווע, איבערגעגעבענע שומרים, וואָס יעדער איינער קען בייסטעהן אַנטקעגען הונדערטער, האָבען זיך אויסגעצייכענט אויף יעדען געביט, אויף צו־להכעיס די נאַרישע פאַרפיהרטע מופסים, וועלכע האָבען זיך געקליבען צוצושטערען דעם גרויסען טאָג. זיי האָבען מורא געהאַט אַ קאָפּ אויפצוהויבען און זיי האָבען נאָך געמוזט צוזעהן מיט זייערע אויגען דעם גרויסען יום־טוב, וואָס האָט אריינגעבראַכט אַ „תשעה באב" אין זייערע הערצער.

דורך די אומנאַטירליכע כחות און חכמה פון אונזער גרויסען פיהרער שוואַרצקאָפּ, האָבען מיר געהאַט די מעגליכקייט אָפּצוראַמען פון וועג די הויפּט־אַנפיהרער פון דער „רויטער מחנה", וועלכע זיינען ספּעציעל געשיקט געוואָרען פון דער רויטער מלוכה, פון רוסלאַנד און פון דעם קאָמוניסטישען רויטען פליגעל פון דייטשלאַנד און אַמעריקאַ, צוצושטערען אונזער אידישע שמחה — צו דער ערעפענונג פון אוני־ווערזיטעט. אַ גאַנצען יאָהר האָבען זיי אָנגעווענדעט אַלע זייערע „רויטע מעטאָדען אויפצורייצען די אַרבייטער איינע קעגען די אַנ־דערע און אַלעמען — קעגען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק. איבערהויפּט האָבען זיי געוואָלט אַנרייצען די אונוויסענדע פּרימיטיווע אַראַבער. — אָבער דער גרויסער איבערגעגעבענער, טרייער איד, שוואַרצקאָפּ, האָט זיך געקלינט איבער די רויטע. ער האָט צומישט זייערע געדאַנקען און פאַרטומעלט זייערע מחות און איצט געפינען זיך אַלע „רויטע פיהרער" אין זיכערע פּלעצער: די הויפּט־אַנפיהרער פון מאָסקווע — מעדוועדיעוו און טשערטשינסקי — זיצען איינגעשפּאַרט אין אַ משוגעים הויז; דער גרויסער תליון פון טשעקאַ, דזשערדזשינסקי, מיט דעם אַמעריקאַנעם רויטען ניגלאָס'ן מיט זייערע חברים, זיצען איינגעשפּאַרט אין אַ ספּעציעלער הויז, ניט ווייט פון אונזער ווילאַ.

— אבער ווער איז דאָס אַט יענער בראַווער גרויסער שוואַרצ־קאַפּ? — האָט לו ניינעריג געפרעגט.

— האָט געדולד, מיין טייערער שוויינערדיגער לו! — האָט שושנה געענטפערט. — זייט בראַוו, שטאַרק און מוטיג און זייט גרייט אויפ־צונעהמען אַזעלכע גרויסע זאַכען, וואָס איהר האָט קיינמאָל אפילו ניט געחלומ׳ט!

— אַבער וואו איז מיין פאַרשוואונדענע בערטע? — האָט לו גע־פרעגט אויפגערעגט. — איהר האָט דאָך מיר אויפ׳ן הר הצופים פאַר־טרויט, אַז איך וועל זי זעהן!...

— מיין וואָרט איז הייליג, מיין טייערער אַמעריקאַנער ברודער! — איהר זייט געוויס ווערט באַלוינט צו ווערען פאַר אַלע אייערע גוטע מעשים און טהאַטען פאַר אונזער ארץ־ישראל. איהר האָט אַלעס גע־טאָן: דעם ים אריבערגעשוואומען, דעם מדבר איבערגעוואַנדערט און צובראַכען די אַסימילאַציאָנס־וואַנט! אייער פאַרשוואונדענע בערטע וועט געוויס פאַר אייך ערשיינען מיט איהר גאַנצער איבערנאַטירלי־כער גרויס און ברייט־טיעפער האַרץ! האָט נאָר געדולד!

— עפּעס רעדט איהר אין א חידה־שפּראַך! — האָט אַלכסנדר באַ־מערקט, און זיין האַרץ האָט גענומען שטאַרקער קלאַפּען.

זיי זיינען אַנגעקומען אין זייער וואוינונג. די ערשטע איז זיי אַנטקעגענגעקומען די קליינע, שעהנע מרימ׳ל.

— דאָס איז מיין מרימ׳ס! אַ נאָמען נאָך דער מאַמען! — האָט שושנה באַמערקט.

אַלכסנדר האָט זי איינגעקלאַמערט אין זיינע אָרעמס.

— מיין קליינער מלאכ׳ל! — האָט ער געכליפּעט.

נאָכדעם איז אַרונטערגעשפּרונגען אַלכסנדר מיט אַ ציון־פאָהן אין האַנט.

— דאָס איז מיין אַלכסנדר! — האָט איהם שושנה פאַרגעשטעלט.

אַלכסנדר האָט זיי ביידען געהאַלטען אין זיינע אָרעמס און האָט געוויינט פון גרויס פרייד.

— מען טאָר היינט ניט וויינען! — האָט דער קליינער אַלכסנדר באַמערקט! — היינט איז זעהר אַ גרויסער יום־טוב. היינט ווערען מיר איבעראַנייעס באַנייט אַלס פאָלק, און מיר דאַרפען זיין זעהר פרעהלאַך.

— יאָ, אַנקעל שאַצקאַפּ האָט אויך אַזוי געזאָגט! — האָט מרימ׳ל געזאָגט.

— ניט שאַצקאָפ! — האָט דער קליינער אלכסנדר פאַרריכט. — מען מוז זאָגן שוואַרצקאָפ! אַ שוואַרצע־קאָפ.

פון צווייטען חדר זיינען אַריינגעקומען לאָעב, גולד, אברהם בן אברהם און יהודה.

יהודה איז געפאַלען אלכסנדר'ן אויפ'ן האַלז און ביידע האָבען זיך אין דער שטיל געוויינט.

ווען די ערשטע איבערראַשונג איז פאַראיבער, האָט לאָעב געזאָגט צו דעם גרויסען לו:

— איך האָב אויסגענוצט מיין גאַנצע „דעטעקטיוו" קונסט, צו אויפזוכען דיין פאַרשוואונדענע וואונדערבאַרע מיידעל, אָבער איך מוז זיך מודה זיין, אַז אָהן די הילף פון גרויסען שוואַרצקאָפ וואָלט איך זי פיליכט קיינמאָל ניט אויפגעזוכט. באַלד וועט אַהער קומען דער גרויסער געהיימניספולער שוואַרצקאָפ און ער וועט שוין זאָגען, ווען די פאַרשוואונדענע שעהנע נוירם בערטע וועט אַהער קומען.

ס'האָט לאַנג ניט געדויערט, און שוואַרצקאָפ מיט'ן יונגען שעהנעם אַפּיצער יהודה זיינען אַריינגעקומען.

נאָך אַ האַרציליכען שלום־עליכם האָט לו'ס האַרץ גענומען שטאַר־קער קלאַפּען. ער האָט געדענקט, אַז שוואַרצקאָפ איז געווים זיין בערטע, וועלכע ער האָט אַמאָל געזעהן אַזוי פאַרמאַסקירט אין ניו יאָרק, אָבער פונקט ווי צוויי טראָפּענס וואַסער. און ער איז צוגעלאָפען ווי אַ יונגער בלוי־אויגיגער אינגעל, מיט אַ פרעהליכען אויסגעשריי:

— בערטע! בערטע!

אָבער שוואַרצקאָפ האָט זיך שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט מיט אַ מאַנסבילשען געזונטען געלעכטער.

— אָה, איהר גרויסער אַמעריקאַנער! איהר מאַכט אַ גרויסען טעות צו זוכען אייער וואונדערבאַרער מיידעל צווישען מאַנסבילשע קליידער. איך בין דער אמת'ער שוואַרצקאָפ פון דייטשלאַנד, אַ גע־וועזענער בירגער פון זיין האָהייט ווילהעלם!...

לו איז געבליבען אַפּהענטיג און האָט מיט פאַרצווייפלונג אויס־געשריען. — איהר קוקט אָבער אויס פונקט ווי מיין בערטע, ווען זי האָט זיך אַמאָל פאַרמאַסקירט.

— געוויס, מיין הער! אייער מיידעל איז אַ גרויסע קינסטלערין. זי האָט מיך נאָכגעמאַכט פינקטליך! — האָט שוואַרצקאָפ געענטפערט.

לו האָט געפיהלט, אַז ס'איז ווירקליך ניט זיין בערטע. עס איז ניט איהר ליעבליכער קול, וועלכען ער וואָלט דערקענט צווישען טוי־

זענטע. דאס איז גאר געווען נפתלי, וועלכער האט זיך פארשטעלט אלס שווארצקאפ.

— איהר וועט נאכמעהר איבערראשט ווערען, איהר גרויסער אמע־ריקאנער, — האט שווארצקאפ געזאגט. — ווען איהר וועט זיך דער־וויסען, אז אייער בערטע האט הייליג געהאלטען איהר פארשפרעכען, וועלכען זי האט געגעבען אונזער פריינט לאעב, אז אויפ׳ן הר הצופים וועט זי אייך אויפנעהמען מיט הייליגע שיר־השירים קושען.

— אבער איך האב מיין בערטע׳ן אויפ׳ן הר הצופים ניט געזעהן! — האט לו געענטפערט, ווערענדיג פארצווייפעלט.

— אייער בערטע האלטווארט! — האט לאעב אויסגעשריען. —

— א, יא, קינדערלאך! — האט אברהם בן אברהם אויסגעשריען מיט התלהבות. די גרויסע הויפטריכטעריז פון דער רויטער מלוכה, וועלכע האט פאר׳משפט מיט איהרע אייגענע מלאכים־הענטעלאך דעם גרעסטען טייוועל פון צוואנציגסטען יאהרהונדערט, וועלכע האט אוועק־געשיקט דעם אשמדאי ניקאליי לעניז אויפ׳ן עולם האמת און די וועלט איז פטור געווארען פון גרעסטען רויטען טיראן — די גרויסע ריכטעריז האלט ווארט, ווי איך בין א איד!...

— מיין גאט! — האט אלכסנדר־ישראל געציטערט מיט אלע זיינע גלידער. — וואס פאר א גרויסען טאג מיר האבען היינט! גאט אליין האט געשיקט זיינע מלאכים צו שפילען זיך מיט אונז. קינ־דער מיינע! — האט ער זיך געבעטען מיט תחנונים. — לאזט מיך כאטש איינמאל אנקוקען מיין טייערע שעהנע ליעבע בעטינקען! יא, כאטש איינמאל! — נאכדעם וועל איך רוהיג קענען שטארבען.

— ניין! ניט שטארבען, נאר גליקליך לעבען וועסטו! דו גרויסער אידישער פרינץ אלכסנדר־ישראל! — האט דער אפיצער יהודה אויס־גערופען מיט א שעהן צארט קול׳כעל. — נאכדעם ווי גאט האט געצייגט די גרויסע נסים — דו ביזט פטור געווארען פון דער ארץ הדמים, ביזט געקומען בשלום צו אנקעל סעם און צוזאמען מיט׳ן גרויסען שוויי־גענדיגען לו האט איהר זיך איבערגעגעבען מיט אלע כחות פאר דער אויפבויאונג פון אונזער ארץ־ישראל, און איהר האט זוכה געווען, אז אייער שיף „זבולון“ זאל מציל זיין דעם קעניג פון גרויס בריטאניע פון די רויטע הענט, און אייערע פיס זיינען געשטאנען אויפ׳ן הר הצופים, פונקט ווי אמאל משה אויפ׳ן בארג סני — נאך אזעלכע גרויסע נסים מוז מען לעבען און ווערען נאך אמאל יונג. דו, אלכסנדר־ישראל וועסט נאך דערלעבען צו זעהן אלע דיינע קינדער ארום זיך

אין דער אייגענער היים, און אַלע צוזאַמען וועט איהר אָפּגעבען אַ לויב צום גאָט פון ציון!

— אָבער ווער ביזטו, דו שעהנער אָפּיצער מיט'ן מלאך־פּנים, וועלכער האָט נאָך געפאַנגען מיין הארץ פאַהרענדיג אויפ'ן „זבולון״? און וואו איז דער צווייטער שעהנער אָפּיצער, וועלכער איז אַזוי עהנליך צו דיר און וועלכער האָט מיך געהאַלטען אין זיינע אָרעמס, ווען אונזער שיף האָט זיך פאַרגלוסט צו געהן אַ טענצל אויף אונזער ים?

— דאָס וואָס איך בין אַן אָפּיצער זעהט איהר דאָך אַליין! איהר ווילט וויסען מיין יחוס? גוט! — האָט יהודה דער אָפּיצער געענטפערט.

— איך בין אַן אידישער אָפּיצער פון דער מחנה ישראל, מיין נאָמען איז יהודה. מיר האָבען געוואוסט, אַז גרויסע רויטע שלאַנגען און קראָקאָדילען לויערן אויף דער אידישער שיף, זיינען מיר שנעל געפלויגען צו פאַרהיטען דעם אומגליק — איך און דער צווייטער אָפּיצער ישראל, אונטער דער קאָמאַנדע און פיהרערשאַפט פון שוואַרצקאָפּ'ן

ער האָט דערצעהלט די פּאַסירונגען פון יענער נאַכט אויפ'ן שיף.

אַלע האָבען גענומען שרייען הידד און בענשען דעם גרויסען שוואַרצקאָפּ'ן.

אָבער שוואַרצקאָפּ האָט מיט זיין מעכטיגען קול אויסגעשריען:

— שיקט אייערע ברכות דעם, ווער עס האָט זיי פאַרדינט. — ניט איך האָב זיי פאַרדינט, נאָר די גרויסע הויפּטריכטערין פון רוסלאַנד, וועלכע האָט געשפּיעלט די ראָליע פון שוואַרצקאָפּ'ן דעם גאַנצען יאָהר! — און ער האָט אַראָפּגעוואָרפען זיין מאַסקע און אַלע האָבען דערזעהן נפתלי'ן פון נהלל.

לאָעב און גולד האָבען פאַרשטאַנען, אַז מען האָט דאָ אָפּגעטאָן אַ שפּיצעל אפילו זיי אויך.

— אָבער וואו איז דער גרויסער שוואַרצקאָפּ? — האָבען זיי מיט אַן אמת געפרעגט.

— וואו איז מיין בעטקע? — האָט זיך אַלכּסנדר געבעטען ביי אַלעמען.

— וואו איז מיין פאַרשוואונדענע בעטקע? — האָט לו געציטערט.

דער אָפּיצער יהודה האָט אַלעמען געענטפערט מיט אַ רוהיגען געלאַסענעם קול:

— דעם אמת'ן שוואַרצקאָפּ האָקענקרייצלער פון דייטשלאַנד קענט איהר זעהן נאָר אַ געשמידטען אין קייטען פאַר זיין רויטער מלאכה.

די „הויפּטריכטערין פון דער רויטער מלוכה" איז פאַרשוואונדען אויף אייביג. בעטקע איז אויך דער וועלט ניטאָ. די אַמעריקאַנערין בערטע איז אויך מעהר ניטאָ! אָבער די פאַרשוואונדענע מיידעל פון דעם גרויסען לו האָט יאָ געהאַלטען וואָרט און זי האָט געקושט איהר געליעבטען לו פאַר די אויגען פון דער דער גאַנצער וועלט אויפ'ן הר הצופים.

לו'ס האַרץ האָט גענומען אַרויסשפּרינגען. זיינע בלויע אויגען האָבען זיך געריסען אַרויסצוקריכען פון די לעכער.

— מיין בערטע! — איז ער אַרויפגעפאַלען דעם אָפּיצער אויפ'ן האַלז.

— ניין, מיין טייערער! דיין יהודית בין איך. „די בלום פון יהודה רופט מען מיך.

דער אָפּיצער האָט אַרונטערגענומען די מאַסקע.

— בעטקע! — האָט אַלכסנדר אויסגעשריען איינקלאַמערענדיג איהר אין זיינע אָרעמס.

— ניין, טייערער פאָטער! ניט בעטקע, נאָר יהודית רופט מען מיך. די בלום פון יהודה. און דער צווייטער אָפּיצער איז מיין שוועסטער שושנה — די בלום פון ארץ־ישראל.

— וואויל איז דעם פאָלק, וואָס פאַרמאָגט אַזעלכע שעהנע בלומען! — האָט געזאָגט אברהם בן אברהם. — ווי איך בין אַ איד! ווען דיביידע בלומען זיינען פאַראייניגט: די „ארץ־ישראל־בלום" און „די בלום פון יהודה", קענען זיי דערקוויקען מיט זייערע ריחות די גאַנצע וועלט — ווי איך בין אַ איד!

— מיין טייערע! — האָט לו געשעפּטשעט. — איך האָב ימים גע־שוואומען, אַ מדבר געוואַנדערט און די מחיצה געבראָכען.

— איך ווייס, מיין געליעבטער! — האָט זי געענטפערט. — מיין האַרץ איז אָפען נאָר פאַר דיר אַליין. „נשקני מנשיקות פיך, כי טובים דודיך מיין".

— איצט זעה איך, אַז מיין חלום איז ווירקליך מקוים געוואָרען. — האָט לו געזאָגט. — איך זעה פאַר מיינע אויגען אָט יענע צוויי כרובים: שושנה און יהודית, אָט פונקט ווי אין חלום. איך זעה די גרויסע ליכ־טיגקייט, די וואונדערבאַרע לאַנד.

ער האָט פאַר אַלעמען דערצעהלט דעם חלום.

— די גרויסע מענשען זאָגט נאָט אָן דעם עתיד דורך אַ נבואה — האָט אַלכסנדר באַמערקט.

מען האט גערעדט און דערצעהלט פון אלעמען. עס איז געווען אן אמת׳ע נשמה׳דיגע איבערלעבונג.

יהודה האט זיך אויפגעשטעלט און ערקלעהרט, אז ער, שושנה, יהודית, לאעב און גולד מוזען איצט אוועקגעהן. ווייל כל־זמן די געסט זיינען נאך דא, מוזען זיי זיין באוואכט און מען מוז שטעהן על המשמר.

— אייניגע פון אונז מוזען אפפאהרען נאך דמשק, ווייל ס׳איז דא אן אורזאך מורא צו האבען, אז דעם ריכטיגען שווארצקאפ, וועלכער איז איצט געשמידט אין קייטען, איז געלונגען דארטען אויפצורייצען די פאנאטישע אראבער און סיריער, און בעת לארד באלפור וועט דורכפאהרען דמשק וועלען זיי זעהן מאכען א מרידה און עס קען, חלילה, ווערען אומאנגענעם דעם ליעבליכען באלפור׳ן.

— און דאס טאר ניט געשעהן, אפילו ווען מיר זאלען מוזען מקריב זיין אונזערע לעבענס. אונזערע געסט מוזען זיין זיכער. מארגען וועלען מיר זיך זעהן אין תל־אביב, ביים קבלת־פנים לכבוד באלפור!



איין־און־פופציגסטער קאפיטעל.

## באלפור קריגט די פרייהייט פון תל אביב

די שמחה פון די איינוואוינער פון תל־אביב לכבוד לארד באלפור, איז געווען אזוי אומגעוועהנליך און גראנדיעז, דאס די איינוואוינער און צושויער וועלען עס לאנג געדענקען.

די הונדערט פראצענטיגע אידישע שטאדט איז געווען אויסגע־פוצט ווי א כלה פאר דער חופה.

אויף דער הויכער געביידע פון דער מוניציפאליטעט האבען גע־פלאטערט בלוי־ווייסע פאהנען, וועלכע האבען זיך געגעבען שלום־עליכם מיט די ענגלישע פאהנען. אלע הייזער פון שטאדט זיינען געווען באהאנגען און באפוצט מיט פאהנען, גרינס און טאפעטען.

אויף דער שעהנער אלענבי גאס איז אויפגעשטעלט געווארען א גרויסער עהרען־טויער, דורך וועלכען לארד באלפור, אין דער באגליי־טונג פון דאקטאר חיים וויצמאן, נחום סוקולוב, אלכסנדר און לו זיינען דורכגעפאהרען צו דער גימנאזיע, וואו דער אפיציעלער קבלת־פנים איז פארגעקומען.

פוןביידע זייטען אלענבי גאס זיינען געווען אויסגעשטעלט צוויי רייהען צושויער, און א גרויסער פראצענט פון די צושויער האבען אויך אנגעפילט אנדערע גאסען, דורך וועלכע די פראצעסיע איז דורכ־געגאנגען.

הונדערטער אידישע פאליציסטען און פרייוויליגע סדרנים האבען געהאלטען ארדנונג.

און ווען לארד באלפור איז אנגעקומען אין אן אויטאמאביל פון מקוה ישראל מיט זיינע באגלייטער, איז ער עמפפאנגען געווארען מיט א הידד־געשריי פון איבער דרייסיג טויזענד מיילער.

ביים עהרען טויער איז ער באגעגענט געווארען פון שטאדט־ראטה און פון מעיאר דיזענגאף, וועלכער האט איהם איבערגעגעבען א סער־טיפיקאט פון עהרענבירגערשאפט און די פרייהייט פון תל־אביב.

אין דעם פרעכטיג פארפוצטען זאל פון גימנאזיע האבען ערווארטעט דעם גאסט ספעציעל געלאדענע מענשען, און ווען לארד באלפור איז אריינגעקומען געארעמט מיט׳ן מעיאר האבען די פארזאמעלטע איהם געמאכט א גרויסע אוואציע. א גרויסער כאר האט געזונגען הללויה און דער מעיאר האט פארגעלעזען אן אדרעס פון תל־אביב׳ער מוניציפאליטעט, וועלכער האט אויסגעדריקט פאלגענדעס:

„...אויף דיין גורל, געעהרטען לארד, איז אויסגעפאלען די היס־טארישע פריווילעגיע, צו זיין צווישען די אנזאגער פון דער בשורה וועגען א נאציאנאלער אויפלעבונג פון אידישען פאלק, און דער גע־טרייער שליח פון דיין אויפגעקלעהרטען אריסטאקראטישען פאלק וואס ליעבט די ביבעל און פון דיין נאבעלען קעניג צו פראקלאמירען פאר דער גאנצער וועלט די היסטארישע באלפור דעקלאראציע, וואס האט באשטעטינט פאר דער וועלט אונזער נאציאנאלען זכות אויף ארץ־ישראל. איצט האבען דיינע פיס באטראטען דעם באדען וואס איז הייליג ביי אלע פעלקער און דיינע אויגען זעהען דאס לאנד, וואס איז געווען פארוויסטעט און וואס לעבט אויף צוזאמען מיט די קינדער וואס בויען עס. און דו ועסט זיך איבערצייגען, אז די באלפור־דעקלא־ראציע, דער זיעג פון דעם ענגלישען חיל און ענגלאנדס איבערנעהמען פון מאנדאט, זיינען ניט ארויסגעווארפען.

„אויף דיר, לארד באלפור, וועט מקוים ווערען די ברכה פון נביא פון די אלטע צייטען: „הרעיפו שמים ממעל, ושחקים יזלו צדק, תפתח ארץ ויפרו ישע וצדקה תצמיח יחד״,— דאס איז די ברכה וואס ווערט דיר געגעבען אין נאמען פון דער נייער שטאדט תל־אביב, די שנעלע

ענטוויקלונג פון וועלכע עס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דער באַלפור דעקלאַראַציע. עס איז ניטאָ קיין ברעג צו דער פרייד וואָס מיר פרעהען זיך דיך צו זעהן צווישען אונז, געעהרטער לאָרד, און אין נאָמען פון תל־אביב דריק איך דיר אויס אונזער טיעפען דאַנק, פאַר די עהרע וואָס דו האָסט אונז באַעהרט מיט דיין דאָזיגען באַזוך.

„אויס דאַנקבאַרקייט, ערהאַבענער לאָרד, געפינען מיר, איינוואוי־נער פון תל־אביב דאָס באַדעפֿנעניש צו פאַרשרייבען דיין נאָמען — וועלכער איז שוין אָנגעשריבען מיט גאָלדענע אותיות אין דער וועלט־געשיכטע און אין דער אידישער געשיכטע — אויך אין דער געשיכטע פון אונזער יונגער שטאָדט.“

„דער שטאָדט־ראַטה האָט באַשלאָסען אָנצורופען אויף דיין נאָמען איינע פון די נייע גאַסען, וועלכע ווערען איצט געבויט אין אונזער שטאָדט, וועלכע איז די ערשטע אידישע שטאָדט אין דער באַנייטער ארץ־ישראל, און צו וועהלען דיך דאָ אַלס עהרען־בירגער פון תל־אביב.

„באַוויליג, געעהרטער לאָרד, אָנצונעהמען דעם דאָזיגען טיטול, און דיין נאָמען זאָל זיין אַ צירונג ביי אונז און ביי אונזערע קינדס־קינדער, ביז אייביג.

„זיי געבענשט, גאָט־געבענשטער, און דער אידישער גאָט זאָל דיך שיצען!“

אין נאָמען פון דער שטאָדט תל־אביב, „געצייכענט“ די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע פון דער מוניציפּאַליטעט.

לאָרד באַלפור האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ ציטערדיגע שטימע, פון גרויס אויפרעגונג און געפיהל, האָט ער אַלס ענטפער אויף דעם מעיאָרס רייד געהאַלטען די פאָלגענדע רעדע:

„געוויס וועט איהר מיר גלויבען, מיינע העררען, ווען איך וועל אייך זאָגען, דאָס קיין מענש אין דער וועלט קען ניט הערען דאָס וואָס עס איז דאָ געזאָגט געוואָרען, אָהן דעם אַז עס זאָלען זיך דערוועקען אין איהם טיעפע געפיהלען, סיי פּערזענליכע געפיהלען און סיי אַזעלכע, וואָס געהען אַוועק ווייט צו דער פאַרגאַנגענהייט און ווייט צום ברעג פון דער צוקונפט.

פיעלע און טיעפע זיינען געווען די געפיהלען וואָס האָבען זיך דערוועקט אין מיין האַרצען הערענדיג דיינע רייד, מיין העלר, מעיאָר פון דער מוניציפּאַליטעט. דו און די בירגער פון דער דאָזיגער שטאָדט האָבען מיר פאַרשאַפט דעם גרעסטען כבוד וואָס אַ מענש קען זוכה

זיין צו איהם. איהר האָט מיר ערהויבען אַלס פרייען בירגער פון דער דאָזיגער גרויסער און פרוכטבאַרער שטאָדט, און איהר האָט מיר געגעבען אַן אייביגען נאָמען, אַנרופענדיג מיין נאָמען אויף איינע פון איהרע שעהנע גאַסען.

„אבער, גלויבט מיר, אַז אויסער די דאָזיגע אויסערליכע צייכענס פון גוטען ווילען און ליעבע, די דאָזיגע רעקאָרדען פון אייער באַציהונג, וואָס זיינען באַצייכענט געוואָרען אויף דעם פּאַפּיר און אין אַ ווינקעל פון אַ גאַס, פיהל איך מיט אַלע פעדים פון מיין נשמה די באַציהונג אין פאַרהעלטענים וואָס שטראָמט פון זיי אינערליך און דרינגט אַריין אין מיין הארצען. איהר איינוואוינער פון דער דאָזיגער שעהנער יונגער שטאָדט קענט פאַרשטעהן, ווי ווייט טיעף עס איז מיין גלויבען אינ׳ם ציוניזם, די דאָזיגע שטאָדט וואָס איז בלויז פערצעהן יאָהר אַלט, און וועמעס הויפּט־פּראָגרעס איז ענטשטאַנען נאָך שפּעטער, און איז געקומען ערשט נאָכ׳ן פרידען און נאָכדעם ווי די גרויסמעכטע האָבען פּראָקלאָמירט יעדע פאַר זיך און אַלע צוזאַמען אייער נאַציאָנאַלען זכות, אַט די שטאָדט דינט אַלס צייכען און מוסטער פון דעם צוקונפט פון ציוניזם.

„דו האָסט גערעדט איבער די אייביגע האָפנונגען פון אידישען פאָלק, וואָס אַנבאַלאַנגט ארץ־ישראל. איך בין מיט אייך אַ שותף אין די דאָזיגע האָפנונגען און אין דעם דאָזיגען גלויבען, אַזוי ווי איהר, וואַרט איך און איך קוק אַרויס אויף דער גרויסער אויפלעבונג פון אַ ווייטער און גרויסער פאַרגאַנגענהייט, אויף דעם אַנפאַנג פון דער בליהונג פון נייע טהאַטען, וואָס וועט זיין אַ פאָרטזעצונג פון דעם וואָס עס איז געווען פון דער ענטוויקלונג פון דער פאַרגאַנגענהייט. אין דער וועלט־היסטאָריע וועלען די אידען נעהמען זייער טהייל נאָכמעהר וויפיעל עס קומט אוים אויף זייער חלק אין דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט.

מיין האָפנונג איז באַזירט אויף פיעלע אורזאַכען. די איבערוועגענדסטע אורזאַך איז געגרינדעט אויף דער טהאַט־זאַך, אַז ארץ־ישראל אידען ווייסען און באַגרייפען וואָס די צוקונפט פון דעם דאָזיגען קליינעם אונשטערבליכען לאַנד פאָדערט פון זיי; אויף דער טהאַט־זאַך, אַז דאָס אידישע פאָלק, די דאָזיגע אידען וואָס זיינען ציוניסטען און שטרעבען צום ערפאָלג פון ציוניזם, וויל דאָס ניט פאַר אידען אַליין, און ניט פאַר ארץ־ישראל אַליין, נאָר פאַר דער גאַנצער מענשהייט, פון וועלכער זיי זיינען אַן אומשיידבאַרער טהייל; אַז

זיי וועלען נעהמען א טהייל אין דער מענשליכער היסטאָריע, וועלען זיי נאָך זיין אימשטאַנד מוסיף צו זיין צו איהרע גייסטיגע אוצרות, און איך בין זיכער, אַז זייער עתיד וועט ניט פאַרשעהמען די גרויסע טראַדיציע פון זייער עבר.

„דער דאָזיגער אַנשטאַלט, אין וועלכען מיר געפינען זיך איצט, איז די ערשטע מיטעל־שולע אין דעם דאָזיגען לאַנד, און די אידען האָבען עס געגרינדעט. די דאָזיגע גימנאַזיע און די אַנדערע פאָלקס־אונטערריכט־שולען, דיענען אַלס פעסטען באַזיס פאַר דער אוניווערזיטעט, וואָס צוליעב איהר ערעפענונג בין איך געקומען אהער. קיין אוניווערזיטעט קען ניט מצליח זיין, סיידען זי איז געגרינדעט אויף אַ שול־סיסטעם וואָס איז געווען פריהער פאַר איהר".

„וואו איך קום, זעה איך קלאָהרע באַווייזע אויף דער דאָזיגער טהאַט־זאַך: אַז אַ איד קומט קיין ארץ־ישראל, קומט ער זי באַאַרבייטען, ניט צו געניסען די צייטיגע פירות פון אַ גרויסען עבר, נאר צו בויען אַ גרויסען עתיד אויפ׳ן יסוד פון עבר.

„זעהענדיג אָט דעם דאָזיגען יונגען דור — כמעט אַלע אַנוועזענדע דאָ פאַר מיר זיינען יונגע — וועלכער שטרעבט צו לעבען, דורכגעדרונגען מיט אַ טיעפען ווילען פון אַרבייט, וויסענדיג אַז דאָס לעבען וואָס שטעהט זיי דאָ פאַר איז ניט לייכט און אָהן פיעל פאַרגעניגענס. — אַז איך האָב זיי געזעהן, האָב איך זיך נאָך מעהר געשטאַרקט אין מיין גלויבען, און אין מיין טהיילען זיך מיט אייך די אַלע שעהנע האָפנונגען וואָס איהר האָט אויסגעדריקט אין אַזאַ שעהנער שפּראַך.

„איך דאַנק אייך פאַר דעם גרויסען כבוד וואָס איהר האָט מיך צוגעטהיילט.

(לאַנג־אַנהאַלטענדע שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען).

מעיאָר דיזענגאָף ווענדעט זיך נאָכהער צו דר. חיים ווייצמאַן, נחום סוקולוב, לו׳, אלכסנדר און אַנדערע, מיט די פאָלגענדע רייד:

„און איהר, טייערע ציון־פיהרער, געבענשט זאָלט איהר זיין אין דעם איצטיגען טאָג, איצט באַעהרט מיך אייך אויסצודריקען אין נאָמען פון אונזער שטאָדט תל־אביב אונזערע הארציגע ברכות און טיעפסטע דאַנקען פאַר אַלץ וואָס איהר האָט געטאָן פאַר׳ן ציוניזם ביז איצט. אַלץ וואָס אונזערע אויגען זעהען דאָ היינטיגען טאָג, דאָס פאָלק וואָס שטראָמט אריין אינ׳ם לאַנד, דער פּראָגרעס פון ישוב אין שטאָדט און אין דאָרף און אין אַלע צווייגען פון דער מענשליכער אַרבייט, די גרויסע עהרע וואָס מיר האָבען צוליעב דעם וואָס אַלע אונזערע

פריינד קומען אין נאָמען פון פעלקער און קעניגרייכען פון אַלע עקען וועלט זיך צו באטייליגען אין דער ערעפענונג־פייערליכקייט פון דער אוניווערזיטעט אויפ׳ן הר הצופים אין ירושלים, און אַז זייער שפּיץ לאָרד אַרטהור דזשיימס באַלפור — פאַר אַט דאָס אַלעס דאַנקען מיר אייך זעהר. דאָס אַלעס איז די פּרוכט פון אייער קאָלאָסאַלע אַרבייט אין פאַרלויף פון פיעלע יאָהרען.

„וואויל איז אייך, וואָס איהר האָט זוכה געווען צו דערנעהנטערען די פאַרווירקליכונג פון די נאַציאָנאַלע אידעאַלען שוין פון צוויי טויזענט יאָהרען, און וואויל איז צו אונז, אַז איהר, אַלס תלמידים מובהקים פון אונזער גרויסען פיהרער דר. טהעאָדאָר הערצל, האָט עס דערלעבט צו זעהן. מיר בעטען גאָט, אַז איהר זאָלט מאריך־ימים זיין, צוזאַמען מיט דעם דאָזיגען אַלטען מאַן, וואָס איז טהייער ביי אונז אַלעמען, און אונזערע אויגען זאָלען זעהן בנחמת ציון וירושלים. געהט ווייטער מיט אייער קראַפט צו בויען אונזער פאָלק, אונזער לאַנד און אונזער נאַציאָנאַלע היים!"

דערמיט איז דער אָפיציעלער קבלת־פנים געענדיגט געוואָרען. לאָרד באַלפור און זיינע באַגלייטער זיינען אַראָפּ אין הויף פון גימ־נאַזיע, צו זעהן דאָס מאַרשירען פון טויזענדע שוהל־קינדער, וועלכע זיינען געקומען באַגריסען באַלפור׳ן. די תלמידים האָבען געמאַכט גימנאַסטיק און זייער מאַרשירען מיליטעריש מיט פאָהנען אין די הענט, האָט געמאַכט זעהר אַ גרויסען איינדרוק. לאָרד באַלפור איז געווען זעהר ענטציקט און דר. חיים וויצמאַן האָט באַדאַנקט די קינ־דער אין נאָמען פון דער אַלוועלטליכער אָרגאַניזאַציע און פון זיין אייגענעם נאָמען.

שושנה האָט געהאַלטען פאַר די קינדער אַ האַרציגע בריליאַנטענע קינדערשע רעדע, וועלכע איז געווען מוסטערהאַפט אויסגעפּלאַכטען מיט פאַנטאַסטישע קינדער־וועלטען. זי האָט זיי דערקלעהרט די גרויס־קייט פון דעם דאָזיגען היסטאָרישען יום־טוב, פון דעם גרויסען נאַ־ציאָנאַלען טאָג.

— ניט נאָר מיר אַליין, ארץ־ישראל׳דיגע, באַגעגענען זיך איצט מיט׳ן ליעבלינג באַלפור, נאָר דאָס גאַנצע אידישע פאָלק אין אַלע וועלט־טהיילען האַלטען איצט געריכטעט זייערע אויגען אויף דעם דאָזיגען ווינקעל, און דורך אונזערע אויגען זעהען זיי אונזער געהויי־בענעם גאַסט לאָרד באַלפור!

דער אָרקעסטער שפּילט די התקוה און די ענגלישע הימנע. די שעהנע קליינע מרים׳ל טראָגט צו לאָרד באַלפור׳ן אַ בוקעט בלומען און לאָרד באַלפור נעהמט צו דעם בוקעט פון׳ם קליינעם מלאכ׳ל און גיט איהר אַ ליבען קוש. און ווען באַלפור געהט אַרויס פון הויף פון גימנאַזיע, עמפּפאַנגט איהם דאָס גרויסע פּובליקום מיט שטורמישע אויסגעשרייען: „יחי באַלפור! יחי באַלפור!“

פון דאָרטען פאָהרט לאָרד באַלפור מיט זיינע באַגלייטער צו דער גאַס וואָס רופט זיך אויף זיין נאָמען. טויזענדע מענשען שטעהען די גאַנצע לענג פון וועג און עמפּפאַנגען איהם מיט ענטוזיאַזם. ער געהט אַראָפּ פון זיין אויטאָמאָביל, מען דערלאַנגט איהם אַ שערל, און ער שניידט איבער דעם באַנד וואָס איז געווען פאַרצויגען איבער דעם אַריינגאַנג פון גאַס, און מיט דעם ווערט געעפענט די באַלפור־גאַס אָפיציעל.

לאָרד באַלפור פאָהרט נאָכדעם מיט זיינע באַגלייטער צום ציונים־טישען קלוב, וועלכען איז זעהר שעהן באַפּוצט, מיט שעהנע אויפשריפטען און מיט באַלפור׳ס בילד, באַלויכטען מיט אַן עלעקטרישען שטראָם. די אויטאָמאָבילען שטעלען זיך אָפּ. דר. חיים וויצמאַן שטעלט פאָר באַלפור׳ן דעם נשיא פון ציוניסטישען קלוב. פון דאָרטען פאָהרט באַלפור אין הויז פון דעם גרויסען פאָלקס־לעהרער דר. שמריהו לעווין, וואו ער מאַכט זיין היים פאַר דער גאַנצער צייט וואָס ער וועט פאַרברענגען אין ארץ־ישראל. דאָרט רוהט ער זיך אַביסעל אוים פון קבלת־פנים. אָבער דער גרויסער עולם געהט ניט אַוועק אַהיים, כאָטש עס ווערט שוין פינסטערלאַך. די גאַסען פון תל אביב רוישען און שטורמען. אויף דער גימנאַזיע ברענט העל אַ גרויסע זיבען־רעהריגע מנורה מיט פאַרשידענע פאַרבען, מגן־דוד׳ס פון עלעקטרישע פיעל־פאַרביגע פייערען. אין אַלע גאַסען ברענען אין דער גאַנצער לענג עלעקטרישע פאַרשיידען־פאַרביגע לאָמפּען און דאָס בילד איז באַצויבערנד.

אויף דער געביידע פון מוניציפּאַליטעט פינקעלט אַ פייערדיגע אויפשריפט מיט די אותיות „ברוך הבא“. טויזענדער מענשען שפּאַצירען אין די גאַסען און אַלעם איז אין בעסטער אָרדנונג.

אין אָוועגט, האַלב נאָך אַכט, איז לאָרד באַלפור געווען אַנוועזענד ביי דער אָפּערא „שמשון און דלילה“, וואָס איז געשפּיעלט געוואָרען, און ביים אַריינגעהן און אַרויסגעהן פון דער אָפּערע האָט דער עולם האַרציג געשריען: „יחי באַלפור! יחי באַלפור!“

זיין שטראַהלענדיגער פּנים פון געפּיהלען, פון גליק און גייסטיגע צופרידענהייט האָט עדות געזאָגט אויף זיין אינערליכער נשמה־פרייד, וואָס ער האָט זוכה געווען צו אַזאַ ליעבליכען כבוד, וואָס מען קען שוין מעהר ניט געבען אפילו דעם גרעסטען קעניג.

די אילומינאַציעס אין אָווענט האָבען אַלעמען ווי פאַר׳כשופ׳ט. איבערהויפּט האָבען אַלע באַוואונדערט דעם סדר, די אָרדנונג, וואָס די תל־אביב׳ער יונגע לייט האָבען דורכגעפיהרט. יהודה האָט אויס־געקליבען פון די בעסטע און אויסגעצייכענטע שומרים און סדרנים, מיט אַ מיליטערישער דיסציפּלין. צווישען זיי זיינען געווען רייטער, פוסגעהער און וועליסאַפּעטען (בייסיקלאַד־פאָהרער). אַ טהייל איז גע־שטאַנען פון די זייטען פון די גאַסען, אַנדערע זיינען ארומגעפלויגען אויף בייסיקלאַד, און עס האָט ניט פּאַסירט קיין שום אומגליקספאַל, אָדער סתם אַ געשריי אין דער וועלט אריין, ווי עס פּאַסירט אין אַזעלכע פעלע. אַלע האָבען מיט ליעבע אויסגעפאָלגט די חבר׳שע באַפעהלען פון די סדרנים.

אַלע געסט און טוריסטען זיינען געווען ערשטוינט צו זעהן אַזאַ מוסטערהאַפטע אָרדנונג צווישען די אידען פון דער נאָך גאָר־יונגער תל־אביב און פון גאַנץ ארץ־ישראל.

ארום דער הויז פון דר. שמריהו לעווין, וואו לאָרד באַלפור איז איינגעשטאַנען, איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַן עהרען־וואַך פון יונגע בחורים און מיידלאַך — סיי ביי־טאָג און סיי ביי־נאַכט. און אויך ווען ער איז געגאַנגען האָבען זיי געבילדעט אַן עהרען־עסקאַדראָן פאַר׳ן לאָרד.

לאָרד באַלפור איז פאַרבליבען אין תל־אביב אויך אויף מאָרגען. ער האָט באַזוכט מעהרערע אונטערנעהמונגען, צווישען זיי פּנחס רוטענ־בערג׳ס סטאַציאָן פאַר עלעקטריציטעט, דעם באָטאַנישען סטאַציאָן פון די ציוניסטען, די ציגעל פאַבריקען און די זייד־פאַבריקען פון דאַל־פינער.

אין דער תל־אביב׳ער קאַסינאָ, ביים ים, האָט מען געגעסען ארוחת הצהרים, וואו עס זיינען געלאַדען געווען עטליכע הונדערט געסט, צווישען זיי סער גילבערט קלעיטאָן, דער ציוויל סעקרעטער פון ארץ־ישראל און ליידי קלעיטאָן; פּראָפעסאָר ראַפּאַרד, סעקרעטער פון דער פּערמאַנענטער מאַנדאַטען קאָמיסיע פון „פעלקער ליעג“ און אַנדערע וויכטיגע אויסלענדישע באַזוכער.

ביי דער סעודה׳לע האָט מעיאַר דיזענגאָף ווידער אַמאָל באַגריסט לאָרד באַלפור׳ן, און דער לעצטער האָט דאַרויף געענטפערט מיט דער פאָלגענדער רעדע:

„איך דריק אויס מיין טיעפסטען דאַנק פאַר דער פּראַכטפולער סעודה, וואָס דער טאַסטמייסטער דיזענגאָף מיט זיינע קאָלעגען האָבען צוגעגרייט לכבוד מיר און אויך פאַר דער שעהנער געלעגענהייט וואָס זיי האָבען מיר געגעבען דאָ ביים ים, צו זיצען צוזאַמען מיט אייך און געניסען אין אַזאַ גרויסער מאָס פון אייער אויסגעצייכענטער גאַסט־פריינטשאַפט.

„איך קען אייך זאָגען אָהן שום גוזמה און חניפה, אַז דער קבלת־פּנים, מיט וועלכען איהר האָט מיך עמפּפאַנגען, איז געווען העכער פון אַלץ וואָס איך האָב געדענקט און ערוואַרטעט פריהער, און פיעל מעהר וויפיעל איך בין ווירדיג און ראוי צו קריגען.

„די טעג וואָס איך בין דאָ, זיינען ביי מיר טעג פון נחת און גליק. ניט צוליעב דעם פאַרגעניגען, דעם פיינעם שפּאַציר און גייסטיגע צו־פרידענהייט, כאָטש דאָס איז אויך געווען אין זעהר אַ גרויסער מאָס, נאָר איבערהויפּט און דער עיקר, ווייל איך האָב געזעהן, אַז דער אידעאַל וואָס איז מיר אַזוי ליעב, ווערט פאַרקערפּערט און באַקומט אַ ממשות׳דיגע און רעאַלע צורה, מיט אַזעלכע העכסט־באַשטימטע צייכענס און קלאָהרע שטריכען, אַז אפילו דער, וואָס זיינע אויגען זיינען בלינד, איז געצוואונגען צו זעהן; און דער וואָס זיינע אויערען זיינען פאַרשטאָפּט איז געצוואונגען צו הערען די לעבענס דראַמע וואָס שפּינט און וועבט זיך מיט׳ן גאַנצען גלאַנץ און פּראַכט, און די קלאַפּענדע שטימע פון פּראַקטישער ענטוויקלונג וואָס ווערט אַלץ גרעסער, אויף דעם פּרעה איך מיך און דעריבער זיינען די טעג מיר אַזוי אַנגענעהם טייער און פייערליך.

„אמת, עס איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישען די צוויי טעג וואָס איך האָב דאָ פאַרבראַכט, און זיי זיינען ניט גלייך איינער צום צווייטען. דעם ערשטען טאָג פון מיין אָנקומען אַהער, בין איך אַלץ געגאַנגען און געפאָהרען אין די גאַסען פון שטאָדט. איך האָב גע־נומען אַנטהייל אין אייער יום־טוב; איך האָב געהערט די אינטע־רעסאַנטע רייד פון די גרויסע רעדנער; איך האָב געהאַט גרויס פאַר־געניגען פון דער שעהנער פאַרשטעלונג אין דער אָפּערא און אַלע טהיילען פון פּראָגראַם פון דעם ערשטען טאָג האָבען זיך צונויפגע־שמאָלצען צוזאַמען אין איין גלענצענדע ליכטיגע פייערליכקייט.

„אבער גאר אַז אַנדער כאַראַקטער האָט געהאַט די היינטיגע פּיי־ערליכקייט. היינט האָב איך באַזוכט אייערע אַרבייטס־אַנשטאַלטען און ווערקשטאַטען. איך בין אַריין הינטער די קוליסען פון אויסער־ליכער פּראַכט, גלאַנץ און פּוץ, צו זעהן ווי איהר אַרבייט, און איך בין גליקליך אייך צו זאָגען, אַז דער אַנבליק פון דער גרויסער אונ־ערמידליכער, שאַפענדער, באַנייענדיגער אַרבייט האָט אַנגעפילט מיין האַרצען מיט נאָך אַ גרעסערער פרייד, ווי צו זעהן די אַלע סצענעס און אַנזיכטען פון פּראַכט, שעהנקייט און גלאַנץ. איך זעה, אַז די דאָזיגע שטאָדט שפּראָצט, בליהט און וואַקסט, אויף אַזאַ אויסגע־צייכענטען אופן, וואָס עס איז שווער צו שילדערן מיט דער קראַפט פון דער שפּראַך.

„די צייט איז דאָך קורץ, און אין דער איצטיגער פאַרזאַמלונג וועל איך ניט באַוויזען אייך צו זאָגען אַלץ וואָס איך טראַכט און דענק. איך וועל זיך דאַרום באַשרענקען בלויז מיט דעם, אַז איך בין זיכער און גלויב אין דער פאַרקערפּערונג פון אונזער אידעאַל אין אַלגעמיין.

„וואָס אַנבאַלאַנגט תל אָביב. איצט, אַז איך בין גליקליך צו זיין איינער פון איהרע בירגער, גלוסט איך און שטרעב צו זעהן די גרויס־קייט פון תל־אביב, וואָס וועט נאָך גרעסער און פולשטענדיגער ווערען, און איך בין זיכער, אַז אונטער דער פאַרוואַלטונג פון מעיאָר און מיט דער הילף און שטיצע פון די פיהרער פון דער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע און מיט דער הילף פון אַלע חברים, וואָס באַמיהען זיך און טראָגען מיט און העלפען מיט די אויפבויאונגס און בוי־אַרבייט, זיינען צוגעגרייט פאַר תל־אביב טעג פון גלאַנץ, שעהנקייט און זעהר אַ גרויסע געהויבענע צוקונפט.”

זיין רעדע האָט אויף אַלע אַנוועזענדע געמאַכט אַ געוואַלטיגען איינדרוק.

נאָך לאָרד באַלפור האָט פּראָפעסאָר ראַפּאַרד פון „ליעג אָוו ניי־שאָנס”, אויסגעדריקט זיין ענטציקונג פון אַלץ וואָס ער האָט גע־זעהן אין תל־אביב, און ער האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט געוואָלט זיין אַזוי זיכער אין דער פאַרווירקליכונג פון די שטרעבונגען פון דער ליעג פון נאַציאָנען, אַזוי ווי ער איז זיכער אין דעם גיכען אויפבוי און גרויסע צוקונפט פון תל־אביב.

פון דאָרטען האָט לאָרד באַלפור מיט זיין סוויטע באַזוכט די פאַרם „קרית ענבים”, וואָס ליגט נאָהענט צו ירושלים, און האָט באַטראַכט

די פלאנצונגען און ווירטשאפט פון דער פארם וואס די חלוצים האבן באוויזן דארטן איינצוריכטן אין די פאר יאהר פון דער עקזיסטענץ פון דער פארם.

אין דער קבוצה האבן איהם עמפפאנגען קוירנעל קיש, יהודה, שושנה, יהודית, אלכסנדר־ישראל, אברהם בן־אברהם, לאעב, גולד און אויך פיעלע אראבישע שעיקס פון די ארומיגע שכנ׳ישע דערפער.

די פארם־לייטע האבן עמפפאנגען לארד באלפור׳ן און זיינע באגלייטער מיט מילך, האניג און גרינס פון די פראדוקטען פון דער קבוצה.

א מיטגליד פון דער קבוצה האט באגריסט לארד באלפור׳ן, און צווישען אנדערעס האט ער געזאגט:

„זעהט נאר דעם בארג וואס איז אין אונזערע הענט און אין אונזער רשות, און אנטקעגען איהם דעם צווייטען בארג, וואס איז נאך ניט אין אונזערע הענט. דער ערשטער איז פארפלאנצט אין גאנצען און ער בליהט, און דער צווייטער בארג איז וויסט. די צוויי בערג זיינען גלייך צום הר גריזים און הר עיבל. אויף איינעם רוהט די ברכה און אויפ׳ן צווייטען די וויסטקייט. פון דעם קענט איהר זעהן, אז די באהויפטונג, אז אידען טויגען ניט צו ערד־ארבייט, האט ניט קיין יסוד.

לארד באלפור האט געענטפערט אין א זעהר גערירהרטען טאן:

„איך זעה פאר מיר יונגע לייט פול מיט קראפט און ענערגיע, דורכגעדרונגען פון א געהויבענעם אידעאל, וועלכע טהוען די שווערסטע ארבייט, און דאך זיינען זיי צופרידען און גליקליך. די באהויפטונגען אין זשענעווא זאלען אייך גארניט קימערען. בלויז די עלטערן און אור־עלטערן פון די ניט־אידען אין זשענעווא, וועלכע האבן געמאכט די באהויפטונגען — בלויז זיי זיינען שולדיג אין דעם וואס מען האט דערוויטערט די אידען פון ערד־ארבייט און אקער־בוי אין די אלע גלות־יאהרען. די קבוצה קרית ענבים דינט אלס באוויז, „אז די באהויפטונגען זיינען פאלש“. און ער האט מוסיף געווען, אז ער גלויבט דאס דער „סטייטמענט“, וואס די „ליגע פון נאציאנען“ האט ארויסגעגעבען, וואס אנבאלאנגט צו דער ניט־פעהיגקייט פון אידען פאר ערד־ארבייט, איז געמאכט געווארען על־פי טעות.

אכטצעהן פארשידענע דעלעגאציעס פון די ארומיגע אראבער, מיט איבראהים׳ן אז דער שפיץ, האבן אויסגעדריקט פאר לארד באלפור׳ן,

אז זיי לעבען און ווילען לעבען אין פרידען מיט די אידען, וועלכע העלפען די אראבער זיך צו ערהויבען צו א העכערער מענשליכער מדרגה, און די יעניגע, וועלכע זיינען געגען די אידען, זיינען שונאים פון די אראבער און זיי האבען קיין רעכט ניט צו רעדען אין דעם נאמען פון די אראבער אנדערע רייד.

פראפעסאר ראפארד פון דער „ליגע פון נאציאנען" האט זיך זעהר פאראינטערעסירט מיט קרית ענבים. ער האט פיעל פארבראכט מיט די קבוצה-לייט. ער האט זיי געפרעגט פיעלע פראגען וועגען זייער לעבען, זייער ארבייט, איינגאהמען און וועגען זייערע ווייטערדיגע פלענער.

פון קרית ענבים איז לארד באלפור געקומען צוריק נאך ירושלים וואו ער האט פארבראכט א גאנצען שבת. עס איז געווען אן אמת'ער לארד-באלפור-שבת. אין אלע בתי-מדרשים און שוהלען האט מען מתפלל געווען און געמאכט מי-שברך'ס לארד באלפור'ן. אין דער גרויסער „חורבה שוהל" האבען זיך צונויפגעקליבען אין דער פריה צום דאווגען א גרויסער פובליקום פון די וויכטיגסטע געסט. דער רב הכולל פון לאנדאן רבי דר. הערץ, פראפעסאר חיות פון וויען, פראפע-פאר בראדעצקי פון ליעדז, ה. פארבשטיין, אבגעארדענטער פון פויליי-שען פארלאמענט און נשיא פון „מזרחי" אין פוילען; דער בא-וואוסטער הערר שווארץ פון קעיפטאן, סויט אפריקא, וועלכער האט מנדב געווען פינף טויזענט פונט פאר דער העברעאישער אוניווערזיטעט אויפ'ן הר הצופים; הערר וויינשטיין פון קעיפטאן; הערר סטאוויצקי פון ניו יארק, וועלכער איז געקומען זיך באזעצען אין ארץ-ישראל; דר. סולצבערג פון בערלין; ה' יאסעלעווסקי פון מעמעל, פרייסען; הערר גאלדוואטער, פעליקס ווארבורג, וועלכער האט מנדב געווען הונ-דערט טויזענד דאלאר פאר'ן אוניווערזיטעט; אלכסנדר-ישראל, אברהם בן אברהם, אבינועם, דוד יעלין און נאך פיעלע געסט.

פאר תפלת מוסף האט דער מאיעסטעטישער אלכסנדר-ישראל גע-האלטען א גייסטרייכע רעדע, וואו ער האט מיט התלהבות אויסגעמא-לען די זעלטענע און ערהאבענע ערשיינונג וואס מיר זעהען איצט, ווי די גרעסטע שטאאטסלייט און וויסענשאפטס-לייט, סיי אידען און סיי קריסטען פון אלע טהיילען פון דער וועלט זיינען געקומען קיין ירושלים צו דער ערעפענונג פון אידישע אוניווערזיטעט. ווער וואלט עס מיט פיעלע יאהרען צוריק געקענט זאגען, אז דאס וועט ווירקליך

פאַרקומען און אַז מיר וועלען זוכה זיין צו זעהן דאָס מיט אונזערע אויגען. און ער װענדעט זיך מיט זיין פרינצליכען פּנים און גרויסע ליכטיגע שוואַרצע אויגען צו די געסט און שרייט התלהבות׳דיג אויס:

„זאָל אַט דער ארץ־ישראל־גייסט, מיט וועלכען איהר זייט איצט באַזעלט, ווירקען און משפּיע זיין אויף אַלע אונזערע ברידער און פריינט אין חוץ לארץ, ווען איהר וועט זיך צוריקקעהרען יעדער אין זיין לאַנד, און זיי זאָלען דורך אייער ארץ־ישראל גייסט, באַאיינפלוסט ווערען צו העלפען גיכער אויפבויען אונזער ארץ־ישראל“.

שעהן און ריהרענד זיינען געווען די עטליכע קורצע ווערטער פון אונזער אַלטען אברהם בן אברהם. ער איז געשטאַנען שטאָלץ אויס־געצויגען, ווי אַ גענעראל פאַר אַ קעניג.

— אידען! — האָט ער דראַמאַטיש אויסגעשריען. — איך פיהל מיך איצט זעהר גרויס, אַ סך גרעסער ווי אַמאָל, בעת איך פלעג שטעהן פאַר די רוסישע צאַרען. איך שטעה איצט פאַר דעם מלך־מלכי־המלכים! איך בין דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זיין היינט צווישען אייך און איינער פון אייך! גראַף גענעראל פּעאָדאָר מיכאַילאָוויטש האָט געזינדיגט, — אָבער אברהם בן אברהם איז ריין ווי אַ קינד, ווי איך בין אַ איד!

אַלע האָבען געזעהן, ווי זיין פּנים איז באַלויכטען געוואָרען מיט אַ שעהנע קינדערשע ליכטיגקייט.

דער חזן האָט געמאַכט מי־שברך לאָרד באַלפור׳ן, דעם אידישען נציב שמואל דעם ערשטען, דעם ליעבלינג דר. חיים וויצמאַן און הנותן תשועה — קינג דזשאָרדזש פון גרויס בריטאַניע.

דער נציב האָט געגעבען ביי זיך אין פּאַלאַץ אויפ׳ן הר הצופים אַ געהויבענע סעודה פאַר הונדערט געסט, פאַר רעגירונגס־פאַרטרעטער, פּראָפעסאָרען און אורחים נכבדים פון ארץ־ישראל.

דער דירעקטאָר פון דער ציוניסטישער באַנק, דר. יצחק לעווי, האָט ביי זיך אין הויז אין תלפּיות געגעבען אַ באַנקעט פאַר צוויי הונדערט אורחים, פאַר אַלע קאָנסולאַטען און געסט, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען: ישראל לעווי, גראַנד ראַבינער פון פּאַריז; רבי אבורזיר פון אַלכסנדריען, דער ירושלים׳ער מעיאָר נאַשאַשיב און אַנדערע.

דר. יוסף קלויזנער האָט געפּראַוועט אַן אינטימע סעודה׳לע פאַר אַלע פּראָמינענטע שרייבער און זשורנאַליסטען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען דער משורר ש. טשערניכאָווסקי.

אין צענטראל האטעל אמדורסקי, האט מען געפּראוועט אַ ספּע־
ציעלען קבלת־פּנים פאר די אמעריקאנישע און ענגלישע געסט, וועלכע
זיינען געוועזן קרוב צו זעקס הונדערט פּערזאָן. דר. חיים ווייצמאן און
אלע מיטגלידער פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע זיינען געוועזן
צווישען זיי. אויף דעם באַנקעט האט דער באריהמטער גליצענשטיין
געבראכט די שעהנע סטאטוע פון לארד באלפור און הגביר ס. לאמפּארט
פון ניו יארק האט זי אפּגעקויפט פאר זעהר א גרויסע סומע, און סיי
די געלד און סיי די סטאטוע זיינען אוועקגעגעבען געוואָרען דעם העב־
רעאישען אוניווערזיטעט.



צוויי־און־פופציגסטער קאַפּיטעל.

## ארץ ישראל יובל'ט מיט רעגען און ימים טובים

ירושלים האט גע'יובל'ט. ס'זיינען געוועזן שמחות איבער שמחות.
יעדער טאג האט געבראכט א נייע שמחה, א נייע חגיגה'לע. דאָנערש־
טאג, דעם צווייטען אפּריל, דריי אזייגער נאכמיטאג, איז דורכגעפיהרט
געוואָרען די שעהנע, גראַנדיעזע היסטאָרישע צערעמאָניע פון לעגען
דעם ווינקעלשטיין פון פיזיק־מאַטעמאַטישען אינסטיטוט, אויף דעם
נאָמען פון באלפור־איישטיין.

דער גרויסער זאל פון דער אוניווערזיטעט איז פול געוועזן מיט
פּראָפעסאָרען. רעגירונגס־־דעלעגירטע, פּארטרעטער פון ארגאניזאציעס
און אנשטאַלטען און פּראָמינענטע געסט.

לארד באלפור, דער אידישער נציב, דער חיים ווייצמאן און אלע
פּראָפעסאָרען זיינען געוועזן אָנגעטאָן אין זייערע אקאדעמישע מלבושים,
איבערהויפּט זיינען געוועזן בולט און אָנציהענד די אקאדעמישע רויטע
מאַנטלען פון לארד באלפור און דר. חיים ווייצמאן, מיט זייערע פלאַכע
פיער־עקיגע שוואַרצע היטעלאך.

עס זיינען אָנגעקומען צו דער פייערונג פיעלע אראבישע שעיקס
פון עמק, בית שאן.

ווען לארד באלפור איז געקומען, זיינען אלע געסט ארונטער אין
הויף פון דער אוניווערזיטעט אויפ'ן הר הצופים, אין דרום זייט, וואו
עס איז געוועזן אויסגעגראבען א גרוב און ד'ערביי שטיינער און וואַפנע
גרייט צום ווינקעלשטיין לעגען. דערביי איז געשטאַנען א קליינע
ביהנע, אויף וועלכער עס איז געלעגען א מגילה, וואָס האט ענטהאַל־

טען די געשיכטע פון דעם שטיין־לעגונג פון נייעם אינסטיטוט. דער גאנצער פובליקום איז געשטאנען ארום דעם ארט.

פאר'ן שטיינלעגונג האבען געהאלטען קורצע רעדען די פראפעסארען פאר פיזיק און מאטעמאטיק.

פראפעסאר ארטהור שוסטער, סעקרעטער פון דער קעניגליכער געזעלשאפט פאר נאטור־וויסענשאפט אין ענגלאנד; פראפעסאר זעליג בראדעצקי פון ליעדז; פראפעסאר פאדאר פון כעמישען פאקולטעט פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט און פראפעסאר גוטמאן, פון אינסטיטוט פאר די וויסענשאפטען דער יודענטהום.

דאקטאר יהודה ליב מאגנוס האט דאן פארגעלעזען די באשרייבונג פון ווינקעלשטיין לעגען, און נאכדעם ווי עס האבען זיך אונטערגעשריבען אויף דער מגילה דער אידישער מושל שמואל דער ערשטער, לארד באלפור און דר. חיים ווייצמאן, איז די מגילה אריינגעלעגט געווארען אין א קופערנע קעסטעלע, וועלכע דער נציב האט אריינגעלעגט אונטער דעם ווינקעלשטיין אין גרוב. לארד באלפור האט אריינגעלעגט דעם ווינקעלשטיין און דער נציב, דר. חיים ווייצמאן, נחום סוקולוב, מ. מ. אוסישקין, אלכסנדר ישראל, דער רב הכולל פון ענגלאנד, אברהם בן אברהם און דר. יהודה ליב מאגנוס האבען פארדעקט דעם שטיין מיט רודעלס וואפנע.

נאכדעם זיינען אלע געסט געגאנגען אין פאלאץ פון נציב און אין דעם גראנדיעזען הויפט־זאל פון דער רעגירונגס־הויז אויפ'ן הר הצופים איז דורכגעפיהרט געווארען די צערעמאניע פון פארלעזען די אלע ברכות וואס זיינען אנגעקומען פון אוניווערזיטעטען און וויסענשאפטליכע געזעלשאפטען פון אלע טהיילען פון דער וועלט. עס איז געווען א פארטזעצונג פון דער הערליכער היסטארישער ערעפענונגס־צערעמאניע פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט.

אויף דער ביהנע איז געזעסען דער טשערמאן דר. יהודה ליב מאגנוס. רעכטס—דער נציב, חיים ווייצמאן און נחום סוקולוב. לינקס—לארד באלפור, ארץ־ישראל געריכטס־ראטה נארמאן בענטוויטש, לואי דער שווייגער, אלכסנדר און שושנה מיט יהודית'ן.

דאקטאר מאגנוס האט באריכטעט, אז עס זיינען ביז איצט ערהאלטען געווארען איבער פינף טויזענט טעלעגראמעס און ברכה־בריעף, און דעריבער וועט ער לעזען בלויז די וויכטיגסטע פון זיי, און נאכהער וועלען איבערגעגעבען ווערען מינדליכע און שריפטליכע ברכות פון די

פּראָפעסאָרען און פאַרטרעטער פון די אוניווערזיטעטען און אַקאַדע־מיעס, וועלכע זיינען איצט דאָ אווזענד.

ער לעזט פאַר אַ ברכה טעלעגראַמע פון באַראָן עדמאָנד דע ראָט־שילד פון פּאַריז. לאָרד באַלפור לעזט פאַר אַ זעהר וואַרימען ברכה־בריעף פון דער קאַנאַדער רעגירונג, אויף וועלכען עס איז גע׳חתמ׳עט דער הויפּט פון דער רעגירונג מעקענזי קינג. דר. מאַגנוס לעזט פאַר אַ בריעף פון פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין צום אידישען נציב.

דער בריעף לייענט זיך ווי פאָלגט:

3טער מאַרט, 1925.

„ניט האָבענדיג, ליידער, די מעגליכקייט זיך צו באַטייליגען אין דער ערעפענונגס־פייערונגען פון דער אוניווערזיטעט, פיהל איך אַלס מיין פליכט צו שרייבען אייך איניגע ציילען, ערב פון מיין אַפּרייזען נאָך זיד־אַמעריקאַ.

„מיינע דאַנקפולע עראינערונגען פון די טעג וואָס איך האָב פאַר־ווײלט אין אייער אנגענעהמער געזעלשאַפט אין אייער הויז, און אין די שטעדט פון לאַנד און אין איהרע דערפער, זיינען נאָך לעבעדיג, ערשטענס צוליעב מיין באַשעפטיגען זיך מיט פיעלע אנגעלעגענהייטען וואָס באַלאַנגען צו דער ענטוויקלונג פון ארץ־ישראל, און צווייטענס, צוליעב מיינע באַציהונגען צו די וואָס וואוינען אינ׳ם לאַנד, אָדער וואָס זיינען פאַרבונדען מיט איהר אין אנדערע אופנים מיט פעסטע בענדער.

„זינט איך בין געווען אינ׳ם לאַנד, איז ניט בלויז די קאָלאָניזאַ־ציאָנס אַרבייט ענטוויקעלט געוואָרען אויף אַ שטאַרקען פעסטען אופן אונטער אייער פאַרזיכטיגער און עדעלער פיהרונג, נאָר אויך אין איי־ראָפּאַ אַליין איז גרויס געוואָרען דער אינטערעס פון אידען און ניט־אידען אין דער „ארץ־ישראל“ אַרבייט אין זעהר אַ גרויסער מאָס. איבערהויפּט האָט ארץ־ישראל אָנגעהויבען אויסאיבען איהר גרויסען איינפלוס אויף די אינטעלעקטועלע אידען און דער דאָזיגער איינפלוס וועט בולט זיין און געזעהן ווערען אויך ביי דער ערעפענונג־פייערונג.

„פון דאַנען פאָהרט קיין ירושלים אַ באַריהמטער דאָקטאָר, פון מיינע גוטע פריינט, דירעקטאָר פון אַ גרויסען שטאָדטישען האָספּיטאַל, פּראָפעסאָר עהרמאַן, און נאָך פיעלע שריפטשטעלער. דער ענטפער־נונגס־געפיהל ווערט אַלץ וועניגער און שוואַכער אויף אַ וואונדער־באַרען אופן. איך וואָלט געוואָלט צוגעבען דאָ נאָך אַ וואָרט פאַר דר. שטייניטץ, אַ יונגער אויסגעצייכענטער זאָאָלאָג, וואָס אַרבייט

פאר דער גרינדונג פון אן אינסטיטוט צו אויספארשען די חיות פון ארץ־ישראל. איך ווינש, אז די עפענונג פון אוניווערזיטעט זאל זיין שעהן און אייך און אייער פאמיליע ווינש איך שטונדען פון גליק און פרוכטבארער ארבייט, מיט פריינדליכע געפיהלען און פיעל עהרע.

אייער אלבערט איינשטיין".

אין זיין בריעף צו דר. חיים ווייצמאן וואס דר. מאגנוס האט פארגעלעזען, זאגט פראפעסאר איינשטיין, אז אין דער עפענונג פון דער אוניווערזיטעט זעהט ער אן ערפרעהענדען סימבאל פאר דער הצלחה פון דעם גרויסען צוועק צו וועלכען דר. ווייצמאן האט גע־ווידמעט זיין גאנץ לעבען. די העברעאישע אוניווערזיטעט וועט ווערען א צענטער פאר די אידען פון דער גאנצער וועלט, אן ארט וואו עס וועלען זיך צונויפקלייבען אלע גרעסטע אידישע קאפאציטעטען, און אויב דער אנפאנג פון אוניווערזיטעט איז קליין, וועט זי מיט דער צייט זיין ווירדיג פאר איהר ארט אין דער טראדיציע פון פאלק און פון לאנד.

נאכהער האט דר. מאגנוס פארגעלעזען א בריעף פון דעם בא־וואוסטען פראפעסאר זיגמונד פרויד, וועלכער האט צוליעב שוואכען געזונט ניט געקענט קומען צו דער ערעפענונג פון אוניווערזיטעט, אויך בריעף פון דער אינדיאנישער אוניווערזיטעט און פון פרעזידענט פון דער אינדיאנישער אוניווערזיטעט לארד אלאט.

נאכהער האט ער אויסגערופען די נעמען פון די אנוועזענדע פרא־פעסארען דעלעגירטע פון אקאדעמיעס און וויסענשאפטליכע געזעל־שאפטען לויט דעם אלף־בית און יעדער איינער פון זיי געהט צו צו דער ביהנע און גיט איבער זיין ברכה.

די ברכה־בריעף זיינען געווען זעהר פיעל, פון אלע טהיילען פון דער וועלט, געשריבען אין אלערליי שפראכען און פיעלע אין העב־רעאיש.

דער נציב האט איבערגעגעבען ברכות אין נאמען פון דער אקספארד אוניווערזיטעט. לארד באלפור האט איבערגעגעבען דריי ברכות, אין נאמען פון צוויי אוניווערזיטעטען און פון דער בריטישער אקאדעמיע פון וועלכער ער איז דער דעלעגירטער.

פון דער קעמברידזשער אוניווערזיטעט האבען איבערגעגעבען ברכות, סער רעינאלד סטארס און סער ארטהור שוסטער.

גרויס אויפמערקזאמקייט און אינטערעס האט ארויסגערופען דער דעלעגירטער פון דער עגיפטישער אוניווערזיטעט, אכמאד לוטפי בעי,

וועלכער האָט איבערגעגעבן זיין ברכה צו דער העברעאישער אוני־ווערזיטעט אין ענגליש און אַראַביש.

אַן איינדרוקספולער מאָמענט איז געווען, ווען דער גרייז־גרויער פראַנצויזישער פּראָפעסאָר שאַרל זשוד, פאַרטרעטער פון „קאָליעדזש דע פראַנס" אין פּאַריז האָט איבערגעגעבן זיין ברכה, און האָט גע־האַלטען אַ האַרציגע רעדע, פול מיט ענטוזיאַזם פאַר׳ן ציוניזם און דאָס אידישע פאָלק. ער האָט געזאָגט, אַז די ירושלים׳ער אוניווערזי־טעט וועט זיין די העכסטע און וויכטיגסטע פון אַלע אוניווערזיטעטען, ווייל זי וועט זיין ניט בלויז פאַר ירושלים און ארץ־ישראל, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער וועלט און פאַר אַלע פעלקער.

צום סוף פון דער היסטאָרישער איינדרוקספולער פייערליכקייט, האָט זיך דער נציב אויפגעשטעלט און האָט מיט ליעבע געקוקט אויף שושנה׳ן מיט יהודית׳ן.

— איהר זעהט! — האָט ער מיט שטאָלץ אויף זיי אָנגעצייגט. — אָט די צוויי שעהנע בלומען: די בלום פון ארץ־ישראל און די בלום פון יהודה! נאָר זיי צו פאַרדאַנקען פייערען מיר איצט אונזער גרוי־סען יום־טוב. זיי האָבען מציל געווען דעם קינג פון גרויס בריטאַניע פון די רויטע הענט; זיי האָבען מציל געווען די שיף „זבולון" פון די „רויטע פיראַטען" און זיי האָבען געראַטעוועט די אומשולדיגע אידישע און אַראַבישע אַרבייטער פון דער רויטער סם־המות׳דיגער תורה, און זיי צו פאַרדאַנקען געניסען מיר איצטער מזיו השכינה".

און מיט התלהבות האָט ער געענדיגט:

„איהר שעהנע ארץ־ישראל טעכטער! איהר האָט דערהויבען דעם כבוד פון דאָס פאָלק ישראל! געבענשט זאָלט איהר זיין פון דאָס אידישע פאָלק. געבענשט זאָל זיין דער טאַטע, וועלכער האָט גע־פלאַנצט אַזעלכע וואונדערבאַרע בלומען!" און ער האָט איינגעלאַדען אַלע אנוועזענדע אויף טהעע.

כמעט אַלע אונזערע „טוריסטען העלדען" זיינען אנוועזענד געווען ביי אַלע שמחות און פייערונגען. פעליקס דער פילאַנטראָפּ האָט גע־געבען אַ מתנה פינף און צוואַנציג טויזענד פונט צום אוניווערזיטעט, און דאָס זעלבע האָבען געטאָן די איבעריגע. זיי האָבען נאָכדעם באַ־זוכט די העברעאישע אָפּערא אין ציון־זאַאַל, וואו מען האָט געשפּילט „אַאידאַ". אַלס צייכען פון צופרידענהייט האָט דוד דער לץ און ס. לעמפּערט געגעבען אַ מתנה פון טויזענטע דאָלאַרס פאַר דער אָפּערא.

נאָך די גרויסע היסטאָרישע פּייערונגען האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען רעגענען.

די ירושלימ׳ער איינוואוינער האָבען געטאַנצט פון שמחה לכבוד דעם שטאַרקען מלקוש־רעגען, וואָס האָט אָנגעהאַלטען צוויי טעג. מען האָט געשאַצט, אַז דאָס וואַסער וואָס דער רעגען האָט געבראַכט, איז פאַר טרינקען אַליין אפשר ווערט אַ מיליאָן דאָלאַר, אויסער דעם וואָס די תבואה אויף די פעלדער און די פרוכטגערטנער האָבען זעהר פיעל פּראָפיטירט.

ווען דער רעגען האָט געגאָסען, זיינען אידען געווען פאַרזאַמעלט אין די גאַסען, און מען האָט געזאָגט די ברכה: „מודים אנחנו לך על כל טפה וטפה”.

עס זיינען געווען אמת׳ע נסים: ראשית וואָס דער רעגען איז ניט געקומען צו דער ערעפענונג פון אוניווערזיטעט. עס וואָלט צו־שטערט דעם גאַנצען יום־טוב, און צווייטענס איז דער רעגען געקומען פּונקט נאָכ׳ן גרויסען יום־טוב. עס האָבען זיך געפונען גענוג אידען וואָס האָבען געזאָגט, אַז דאָס איז געווען נאָר צוליעב דעם זכות פון באַלפור, און לאָרד באַלפור אַליין האָט נעבאָך פון קיין שום זאַך ניט געוואוסט, אַז מען האָט איהם שוין געמאַכט פאַר אַ בעל־מופת אויך. ער איז זיך אַרומגעפאָהרען פון איין קאָלאָניע צו דער צווייטער און איבעראַל האָט מען איהם אויפגענומען בכבוד מלכים.

דער באַליעבטער איבערגעגעבער בויער פון ארץ־ישראל, מ. מ. אור־סישקין, האָט באַגריסט באַלפור׳ן אין נאָמען פון דעם קרן־קימת, און ביי דיעזער געלעגענהייט האָט מען באַלפור׳ן איינגעשריבען אין ספר הזהב פון קרן־קימת, אין סאַמע בראשית פון דריטען באַנד און דער צווייטער פון נציב, מיט וועמען דאָס נייע בוך האָט זיך אָנגעהויבען.

אין נאָמען פון ירושלימ׳ער אידען האָט דער ועד העיר ליהודי ירושלים, איבערגעגעבען באַלפור׳ן אַ מתנה אַ שעהנעם טאַפּעט, וועלכער איז ספּעציעל אויסגעאַרבייט געוואָרען אין דער ירושלימ׳ער אידישער פאַבריק „מרבדיה”, מיט אַ שעהנעם דאַנק־בריעף „פאַר דער טרחה וואָס דער אַלטער גוטער באַלפור האָט גענומען צו קומען אַהער, צו דערפרעהען און דערקוויקען די ירושלימ׳ער אידען מיט זיינע ליעבע רעדען”.

פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע האָט מען געגעבען לאָרד באַל־פור׳ן אַ וואונדערבאַרע מגילה, פון די צוויי ספרים עזרא ונחמיה,

וואו עס איז באשריבען די צווייטע גאולה, דורך דער הילף פון גוטען מלך כורש, איינגעפאסט אין א שעהנעם זילבערנעם שיידעל פון „בצלאל"־ארבייט.

באלפור האט זעהר געדאנקט פאר די שעהנע היסטארישע מתנות און פאר די אמת־ברידערליכע אויפנאהמע.

ער האט באזוכט דעם כותל־מערבי און פון דארט איז ער געפאהרען קיין חברון, וואו ער האט באזוכט די מערת־המכפלה.

פון חברון איז ער ארומגעפאהרען איבער'ן לאנד אין דער באגלייטונג פון דר. חיים וויצמאן, סוקולוב, קיש און די קארעספאנדענטען פון די ארץ־ישראל'דיגע און חוץ־לארץ'דיגע צייטונגען.

די ערשטע און גרעסטע אידישע קאלאניע פתח־תקוה, וואוהין באלפור איז אנגעקומען, איז געווען צוגעגרייט פאר'ן גרויסען גאסט.

די גרויסע קאלאניע, וועלכע איז איינגעטונקט אין א ים פון געדיכטע בוימער און גערטנער, האט דאס מאל געהאט נאך מעהר גרינס. זי איז געווען אויסגעפוצט מיט ציוניסטישע און ענגלישע פאהנען.

אלע איינוואוינער: מענער, פרויען און קינדער, האבען זיך אנגעטאן יום־טוב'דיג. ביים באהן־סטאנציע פון דער קאלאניע איז אויפגעשטעלט געווארען אן עהרען־טויער מיט א שעהנעם ברוכים הבאים פאר באלפור'ן, פאר וויצמאנ'ען און פאר די אנדערע גרויסע געסט.

איבער דריי הונדערט רייטער, גבורים פון פתח־תקוה'ער קאלאניסטען, אונטער דער קאמאנדע פון אידישען גבור אברהם, זיינען ארויס מקבל־פנים זיין די גרויסע געסט, און האבען זיי באגלייט אין דער קאלאניע.

די אידישע גבורים אויף זייערע פלינקע פערד האבען באוויזען, אז זיי האבען זיך ניט וואס צו שעהמען אפילו געגען די בעסטע קאוואליעריע פון גרויסע רעגירונגען. אויך פיעלע אראבישע רייטער, אונטער דער קאמאנדע פון איבראהימ'ען, זיינען געקומען באגריסען באלפור'ן, און האבען זיך אנגעשלאסען אן דער אידישער רייטענדער יוגענט, וועלכע פלעגט איבעראל זיין אויסגעשטעלט אין די פאדערשטע רייהען, און האט געמאכט א וואונדערבארען איינדרוק.

גרויס באגייסטערונג האבען ארויסגערופען די פארשיידענע גרופען, וועלכע זיינען געווען אויסגעשטעלט אין באזונדערע שורות.

צוערשט די רבנים; נאכדעם די שעהנע גרופע געוועזענע לעגיאנערען, און פארטרעטער פון די ארומיגע אלטע און נייע קאלאניעס:

נס־ציונה, עין־חי, מגדיאל, בני־ברק, רמת־גן — אַלע טעכטערלאַך פון פתח־תקוה, און צעהנדליגע אַראַבישע שעיקס פון די אַרומיגע דערפער, וועלכע לעבען מיט די אידען ווי אמת׳ע ברידער.

לאָרד באַלפור איז דורכגעגאַנגען אַ לאַנגע שורה פון קינדער, די תלמידים פון די שולען וועלכע האָבען איהם עמפּפאַנגען מיט אַ הילכיגען „יחי באַלפור!“ צוויי קינדער האָבען איהם דערלאַנגט צו שעהנע בוקעטען בלומען.

ער האָט באַזוכט דעם באַראָנ׳ס באַיאַרע, וועלכער רעכענט זיך פאַר דעם גרעסטען און פרוכטבאַרסטען אָראַנזש־גאָרטען פון לאַנד, און אויך דעם באַראָנ׳ס פּריוואַט גאָרטען. ער מיט די באַגלייטער האָבען באַוואונדערט די רייכע פּתח־תקוה׳ער באַיאַרעס.

עס איז איינגעריכט געוואָרען אַ שעהנער בופעט פון פּתח־תקוה׳ער פרוכטען און משקאות.

די אַכט־און־אַכציג יאָהריגע מאַמע פון ראש־הועד פון פּתח־תקוה איז אַרוים מיט אַ ריקודי׳ל פון גרוים שמחה, און זי איז צוגעלאָפען ווי אַ יונגע מיידעלע און האָט געכאַפּט קושען די הענט פון לאָרד באַלפור.

באַלפור האָט זעהר געלויבט די וואונדערבאַרע קאָלאָניע, „צו פאַר־דאַנקען מיין פריינט ראָטשילד“, און די אונערמיעדליכע און אונענד־ליכע ענערגיע פון די ערשטע קאָלאָניסטען פון דיעזער קאָלאָניע.

דער ראש־הועד, גיסין, האָט גערעדט אין נאָמען פון דער „מאַמע פּתח־תקוה און די טעכטערלאַך“ — די איבער צעהן קאָלאָניעס אַרום, און עס האָבען גערעדט די פיהרער ווייצמאַן און סוקולוב.

דער גבור אברהם האָט איבערגעגעבען באַלפור׳ן די פּתח־תקוה׳ער מגילה, אין וועלכער עס איז פאַרשריבען די געשיכטע פון דיעזער קאָלאָניע.

אַ חשוב׳ער שעיק איז צוגעגאַנגען און געקושט באַלפור׳ן די הענט און איהם געבענשט אין נאָמען פון די אַרומיגע דערפער.

פון פּתח־תקוה איז באַלפור מיט די באַגלייטער געפאָהרען קיין „בנימינה“, די יונגע און בליהענדע קאָלאָניע אין שומרון, וועלכע איז ערשט מיט דריי יאָהר צוריק געגרינדעט געוואָרען דורך דעם „נדיב הידוע“ און וועלכע איז שוין פאַררעכענט אַלס איינע פון די וויכ־טיגסטע קאָלאָניעס. די קאָלאָניע איז אויך אויסגעפּוצט געוואָרען לכבוד די געסט און עס זיינען זיך דאָרטען צונויפגעקומען איבער דריי טויזענט קאָלאָניסטען פון שומרון.

דאָרט איז פאַר די געסט אויפגעשטעלט געוואָרען אין שורות די גאַנצע מאָדערנע מאַשינעריע, מיט וועלכע די יונגע קאָלאָניסטען באַ־אַרבייטען דעם באָדען.

זיי האָבען באַזוכט אייניגע הייזער פון די קאָלאָניסטען און די שולע פון דער קאָלאָניע, וואו עס האָט גערעדט דער אַלטער הלל אין נאָמען פון אַלע קאָלאָניעס פון שומרון און יעקב נידערמאַן אין נאָמען פון זכרון־יעקב.

באַלפור מיט די באַגלייטער האָבען דאָרטען גענעסען מיטאָג צו־זאַמען מיט אַלע נכבדים פון די ראשי המושבות.

ביים עסען האָט באַלפור גערעדט באריכות און זעהר געלויבט די עלטסטע קאָלאָניע פון באַראָן ראָטשילד, וואָס ער האָט פריהער געזעהן, ווי אויך די יונגסטע, וואָס ער זעהט איצט. ער זעהט אַ גלענצענדע און גליקליכע צוקונפט פאַר דעם אידישען ישוב, און אַלע ספיקות וועגען דער הצלחה זיינען אומזיסט, וועהרענד דער ערפאָלג איז זיכער.

וועגען דער „אידען־אַראַבער פראַגע" זאָגט באַלפור, אַז ער זעהט איין, דאָס אַלע קלאַנגען וועגען דער געגנערשאַפט צווישען ביידע נאַ־ציאָנען, זיינען פאַלש. ער האָט פאַרדאַמט די העצער, וועלכע האָבען קיין אַנדער אַרבייט ניט, ווי אָנצורייצען נאַציאָנען און צורייסען פעל־קער־ברידער.

באַלפור איז זיכער, אַז „אידישער טאַקט, אידישער פּאַטריאָטיזם און אידישע ציוויליזאַציע וועט גובר זיין אַלע עלעמענטען, וועלכע העצען צו „שנאה־קנאה". ער איז זיכער, אַז די פריינדשאַפט צווישען אידען און אַראַבער וואָס מען געפינט אין שומרון און אַנדערשוואו, וועט זיך פאַרשפּרייטען איבער'ן גאַנצען לאַנד, און די געמיינע באַ־הויפּטונג, אַז אידען און אַראַבער קענען ניט לעבען בשלום, וועט גענצליך פאַרגעסען ווערען.

אין באַגלייטונג פון אַ גאַנצע אַרמעע אידישע רייטער און ריי־טערינס אונטער דער פּערזענליכער קאָמאַנדע פון שושנה מיט יהודית'ן איז באַלפור אָפּגעפאָהרען קיין חיפה.

די חיפה'ער אידען האָבען געמאַכט אַ ספּעציעלען קבלת־פּנים פאַר די גרויסע געסט, וועלכע זיינען דאָרטען אָנגעקומען אַרום פיער נאָכ־מיטאָג.

דער וועד־העדה האָט דורך פּלאַקאַטען איינגעלאַדען דעם עולם צום קבלת־פּנים. אַלע קלייטען און די גרויסע פאבריקען האבען אָפּגע־שטעלט די ארבייט זינט די מיטאָג־שטונדע.

דער קבלת־פּנים איז געפייערט געוואָרען אין דער שכונה הדר־הכרמל, דער צענטער פון אידישען ישוב, וועלכער איז דעקאָרירט געוואָרען מיט גרינס און פאָהנען. אין רחוב הערצל איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַ טויער און דאָרטען זיינען געווען אויסגעשטעלט אַלע תלמידים פון חיפה׳ער אידישע שולען.

דער קבלת־פּנים איז געווען אין הויף פון טעכניקום געביידע. די גאָווערנאָרס, דירעקטאָרען פון באַהן, קאָנסולאַטען, אָקי־פענדי, דער הויפּט פון די באהאים, די פיהרער פון פּיק״א, די רבנים און א גרויסע צאָהל אַראַבישע נכבדים און כמעט אלע פון דער אידישער באַפעל־קערונג זיינען געקומען צו דעם קבלת־פּנים.

דער ראש השכונה פון הדר הכרמל האָט עמפּפאַנגען די געסט מיט אַ רעדע אין העברעאיש און ענגליש.

דאָקטאָר וואשוץ האָט גערעדט אין נאָמען פון חיפה׳ער וועד־העדה, באַלפור האָט אין אַ בריליאַנטענער רעדע געענטפערט און ער האָט באַטאָנט די וויכטיגקייט פון דעם טעכניקום.

„צוויי סצענעס האָבען מיינע אויגען געזעהן די לעצטע טעג — האָט ער געזאָגט. — די ערשטע אויפ׳ן הר־הצופים, אין דער הויפּט־שטאָדט פון דאָס אידישע פאָלק, וואו הייליגקייט איז אַזוי פיעל און שעהנקייט און פּראַכט פליסט איבעראל. איך בין נאָך פול מיט די טיעפע איינדריקע פון דאָרטען, און ערשט זעה איך די צוקונפט: אַ נייע שטאָדט מיט נייעם לעבען; איך זעה די פאראייניגונג פון היי־ליגען עבר מיט דעם בליהענדען עתיד.

באַלפור האָט געוואונשען, אַז די ברכות פאַר זיין אריכות ימים זאָלען מקוים ווערען, כדי ער זאָל נאָך דערלעבען צו זעהן די שעהנע חיפה מיט טויזענטער נייע איינוואוינער וועלכע קומען בויען דאָס לאַנד און איהר אָנפילען מיט פּראַכט און שעהנקייט. ער האָט גע־לויבט די אידישע פילאַנטראָפּיע, די אידישע ענערגיע, די אידישע חלוצים און די איינאָרדנונג פון אידישען ישוב.

באַלפור האָט דאַן באַזוכט דעם טעכניקום אין אַלע זיינע אָפּ־טיילונגען. אין זאַל פון טעכניקום איז צוגעגרייט געוואָרען אַ טהע, ביי וועלכע עס זיינען אַנוועזענד געווען איבער דריי הונדערט נכבדים.

הערר לעווין האָט ביים טהע, איבערגעגעבען באַלפור'ן אַ שעהנעם תנ"ך, געבונדען אין קינסטליכער זילבער־אַרבייט פון „בצלאל". אויף די טאָוולען איז אָנגעשריבען דער דאַנק פון חיפה'ער אידען צו לאָרד באַלפור פאַר זיין דעקלאַראַציע און פאַר זיין פריינדליכקייט צו אידען.

לאָרד באַלפור האָט געדאַנקט פאַר דער מתנה און געזאָגט:

„קיין בעסערע מתנה פון תנ"ך איז ניט צו געפינען".

לאָרד באַלפור האָט באַזוכט דעם הדסה־האָספיטאַל, איינער פון די קראַנקע אַראַבער האָט גערעדט לכבוד דעם גאַסט און דערצעהלט די גרויסע נוצען וואָס אידען האָבען געבראַכט דורך דעם הדסה־האָס־פיטאַל, וואו אַלע ווערען באַהאַנדעלט גלייך, אָהן אונטערשייד פון גלויבען און נאַציאָן.

דר. שימקין, דירעקטאָר פון האָספיטאַל, האָט איבערגעגעבען באַלפור'ן אַ שעהנעם אַלבום פון האָספיטאַל.

פון דאָרט איז באַלפור אין באַגלייטונג פון אַ גרופּע יונגע בייסיקעל־פאָהרער, געפאָהרען צום גובערנאַטאָר פון חיפה, פאַר „ארוחת הערב", און האָט גענעכטיגט אין „האָטעל הרצליה" אויפ'ן הר הכרמל.

אויף מאָרגען האַלב נאָך צעהן אין דער פריה, איז באַלפור אַרויס־געפאָהרען צום עמק און צום גליל.

די ערשטע סטאַנציע האָט ער געמאַכט אין דער גרויסער קאָלאָניע פון עמק — נהלל.

אליעזר יפה, פון די גרינדער פון נהלל, האָט אין קורצען געשיל־דערט די ריעזיגע אַרבייט וואָס די נהלל'ער האָבען אויפגעטאָן און ווי־פיעל כחות עס איז אריינגעלעגט געוואָרען אין דעם דאָזיגען עמק, וועלכער איז מיט פיער יאָהר צוריק געווען וויסט און אַ געפאַהר פאַר די מענשען וואָס האָבען דאָ געלעבט. ערשט איצט איז דער עמק אַ גן־עדן, און דער עמק יזרעאל קען שוין איבערצייגען דער וועלט, וואָס דער אידישער אַרבייטער קען אויפטאָן פאַר דער אויפלעבונג פון לאַנד.

לאָרד באַלפור האָט פריינדליך פאַרבראַכט מיט די אַרבייטער, און נאָכהער אין אַ רעדע געטאַדעלט די שטעלונג פון דער מאַנדאַטען־קאָ־מיסיע פון דער פעלקער־ליגע, וועלכע האָט ניט געוואָלט מודה זיין אין איהר לעצטען רעפּאָרט אויף די פעהיגקייטען פון די אידישע קאָ־לאָניסטען און ערד־אַרבייטער אין ארץ־ישראל. „עס איז ביי מיר קיין ספק ניט", האָט ער געזאָגט, „אַז דער אידישער אַרבייטער וועט מיט זיין פעהיגקייט און ענערגיע אויפלעבען דאָס געוועזענע וויסטע לאַנד".

אן אויסערגעוועהנליך שעהנער קבלת־פנים איז פארבערייטעט גע־ווארען פאר לארד באלפור, אין דער קאלאניע וועלכע רופט זיך אויף זיין נאמען — „בלפוריה“, געגרינדעט פון אמעריקאנער אידען, אין צענטער פון עמק יזרעאל.

פיעלע הונדערטער פון אלע קבוצות און איינוואוינער פון עמק זיינען זיך דארט צוזאמענגעקומען, און עס זיינען געגוג עהרען־טויערען אויפגעשטעלט געווארען און אלעס האט זיך גע׳טובל׳ט אין א ים פון גרינס און פאהנען.

פיעלע אראבישע פארטרעטער פון בית־שאן און פון דער סביבה זיינען געקומען צום קבלת־פנים.

א ספעציעלע קאמיטע פון ועד הלאומי איז אנגעקומען אין בלפוריה צו געבען דעם גרויסען גאסט א ברכת הפרידה און ווינשען איהם גליק בעפאר ער פאהרט אפ נאך סיריען. די קאמיטע איז באשטאנען פון הרב עוזיאל, קאלווארייסקי, דר. יעקב טהאן, בן־צבי און ש. טשערנאוויץ.

צווישען די רייטער, וועלכע זיינען געפאהרען עמפפאנגען באלפור׳ן זיינען אויך געווען באריהמטע אראבישע רייטער, בעדואינער פון בית־שאן.

די זקנים פון באלפוריה האבען מקבל־פנים געווען דעם גאסט מיט ברויט, זאלץ און א ספר־תורה, און הרב עוזיאל האט געבענשט דעם גאסט. באלד נאכדעם האט מען געפראוועט א סעודה פאר די געסט, וואו זעכציג נכבדים האבען בייגעוואוינט, אין האטעל „עמק יזרעאל“.

נאכ׳ן עסען איז מען ארוים פון הויף. הערר פאסמאן האט גערעדט אין נאמען פון „ציון קאמאנוועלטה“ פון ניו יארק, די גרינדערין און בויערין פון בלפוריה. ער האט געשילדערט די ארבייט פון „ציון־קאמאנוועלטה“ אין עמק און אנדערשוואו אין לאנד. ער האט בא־מערקט: „ס׳איז היינט, ווען דער גרויסער באלפור באזוכט די קא־לאניע, דער טאג און מאנאט אין וועלכען די קאלאניע איז באנייט געווארען.

צום אנדענקען האט מען איהם דערלאנגט א שעהנע בילד פון בלפוריה, אויסגעארבייט פון אליוועז האלץ אין בצלאל שולע.

דאקטאר טהאן האט גערעדט אין נאמען פון ועד הלאומי, און דערלאנגט דעם גאסט אן אדרעסע, געשריבען אויף פארמעט. דאר־טען ווערט געשילדערט דער גרויסער ווערטה פון באלפור׳ס באזוך אין לאנד, און באזונדערס אין עמק, און צום שלום מיט ווינשע צו

באלפור׳ן, דאס ער זאל דערלעבען צו זעהן די גאנצע אויפגעבויטע אידישע היים אין ארץ־ישראל.

באלפור האט געענטפערט מיט דאנקען צו די אמעריקאנער אידען פאר זייער הילף צו ארץ־ישראל. רעדענדיג וועגען ועד־הלאומי, האט ער באטאנט די וויכטיגקייט פון א פולשטענדיגע ארגאניזאציע פאר׳ן אידישען ישוב. ער האט געריהמט און באזונגען דעם גרויסען אידעאל פון אויפלעבונג אין ארץ־ישראל און געריהמט די חלוצים.

פון בלפוריה איז לארד באלפור אפגעפאהרען קיין נצרת, וואו ער האט איבערגענעכטיגט.



דריי־און־פופציגסטער קאפיטעל.

## דן און נפתלי ביי דער ארבייט

לארד באלפור האט באזוכט נאך איינינגע קאלאניעס. צו לעצט איז ער אריינגעפאהרען אין דער קאלאניע ראש־פינה, וואו ער האט געקראגען א ליעב־הארציגען קבלת־פנים, אין וועלכען עס האבען זיך שטארק באטייליגט פיעלע עלטסטע שעיכס פון די בעדואינער אין די ארומיגע דערפער.

באלפור האט נאך אמאל באשטעטיגט, אז ער איז זיכער און איבערצייגט, דאס אידען און אראבער קענען און וועלען לעבען תמיד בשלום, און אלעס וואס זיי דארפען טאן, איז צו איגנארירען די רשעות־דיגע מענשען, וועלכע רייצען אן איינע אויף די אנדערע, צו איגנארירען די רשעים, סיי די „שווארצע" און סיי די „רויטע".

לארד באלפור איז געבראכט געווארען אין דער שוהל פון ראש־פינה, וואו די שעיכס פון די בעדואינער זיינען געזעסען אויף דער בימה צוזאמען מיט די עלטערע בעלי־בתים פון דער קאלאניע.

איין שעיך האט געהאלטען א רעדע, אין וועלכער ער האט עדות געזאגט, אז די אידען פון ראש פינה און זייערע שכנים לעבען בשלום שוין פערציג יאהר צייט, און די באלפור דעקלאראציע האט א גרויסע וועלט באדייטונג, וועלכע די שונאים פארקוקען.

דר. חיים וייצמאן, צוזאמען מיט נחום סוקולוב׳ן, וועלכע באַ־גלייטען לארד באלפור׳ן אויף זיין טור איבער׳ן לאנד האבען גענומען אפשייד.

דער ציון־פיהרער האט באדאנקט לארד באלפור׳ן פאר זיין באזוך, וועלכער איז געווען זעהר נויטיג און וועט בלייבען היסטאריש, אום צו איבערציינגען די פאלשקייט פון פארדארבענער און ניט פארנינערי־שער אפאזיציע.

„די געגנער״, האט וויצמאן געזאגט, „שרעקען זיך ניט פאר דאס וואס איז פארגעקומען, נאר פאר דאס וואס קען פארקומען אין דער צוקונפט״.

„עס איז נויטיג צו ערקלעהרען, אז אידען וואס האבען אזוי לאנג געליטען פון פארפאלגונגען, וועלען קיינמאל ניט בויען זייער גליק, אויף א באדען פון אומגערעכטיגקייט צו אנדערע.

„אזוי לאנג ווי מיר וועלען האבען די מעגליכקייט צו קאנטראלירען, וועט פון אונזער זייט קיינמאל ניט קומען קיין שטערונג צו אנדערע טהיילען פון דער ארץ־ישראל־באפעלקערונג, ניט אויפ׳ן געביט פון רעליגיאן, ניט אויפ׳ן געזעלשאפטליכען געביט און אויך ניט אויפ׳ן עקאנאמישען געביט.

„פון דיעזע בערג, פון וועלכע עס איז אמאל פראקלאמירט גע־ווארען א מעסעדזש צו דער וועלט, ווערט איצט ערווארטעט א מע־סעדזש פון די ליפען פון לארד באלפור!״

נאכדעם ווי לארד באלפור האט זיך געזעגענט מיט׳ן גרויסען ציון־פיהרער, האט ער באזוכט די פארשטאדט קרית־שמואל ביי טבריה. ער האט אויסגעדריקט זיין באוואונדערונג פון דער שעהנקייט פון גע־גענד און פון גאנצען גליל, און ער האט זעהר שטארק געלויבט די אונטערנעהמונגס־פעהיגקייטען פון די אידישע „סעטלערס״.

נאך אלע שעהנע ברכות פון יעדער שטאדט און קאלאניע וואס באלפור האט געקראגען, איז ער אפגעפאהרען נאך דמשק אום פון דארטען צו פאהרען נאך עגיפטען און נאכדעם צוריק אהיים נאך ענגלאנד.

אבער אריינפאהרענדיג אין דמשק האט לארד באלפור באגעגענט אן אויסערגעוועהנליך פיינטליכע אויפנאהמע.

ווייל די רויטע סם־המות׳דיגע תורה, וועלכע דער רויטער שווארצ־קאפ האט פארזעעט אין סיריען א גאנצען יאהר, האט צום באדויערען געבראכט פארגיפטעטע פרוכט. און אויב אין ארץ־ישראל האבען די „רויטע״ ניט געהאט קיין שום שליטה, צו פארדאנקען די שכל׳דיגע איבערנאטירליכע און אונערמידליכע ארבייט פון דער געוועזענער הויפט־ריכטעריז פון דער רויטער מלוכה, בעטקע, די איצטיגע יהודית,

האבען זיי אבער אין סיריען דורכגעפיהרט זייערע עקעלדיגע שמוציגע ארבייט, און ווען לארד באלפור איז איבער זיין רייזע פון ארץ־ישראל פאהרענדיג אהיים, ארייגעפאהרען אין דמשק און האט זיך אפגע־שטעלט אין האטעל „וויקטאריע“, האבען א המון פון הונדערטע אויפ־געריצטע סיריאנער־אראבער אנגעהויבען צו ווארפען שטיינער אין די פענסטער פון האטעל, אויסרופענדיג דערביי שענדליכע אויסרו־פען אויפ׳ן אדרעס פון לארד באלפור.

דער אומערווארטעטער אנפאל אויפ׳ן האטעל האט ארויסגערופען גרויס אויפרעגונג ביי דער דארטיגער מאכט, און פאליציי איז גלייך געשיקט געווארען צום האטעל, צו באוואכען באלפור׳ן און צו צור־טרייבען דעם אויפגערעגטען המון.

מיטלען זיינען אנגענומען געווארען, אז קיינע פארדעכטיגטע פער־זאנען זאלען צום האטעל ניט קענען צוגעהן. א ספעציעלע וואך איז אוועקגעשטעלט געווארען ביי לארד באלפור׳ס צימער, און ארום דעם האטעל.

לארד באלפור, וואס האט ניט ערווארטעט אזא פיינדליכען אויס־ברוך, האט אויסגעדריקט זיין באדויערן וואס ער איז געקומען קיין דמשק.

ווי עס איז געווען צו זעהן, איז דער אנפאל אויף באלפור׳ן געווען א גוט־צוגעגרייטער. דער אויפגערייצטער המון האט פריהער גערעכנט, אז באלפור שטעהט איין אין האטעל „דע־אריענט“, און האט דערפאר אנגעפאנגען צו שטורעמען מיט שטיינער דעם דאזיגען האטעל. שפע־טער אבער האבען זיי אויסגעפונען, אז ער געפינט זיך אין וויקטאריא האטעל און זיי זיינען אוועק אהין ווארפען שטיינער. עס האבען אנגעהויבען קראכען באמבעס. דער בעל־הבית פון האטעל האט אין דער צייט פון דעם ווילדען אנפאל אויפ׳ן האטעל געמוזט אויסלעשען די ליכט אין באלפור׳ס צימער און אראפלאזען דארט די לאדענס, און ווען די פאליציי איז געקומען צום פלאץ פון אנפאל האט זי געהאט א גאנץ שווערען קאמף דעם המון צו צוטרייבען.

עס איז אבער געווען ערשט דער אנהויב, און ווען דער ערשטער מאב איז פארטריבען געווארען, האט אן אנדער גרויסער מאב פון זעקס טויזענד פארווילדעטע סיריאנער, באוואפענט מיט שטעקענס און שטיינער, געמאכט א צווייטען פארזוך צוצוקומען צום האטעל.

אויפ׳ן וועג צום האטעל האט דער מאב פארכאפט דריי גאסען־טראמוויים (סטריט קארס) און האט אטאקירט די פאליציי, וועלכע

האָט זיך זיי געשטעלט אין וועג. די אויפגערייצטע סיריער און קריסטליכע אראבער האָבען די גאנצע צייט געהאַלטען אין איין שרייען „נידער מיט באלפור!" און ס'האָט אויסגעקוקט פאר א ווײַלע, אז לאָרד באלפור'ס לעבען איז ווירקליך אין גרויס געפאהר.

אָבער די העלדישע יהודית האָט געפיהלט, אז עס קען אפשר געשעהן אן אומגליק, אויב מען וועט לאָזען באלפור'ן אליין, און זי האָט אין געהיים געשיקט דן מיט נפתלי'ן, אז אויב עס וועט חלילה עפעס געשעהן מיט'ן לאָרד, זאָלען זיי תיכף לאָזען וויסען.

און ווען זיי האָבען געזעהן, אז דער גרויסער באלפור איז אין גרויס געפאהר, איז נפתלי, שנעל ווי א בליץ אין זיין פליה־מאשין געפלויגען נאך ארץ־ישראל און דן האָט זיך אויף א קינסטליכען אופן ארײַנגע־כאַפּט אין באלפור'ס צימער.

— ווער ביזטו? — האָט דער לאָרד דערשראָקען געפרעגט.

— שרעקט אייך ניט, גרויסער לאָרד! — האָט זיך דן העפליך פאַרנייגט. — איך בין איינער פון יהודית'ס מענשען, און א שומר אין דעם גרויסען יהודה'ס מחנה. אונזער יהודית האָט געפיהלט, אז מען טאָר אייך אליין ניט איבערלאָזען, ביז איהר וועט זיך אויפזעצען אויף אייער שיף נאך ענגלאנד, און איך מיט נפתלי'ן האָבען אייך אין געהיים אָפּגעהיט ביז איצט.

— אבער ווי וועסטו אויפהאַלטען אָט דעם גרויסען ווילדען מאָב, וועלכער באשטעהט אפשר פון צעהן טויזענד מאן? — האָט דער לאָרד געפרעגט אומרוהיג.

— גרויסער לאָרד! — האָט דן רוהיג געענטפערט. — האָסטו ווען געגלויבט, אז נאך צוויי טויזענד יאָהר פון גלות און רדיפות זאָלען די גרעסטע נאציאָנען פון דער וועלט שיקען זייערע בעסטע זין, צו באגריסען דאָס אידישע פאָלק? ביי גאָט איז אלץ מעגליך! אונזער שמשון הגבור האָט מיט א באַק פון אן עזעל אויסגע'הרג'עט אין די טויזענטע, און אונזער דוד האָט מיט א קליין שטיינדעל אוועקגעלעגט דעם גרויסען ריזיגען ווילדען גלית, וועל איך איצט, מיט גאָט'ס הילף, קענען מיט שכל אָפּהאַלטען דעם ווילדען מאָב, וועלכער איז אויפגע־רייצט געוואָרען פון רויטען שוואַרצקאָפּ האַקענקרייצלער פון דייטש־לאנד.

דן האָט זיך שנעל אנגעטאָן אלס שוואַרצקאָפּ און איז ארויס פון לאָרד'ס צימער.

אזוי גיך ווי דער ווילדער המון האָט איהם דערזעהן, זיינען זיי נאָך ווילדער געוואָרען פון גרויס שמחה. זיי האָבען גענומען טאַנצען און שפּרינגען און שרייען „שוואַרצקאָפּ! שוואַרצקאָפּ!"

ער האָט אויפגעהויבען זיין האַנט אין דער הויך, אַלס אַ צייכען, אַז ער וויל עפּעס ריידען, און ווי דורך אַ כשוף זיינען אַלע שטיל געוואָרען. אפילו די פּאָליציי, וועלכע האָט געוואָלט אָפּהאַלטען דעם ווילדען המון, איז ווי פּאַראַליזירט געוואָרען פון דער פּלוצימדיגער רוהיגקייט פון מאָב.

און דן האָט הויך גענומען ריידען:

— חברים קאָמוניסטען! קינדער פון דער נייער רויטער תורה! הערט זיך איין צו די רייד פון אייער איבערגעגעבענעם פיהרער! ווען מיר זאָלען איצט ערמאָרדען דעם לאָרד באַלפור, וועלען מיר דערפון גאָרנישט געווינען, און מיר קענען נאָך דערפון זעהר פיעל פאַרלירען, ווייל די וועלט וועט אונז האַלטען פאַר בלויז פּשוט׳ע רוצחים. די רעגירונג פון גרויס בריטאַניע וועט זיך געוויס אָן אונז נוקם זיין. זי וועט ניט שענקען פאַר די פאַרגאָסענע בלוט פון איהר בעסטען זון! די בעסטע עצה איז, אַז מיר זאָלען דעם לאָרד האַלטען געפאַנגען. עס וועט אויסזעהן פאַר דער וועלט, אַז מיר האָבען דעם לאָרד גע־פאַנגען אַלס משכון. ער איז אונזער קריעגס־געפאַנגענער, און גרויס־בריטאַניע וועט געוויס וועלען אויסלעזען איהר גרויסען שטאָאַטסמאַן, דאַן וועט זי מיט אונז פאַרהאַנדלען ווי מיט אַ מאַכט, און מיר וועלען קענען אַרויסקריגען גוטע באַדינגונגען. גרויס בריטאַניע וועט ניט לאָזען האַלטען געפאַנגען איהר גרעסטען זוהן! און די אידען וועלען אונז אויך געבען גענוג געלט צוליעב זייער ליעבלינג, וועלכער האָט זיי געגעבען די באַלפור־דעקלאַראַציע. זיי וועלען ניט לאָזען האַלטען גע־פאַנגען זייער באַלפור׳ן.

„הוראַ! הוראַ!"—האָט דער מאָב פאַרהילכט די לופט. „עס לעבע דער קאָמוניזם! עס לעבע דער לעניניזם! נידער מיט באַלפור! נידער מיט גרויס בריטאַניע! עס לעבע אונזער פיהרער דער גרויסער שוואַרצקאָפּ!"

— איצט, חברים!—האָט דן ווייטער גערעדט.—פאַרהאַלט זיך אַלע רוהיג און וואַרט ביז איך וועל אַריינגעהן צו לאָרד באַלפור, און איך וועל איהם ערקלעהרען, אַז ער מוז זיין מיין גאַסט, ביז איך וועל איהם פאַרנאַרען אין אַזאַ פּלאַץ, וואו מיר וועלען זיין זיכער מיט איהם. ווען איך וועל אַרויסגעהן מיט׳ן לאָרד, זאָל זיך קיינער ניט

ריהרען פון ארט, אדרבה, איהר זאלט איהם אלע ווי איין מאן פריינט־ליך באגריסען מיט א גרויסען שלום, כדי ער זאל מיך אין עפעם ניט חושד זיין. פארשטאנען ? !

דער מאב איז געווארען ווילד פון שמחה און פון די קלוגע רייד פון זייער פיהרער. שווארצקאפ האט געגעבען א צייכען און אלעס איז געווארען שטיל און רוהיג.

דן איז ארייך צום לארד, שמייכלענדיג.

— גרויסער לארד! — האט ער ליבליך געזאגט. — ווי געפעהלט אייך מיין עצה?

— יא, דו בראווער שומר פון ישראל! — האט דער לארד פאטער־ליך מיט התלהבות געענטפערט. — די בראווע אידישע שומרים זיינען קליגער פון די רויטע טייוואלים, ווייל איהר געהט אין נאמען פון'ם אמת'ן גאט, און אין נאמען פון דער אמת'ער תורה, אבער זיי געהען אינ'ם נאמען פון עפעס „א רויטען גאט מיט א רויטער תורה". איך בין דיין געפאנגענער, דו בראווער זוהן פון ישראל! טהו מיט מיר וואס דו פארשטעהסט! — האט דער לארד ענטציקט געענדיגט.

— קומט, גרויסער לארד, ארויס צום ווילדען המון, און איהר וועט זעהן, ווי דער אויפגערייצטער מאב וועט אייך באגריסען, ווי עס פאסט פאר'ן גרעסטען זוהן פון גרויס בריטאניע און דער ליעבלינג פון דעם נע־ונד פאלק ישראל.

דן מיט'ן לארד זיינען ארויס געארעמט אויפ'ן באלקאן פון האטעל וויקטאריע".

אזוי גיך ווי זיי האבען זיך באוויזען, האבען צעהן טויזענד מיילער ווי איין מויל אויסגעשריען: „שלום!" — אז די לופט איז פארצי־טערט געווארען. דער מאב האט זיך געהאלטען אין איין קניען און בוקען פאר'ן לארד.

אבער וואס איז דאס ? פלוצלונג האבען זיך איבער די קעפ פון המון באוויזען פליה־מאשינען. עס האבען גענומען קראכען אין דער לופט הארמאטען און א שטארקע מחנה פון אידישע גבורים האבען גענומען צוטרייבען דעם ווילדען מאב.

טויזענד גבורים, אונטער דער פערזענליכער קאמאנדע פון יהודה'ן האבען געפיהרט מיט כבוד און מוזיק דעם לארד, וועלכער איז מיט שטראלענדע אויגען געזעסען אין אן אויטאמאביל און איז געפאהרען קיין ביירוט, ארויפצוגעהן אויף דער שיף „ספינקס", וועלכע פאהרט אפ קיין אלכסנדריען, עגיפטען.

יהודה מיט זיבעציג פון זיינע בעסטע שומרים זיינען געפאהרען מיט'ן לארד ביז עגיפטען. זיי האבען איהם ניט אפגעלאזען, ביז ער האט זיך ארויפגעזעצט אויפ'ן שיף צו פאהרען אהיים נאך ענגלאנד.

און ווען דער לארד איז שוין געווען אויפ'ן שיף וועלכער פיהרט איהם קיין ענגלאנד, האט ער א גליקליכער געשריען פון דער ווייטענס:

— גריסט ציון! שלום! איהר ליעבע טרייע ציונ'ס קינדער!

יהודה מיט זיינע גבורים זיינען געשטאנען, ביז די שיף איז פארשוואונדען פון זיינע אויגען.



פיער־און־פופציגסטער קאפיטעל.

## יאשקע מיט פּיוולען געהען קיין ארץ־ישראל

— יאשקע! אין דר'ערד אריין! — טראסקעט פּיוועל קאמיסאר מיט'ן פויסט אויפ'ן טיש. — מיר זיינען היינט נאך ערגער פון אמאל! אין דר'ערד אריין!

אין די פאבריקען ארבייט מען צוועלף און פיערצעהן שטונדע א טאג און שכירות קריגט מען א קדחת! ניטא קיין יוניאנס, ניטא קיין סטרייקס כאטש אויף א רפואה, אין דר'ערד אריין! און פאר דער־מאנען קירצערע שטונדען און בעסערע שכירות, ווערט מען גלייך צוגעשטעלט צו דער טשעקאיסטישער וואנט און פיף־פאף! אין דרע'רד אריין!

יאשקע! איך וועל דאס ניט אריבערטראגען! כ'וועל קראפּירען ווי א כלב! דו הערסט, יאשקע? אין דר'ערד אריין!

— אבער פּיוועל! — טענה'ט יאשקע קאמיסאר. — פארשטעהסטו מיך! יוניאנס, סטרייקס, קורצע שטונדען און בעסערע שכירות זיינען קאפּיטאליסטישע „כשוף־ווערטער”, פארשטעהסטו מיך, כדי דערמיט צו פארטומלען די מחות פון די אומבאוואוסטזיניגע פּראלעטאריער, אז זיי זאלען ניט דערפיהלען זייערע ריעזיגע אונערשעפּליכע כחות, און איבערקעהרען די בלוט־דורשטיגע קאפּיטאליסטישע ארדנונג, און איינ־פיהרען א קאמוניסטישע רויטע דיקטאטור מלוכה! פארשטעהסטו מיך?

— ביי אונז זיינען די ארבייטער ניט קיין קנעכט ווי אין די בור־זשואזע לענדער, פארשטעהסטו מיך! ביי אונז זיינען די ארבייטער

קאמוניסטען, מארקסיסטען און קלאסענבאוואוסטע מענשען, וועלכע ווייסען און פיהלען, אז זיי זיינען די בעלי־בתים פון לאנד און ניט די בורזשוען, פארשטעהסטו מיך?

דעריבער מוזען מיר, ארבייטער קאמוניסטען, באוואוסטזיניגע בעלי בתים, פראלעטאריער, ארבייטען צוועלף און זעכצעהן שטונדען א טאג, אט אזוי, ווי בעלי־בתים! פארשטעהסטו מיך?

— ביי אונז, פארשטעהסטו מיך, איז דיקטאטור פון פראלעטאריאט! ביי אונז אז אן ארבייטער וויל סטרייקען, איז ער שוין א בונטאוושציק! א קאנטער־רעוואלוציאנער! א פאררעטער פון דער רויטער ארדנונג! פון דער סאציאלער רעוואלוציע! פון מארקס׳ן און פון גרויסען לענין! — און, פארשטעהסטו מיך?

— יאשקע, אין דר׳ערד אריין! — קנייטשט פיוועל מיט׳ן אקסעל. — כ׳פארשטעה גארניט! אין דר׳ערד אריין! מיט דיין מארקס׳ן, מיט׳ן רויטען לענין, מיט דיין קאמוניסט־בעל־הבית! כ׳פארשטעה גארניט, אין דר׳ערד אריין! איך זעה נאר, אז די ארבייטער האבען מכות, קדחת און פיף־פאפס, און די נאטשאלסטווע פארטאכליעוועט קורח׳ס אוצרות, אין דר׳ערד אריין! ביי זיי איז געלט בלאטע, מען ווארפט זיך ארום מיט מיליאנען, און די ארבייטער הונגערן און זיינען נאך שטענדיג אין שרעק, טאמער ריידען זיי זיך אויס, חלילה, מיט עפעס אווארט און עס פיף־פאפקעט אין דר׳ערד אריין! מען גיט קושען א שפיץ פולע, אין דר׳ערד אריין!...

ניין, חבר יאשקע — האט פיוועל א קלאפ געטאן מיט׳ן פויסט — איך פארשטעה דיך ניט, אין דר׳ערד אריין!

— פארשטעהסטו מיך, חבר פיוועל! — טענה׳ט אריין יאשקע. — אט־א־דאס וואס אונזער סאוועטען־מאכט פארטאכליעוועט אזוי פיעל מזומנים, איז ניט מעהר ווי אפצונארען די בורזשואזנע מלוכות. עס איז כדי צו קענען קריגען א הלואה׳לע, פארשטעהסטו מיך! אבער אין דער אמת׳ען איז ביי אונז געלט בלאטע שבבלאטע, פארשטעהסטו מיך, מיר האסען קאפיטאל, מיר ווילען עס פארניכטען, פארשטעהסטו מיך.

— ניין, יאשקע, אין דר׳ערד אריין! — טענה׳ט פיוועל. — מיין גראבע קאפ באנעהמט עס ניט! אז וויבאלד מיר ווילען אויסראמען דעם בורזשואזנעם קאפיטאל, אין דר׳ערד אריין! טא צו וואס דארפען מיר אט די פארפלוכטע בורזשואזנע הלואות, מיט די לאנגע ארבייטס־שטונדען, מיט די קליינע שבירות און מיט די פיף־פאפס? — אין דר׳ערד אריין!

יאשקע, די נכפה זאָל דיך נעהמען! איך פאַרשטעה ניט! אָבער איך וועל קראַפּירען ווי אַ הונט, יאשקע! אוי, אַ רוח אין דיין טאַטענס טאַטען אריין, יאשקע! דו געדענקסט ווי דער אַלטער גראַף, דער אַלטער בורזשוא האָט געשריען, אַז ער וויל ווערען אַ איד, אין דר׳ערד אריין! — און ער האָט דערלאַנגט יאשקע׳ן אַ בוכצע אין הארצען. — געדענקסטו? ער איז אַוועק נאָך פּאַלעסטינקע, אין דר׳ערד אריין! אוי, איך וועל קראַפּירען, אין דר׳ערד אריין! זיין אייגענער ניקאַלייקע גנב האָט איהם אריבערגעפּעקלט דעם גרענעץ, אין דר׳ערד אריין! הא? וואָס שווייגסטו? אין דר׳ערד אריין! — האָט פּיווועל געהאַלטען אין איין רעדען.

— דו ווייסט, יאשקע? — האָט ער פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן. — איך הולך נאָך פּאַלעסטינקע, אין דר׳ערד אריין! — איך וועל קראַפּירען ווי אַ הונט! איך מוז זעהן דעם אַלטען, איך קען ניט! אַט־אַ־דאָ, זעהסט? — און ער האָט זיך געקלאַפּט אין הארצען. — יאשקע! די בראַנד זאָל דיך נעהמען! די חלירע זאָל דיך כאַפּען! איך געה נאָך פּאַלעסטינקע, אין דר׳ערד אריין!

— פּיווועל! — האָט יאשקע אויף איהם אויסגעגלאָצט די אויגען. — וואָס — דו ביזט פון זינען אראָפּ? דו ביזט משוגע געוואָרען? ווי קענסטו, אַ קאָמיסאַר, דענקען פון געהן נאָך ארץ־ישראל? פאַרשטעהסטו מיך, מען וועט דיר כאַפּען און עס וועט זיין פיף־פּאַף, פאַרשטעהסטו מיך!

— יאשקע, אין דר׳ערד אריין! — שרייט פּיווועל. — איך בין פּיווועלע קאָמיסאַר! אַ קאָמוניסט, אַ מאַרקסיסט און אַ לעניניסט! מיט אַ פּאָר געזונטע ידים, אין דר׳ערד אריין! און איך געה נאָך פּאַלעסטינקע! דו הערסט? און דו וועסט מיט מיר אויך געהן, אין דר׳ערד אריין! איך וועל דיך דאָ אַליין ניט איבערלאָזען פאַר אַט די רויטע ערלים! יאשקע, אין דר׳ערד אריין, דו הערסט?! אַ איד וויל ער ווערען, אַט דער אַלטער! יאשקע, קום! אַ רוח אין דיין טאַטען אריין!

יאשקע האָט זיך פאַרטראַכט און פּיווועלע שרייט:

— קום, אין דר׳ערד אריין!

פּלוצלונג האָט זיך יאשקע ווי אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף.

— איך געה מיט דיר, טאָווארישץ פּיווועל! פאַרשטעהסטו מיך: „אַ מענש קלאַפּט ניט אַן זיין פינגער אונטען, סיידען מען איז גוזר אפריהער פון אויבען!“ פאַרשטעהסטו מיך, ס׳איז מן־השמים אזוי

נגזר געוואָרען מן־השמים, פאַרשטעהסטו מיך. יאָ, פייוועל, מיר געַ־העז! און ער האָט גענומען אונטערברומען „בצאת ישראל ממצרים“.

— יאַשקע! דער רוח זאָל דיך נעהמען! — איז פייוועל אַריין אין התלהבות. — יאַשקע, ביזט אַ יאָט! אוי קענסטו אָט די דראַבניצ־קע, פּיטשעטשאַנטשינקע טשיפּליאַטקעלאַך! יאַשקע! איך האָב דיך ליעב, אין דר׳ערד אַריין! ביזט אַ תלמיד־חכם, אין דר׳ערד אַריין! וואָס דען, אַזוי ווי איך? אַ באַטראַק! אַ גוי! אָבער, יאַשקע! ער איז שוין געוואָרען אַ איד! אָט דער אַלטער, אין דר׳ערד אַריין! יאַשקע, אַ בראַנד אין דיינע גערערים! איך וועל דאַרטען, אין פּאַ־לעסטינקע, אויך ווערען אַ לערנער, אָט אַזוי ווי דו! אוי, וועט עס מיר זיין גוט און וואויל, אין דר׳ערד אַריין! דו הערסט, יאַשקע! אַ לערנער וועל איך ווערען! — און ער האָט אַרומגעכאַפּט יאַשקען און האָט איהם גענומען קושען פון גרויס שמחה און האָט זיך באַלד צעוויינט ווי אַ קליין קינד. — מיר געהען, מיר געהען! — האָט ער געַ־כליפּעט.

און יאַשקע מיט פייוועלען זיינען אוועק צופוס נאָך ארץ־ישראל. זיי זיינען זיך גענוג צרות אויסגעשטאַנען, געליטען הונגער און קעלט, זיך נעשראָקען פאַר יעדען שאָטען; געשלאָפען אונטער׳ן רעגען, ביז זיי זיינען אָנגעקומען קיין פערסיען. אָבער אַזוי גיך ווי זייערע אויס־געמאַטערטע פיס האָבען באַטראָטען דעם באָדען פון פּרס, האָט מען זיי גלייך אַרעסטירט און אוועקגעפיהרט אין טורמע. עס איז ביי זיי געוועזען אַן אמת׳ער יום־טוב. זיי וועלען האָבען, לכל־הפחות, אַ דאַך איבער׳ן קאָפּ און אַ שטיקעל טרוקענעם ברויט, מיט וואָס צו שטילען זייער הונגער.

— פאַרשטעהסטו מיך, — ערקלעהרט יאַשקע. — ס׳איז אַ מין „חבוט הקבר“. איידער מען קומט אָן אין גן־עדן מוז מען אפריהער דערפון פאַרזוכען; מען מוז פריהער דורכגעהן דעם גיהנום, ליידען נעברענטע צרות און געהאַקטע וואונדען, פאַרשטעהסטו מיך!

און פייוועל קומט אַריין אין התפעלות.

— יאַשקע, אין דרערד אַריין! דו ביזט אַ לערנער, דו ווייסט און פאַרשטעהסט אַלעס, אַלץ וואָס איז געשריבען אין חומש און אין תנ״ך, אין דר׳ערד אַריין! יאַשקע, דו ביזט אַ יאָט! איכ׳ל דאַרטען ווערען אַ לערנער! דו הערסט, יאַשקע, אַ לערנער וועל איך ווערען! אין דר׳ערד אַריין! אָבער ווי קריכט מען איצט אַרויס פון אָט דעם פּערסישען „חבוט הקבר? אין דר׳ערד אַריין! יאַשקע טאַוואַרישטש!

אפשר זאָלען מיר זאָגען, אַז מיר זיינען אמת׳ע קאָמיסאַרען, אין דרערד אריין! יאַשקע, וואָס שווייגסטו? ביזט דאָך אַ לערנער, אין דר׳ערד אריין!

— פאַרשטעהסטו מיך, טאָוואַרישץ פייוועל, אויב מיר וועלען זיי מגלה זיין אַז מיר קומען אַן פון דער רויטער מדינה, וועט מען געווים מיט אונז נעהמען לערנען אַ פּרק פון הלכות בורזשואַזנעם דרך־ארץ, אַזוי ווי דער דין איז לויט נאָך זייער שלחן־ערוך, אַדער מען וועט אונז במחילה אַרויסשיקען מיט פּערסישע כלי־זמר צו אונזערע רויטע, און דאָס וועט געווים זיך ענדיגען מיט אַ פּיף־פּאַף, פאַרשטעהסטו מיך!

— יאַשקע, ביזט אַ יאָט! אַ חכם! אַ מיניסטער־קאָפּ! אַ לער־נער! אַ מאַרקסיסט! אַ קאָמוניסט! דו ווייסט די שוואַרצע פּינ־טעלאַך! יאַשקע רייד! גיב אַנ׳עצה! אין דר׳ערד אריין! — טענה׳ט פייוועל.

— ניט גע׳דאגה׳ט, חבר פייוועל! פאַרשטעסטו מיך, ס׳איז אַלץ מן השמים, און אַז מען האָט גוזר געווען, אַז איך, יאַשקע קאָמיסאַר, און דו, פייוועלע קאָמיסאַר, מוזען אָנקומען אין ארץ־ישראל, וועט ניט העלפען די טורמע פון פּרס ומדי, פאַרשטעהסטו מיך! עס איז ידוע, אַז כביכול גרייט אָן תמיד די „רפואה" פאַר דער „מכה"! פייוועל, ניט גע׳דאגה׳ט!—איז ער אריין אין אמת׳ע חסידיש׳ע בטחון־התלהבות.—מיר זיינען שוין פּונקט ווי גערעטעט, פאַרשטעהסטו מיך! דו הערסט, פייוועל? ס׳איז מן השמים! אלא ניט, וואָלסטו, פייוועלע קאָמיסאַר, איצט ניט געווען אויפ׳ן וועג קיין ארץ־ישראל! מען האָט אויסגערופען אין הימעל, אַז יאַשקע קאָמיסאַר מיט פייוולען מוזען זיין אין דער אידישער לאַנד, און ס׳האָט אונז אַ טיאַבקע געטאָן אין האַרצען און מיר געהען! פאַרשטעהסטו מיך?

— אָבער יאַשקע! יאָט! לערנער! איך הויב ניט אָן צו פאַר־שטעהן: וואו זיינען מיר גערעטעט, אַז מיר זיצען גאָר פאַרשפּאַרט אין חד־גדיא? אין דר׳ערד אריין!—האָט פייוועל גע׳טענה׳ט.

— פייוועל, טאָוואַרישץ, ניט גע׳דאגה׳ט! לאָמיר זיין פרעהלאַך און לעבעדיג! עס וועט זיין אחת ושתים—איינס צוויי, און מיר זיינען פריי! אויס טורמע—און מיר געהען קיין ארץ־ישראל, פאַר־שטעהסטו מיך.

פייוועל האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס און האָט געמורמעלט ווי פאַר זיך:

— איך הויב ניט אָן צו פאַרשטעהן, אין דר׳ערד אריין!

עס האָט לאַנג ניט גענומען און אָנגעזעהענע אידען האָבען זיך דערוואוסט, אַז רוסישע יונגע לייט זיצען אין טורמע און די גאַנצע אידישע קהלה איז אויפגעטרייסעלט געוואָרען פון די בראַווקייט פון די יונגע לייט, וועלכע האָבען זיך ערלויבט צו געהן צו־פוס אַזאַ אונ־מעגליכע ווייטע נסיעה. צו לאָזען זיך אויף הפקר און געהן טויזענטער מייל׳ען — נאָר צו קומען אין דער הייליגער לאַנד!

די אידען האָבען זיך געווענדעט צו דער פּערסישער מאַכט און נאָך פיעלע שתדלנות האָט מען יאַשקען מיט פייוועלען באַפרייט.

מען האָט זיי פאַרזאָרגט מיט קליידער, עסען און אביסעל געלט און זיי געגעבען די מעגליכקייט ווייטער צו געהן.

— יאַשקע! דו ביזט דאָך אַ לערנער, אין דר׳ערד אַריין, דו ווייסט אַלץ! אוי, ווען איך קען אַט די שווארצינקע טשיפּלאַטקעלאַך! — און ער האָט צוגעדריקט יאַשקע׳ן מיט אמת׳ער איבערנאַטירליכער ליעבע.

און יאַשקע האָט תמימות׳דיג מיט זיין גמרא־ניגון געזאָגט:

— נו, יאָ, פאַרשטעהסטו מיר, אַנדערש האָט דאָך ניט געקענט זיין! ס׳האָט דאָך געמוזט אַזוי זיין! ווי זאָגט ער דאָרט: „היתה יהודה לקדשו!“ — פאַרשטעהסטו מיך: מען דאַרף קודם־כל זיין אַ קדוש, ווערען אויסגעריסען און זיצען אין אַלע טורמעס, אָבער סוף־כל־סוף געהען מיר, ברודער פייוועל!

לאַנגע טעג און נעכט זיינען זיי געגאַנגען, איבער שטעדט און דערפער, פּונקט ווי די אידען אַמאָל, אַרויסגעהענדיג פון מצרים, ביז זיי האָבען זיך דערשלעפּט קיין סיריען און פון דאָרטען קיין ארץ־ישראל.

זיי זיינען אין ארץ־ישראל אָנגעקומען פּונקט אין דער צייט, ווען די אַרבייטער זיינען געגאַנגען פון פעלד. מען האָט זיי אויפגענומען מיט ברידערליכע אָרעמס, מען האָט זיך געגעבען שלום־עליכם און גע־קושט, און אין דער קאָלאָניע וואו מען האָט זיי געבראַכט, האָט מען פאַר זיי געפּראַוועט אַ קבלת־פּנים מיט געזאַנג און טאַנץ.

ווען זיי האָבען זיך אויסגערוהט פון זייער צרה׳דיגע נסיעה האָט מען זיי געפרעגט, אויב זיי ווילען זיך נעהמען צו דער אַרבייט, איז פייוועל אַרויס מיט לשון:

— ניין! אין דר׳ערד אַריין! אַ לערנער וויל איך זיין, אַט פּונקט ווי יאַשקע, אין דר׳ערד אַריין!

פלוצלונג האָט ער אויסגעשריען:

— און וואו איז ער? אין דר׳ערד אריין!

— ווער איז דער ערד? — האָבען די קאָלאָניסטען גוטמוטהיג געפרעגט, איינזעהענדיג, אז זיי האָבען דאָ צו טהון מיט א גרויסע אומשולדיגע קינד.

— אָט ער! דער אַלטער בורזשוי, אין דער ערד אריין! — האָט זיך פייוועל צושריען. — איהר הערט, יאַטען, פּאַלעסטינצעס! ער האָט געשריען: „אַ איד וויל איך ווערען״, אין דר׳ערד אריין!

— וועלכער אַלטער? — האָבען אַלע געפרעגט.

— וואָס הייסט, וועלכער? — האָט ער געשריען. — אָט דער אַלטער גראַף פיאָדאָר מיכאילאָוויטש! איהר הערט: אָט דער אַלטער איז דאָך געוועזען א גענעראַל, א גראַף, אָט דעם גרויסען ניקאָלאַיקעם קרעש־צאַני־באַטקע״ (טויף־פאָטער) אין דר׳ערד אריין! און ער האָט גע־שריען „אַ איד וויל איך ווערען!״ אין דר׳ערד אריין!

— דו הערסט, יאַשקע, אין דר׳ערד אריין! — האָט זיך פייוועל געקאָכט און זיך שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט. — דו הערסט? אָט די פּאַלעסטינקער יאַטען ווייסען גאָרניט, אז דער אַלטער האָט געוואָלט ווערען אַ איד און זיין לעגינקע גנב האָט איהם אליין דעם גרענעץ אריבערגעשמוגעלט.

יאַשקע האָט זיי דערקלעהרט בזה הלשון:

— חברים, פאַרשטעהט איהר מיך, ס׳איז אַ גאָר פשוט׳ער ענין. ס׳איז גאָר ניטאָ וואָס צו פאַרשטעהן, פאַרשטעהט איהר מיך. עס איז געוועזען ביי אונז אין יאַלטע אַ גראַף, אַ גענעראַל, איהר קענט דאָך איהם מן־הסתם, אָט דעם אַלטען גראַף גענעראַל פיאָדאָר מיכאי־לאָוויטש, אָט דעם גרויסען רויטען לעגינ׳ס טויף־פּאָטער, פאַרשטעהט איהר מיך. נו, „ויהי היום כטוב לב המלך ביין״, ווען דעם אַלטען איז געוואָרען ביטער אויפ׳ן הארצען: אוים גענעראַל, אוים גראַף, אוים שוואַרצע מאה׳ניקעס; ס׳איז געוואָרען, פאַרשטעהט איהר מיך, אַ רויטע מדינה, אַ רויטע מלוכה; דער אמת׳ער בנ׳אָקל, מיכאַילקע, איז געוואָרען רויט און דער הייליגער בנ׳אָקל ניקאָלאַיקע, דער אשמדאי אַליין, פאַרשטעהט איהר מיך, איז פּלוצלונג אַראָפּגעקומען פון עולם האמת, דער רויטער אדון הגדול אַליין, און האָט, פאַרשטעהט איהר מיך, אָוועקגעשלעפּט דעם אַלטען גראַף אַזש קיין ארץ־ישראל, וואו ער וועט קענען ווערען אַ איד. אוים ערל! איצט פאַרשטעהט איהר מיך, חברים?

אַלע האָבען זיך געהאַלטען ביי די זייטען פון דער משונה׳דיגער מעשה׳לע, און פּייוועל האָט געשריען:

— נו, יאַשקע טאָוואַרישץ, לערנער — דו זעהסט? אין דר׳ערד אַריין! איך, פּייוועל קאָמיסאַר, פאַרשטעה דאָס און זיי לאַכען! אין דר׳ערד אַריין!

— שושנה! שושנה! — האָבען אַלע פּלוצלונג אַנגעהויבען שרייען. און שושנה מיט גולד׳ן זיינען גראָדע אַנגעקומען אויף דער סצענע, ווען פּייוועל האָט געשריען.

אַזוי גיך ווי פּייוועל האָט דערזעהן גולד׳ן, איז ער מיט אימפּעט צוגעלאָפען צו איהם און האָט איהם אַ שטאַרקען זעץ געטאָן אין האַרצען מיט אַזאַ אימפּעט, אַז אַלע זיינען געבליבען פאַרוואונדערט.

— חבר אַמעריקאַנעץ! גרויסער בורזשוי! דיפּלאָמאַט! אין דר׳ערד אַריין! — האָט פּייוועל געשריען פון שמחה און ניט געוואוסט וואָס צו טהון. — דו ביזט אויך אין פּאַלעסטינקע, אין דר׳ערד אַריין! איך קען ניט, ברודער אַמעריקאַנעץ! דו זעהסט, אַט־אַ־דאָ טיאַבקעט! וואו איז דער אַלטער, אין דר׳ערד אַריין! דו הערסט, דיפּלאָמאַט? גרויסער יאָט! ער האָט געשריען „כ׳וועל ווערען אַ איד!“ אין דר׳ערד אַריין! איך בין פּייוועל קאָמיסאַר אין דר׳ערד אַריין! אַ לערנער וויל איך זיין, אַזוי ווי יאַשקע, אין דר׳ערד אַריין!

גולד האָט איהם אַנגענומען פאַרביידע הענט און האָט געזאָגט:

— חבר פּייוועל! דו ביזט זעהר אַ גוטער מענש, אַ גרויסע תמימות׳דיגע קינד. גוט, איך וועל דיך מאַכען פאַר אַ לערנער, דו וועסט קענען אָט די דראָבנינקע פינטעלאַך נאָך בעסער פאַר יאַשקען.

— ניין, חבר אַמעריקאַנעץ! — האָט פּייוועל געדונערט. — איך וויל ניט, אין דר׳ערד אַריין! יאַשקע איז מיין חבר, מיר האָבען ביידע געליטען, געהאַט „חבוט הקבר“, איך וויל ניט זיין גרעסער פון איהם, איך וויל קענען אַזוי פיעל וויפיעל יאַשקע, אין דר׳ערד אַריין! אוי איז ער אַ לערנער! ער׳ט געוואוסט אַז מ׳עט מוזען האָבען אַפּריהער, יאַשקע, אין דר׳ערד אַריין! זאָג, וואָס? „חבוט הקבר“, האָט יאַשקע אונטערגעכאַפּט. — יאָ, ברודער דיפּלאָמאַט, טורמע! אין דר׳ערד אַריין! און דערנאָך אַ גוטען לחיים, אין דר׳ערד אַריין! און מאַרש — אחת ושתים אין פּאַלעסטינקע!

— אָבער וואו איז דער אַלטער, ברודער אַמעריקאַנעץ?

— אַט געהען מיר צו איהם! — און שושנה מיט גולד׳ן האָבען גע־פיהרט די קאָמיסאַרלאַך צו אברהם בן אברהם.

אין א גרויסע הויז, אויסגעזעצט פול מיט אורחים, ס׳רוב רוסען, אַלטע און יונגע גרים און גר׳טעס, רוסישע פויערים אין פעלצלאַך, אין זופּיצעס; רוסישע פויערטעס אין שוואַרץ־געוואַנטענע קאַפּאָטעס, און אויף די קעפּ פאַטשיילקעס, פעסט פאַרקניפּעלט אַרום האַלז, אינגלאַך און מיידלאַך, שקצים און שיקסעס מיט לאַנגע האָר, בלויע אויגען און אין גרויסע, שווערע שטיוועל. צווישען אַט די רוסען — אויך עט־ליכע אידישע בחורים: קליינינקע און דאַרינקע, שוואַרצע ליטווישע בחורים, וואָס אַרבייטען אינאיינעם מיט אַט די גרים ביי האַקען שטיי־נער אין דער נייער ירושלים׳ער שכונה.

אין דער מיט פון גרויסען הויז, איבער דער גאַנצער ברייט, שטעהט אַ טיש, צוגעגרייט יום־טוב׳דיג. אַ ווייסער טישטוך, אַ לאַנגער לולב, אייל בערטען, פייגען, מאַנדלען, אַפּעלסינען, קעז, אַ גרויסער זודיגער סאַמאָוואַר, און אויבענאָן פון טיש זיצט אונזער אברהם בן אברהם, שעהן ווי אַ פּאַטריאַרד.

אַלע זיצען שטיל, גנעדיג, אַנגעצויגען, ווי עפּעס אַ פסח־סעודה, און מען דערצעהלט מעשה׳לאַך.

איינער, אַ געזונטער גר, דערצעהלט מיט אַ ביבלישען ניגון וועגען דעם, וואָס ער, אַ קאַזאַק פון דאָנ׳ער געגענד, האָט דורכגעמאַכט זינט ער האָט זיך מגייר געוועזן ביי אַ רב אין ראָסטאָוו, ביז זיינע פיס האָבען דערגרייכט די הייליגע ערד פון לאַנד ישראל.

ער איז אַרויס, דערצעהלט ער, פון מצרים — פון דער פּראַוואָסלאַוו־נער רויטער מדינה, מיט אַ משפחה — מיט אַ פרוי און קינד. כמעט צוויי יאָהר זיך געשלעפּט צו־פוס און אונטערוועגענס פאַרלאָרען ביי־דען: פריהער געשטאָרבען דאָס קינד און נאָכדעם די פרוי, הימעל־שער פרידען צו זיי!... די פרוי באַגראָבען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל... אַ גוטע פרוי געוועזן... אַ יאָמערנדע ראָחעל (רחל) געוועזן אַ פרוי פון גרוים געדולד — קרעכצט דער גר... און דערביי גיסט ער אויס דאָס האַרץ פאַר די אורחים וועגען נאָך אַ צרה וואָס דריקט איהם: גאָט קעהרט זיך עפּעס אָפּ פון איהם, אפילו דאָ אין קעניגרייך פון די נביאים, „ניע ספּאַדאָבילסיאַ", הייסט עס חתונה צו האָבען מיט אַ אידישע טאָכטער... מיט אַ גר׳טע זיך פאַר׳קנס׳ט, קלאָגט ער זיך. אין אַט די פאַר׳קנס׳טע גר׳טע גופא, אַ ברייט־פּלייציגע און פולברוסטיגע גוי׳ע, וואָס שטעהט דאָ און הערט ווי דער אייגענער מאַן באַווייגט זיין חתונה מיט איהר אַלס אַ באַוויין פון דעם אויס־בערשטענס אומגנאָד צו איהם.

— מען טאָר ניט זינדיגען ליעבער! — טרייסט איהם אברהם בן אברהם. — אַלץ וואָס קומט פון גאָט דאַרף מען מקבל באהבה זיין... דער גאָט פונ׳ם אויסדערוועהלטען פאָלק וויים וואָס ער טהוט!... אַלע אנוועזענדע שאָקלען מיט די קעפּ, אויסדריקענדיג דערמיט זייער אַכ־טונג צום אַלטען.

— ער ,זונעלע! זונעלע! — רעדט שטיל אַ באָרוועסער אַלטיטש־קער אין שמאָטעס און אין אַ ווינטערדיגער קוטשמע. — איך ווער גאָר ניט נתפּעל פון דיין מעשה׳לע. ווייסטו דען ווי געהעריג, וואָס עס הייסט צו פאַקוטעווען פאַר דעם געבענשטען אידישען גלויבען? דו ביזט דאָך געקומען צום שכל ערשט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, היינט וואָס זאָלען מיר שוין אשטייגער ריידען? — פרעגט ער, קלאַפּענ־דיג זיך אין דער ברוסט. — מיר האָבען אָנגעהויבען זוכען דעם וואָר־האַפטיגען גאָט, דעם איינציגען, דעם אידישען, דאַמאָלסט — ווען אין דער געצענדינערשער אַנטיוכע איז נאָך ניקאָלאַי דער צווייטער געווען צעזאַר!

אָנגעהויבען האָב איך אַלס סובאָטניק, שוין אַ טאַטע פון פינף קינדער דעמאָלט געווען. נו, האָבען זיי מיך דערפאַר פאַרשפּאַרט אין געפענגניש. גאַנצע דריי יאָהר אָפּגעזעסען הינטער די גראַטעס, און אַט דוקא אין דער פינסטערניש האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַ גרויסע ליכטיגקייט: דערזעהן דעם גאָט פון בארג סיני, און איך האָב זיך אָנגעהויבען באָדען אין גלאַנץ און שיין, פונקט ווי די אָפּגעשטעלטע זון פון יריחו וואָלט צו מיר אַריינגעדרונגען, און איך האָב זיך דער־קלעהרט פאַר דעם תפיסה־גלח אַלס אמת׳ער, גאַנצער איד, אַליין מיט אַ מעסער אויסגעפיהרט אויף זיך דעם געבאָט פון אַברהם. נו, האָבען ניקאָלאַי׳ס געצענדינער דערפאַר פאַרגרעסערט מיין שטראָף און אויף צוועלף יאָהר מיך פאַר׳משפּט צו זיצען געשמידט אין קייטען...

אַבער איידער נאָך דער אַלטיטשקער האָט פאַרענדיגט זיין מעשה׳לע, שפּרינגט אונטער איינער פון די נאַרישע חלוצים, האַקט איבער פּלוצלונג דעם אַלטענס געשפּרעך מיט אַ חכמה׳דיגען ווערטל:

— ער רוסען, איהר רוסען! אַ מאָדנע פאָלק זיינט איהר!... אַט וואָס אייך פעהלט! — וויצעלט זיך דער חלוץ שנעלענדיג זיך אין שטערן. — אַז אונטערשייד אַ גרויסער — לאַכט ער — דער רוסישער גאָט צו דער אידישער!...

און עס ווערט אַ טומעל, פּשוט אַ סקאַנדאַל. דער אַלטיטשקער שצעמעט זיך איין אין דעם לצ׳יגען חלוץ און יענער צאַפּעלט זיך

אין זיינע הענט, ממש ווי א קארעסל אויף דער ווענדקע, און דער גר שרייט מיט אזוינע באַנומענע קולות, אין דרויסן אונטן שאַרט זיך צונויף תיכף א גאנצע מחנה אראבער וואס טרייבן לצנות...

— פאדלאיא כארא דו! דו זאלסט מיר ניט וואגן צו פארגלייבן דעם גאט סאוואאף מיט די מאליעוואנקעס וואס די אנטיאכישע פאפעס האבן אויסגעמאלט... פארשטיינען וועל איך דיך, דו גאט לעסטערער! סוקין סי סין!...— ליארעמט דער בארוועסער גר אין דער ווינטערדיגער קוטשמע.

אלע גרים און גר׳טעס הויבן זיך אויף פון די ערטער. זיי מישן זיך אריין אין געשלעג, קוים וואס מען שלעפט איהם אפ, דעם צו־היצטן אלטעטשקען.

און אברהם בן אברהם האלט א גאנצע דרשה: שטראף־רייד זאגט ער צו איהם:

— יעדע ערדישע בריאה דארף וויסן און קענען זיין פלאץ אויף דער וועלט! גרים האבן זיך ניט וואס צו פארמעסטן מיט אידן... גרים זיינען די אדאפטירטע קינדער ביי גאט, אבער אידן — די לייבליבע זין. וואס אן איינגענער זון זאל ניט זאגן, וועט איהם דער טאטע סוף־כל־סוף מוחל זיין, און די אדאפטירטע קינדער דארפן זיך ניט אריינמישן! — רעדט אברהם בן אברהם סאליד און טרויעריג. — ווי שטעהט עס געשריבן, דערמאנט ער זיך: „מיין עלטערער זון ישראל!“

עפעס אן אומעט שפרייט זיך אוים איבער אלעמענס פנימ׳ער פון דעם אלטענ׳ס רייד.

די חלוצים רוקען זיך שטילערהייט ארוים. דער אלטיטשקער גר לאזט אראפ פארשעמט דעם קאפ.

— דו זעהסט, פייוועל! — שעפטשעט גולד — אן זיצט דיין אלטער גראף!

— ער קוקט אוים ווי אברהם אבינו, אין דר׳ערד אריין! — שרייט אוים פייוועל און לויפט צו איהם צו מיט א געשריי: — אלטער! וואס מאכסטו? אין דר׳ערד אריין! אלטער! א איד! אן אמת׳ער איד! אוי, גוט! אין דר׳ערד אריין! אלטער, דו קוקסט אוים פונקט ווי אברהם אבינו, אין דר׳ערד אריין! מיט א שעהנע ווייסע באָרד מיט א פאר שעהנע אויגען, מיט א גרויסען שטערן, מיט ריינע, שעהנע קליידער, פונקט ווי מיין רבי הירשל דער טוקער, אין דר׳ערד אריין!

מיר פלעגען איהם רופען אברהם אבינו פון חומש, אין דר׳ערד אריין! — און פייוועל איז איהם געפאלען אויפ׳ן האלז און האט זיך צעוויינט.

— שלום עליכם, ר׳ אברהם! — האט איהם יאשקע געגעבען די האנט. — פארשטעהט איהר מיר. אייער נשמה איז טאקע ממש פון די גרויסע, פארשטעהט איהר מיך, אז אייער ניקאלייקע אליין האט געמוזט ארפקומען פון עולם האמת צו העלפען אייך, פארשטעהט איהר מיר!

— ניין, מיין קינד! — האט ער געענטפערט. — ניט דער שטן האט מיך מציל געווען, נאר דער אמת׳ער אידישער גאט. עך, קינדערלאך! איהר זייט נאך גאר יונגעטשקע, ווי איך בין א איד! אט ועט איהר אביסעל אפזיין אין אונזער פאלעסטינקע, איהר וועט אין זיך איינ־אטעמען דעם הייליגען ריח, וועט איהר א סך קליגער ווערען! ווי איך בין א איד!

— אלטער! — האט פייוועל א געשריי געטאן, צודריקענדיג דעם אלטען צו זיך, אז יענער האט אזש א קרעכץ געטאן. — איך ווער שוין א לערנער, אט אזוי ווי יאשקע, אין דר׳ערד אריין! איך וועל קענען אט די דראבנינקע פיסקאטקעלאך, אין דר׳ערד אריין. אוי וועט עס מיר זיין גוט!

— דערצעהל איהם! — האט ער א געשריי געטאן צו גולד׳ן. — עי דיפלאמאט! אמעריקאנעץ! גוטער יאט! אין דר׳ערד אריין!

— אמת, ר׳ אברהם! אונזער פייוועל וועט ווערען א לערנער, ער וועט ווערען א גרויסער מאן.

— יא! — האט ר׳ אברהם צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפ. — ער איז שוין איצט א גרויסער מאן, וויבאלד ער איז אין ארץ־ישראל!

און אזוי האט טאקע פאסירט. יאשקע איז אנגעקומען צו יהודה׳ן פאר א שומר, און פייוועל איז געזעסען טאג און נאכט און האט געלערענט, אונטער די אויפזיכט פון נפתלי׳ן, וועלכער האט פון איהם אנגעקוואלען.

נפתלי האט נביאות געזאגט, אז ווען אט דער „בער“ וועט אנ־הויבען רעדען, וועט ער ווערען א „לייב“ און גאנץ ארץ־ישראל וועט שטאלצירען מיט זיין גבורה.

— האב אביסעל געדולד! — האט נפתלי געזאגט צו פייוולען. — דו וועסט נאך זעהן דעם גרויסען תליון דזשערדזשינסקי׳ן, א געשמיד־טער אין קייטען.

— אוי, גוט! — איז פייוועל אונטערגעשפרונגען פון התפעלות. — ער׳ט נאָך אודאי אויך ווערען אַ איד! אין דר׳ערד אריין!

אוי, אַ רוח אין דיין טאַטענס טאַטען אריין, נפתלקע גנב! דו׳סט זעהן, ער׳ט ווערען אַ איד! און ער אליין וועט נאָך אויך קומען צו אונז, אין דר׳ערד אריין!

— ווער מיינסטו, פייוועל?

— אַט טאָקע טראַצקי גנב אליין, אין דר׳ערד אריין!

נפתלי האָט געלאַכט און זיך פאַרטראַכט...



פינף־און־פופציגסטער קאַפּיטעל.

## אַ פּסח׳דיגער קאַראַהאָד

טוריסטען פון אַלע טהיילען פון דער וועלט, דאָס רוב אידישע, זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל אויף פּסח. פיעלע זיינען פאַר־בליבען זינט דער ערעפענונג פון אוניווערזיטעט. איבעראַל האָט מען געזעהן נייע פּנים׳ער און טויזענטער געסט האָבען געהאַלטען פּסח ביי שעהן־געגרייטע טישען אין דעם לאַנד, וואו די אידישע שופטים, מלכים און נביאים האָבען דעם זמן חרותנו געפייערט.

ביי יהודה׳ן איז דער היינטיגער פּסח געווען דער פרעהליכסטער. דער טאַטע מיט די קינדער און די „געליעבטע מיט׳ן געליעבטען" זיצען ביי איין טיש און מען דערצעהלט פון אַלטע און נייע נסים.

דער אַלטער טאַטע אלכסנדר־ישראל זיצט אויבענאָן, און אויף זיין שעהנעם פּאַטריאַרכאַלישען פּנים שפּיגעלט זיך אָפּ די אמת׳ע שכינה. ביי זיין רעכטער האַנט זיצט דער קליינער אלכסנדר ווי אַן אמת׳ער העלד און ביי זיין לינקער האַנט די קליינע מרימ׳ל.

נאָך דעם קליינעם אלכסנדר׳ן זיצט אברהם בן אברהם מיט אַ געהויבענעם פרומען פּנים און מיט קינדערשע התפעלות. ביי דער זייט פון דער קליינער מרימ׳ל זיצט דער גרויסער אמעריקאַנער „לואי דער שווייגער" מיט זיין בערטע־יהודית. פּונקט קעגען זיי אויפ׳ן צווייטען זייט זיצען יהודה מיט שושנה׳ן. נאָך זיי זיצען לאָעב און גולד, די יוריסטען־דעטעקטיווס. אנטקעגען זיי יאַשקע מיט פייוולען, די געוועזענע קאָמיסאַרען. נאָך זיי זיצען דער גוטער מעקיי, מערי די יונגע, דוד דער לץ, פעליקס דער פילאַנטראָפּ, די אַלטע שולמית און אנטקעגען זיי דער שעהנער אבשלום, דן, נפתלי, אבינדב, זבולון,

שמעון, אדונירם, שמאי, בנימין, מלאכי, איבראהים און אנדערע.

דער קליינער אלכסנדר האט מיט שטאָלץ געפרעגט די פיער קשיות און די קליינע מרים׳ל האט איהם נאכגעזאגט שטילערהייט.

יעדער איינער האט געזאגט די „הגדה" מיט כונה און שמחה און מיט גרויס אפעטיט געגעסען די געשמאקע פסח׳דיגע מאכלים.

ווען אלע זיינען געווארען פרעהלאך און בגילופינ׳דיג פון די אמת׳ע כרמל־וויין און די פנימ׳ער זיינען געווארען צהלה־ושמחה׳דיג, האט זיך אונזער יאשקע קאמיסאר א שטעל געטאן און האט געזאגט:

„רבותי! ביז איצט האבען מיר געזאגט די גאנץ אלטע „הגדה", פארשטעהט איהר מיך, אבער „ברשות בעל הבית מרנן ורבותי" און מיט די ערלויבעניש פון אייך אלעמען, וועל איך אייך זאגען די „נייע הגדה" פון דעם „איצט".

„הא לחמא עניא די אכלו אבהתנא", אט צוליעב דעם „לחמא עניא׳דיגען" שטיקעל ברויט, האבען אונזערע עלטערן פארקויפט די „בכורה". זיי האבען געבויט פרעמדע לענדער, שטעדט און דערפער, בארייכערט פרעמדע קולטורען, געשאפען פאר זיי די שעהנסטע מוזיק, באזארגט אלעמען מיט די גרעסטע גאונים, אסטראנאמער, מאמעטא־טיקער, פינאנסיסטען, עקאנאמיסטען, לופט־פליהער, יוריסטען, דיפ־לאמאטען, שטאאטסמענער און אנדערע...

„כל דכפין ייתי וייכול, כל דצריך ייתי ויפסח" — יעדע הונגעריגע פאלק פלעגט דורך אונז רייך ווערען און יעדע פארשקלאפטע פאלק פלעגט דורך אונז באפרייט ווערען, אבער לסוף — ווען מען האט שוין אויסגעזויגען אונזער בלוט, כח און מארך, האבען זיי גענומען ריידען גאר מיט אן אנדער לשון, מיט עפעס א „גירוש"־שפראך, א „פאגראם"־לשון, און די כלומר׳שט בעסערע פון זיי פלעגען ריידען מיט א „קוואָ־טא"־שפראך, און אזוי ווייטער.

אבער ווען מיר וואלטען אוועקגעגעבען אלע אונזערע כחות „בארעא דישראל", וואלטען מיר שוין לאנג געווען „בני חורין!" פארשטעהט איהר מיך...

„מה נשתנה" — פאר וואס זיינען די דאזיגע צייטען עפעס אזוי „מה־נשתנה׳דיג"? אמאל זיינען מיר געווען סיי „חמץ׳דיג" און סיי „מצה׳דיג" — „א איד אין הויז און א גוי אין גאס"; „עולה לתורה" געווען אין שוהל און געזונגען „מה־יפית" פאר׳ן פריץ, געכאפט א „ברכו" און זיך געלאזען שפייען אין פנים; אין הויז א בן־מלך און

אין גאַס אַ קנעכט! — און היינט ווילען מיר ניט אַנדערש זיין, נאָר גאַנצע אידען — סיי אין הויז און סיי אין גאַס, און דוקא זעלבסשטענדיגע בירגער פון אונזער ארץ־ישראל?

אַמאָל זיינען מיר געווען „שאר ירקות“, כל־ערליי ברואים: רוסישע, פּוילישע, רומענישע, פראַנצויזישע, דייטשע, ענגלישע, אַמעריקאַנישע, קובאַנישע און אפילו קאַלמיקישע אידען, און היינט ווילען מיר זיין נאָר אידישע אידען און דוקא אין דער אידישער לאַנד?

אַמאָל פלעגען זיך אַלע אַפּטונקען אין אונזער בלוט, סיי די „שוואַרצע“ און סיי די „רויטע“, און מיר פלעגען פאַר„מרור“ט און פאַר„חרוסת“ט ווערען, אָבער היינט טונקען מיר זיך אָפּ עטליכע מאָל אַ טאָג אין אונזער ירדן און כנרת און מיר שיינען ווי די ארץ־ישראל־זון?

אַמאָל האָבען מיר געלעבט, אַזוי ווי מען האָט אונז געהייסען: אויפ׳ן פערד, אונטער׳ן פערד; אונטער אַ צאַר, אַ קעניג, אַ סולטאַן, אַ שאַך, און אַמאָל אונטער אַ פּרעזידענט, אָט אַזוי ווי אונזערע בעלי־בתים פלעגען זיך פאַרוועלען, ווייל קיין אייגענעם רצון האָבען מיר ניט געהאַט. אָבער היינט איז „כלנו מסובין“ — מיר אליין זיינען אונזערע בעלי־בתים און מיר אליין באַשטימען דעם גאַנג פון אונזער לעבען? פאַרשטעהסט איהר מיך?...

„עבדים היינו“, פאַרשטעהט איהר מיך... קנעכט זיינען מיר געווען, מיט אַסימילאַטאָרישע „גלות השגות“.

„אנו ובנינו ובני בנינו משועבדים היינו“. אַלע — די טאַטעס, זיהן און אייניקלאַך און אפילו אונזערע חכמים, נבונים, משכילים, זקנים און רבנים, זיינען אַלע געווען פאַר׳גלות׳ט און פאַרקרימט.

די רבנים האָבען אונזער תורה פאַר„תכריכים“ט און די משכילים האָבען אונזער נאַציאַן פאַרראַטען. די ערשטע האָבען אונז געלערענט ווי צו שטאַרבען און די לעצטע — ווי נאָכצוקרימען אַנדערע. „מצוה עלינו לספר“ — ס׳איז אַ מצוה אויף אונז אַלעמען צו דערצעהלען און מפרסם זיין זייער גלות־פּסיכאָלאָגיע...

אָבער ווען זיי אַלע וואָלטען אַוועקגעגעבען זייערע כחות און גאונות אויף אונזער אייגען פאָלק, תורה און ארץ־ישראל, וואָלטען מיר דאָך שוין לאַנג געווען משובח׳דיג — פאַרשטעהט איהר מיך...

מעשה ברבי ד״ר הירצל ורבי מאקס נאָרדוי ורבי שמואל מאהליווער „שהיו מסובין בבני ברק“, און זיי האָבען דערצעהלט ב„יציאת

מצרים" „כל אותו הלילה" — זיי האָבען בפירוש געזאָגט, אַז כל זמן מיר וועלען זיצען אין די פינסטערע גלות׳ן, זיינען מיר ניט מעהר ווי „פעדלער" און „גייסטיגע מעקלער"... פאַרשטעהט איהר מיך!...

אָמר רבי חיים ווייצמאַן! — ס׳איז געווען אין די לעצטע טעג פון׳ם „בלוטיגען מבול", ווען אשמדאי האָט געהאַלטען ביים אויסטאַנצען זיין לעצטען „שדים־טאַנץ". — איך בין דאַן געווען אין ארץ־ישראל. איך האָב זיך געמוזט זעהן מיט׳ן קעניג „פייזעל", אין די „הרי מואב מעבר לירדן" — צוועלף טעג האָט מיר גענומען די נסיעה, ווייל די „רויטע טערקישע מחנה" האָט מיר פאַרשטעלט די קורצע וועג. פינף טעג האָב איך זיך געשלעפּט דורך אַ הייסען מדבר, ביז איך האָב זיך ענדליך דערשלעפּט צו פייזלען.

און דער קעניג האָט אויפ׳ן אַלטען ביבלישען שטייגער מיר אַנטקעגענגעשיקט אַ צאָהל פון זיינע דינער מיך צו באַגעגענען. ער האָט מיר אויפגענומען מיט מחנות פון קעמלען, שאָף, מילך און ברויט מיט זאַלץ.

ביי מיין אָנקומען האָט זיך אַנטפּלעקט אַ וואונדער, וואָס איז געווען אַ רייכע באַלוינונג פאַר מיין לאַנגע שווערע נסיעה.

ווי אברהם אבינו אַמאָל האָב איך זיך איצט דערנעהנטערט צו דעם לאַנד, וואָס גאָט האָט איהם געהאַט צוגעזאָגט פאַר זיינע קינדס־קינדער, דאָס אויסדערוועהלטע פאָלק ישראל, און ווי אברהם אבינו בין איך אַהין געקומען דורך דעם לאַנד פון מואב, איבערצונעהמען דאָס לאַנד, וואָס גאָט ברוך־הוא האָט צוגעזאָגט אברהמ׳ן, און אויך מיר איז מען געקומען אַנטקעגען מיט ברויט און זאַלץ.

יהושע בן נון — אויך ער האָט אַמאָל דורכגעמאַכט די זעלבע נסיעה, און כמעט מיט דער אייגענער שליחות, און איך האָב געפיהלט די השגחה פון גאָט און זיין ברכה דורך אברהמ׳ן צו זיין פאָלק ישראל. און איך האָב געפיהלט, אַז די אַלע יאָהרען פון אונזער לאַנגען גלות, די אַלע לענדער וועלכע מיר האָבען דורכגעוואַנדערט און די אַלע ליידען, צרות און יסורים וואָס מיר זיינען זיך אויסגעשטאַנען, האָבען פאַר מיר אויפגעהערט, איך האָב זיי מעהר ניט געפיהלט און ניט געטראַכט פון זיי. איך האָב נאָר געזעהן און געפיהלט, אַז די גרויסע הבטחה וועט אויף אַן אמת מקוים...

אָמר רבי נחום סוקולוב, „הרי אני כבן שבעים שנה" — איך בין שוין באַלד אַ זיבעציגער און איך האָב נאָך ניט געזעהן אידען מיט

גלייכע, שטאָלצע רוקענס און ליכטיגע רוהיגע פּנימ׳ער אין די גלות־לענדער...

„ברוך המקום“, געלויבט איז גאָט, וואָס ער האָט אונז געגעבען די תורה מיט די „ארבעה בנים“...

דער חכם זאָגט דעם אמת:

— וואָס קענען מיר אויפטהון מיט אונזער פרומקייט, טראַדיציאָן און נאַציאָנאַליזם, אַז די פרעמדע סביבה, געזעצען, מנהגים און קולטור זיינען פיעל שטאַרקער און מען קען זיי בשום אופן ניט גובר זיין.

און מיר מוזען דעם חכם ערקלעהרען א פּרק אין „הלכות פּסח“. — ס׳איז פאַראַן זעהר אַ גוטע עצה: מען מוז מאַכען אַ נייעם „פּסח“, אַ יציאת־מצרים א נייעם, צוריק אַהיים געהן, וואו מיר וועלען קענען זיין אָריגינעלע, זעלבסטשטענדיגע, גאַנצע אידישע אידען.

דער רשע זאָגט:

— וואָס באַראַבאַנעוועט איהר דאָרט מיט אייער ארץ־ישראל, מיט אייערע חלוצים, מיט אייער אוניווערזיטעט און מיט אייער הדסה? רעליגיאָן, טראַדיציאָן, נאַציאָנאַליזם, עט — וויים איך וואָס!... ס׳איז ניט מעהר ווי איינגער שאָוויניזם! מיר איז גוט בערלין, וויען, לאָנדאָן, וואַשינגטאָן, פּאַריז און אפילו די רויטע מאָסקווע!...

אָט צו אַזאַ לץ מוז מען שוין ריידען מיט באַק־צייהנער און מיט שלאַגענדע באַווייזע. מען מוז דעם בחור דערקלעהרען, אַז דער „אַנטי־סעמיטישער משחית“ איז ניט מבחין צווישען א איד און אַ יאַהודי. די פּאַרד׳ס, קו־קלוקס־קלענס, האַקענקרייצלערס, די הײדאַמאַקעס, דער טשעקאַ און אפילו די יעווסעקעו, שפּאַלטען אלעמענס קעפּ צוגלייך, אפילו די פון די אידישע „רשעים“ און מען מוז איהם, דעם חברה־מאַן ציינען „ר׳ יהודה׳ס סימנים“ — וועלכע זיינען בולט פון זיינע אונטער־געהאַקטע עינים מיט די אויסגעזעצטע שינים...

דער תם זאָגט:

— וואָס טומלען דאָרט אָט די יונגע חברה׳ניקעס? — וואָס, משיח׳ן ווילען זיי פאַר דער צייט אַראָפּ ברענגען? — עט!...

צו אָט אַזאַ סאָרט „בחור“ מוז מען שוין רעדען מיט א „חוזק יד“. מען נעהמט איהם אַן פאַר׳ן גרגרת און מען גיט איהם אַ גוטען לולב׳דיגען טרייסעל, און מען זאָגט איהם:

— עפען אויף, ברודער׳ל, דיינע תמ׳עוואַטע פאַרשמירטע אויגען און קוק זיך אַרום וואו דו ביזט ערגעץ אין דער וועלט! פאַרשטעהסטו גאָרניט, אַז די „קוואָטא“ מיינט עס דיך? פאַרשטעהסטו גאָרניט ווענען

וואס די אדונים פון אלע אוניווערזיטעטען האמפערן זיך? דאס מיינט מען דיינע קינדער, ברודערקע! פארגעס ניט, ברודערקע, אז דאס רעדען די „נארדיקס“, די „וועלמאזשני פאנים“, די האקענקרייצלערס און די „רויטע טייוואלים“. גענוג דיר שוין צו מאסקירען זיך! קום, ברודר׳ל, בעסער אהיים נאך ארץ־ישראל.

און דער „ושאינו יודע לשאול“, וועמעס טאטע און זיידע עס האבען זיך שוין לאנג פאר„גוגענהיימ“ט און פאר„מארגענטהוי“ט, יענע ווייסען נעבאך גארניט. זיי ווייסען ניט וואס צו פרעגען, ווייל זיי דענקען, אז זיי זיינען געווים אמת׳ע „הונדערט פראצענטיגע“ פארדס, היטלערס, און אזוי ווייטער.

צו איהם מוז מען קומען ווי צו אקינד און דערצעהלען איהם א שעהנע מעשה׳לע, אז ער שטאמט פון די בני ישראל, פון א פאלק, וועלכע איז עלטער פון אלע פעלקער; א פאלק וועלכע אלע נאציאנען פון דער וועלט אנערקענען זייער גרויסען יחוס; א פאלק מיט א גרויסען עבר און א פאלק וועמען עס ערוואַרטעט א הערליכער גרויסער עתיד אין ארץ־ישראל. אפשר וועט דער שאינו יודע לשאול דערפון באגייסטערט ווערען, פארשטעהט איהר מיך...

וירעו אותנו — אלע נאציאנען פון דער וועלט האבען אונז אנגעטאן די גרעסטע עינוים: גערייסען, געביסען, געצוואונגען אונז צו בויען פאר זיי „פתום“ און „רעמסס“ — שטעדט, דערפער, מלוכות, אייזענבאהנען, לופט־שיפען, געשיקט אונזערע בעסטע קינדער זיך מקריב צו זיין זיך אויף כל־ערליי מזבחות און דינען אלע עבודה־זרות, און לסוף האט מען אונז באצאהלט מיט מכות.

רבי יהודה היה נותן בהם סימנים: ר׳ יודעלע רופט אז די מכות אויפ׳ן מאדערנעם רויטען לשון: „דצ״ך, עד״ש באח״ב“, ס׳הייסט: „דעמאקראטישע היפאקריטסטווע“, „ציוויליזאציע מיט בלוטיגע מצה“, „כפרה־געלט פאר אפציהען דעם אטעם“, „עמיגראנטען פרעסער“, „דור־המבול“, „שחיטה־געלט“, „ביוראקראטיע“, „אסימילאציע“, „חצי איד וחצי גוי“ און „בהמיות“...

„אלו הוציאנו ממצרים“ — ווען מיר ווערען אבער פטור פון די גלות׳ן, וואלטען מיר דאך אויך פטור געווארען פון די מאדערנע מכות.

„על אחת כמה וכמה“ פארשטעהט איהר מיך, ווען מיר וועלען אויפבויען אונזער אייגען היים און האבען אונזערע אייגענע געזעצען, אייגענע שבתים וימים טובים, אייגענע שופטים, אייגענע פאליטיקער,

אייגענע קינדער, אייגענע בערג, און אן אייגענע תורה, ערשט דאן, פארשטעהט איהר מיך, וועלען מיר קענען זאגען דעם אמת׳ן הלל... פארשטעהט איהר מיך!...

ווען יאשקע האט געענדיגט זיין „הגדה" זיינען נאך אלע אלץ געזעסען שטיל. יעדער איינער האט ווי עפּעס פארגעסען, אז היינט איז א גרויסער יום־טוב, נאר פּיוועלע, וועלכער האט אפּנים געטרונקען מעהר ווי „ארבע כוסות" האט פּלוצלונג איבערגעריסען די שטילקייט.

— באדמה אריין! — האט ער אויסגעשריען! איך האב אייך געזאגט, אז איך וועל קענען אט ווי יאשקע! אין באדמה אריין! א לערנער וויל איך זיין! — ער האט זיך צעוויינט אויפ׳ן קול און גע־נומען טענה׳ן: — אידען, פּאלעסטינצעס, אמעריקאנער, דיפּלאמאטען, גוטע יאטען אין באדמה אריין! איך וויל לערנען, אין דר׳ע... איך מיין באדמה אריין! זאגט איהם דארטען מיין בראטישעק אין באדמה אריין, אז איכ׳ל איהם! ניין, זאגט איהם ניט! א לערנער ווי יאשקע וויל איך זיין! אין באדמה אריין!

מען האט איהם קוים איינגעשטילט און מבטיח געווען, אז ער וועט קענען לערנען אט פּונקט ווי יאשקע.

דער אלטער אלכסנדר האט באמערקט מיט א זיפץ:

— הלואי וואלט מיין „רויטער" זון פארשטאנען די הגדה אזוי ווי יאשקע, וואלטען מיר איהם היינט געהאט מיט אונז.

בערטע־יהודית האט גענומען דאסווארט, און אלע האבען זיך צוגעהערט אויפמערקזאם. זי האט אנגעשטעלט איהר שעהנעם פּנים צו דוד׳ן און האט געזאגט:

— איך קען עס בשום אופן ניט משיג זיין, וואָרום איהר ווילט דוקא קאלאניזירען די אידען אין דער „רויטער מדינה". וואו מען איז ניט זיכער מיט׳ן מארגען? וואו אידישע קינדער טארען ניט קריגען קיין אידישע ערציהונג און די עלטערן טארען ניט לעבען ווי אידען! זיי וועלען מוזען סוף־כל־סוף ווערען רויט „מבית ומחוץ" און דאס מיינט א סוף צו זייער אידישקייט!

איז ניט בעסער צו העלפען די אומגליקליכע אידען פון יענער רויטער מדינה צו זעען און פלאנצען אויף די פעלדער פון יהודה? אט דא וואו עס בויט זיך דאס אידיש לאנד, וואו עס וואקסט אויף א געזונטער אידישער דור מיט דער אלט־נייער אידישער קולטור און אידיש־נאציאנאלע אוצרות?!

העלפט זיי בעסער קומען אהער, אין אונזער אלט־ניילאנד, צו וועלכער זיי זיינען צוגעבונדען פון דורי־דורות! — האט זי געענדיגט.

מערי די יונגע, וועלכע האט די גאנצע צייט געשוויגען, איז צו אלעמענס באוואונדערונג אויפגעשטאנען און האט גענומען ריידען:

— ביז איצט בין איך איינפאך געווען בלינד. איך האב פון קיין שום זאך ניט געוואוסט. איך האב ניט געלערענט, כ'האב זיך מיט קיינע אידישע אנגעלעגענהייטען ניט אינטערעסירט. איך בין געווען ווי דער „שאינו יודע לשאול" פון יאשקעס הגדה. אבער היינטיגער „סדר" און נאכאמאל מיט „יאשקעס הגדה" האבען מיר אויפגעעפענט מיינע אסימילירטע אויגען און איך האב דערזעהן די אמת'ע ליכט. איך האב גרויס אמונה און צוטרוי צו די ארץ־ישראל־קינדער, זיי ליבען דאס לאנד מיט זייער גאנצער נשמה; זייער אויפפיהרונג צייכענט זיך אויס מיט אן אויפריכטיגען אידישען חן און דרך־ארץ: דרך־ארץ פאר גאט און דרך־ארץ פאר לייטען. זיי זיינען אידעאלע מענשען אין פראקטישען לעבען מיט זייער איינפאכקייט און אינטעליגענץ.

פון היינט אן וועלע איך ווידמענען אלע מיינע כחות פאר ארץ־ישראל. איך וועל איינקויפען גענוג לאנד פאר קאלאניזאציע און העלפען באזעצען דארט אט די בראווע חלוצים, וועלכע בענקען אזוי נאך זייער לאנד און וואס פיעלע פון זיי זיינען נע־ונד און קומען צו־פוס. איך וועל זיי העלפען פונקט ווי זיי וואלטען געווען מיינע אייגענע קינדער, וועלכע איך האב ניט זכיה צו האבען. איך וועל פאר זיי עפענען א באנק און זיי וועלען קריגען הלואות אויף לאנגע טערמינען און אזוי ווייטער.

— אוי גוט! — איז פייוועלע אריין אין התפעלות. — אין באדמה אריין! — האט ער אויסגעשריען און האט צוגעדריקט מערי'ן צו זיך און האט זי גענומען קושען.

הילכיגע אפלאדיסמענטען האבען באגלייט דיעזע סצענע.

לואי דער שוויגער האט, ווי זיין שטייגער איז, אנגעהויבען רעדען שטיל און סודות'דיג.

— מיינע פריינדע! — האט ער געזאגט. — געוויס מוזען מיר העלפען די אומגליקליכע ברידער פון אלע לענדער אויף אלערליי אופנים. אבער די אידעע צו קאלאניזירען אידען אין אוקראינע אדער קרים, וואו ניט לאנג צוריק האט אפגעהילכט דער בלוטיגער „כעי זשיווא

אוקראינא", אָדער אפילו אין אנדערע פרייערע מדינות, איז ניט מעהר ווי א פּארפיהרונג, אום צו אָפּציהען די ענערגיע פון ארץ־ישראל, וועל־כע איז די זיכערסטע היים פּאַר אונזער פאָלק.

ס'איז אַ פּארפיהרונג פון די אלטע גלות שתדלנים און אסימי־לאַנטען, וואָס קענען ניט זעהן ווייטער ווי נאָר די „פיער איילען", ווי יאַשקע האָט אייך ערקלעהרט אין זיין נייער אמת'ער הגדה.

עס איז פּשוט אַ סכנה פאַר מיליאָנען פון אונזערע ברידער צו קאָלאָניזירען זיי אין אוקראינע אָדער אין אנדערע טהיילען פון רוס־לאַנד. עס איז גלייך ווי מען זאָל זיי בכיון צושמידען צו דער רויטער קייט, אָדער אליין צוגרייטען אַ פּאָגראָם, אַ שחיטה פאַר זיי.

ס'איז ניט מעהר ווי אַ שווינדעל פון די רויטע יעווסעקען ארייג־צוציהען גרויסע קאַפּיטאַלען אין דער רויטער מדינה. מען טאָר ניט בויען אויף רויטען זאַמד, אויף רויטע קאָמוניסטישע יסודות. ווען דאָס וואָלט געטאָן געוואָרען, לכל הפחות, אונטער דער פּראָטעקציע פון אָנקעל סעם, וואָלט עס נאָך געווען אַ האַלבע צרה. אָבער אזוי, איז עס אַ גאַנצע גרויסע צרה!

איהר גלויבט, פריינד דייוו, אַז אָט דורך דער ארבייט וועט איהר מאַכען געשיכטע? עס איז אַ טעות. עס קען דערפון ארויסקומען, חלילה אַ רויט־בלוטיגע געשיכטע, און איך האָב מורא, אַז אייער רו־סישע געשיכטע זאָל זיך ניט ענדיגען מיט אַ רויטען איוואַן גראָזני!

עס איז גאַנץ ריכטיג, אַז די אידען פון „דער רויטער מלוכה" ווילען זיך באַזעצען אויף דער ערד, און פון ווייטען דוכט זיך אוים, אַז דאָס האָט באמת אָנגענומען אַ היסטאָרישע וויכטיגע ערשיינונג. איז אָבער די באַוועגונג אַ נאַטירליכע? ניין, פריינד דייוו! ס'איז אַ געצוואונ־גענע! דאָס איז זייער איינציגע רעטונג, דער איינציגער אויסוועג פון דער לאַגע וואָס דראָהעט זייער אונטערגאַנג! אָבער ס'איז ניט מעהר ווי אַ מאָמענטאַנער אויסוועג, פּונקט ווי דער וואָס טרינקט זיך כאַפּט זיך אָן כאַטש אָן אַ שטרוי, אפשר וועט עס איהם העלפען, אָבער אזוי גיך ווי דער אידישער קאַפּיטאַל וועט ארייננפליסען אין דער „רוי־טער מלוכה" וועט דער רויטער „שלחן ערוך" — „געזעצליך" — ארויפ־לעגען זיין רויטע לאַפּע און עס וועט זיין „לית דין ולית דיין", אָט אזוי ווי עס האָט פּאַסירט מיט די גרויסע פאָנדען פון פריהער.

איז די בעסטע זאַך ווי איך האָב געזאָגט פריהער: מען מוז זיי העלפען אויף אַלערליי אופנים אויפהאַלטען דאָס לעבען און וואָס

מעהר אידען אריבערפיהרען אויף די פעלדער פון יהודה. עס איז פיעל פראקטישער צו געבען דער רויטער מאכט „כפרה־געלט“ — אויס־לייז־געלט און זיי ברענגען אהער, וואו זיי וועלען זיך איינוואָרצלען אויף אייביג.

דער אלטער אברהם בן אברהם האָט געזאָגט מיט א פרומען פנים:

— איך וויל זיך ניט אריינמישען, וואו אמת׳ע קינדער פון איין טאטען דעבאטירען, אבער איך מוז אייך זאָגען, אז איך קען זעהר גוט מיינע אמאליגע געוועזענע: „שווארצע“ און „רויטע“ טייוואָלים. ווי גאָט איז אייך ליעב! כאפט ארויס פון דאָרטען וואָס מעהר אידען, זייט מציל וואָס מעהר אידישע נשמות, ביז גאָט וועט עפענען א וועג פאר זייער ישועה און זיי אלעמען ארויסנעהמען פון דאָרטען, ווי אמאל פון מצרים!

די „רויטע מלוכה“ איז איצט א קעסעל־גרוב. עס זידט, ס׳קאָכט, קיינער איז ניט זיכער ניט נאָר מיט׳ן מאָרגען, נאָר אפילו ניט מיט דעם היינט!

און ווען עס זאל שוין אפילו זיין אויף׳ן בעסטען אופן, איז בעסער צו זיין מיט זיי גוטע פריינט פון דער ווייטען, ווי איך בין א איד!

עד, קינדערלאך! איך האָב שוין גענוג מלחמות געפיהרט, גע־רעדט מיט די צארען — אבער פיהרען א מלחמה מיט׳ן רויטען טיי־וועל איז זעהר שווער, קינדערלאך. איהר הערט? כאפט זיי ארויס פונ׳ם רויטען גיהנום! ווי איך בין א איד!...

— דער אלטער איז גערעכט! — האָט יאשקע גענומען טענה׳ן.— פארשטעהט איהר מיך, איך בין געווען יאשקע קאָמיסאר „עליו־השלום“, און איך ווייס פון אלע „רויטע דריידלאך“, פארשטעהט איהר מיך. סיי די רויטע מלוכה און סיי די רויטע קאָאפעראַטיווען באזאָרגען דער ארימער רוסישער באפעלקערונג מיט גענוג קראָמען און דער אידישער קרעמער איז קיינמאל ניט זיכער מיט זיין הונגעריגען שטיקעל ברויט. דער אידישער בעל־מלאכה אפילו איז אויף געהאקטע צרות, פארשטעהט איהר מיך, ווייל דער פויער קויפט זעהר ווייניג פון שטאָדט. ער האָט זיך אויסגעלערענט אליין צו באפרידיגען זיינע באדערפניסע. נו, כאפען זיך אידען צו ערד. די ערד איז אבער א פרעמדע, עס וועט זיך ניט צונעהמען, עס וועט ניט וואקסען. און טאָמער וועט זיך טרעפען וואר־ניט־איז א נס און ס׳וועט יא וואקסען, איז ראשית וועט קומען דער רויטער קאָמיסאר און אראָפּנעהמען דעם מעשר; והשנית וועט נאָכדעם קומען דער פויער מיט עפעס א טענה און פשוט אוועק־

נעהמען „ביד חזקה“ און געה שריי חי־וקים — רוף איהם קנאק־ניסעל, און דעם אידען וועט ניט אנקומען אפילו די לקט און שכחה, פאר־שטעהט איהר מיך. דער גרויסער אמעריקאנער האט רעכט: עס איז ניט מעהר ווי א רויטער שווינדעל פון דער „רויטער דיפלאמאטיע“ צו ווערען אפשר אנערקענט, פארשטעהט איהר מיך.

— אין באדמה אריין! — האט פייוועל אויסגעשריען. — איך פאר־שטעה גארניט וואס דא טהוט זיך!

— אט זעהט! — ער האט אנגעוויזען אויפ׳ן אלטען. — ער איז געווארען א איד! אין באדמה אריין! נו, איז ער באלד אין פאלעס־טינקע אוועקגעפאהרען. און איהר ווילט מאכען אידען פאר גוים, אין דר׳ערד אריין! נייך, איך פארשטעה דאס ניט, אין באדמה אריין! איך בין פייוועל קאמיסאר אין באדמה אריין, זאגט איהם דארט מיין בראטישעק, אט דעם אמעריקאנעץ, אז אט דער אלטער איז געווארען א איד אין באדמה אריין. איך קען ניט! זאל ער קומען אהער! אין באדמה אריין! זאגט איהם דארט, גוטע יאטען, אז איך וועל ווערען א לערנער אט אזוי ווי יאשקע, אין באדמה אריין! אוי קען ער אט די דראבנינקע טשיפליאטקעלאך, אין דר׳ערד אריין! — און ער האט א כאפ געטאן דייוו דעם לץ און האט איהם גענומען קושען און טענה׳ן:
— ברודער אמעריקאנעץ, גוטער יאט! דיפלאמאט! בורזשוי! אין דער׳ערד אריין! לאז זיי ניט ווערען קיין גוים, אין באדמה אריין! זאלען זיי אלע קומען אהער, אוי וועט עס זיין גוט! די רויטע וועלען קראפירען! אין דר׳ערד אריין!

די פשוט׳ע, תמימות׳דיגע ווערטער פון פייוועל קאמיסאר האבען אויף דייוו דעם לץ געמאכט א גרעסערען רושם ווי אויף אלע אנדערע. ער האט זיי פארשטאנען. אזוי איינפאך, פשוט און בולט האבען די ווערטער געקלונגען: „לאז זיי ניט ווערען קיין גוים“ — און ער האט זיך אויף א מאמענט פארטראכט... לסוף האט ער געזאגט:

— פייוועלע דו האסט רעכט. פונקט ווי מיין היברו טיטשער האט מיר דערצעהלט צו מיין „בר־מצוה“, אז אלע אידען וועלען זיך צוריקקעהרען קיין ירושלים. איך וועל העלפען ברענגען אלע אידען פון דער „רויטער מלוכה“ אהער אין דר׳ערד אריין! זאלען זיי בויען, זעען, פלאנצען, האקען שטיינער, מאכען וועגען, בויען פאבריקען, שוה־לען און זאלען זיי האלוצעווען (חלוצ׳עווען)!

פייוועל האט געכאפט דייוו׳ן טאנצען מיט אזא התלהבות און עקסטאז, אז אלע זיינע אריינגעצויגען געווארען אינ׳ם „פסח׳דיגען

קאראהאד"; אלע, אלע — די אלטע און די יונגע, אפילו די קליינע מרימ׳ל אויך, און פייוועל האט נעקאמאנדעוועט: העכער! העכער! שטארקער! שטארקער! — און האט אלע ווילע אויסגעשריען: — א איד איז ער געווארען, אט דער אלטער! אין באדמה אריין! א לער־נער, א לערנער וועל איך זיין ווי יאשקע, אין באדמה אריין! — און אזוי האבען זיי געטאנצט און געזונגען ביז טאג.



זעקס־און־פופציגסטער קאפיטעל.

## דער גערעכטער משפט ניט ווייט פון רחל׳ס קבר.

אויף מארגען נאך דעם שעהנעם „סדר", זעהען מיר לואי דעם שווייגער, מיט בערטע־יהודית, ארומשפאצירען צווישען די אלעען.

— געליעבטע מיינע! — טענה׳ט ער — כ׳האב דאך שוין דעם „ים" איבערגעשוואומען, דעם „מדבר" אויסגעוואנדערט, און די „מחיצה" צובראכען, איז דען די גליקליכע צייט נאך ניט געקומען אז אונזערע נשמות זאלען זיך פאראייניגען אויף אייביג?

— געווים, מיין טייערער! — ענטפערט בערטע־יהודית א גליק־ליכע. — אונזערע נשמות זיינען שוין פון לאנג פאראייניגט. פון דעם ערשטען מאמענט ווען איך האב דיך באגעגענט אין דער פרייער גרויסער אמעריקא, האב איך דיך ניט ארויס געלאזען פון מיינע גע־דאנקען. מיין הארץ און מיין גאנצער „איך" באלאנגט נאר צו דיר אליין, מיין גרויסער לו. אבער געליעבטער מיינער,ווארט נאך א קורצע צייט, ביז מיר וועלען אפראמען פון וועג אט די רויטע קראקא־דילען די גיפטיגע שלאנגען, דאן וועלען מיר קענען פייערען מיט פראכט און גלאנץ אונזער עביגען גליק און דורכפיהרען די „כדת משה וישראל" צערעמאניע, עפענטליך פאר דער גאנצער וועלט, אויף די הרי יהודה. — און זי האט איהם צערטליך געקושט...

— וואס נאך פאר א שלאנגען מוזען מיר אפראמען פון אונזער וועג? מיין טייערע! — האט ער זי געפרעגט.

— כ׳מיין אט יענע „רויטע אגענטען", וואס מיר האבען געפאנגען אויף דער אידישער שיף. זיי זיינען געשמידט אין קייטען אין אונזער גארטען הויז. מיר וועלען זיי ניט איבערגעבען אין די הענט פון דער רעגיערונג, ווייל ס׳קען דערפון ארויסקומען א דיפלאמאטישער אינטער־

נאציאנאלער סכסוך, און איך וויל ניט פארשלעפּען דעם משפט אין דער לאנגער באנק אריין, וואו ס'קען זיך אנהויבען לאנגע, פוילע, דיפּלאמאטישע אונטערהאנדלונגען צוליעב דעם כלומר'שטען אנער־קענונג פון גרויס בריטאניע צו דער רויטער מלוכה. די מערדער מוזען גע'משפט ווערען נאר דורך אידישע הענט. די רעגיערונג ווייס גאנץ גוט אז מיר האבען מציל געווען די שיף פון „רויטע פּיראטען" און מיר האבען א רעכט צו האנדלען לויט די געזעצע פון די ימים וואו דער קאפּיטאן פון שיף איז דער גאנצער הערשער, אבער די רעגיערונג טאר ניט וויסען אז מיר האבען די רויטע חברה געבראכט אהער צו משפט'ן.

און דאן נאכ'ן משפט, וועל איך זיין פון די ערשטע אויסצושרייען פאר דער גאנצער וועלט: „קומט זיך פרעהען מיט דער פעראייניגונג פון יהודית'ן מיט איהר געליעבטען יהודה'ן!..."

א גליקליכער האט ער זי צוגעדריקט צו זיין הארצען.

— יע, מיין יהודית! — האט ער געשעפּטשעט, — דו וועסט זיך פאראייניגען מיט דיין „יהודה'ן", וויל „לואי" דערמאנט אונז דעם גלות, דעם אסימילאטאר, דעם נאכקרימער, אזוי ווי איך האב „זיך" געזעהן אין מיין חלום, אבער „יהודה" איז ריין אריגינעל ער זעהט נאר די בערג פון יהודה, מיט די ליכטיגע ליכטיגקייט, מיט דער זוניגער געשטאלט פון יהודית.

— מיין יהודית! — מיין יהודה!

ביידענס ליפּען האבען זיך געשלאסען, און א הייליגער גליקליכער קוש האט אויסגעקלונגען צווישען די אלעען.

* * *

אויף א זעהר הויכען מאיעסטעטישען בארג, ניט ווייט פון רחל'ס קבר, לינקס פון דעם וועג קיין חברון, איינגעטונקט פול אין פלאנצונגען, זעהען מיר ביי דעם שיין פון דער שעהנער ארץ ישראל לבנה, צוואנציג געשטאלטען איינגעהילט אין מאנטלען אויסגעזעצט אין א צירקעל, אין מיטען אויף א גרויסען שטיין ווי א בימה, זיצען דריי געשטאלטען ווי נאכט שאטענס, אלעס ארום איז שטיל און סודות'דיג...

—יהודית! — שעפּטשעט סודות'דיג לואי־יהודה, — ווען וועט מען ברענגען די רויטע פארברעכער?

— באלד מיין ליעבער יהודה! — ענטפערט זי שטיל — יהודה מיט נפתלי'ן זיינען אוועק נאך זיי.

— מיר וועלען זיי משפט'ן לויט אונזער תורה, — האָט שושנה שטיל געזאָגט. — מיר וועלען אויסהערען זייערע טענות, און די עדות, און אַלעס איז ווידער שטיל געוואָרען, אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

— שאַ מען הערט טריט, — און די נאַכט שאָטענס האָבען זיך גענומען באַוועגען, דאָס האָט יהודה מיט זיינע שומרים געבראַכט די די רויטע־פיראַטען.

אין מיטען אויפ'ן גרויסען שטיין, האָבען זיך אויסגעזעצט: יהודה, שושנה, לואי־יהודה, בערטע־יהודית, אַלכסנדר ־ישראל, אברהם בן אברהם, לאָעב און גולד, יאַשקע מיט פּיוולען, אַלע איינגעהילט אין מאַנטלען איבער זייערע פּנים'ער. בערטע־יהודית איז געווען די הויפּט־ריכטערין.

און אַ שטימע האָט אויסגערופען: „מיר געפינען זיך אויף דעם באַרג ביי דער שטאָדט בית לחם, וואו עס האָט זיך מיט טויזענטע יאָהרען צוריק, אָנגעהויבען צו שאַפען די געשיכטע פון דעם פאָלק ישראל. דאָ איז אומגעגאַנגען אונזער גרויסער העלדישער קעניג־פּאָעט דוד, מיט זיינע סטאַדעס שעפּסען. דער גרויסער נביא עמוס פון תקוע. דאָ איז די איינפאַכע אמת'ע נאַטור וועלכע זינגט שירה צו גאָט דורך דוד'ס ליפּען „וואָס איז דער מענש וואָס דו געדענקסט איהם"? דאָ איז אומגעגאַנגען דער גרויסער העלדישער פעלד־מאַרשאַל יואב מיט זיינע גבורים, און לויט די לעגענדע פון פיעלע נאַציאָנען איז דאָ אויך געבאָרען געוואָרען דער גרינדער פון קריסטענטהום, דער געוועזענער איד יושע, און דאָ איצט, וועלען גע'משפּט ווערען די גרעסטע פאַרברעכער פון צוואַנציגסטען יאָהר הונדערט..."

— דן ונפתלי! טייערע חברים! גבורים פון אונזער אַלט־נייַלאַנד! — האָט די שטימע געזאָגט — ברענגט אָהער דעם גרעסטען פאַרברעכער, דעם הויפּט „תליון" פון „טשעקאַ" דעם רויטען הענקער דזשערדזשינסקי!... זאָל ער זיך שטעלען פאַר'ן משפט! אָט דאָ אויף דעם היסטאָרישען פּלאַץ! זאָל ער זיך פאַרטהיידיגען!

דן און נפתלי האָבען צוגעפיהרט צום שטיין דעם רויטען הענקער, געשמידט אין קייטען.

און די שטימע האָט ווידער גענומען רעדען:

— מען קען אפשר פאַרשטעהן מלחמות, כאָטש זיי זיינען נידער־טרעכטיג, אָבער ס'איז אַ קאַמף פון אויפגעברויזטע, געזעלשאַפטליכע

ליידענשאפטען און פון גלייכע כחות, כאטש עס איז נידעריג און ברוטאל. מען קען פארשטעהן דאס אין א מאמענט פון קאמף אין א מאמענט פון טויט-געפאהר, זאל מען זיך פארגעסען פון לאגיק און יושר, און באגעהן מעשים וואס אונטער געוועהנליכע אומשטענדע וואלט עס געווען נידעריג און ברוטאל.

אבער דו רויטער הענקער! פלעגסט נעמען אין קאלטען בלוט, אהן יעדער בארעכטיגונג פון נויט, ניט אויפ'ן פעלד פון קאמף, ניט אין א מאמענט פון אויפרעגונג און נויטווענדיגקייט, ברענגען מענשען צום טויט! עהרליכע מענשען מיט פרינציפעלע איבערצייגונגען!

דו האסט געמאטערט און געטויטעט מענשען, גרויסע עהרליכע, ערהאבענע, וועלכע האבען מעהר געטאהן פאר רוסלאנד ווי דער גאנ־צער רויטער־סאוועט מיט זיין הויכען טריבונאל.

ים פיראטען, רויבען און מארדען ווייל זיי ווילען יענעמס פאר־מאגען. פיעלע טויטען און מארדען ווייל מען באפעהלט זיי, מען צווינגט זיי, און מען באצאהלט זיי דערפאר. אבער דו רויטער הענקער! האסט געטויטעט און געמארדעט פרייוויליג, קאלטערהייד, אהנע נוצען פאר דיר!

מיר ווייסען פון רויבער־באנדעס, וואס טויטען און מארדען, אבער פאר זייערע אייגענע חברים-מערדער, וועלען זיי געהן ביז'ן בלוט! אבער דו רויטער הענקער! האסט פארגאסען די בלוט פון דיינע חברים, חברים־רעוואלוציאנערען, פיעל בלוט, אומשולדיגע ריינע בלוט, פון די בעסטע זיהן און טעכטער פון רוסישען פאלק, און נאך ניט גענוג וואס דו האסט געטויטעט און געמארדעט אין דיין רויטער מלוכה, ביזטו נאך געקומען מיט דיין רויטער־באנדע אין אונזער אלט-ניילאנד און דו האסט געוואלט מאכען איינע פון דיינע טייוועלשע רויטע שחיטות! האסטו עפעס א פארטהיידיגונג? דו רויטער הענקער!!!

אלעס איז געווארען שטיל, אויסער דער עכא פון דער שטימע וואס האט אפגעקלונגען אויף די בערג.

דזשערדזשינסקי איז געשטאנען מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ און האט געשוויגען. ער האט אייניגע מאל געוואלט אנהויבען רעדען, אבער דער צונג פלעגט זיך ווי פארפלאנטערען.

ענדליך האט ער זיך אנגענומען מיט מוטה, און זיך גענומען פאר־טהיידיגען:

— איך האב ניט געמארדעט סתם אין דער וועלט אריין. כ'האב נאר אויסגעשאכטען די קאנטר־רעוואלוציאנערען, לויט דעם דין

פון אונזער „רויטע תורה“, וועלכע דער גרויסער ניקאָליי לענין האָט ארויסגעגעבען.

אונזער רויטע תורה לערנט אונז, צו פארשפרייטען אונזער אידעע איבער דער גאנצער וועלט, דורך אויפרייצען איין פאָלק געגען א צווייטער, איין גרופע געגען א צווייטער, ברודער געגען ברודער, און אפילו קינדער געגען עלטערן, אום אונז זאָל נאָכדעם זיין גרינגער ארייגצוכאפען די מאכט אין אונזערע הענט. אָט אזוי ווי מיר האָבען געטאהן אין רוסלאנד, און יעדער איינער וואָס איז ניט מיט אונז איז געגען אונז, און ער איז פאררעכענט פאר א קאנטר־רעוואָלוציאָנער. אונזער מאָטאָ איז: „דאָס צוועק הייליגט דאָס מיטעל“. מיר טאָרען זיך ניט אפשטעלען פאר קיין זאך אום דורכצופיהרען אונזער לעהרע. ניין, איך בין ניט קיין פשוט'ער מערדער ווי איהר דענקט! איך בין געוועזען באפאָלמעכטיגט פון דעם העכסטען רויטען טריבונאל פון דער סאָוועטען מאכט, און איהר קענט ניט זיין מיינע ריכטער! מיין מלוכה איז אנערקענט פון גרויס-בריטאניע, און אויב יע גע'משפט ווערען, מוז עס געטאָן ווערען דורך גרויס בריטאניע און דער סאָוועטען מאכט. און איהר וועט אלע מוזען אפגעבען דין וחשבון צו גרויס בריטאניע וואָס איהר משפט מיך הינטער'ן רוקען פון אייער מאנדאטען מלוכה.

ווען דער רויטער הענקער האָט אויפגעהערט צו רעדען, האָט איהם די שטימע געפרעגט:

— האסטו נאָך וואָס צו מוסיף זיין צו דיינע רייד?

— ניין! — האָט ער ארויסגעברומט ווי א ווילדע חיה אין שטייג.

און די שטומע האָט גענומען רעדען:

— דו מאכסט א גרויסען טעות! דו רויטער הענקער!

מיר משפט'ן דיך געזעצליך אלס פיראט, וועלכער האָט זיך ארייג־גע'גנב'עט אויף אונזער שיף, געוואָלט ערמאָרדען אונזער קאפיטאן און אוועקרויבען אונזער שיף, און גרויס בריטאניע, האָט דערמיט ניט וואָס צו טהאָן, און אגב ווייס גאנץ גוט גרויס בריטאניע, אז אייער רעגיערונג איז ניט מעהר ווי א באנדע רויטע טייוואָלים, וועלכע האָבען פארכאפט די מאכט, און מאכען חרוב די לאנד און נאָך מעהר, די באנדע צווישען זיך אליין, קענען זיך ניט צוטהיילען מיט דעם רויב. מען טויטעט איינע די אנדערע, און עס וועט אזוי אנהאלטען ביז די באנדע וועט זיך אליין פארניכטען, ערשט נאָכדעם וועט די ליעג פון נאציאָנען צו־נעמען די גרויסע חרוב'דיגע רוסלאנד אונטער איהר

השגחה. פארלויפיג מוז מען זיך מיט אייך רעכענען ווי מיט רויבער.

דעם מחבר פון אייער רויטער תורה, דעם גרויזאמען ניקאלייען, קענען מיר זעהר גוט. ער האט אויף א היפאקריטישען שארלאטאנסקען אופן, צובראכען דעם מענשליכען מאראל און יושר. מיט זיין היפא־קריטסווע און שווינדעל, האט ער פארפיהרט נאאיווע עהרליכע מענשען וועלכע האבען געגלויבט, אז די אלוועלטליכע סאציאלע גאולה איז שוין געקומען.

דו גרויסער רויטער הענקער! דו האסט אנגעווענדעט כל׳ערליי־איגע משונה׳דיגע טשעקאאיסטישע אינקוויזיציאנס־מיטלען, אויף דער גרויסער מארטירערין יהודית קאפלאן, וועלענדיג איהר צווינגען, אז זי זאל זיך מודה זיין, אז זי האט דערשאסען דעם רויטען ניקאלייען, כאטש אין דער אמת׳ן האט איהם גאר דערשאסען בעטקע, די הויפט־ריכטערין פון דער ויטער מלוכה, פאר וועלען דורכפיהרען איבער איהר זיין בעסטיאלישען רויטען אונמאראלישען טהאט. וואס ווען טו ענטפערען דארויף? דו רויטער הענקער!

— ס׳איז ניט אמת! — האט דזשערדזשינסקי אויסגעברומט ווי א חיה. — די הויפטריכטערין פון רוסלאנד האט ניט דערשאסען דעם גרויסען ניקאלייען נאר איהר געהילפין יהודית! און איך האב געהאט דאס פולע רעכט זי צו מאטערען, און לסוף האט זי זיך אליין גענומען דאס לעבען.

א קורצע ווײלע האט געהערשט א טויטע שטילקייט. דער פלאץ האט אויסגעזעהן ווי עפעס מיסטעריעז, דורך די נאכט שאטענס.

— רופט אריין די עדות מעדוועדיעוו און טשערטשינסקי! — האט די שטים אויסגערופען.

מען האט צוגעפיהרט צום שטיין צוויי אלטע אויסגעדארטע באר־שעפענישען, און דער גאנצער פלאץ איז פלוצלונג באלויכטען געווארען מיט פייערלאך פון מענשליכע אויגען. א פחד איז באפאלען אלע פארברעכער, ווען זיי האבען דערזעהן מענשען מיט פערשיעדענע טייפעלשע געשטאלטען מיט הונדערטע אויגען וואס האבען געשפריצט מיט משונה׳דיגע פייערלאך.

דזשערדזשינסקי איז געשטאנען פנים אל פנים, מיט זיינע צוויי רויטע אגענטען פון וועלכע ער האט דערקענט בלויז די שאטענס. זיי האבען גיכער אויסגעזעהן ווי סקעלעטען איידער מענשען.

— טאווארישצי! — האט ער אויסגעשריען ניט מיט זיין קול.

— ניין! — האָט מעדוועדיעוו געענטפערט, פּונקט ווי פון דער ערד, קוים וואָס מען האָט געקענט הערען — איך בין ניט דיין טאָוואַ־רישץ! דו ביזט דער טייפעל אַליין!

דו האָסט פּאַרטרונקען אונזער מאַמעלע רוסלאַנד אין בלוט! איך האָב אייך בלינד געפאָלגט, און איצט זעה וואָס פון מיר איז געוואָרען? דער אידישער גאָט פּייניגט מיך, ניט ער לאָזט מיך שטאַרבען, און ניט ער לאָזט מיך לעבען, טשאָרט וואָזמי! איך בין ביי מיין פולען באַוואוסטזיין און שוועה, אַז דעם רויטען ניקאָלייען, די שאַנדע פון רוסלאַנד, האָט אָפּגעראַמט פון דער וועלט, די גרויסע ריכטערין פון רוסלאַנד די קראַסאָוויצע בעטקע, און די מאַרטירערין יהודית האָט מען אומזיסט געמאַטערט! טשאָרט פּאָבערי!

— דו ביזט אַ גרויסער ליגנער! אַ פאַררעהטער צו אונזער רויטער תורה! — האָט דזשערדזשינסקי געשריען אויסער זיך.

נפתלי האָט איהם געגעבען אַזאַ טרייסעל, אַז דער תליון האָט דערפיהלט ווי אַלע זיינע אברים ווערען צוריסען.

— ווען איינער רעדט מוזען אַלע שווייגען! — האָט ער באַמערקט.

טשערטשינסקי האָט שטאַמלענדיג געזאָגט:

— כ'האָב שוין לאַנג אָנגעהויבען צו גלויבען בעסער אין יעזוס'ן, אַלס אין דעם רויטען טייפעל! טשאָרט פּאָבערי! די הויפּט-ריכטערין בעטינקע האָט מיר אַליין געזאָגט, אַז זי האָט דערשאָסען דעם רויטען ניקאָלייען, טשאָרט פּאָבערי! — און ער האָט זיך גענומען צלמ'ען.

— וואָס זאָגסטו איצט? דזשערדזשינסקי! — האָט די שטימע געפרעגט.

— זיי זיינען פאַררעטהער! — האָט ער געשריען.

— זאָל קומען די הויפּט־ריכטערין פון דער רויטער מלוכה בעטקע, און עדות זאָגען! — האָט אַ שטימע אויסגערופען.

אַלע שאָטענס האָבען זיך גענומען באַוועגען. די פייערלאַך פון די מענשען־אויגען זיינען געוואָרען גרעסער און ליכטיגער, און בעטקע איז ערשינען מיט איהר פולען פּראַכט און גלאַנץ, אין די זעלבע „רויטע בגדים", ווען זי פלעגט משפּט'ן פאַר דער סאָוועטען מאַכט.

— הערען ריכטער און געשוואָרענע! — האָט זי אויסגערופען, — איך בעטקע, די געוועזענע הויפּט־ריכטערין פון דער גרויסער רויטער מלוכה פון רוסלאַנד, בין צום באַדויערען אַריינגעפאַלען אין די הענט פון די רויטע־טייוואַלים, איך האָב אומשולדיג געגלויבט, אַז איך קעמף פאַר אַז אמת'ן מענשליכען יושר'דיגען אידעאַל, אָבער איך האָב

גיך געעפענט מיינע פארשמירטע אויגען, איך האָב דערזעהן אַז איך געפין זיך גאָר צווישען אַ באַנדע רויטע גזלנים, וועלכע ווילען צו־ברעכען יעדען מענשליכען פרינציפּ און מאָראַל, דאַן האָב איך באַ־שלאָסען צו נעמען דעם משפט אין מיינע אייגענע הענט, וואָס איך בין געוועזען פול בארעכטיגט, סיי אלס הויפּט־ריכטעריין און סיי אַלס פאַר־טהיידיגעריין פון מיין עהרע. און ווען דער רויטער טייפעל ניקאַליי, איז מיר באַפאַלען ווי אַ ווילדע חיה, האָב איך גלייך אָפּגעפייערט דריי קוילען אין זיין בעסטיאַלישען קערפּער, און די וועלט איז פטור גע־וואָרען פון דעם גרעסטען אכזר פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט. זינט דאַן בין איך אַנטלאָפען פון דער רויטער מדינה. איך האָב אָבער גע־וואוסט, אַז די רויטע ווילען פאַר׳סמ׳ען די וועלט מיט זייער שדים־אַרבייט, האָב איך זיך פאַרשטעלט פאַר דעם דייטשען שוואַרצקאָפּ האַקענקרייצלער, וועלכער איז אַ גרויסער טייפעל. איך האָב אויס־געפונען אַלע זייערע רויטע סודות און פאַרהיט דערמיט פיעלע לענדער, אונזער ארץ ישראל אויך אַריינגערעכענט.

דיין שטונדע האָט געשלאַגען, דו רויטער הענקער! איך האָב געדענקט, אַז אפשר האָסטו אין זיך כאָטש איין מענשליכען פונק, און דאַן וואָלטען מיר זיך געקענט נוהג זיין מיט יושר און רחמנות, אָבער ווי איך זעה, ביזטו רויט און בעסטיאַליש דורך און דורך! און מיר וועלען מוזען אַנווענדען נאָר דעם מדת הדין.

בעט צו דיין רויטען גאָט! איידער דער משפט הויבט זיך אָן, אפשר וועט ער דיך קענען מציל זיין פון די הענט פון גערעכטיגקייט! — און זי האָט פאַרנומען איהר פּלאַץ.

דזשערדזשינסקי איז געפאַלען צו דער ערד. ער האָט אַרויס־געלאָזען אַ געשריי ווי פון אַ פאַרוואונדעטע חיה, און דער עכא האָט מורא׳דיג אָפּגעקלונגען אויף די בערג. דער רויטער הענקער האָט גע־וויינט. ס׳איז ניט געווען אַ וויינען פון חרטה אויף זיינע שלעכטע מעשים, ס׳איז נאָר געווען אַ שרעק פאַר׳ן טויט, וועלכער איז גע־שטאַנען פאַר זיינע אויגען. ס׳האָט זיך געהערט אַ קרעכץ פון איינעם וואָס גוסס׳ט. ער האָט זיך געקייקעלט ווי אַ שלאַנג, געוויינט, זיך געבעטען רחמים, ביז אַלעס איז ווידער שטיל געוואָרען.

און אַ שטימע האָט גערעדט קלאָהר און דייטליך:

— דו וויינסט! ? דו רעדסט פון רחמנות! דו אשמדאי פון אַלע בלוט־דורשטיגע חיות און וואַמפּירען! האָסטו זיך צוגעהערט צו דעם געוויין פון אַלטע טאַטעס און מאַמעס! פון אומשולדיגע יונגינקע

קינדערלאַך? וואָס גרעסער ס'איז געווען זייער הערצרייסענדער געוויין, אַלץ גרויזאַמער גזלנ'ישער און גיהנומ'דיגער האָט זיך געהערט דיין „רויטער געלעכטער“. פון אייער „רויטען-ווערטערבוך“ האָט איהר אויסגעמעקט דעם וואָרט „רחמנות“. ס'איז געווען אַ פאַרברעכען אפילו צו האַלטען דעם וואָרט אין די געדאַנקען. איהר זייט געווען שרעק־ליכער, גרויזאַמער און בלוטיגער אפילו פון דעם גרויסען אַלוועלט־ליכען „בלוטיגען מבול“, איהר האָט צוטרייסעלט און חרוב געמאַכט די יסודות פון דער וועלט, און געוואָלט אויף דעם אָרט בויען אַ „רויטען-גיהנם“, וואו ישר, רחמים, און מענשליכקייט זאָלען ניט טאָרען דערמאָנט ווערען. איהר האָט געמאַכט פון אַלע גרויסע אידישע שטעדט שטילע בית-עלמינ'ס!

דערמאָן ניט דעם וואָרט רחמנות! בעט בעסער צו דיין „רויטען ניקאָלייען“, אפשר וועט ער דיר העלפען!

ס'איז געוואָרען שטיל. דזשערדזשינסקי האָט מיט ציטערניש זיך געבעטען: „אָה, דו גרויסער ניקאָליי! העלף מיר! זיי מיך מציל פון די הענט פון מיינע פייניגער, דו גרויסער הייליגער ניקאָליי!“

פלוצלונג האָט אָנגעהויבען קלאַפּען און דונערן. די שאָטענס האָבען גענומען אַרומפליהען, און די אויגען האָבען געשפריצט מיט כל'ערליי־איגע פייערלאַך, און די געשטאַלט פון ניקאָליי לענין איז געבליבען שטיין פאַר דעם רויטען הענקער.

— אָה, דו גרויסער גאָט ניקאָליי! — האָט דזשערדזשינסקי זיך געקייקעלט צו זיינע פיס, — דו ביזט געקומען מיך מציל זיין? דו ביזט געקומען ראַטעווען דיין טרייען תלמיד, דיין רעכטע האַנט?

— שטיל! — האָט זיך געהערט אַ דונער פון ניקאָליי'ס מויל, — שטיל דו פאַררעטהער! איך האָב געהערט דיין געוויין אַזש פון יענער וועלט. איך האָב געהערט ווי דו ביזט עובר אויף מיין געבאָט. אין מיין רויטע תורה, וואו ס'שטעהט בפירוש געשריבען: אַז מען טאָר ניט דערמאָנען דעם וואָרט „רחמים“, דו האָסט „געוויינט“, דו האָסט זיך „געבעטען“ אָט פונקט ווי אַ בורזשוא. דאָס איז געגען דעם גייסט פון מיין רויטער תורה, וועלכע איז געבויט נאָר אויף „בלינדע רציחה“, „קאַלט-בלוטיגער טויבער-מאָרד“, דו מוזט ליידען פאַר דיין גרויסען פאַרברעכען, פאַר דערמאָנען דעם וואָרט „רחמנות“, דו וועסט מוזען דערפאַר איבערלעבען עטליכע שוידערליכע גיהנמ'ס און שווערע אימה'־דיגע טויט שרעקענישען.

ביז אַהער, ביזטו געווען מיינער אַ געטרייער תּלמיד. דו האָסט אויסגעגאָסען אַ קאַלטען בלינדען צאָרען אויף מיליאָנען מענשען, אויף טויזענטע שטעדט און דערפער. דו האָסט קאַלט ווי אַ מאַשין פאַר־פייניגט, אויסגעשאָכטען גאַנצע קלאַסען און גרופען. דו האָסט אָפּ־געמעקט פון דער וועלט, כמעט אַלע רוסישע אידען, וועלכע זיינען בורזשויען פון גרעסטען ביז׳ן קלענסטען. דו האָסט געמאַכט די גרעסטע שחיטה אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. דו האָסט אנגעשטעלט דיין גרויסע האַק איבער הונדערט און פופציג מיליאָן מענשען און ס׳האַקט גאָר אָהן אַנ׳אויפהער, און איצט בעטסטו אַליין רחמנות? דו גרויסער פאַררעטהער! גלויבסטו שוין מעהר ניט אין מיין רויטער תורה? גלויבסטו שוין ניט מעהר אַז „יושר און רחמים״ איז גראָדע דער היפוך פון אונזער לעהרע? — און אַ הילכיגער טייוועלשער געלעכטער, ווי פון מיליאָנען שדים האָט פאַרהילכט די שטילקייט פון דער נאַכט, און די געשטאַלט איז פאַרשוואונדען.

און די שטימע האָט אויסגערופען:

— דו רויטער הענקער! דו זעהסט אַז אפילו דיין רויטער גאָט, האָט דיך אויך פאַרלאָזען, ער איז מאַכטלאָז געגען דעם ליכטיגען אמת. זאָלען די צוויי קאָמיסאַרען אויך עדות זאָגען, ווייל מיר ווילען אַז דער משפּט זאָל אַרויסקומען אַ גערעכטער, און ווען אפילו איין עדות פון טויזענט וועט עטוואָס מלמד זכות זיין, וועלען מיר משפּט׳ן מיט יושר...

מען האָט צוגערופען יאַשקע מיט פּיוולען.

— פאַרשטעהסט איהר מיך, — האָט יאַשקע אָנגעהויבען, — איך, יאַשקע קאָמיסאַר, האָב אַלע מאָל געחלומ׳ט, פון אַ ליכטיגע אידעאַלע רעוואָלוציע, וואו „פרייהייט״, „גלייכהייט״ און „ברידערליכקייט״ זאָלען עקזיסטירען פאַר אַלעמען גלייך; פאַר אידען, קריסטען, מאַכּ־מאַדאַנער און אנדערע אמונות. עס זאָל ניט זיין אָרים און רייך. מען זאָל זיך צוטהיילען מיט אַלע רייכטהימער, מיט יושר און מענש־ליכקייט, און אַלע זאָלען לעבען ווי ברידער, פאַרשטעהט איהר מיך. מען זאָל ניט אונטערדריקען דעם אַנדערענס געדאַנקען און געפיהלען. „כל איש ילך בשם אלקיו״, זאָל זיך יעדער איינער דיענען זיין גאָט ווי איהם געפעלט און ווי ער פאַרשטעהט, און יעדער איינער זאָל אַרויסברענגען דאָס בעסטע און אָריגינאַלסטע וואָס ער פאַרמאָגט, און אַלע צוזאַמען זאָלען באַרייכערען, פאַרשענערען און פאַרבעסערען אָט די גרויסע ליכטיגע וועלט, מיט אַלע איהרע אוצרות. איך האָב

עס געגלויבט באמונה שלימה, פארשטעהט איהר מיך, אט אזוי ווי דער גרויסער טראצקי גלויבט נאך עד היום. אבער איך זאל זיך ריכטען אויף אזא מפלה! דאס האב איך אפילו קיינמאל ניט גע'חלומ'ט, פארשטעהט איהר מיך. אמת, איך האב פארשטאנען, אז וואו ס'איז „ליכט" מוז אויך זיין „שאטען" אט אזוי ווי אין קערענסקי'ס רעזשים, ס'איז געווען „ליכט" און „שאטען", ס'איז געווען מענשליך. אבער דער רויטער רעזשים איז דורכאוים „שאטען", אהן א שום ברעקעל ליכט, פארשטעהט איהר מיך. די רויטע האבען ארויסגעריסען אלץ מיט די ווארצלען. מען האט געהאלטען אין איין שחט'ן, שיסען, ברענען און צושטערען, און דאס „ליכט" זעהט זיך נאך אלץ ניט.

דער גרויסער טריבונאל מיט אלע רויטע כלי־קודש, לעבען טאקע א חזיר'שען טאג, אט פונקט ווי אין „בימי ראספוטינס" צייטען, און אפשר נאך מיט א מותרות.

יענע פלעגען עס לכל הפחות פארדעקען פון דער וועלט, אבער די רויטע האבען אויסגעמעקט די ווערטער „חרפה ובושה", פונקט ווי ווילדע חיות, פארשטעהט איהר מיך. און איך יאשקע קאמיסאר זאג: „אסור לרחם" פארשטעהט איהר מיך. „מען טאהר ניט געבען דעם שטן שמעקען ווייררויך", הייננט א פשיטה דעם „אשמדאי" אליין? דער רויטער הענקער האט פארדיענט דעם טויט „על פי דין" און „על פי יושר". מען מוז זיי די „רויטע" „פשוט אפמעקען פון אונטער דעם הימעל", פארשטעהט איהר מיך!...

— אין באדמה אריין! — האט פייוועל אויסגעשריען, — כ'האב זיך געבעטען ווי ביי גזלנים, „כ'קען ניט אין דר'ערד אריין" האב איך גע'טענה'ט. „לאזט אפ די אלטע" האב איך געזעוועט ווי אן אקס, „לאזט זיי אפ אט דעם גרויסען אלכסנדרן מיט'ן אלטען פיא". ער, אין באדמה אריין! ער איז דאך א איך געווארען, איהר הערט? „לאזט איהם אפ!" שריי איך, „כ'קען ניט זעהן אט ווי דער אלטער וואיעט ווי א כלב, אין ד'רעד אריין", און זיי אט דארט, די העכערע, אט גאר די גרויסע אדונים, אין דר'ערד אריין שרייען: „פייוועל! ס'איז זאקאן" אין דר'ערד אריין!" „מען טאר ניט רחמנות האבען" אזוי זאגט דער „אדון הגדול" אליין, אין באדמה אריין! „אויף קיינעם ניט, אפילו אויף אן אלטען טאטען אויך ניט", „מען טאר ניט!" „אז ניט איז פיף־פאף!" אין באדמה אריין!

אבער איהר הערט חברים פאלעסטינצעס! — שרייט ער אויס נאך העכער, — כ'קען ניט! איהר הערט ער וויינט, אט דער גרויסער

טשעקאאיסט! אין באדמה אריין! לאזט איהם אפ! אין דר'ערד אריין! כ'קען ניט הערען ווי מען וויינט! אפילו ווען א כלב וואיעט איז אויך ניט גוט, איהר זעהט! ? אט א דא, עם טיאכקעט, ער קלאפט אין הארצען! יאשקע, אין באדמה אריין! דו ביזט דאך א לערנער, דו פארשטעהסט דאך אלעס, אין באדמה אריין, זאג זיי דו, אט די גוטע חברים, א מענש וויינט! אין דר'ערד אריין! — און פייוועל האט זיך צוכליפעט.

אלעס ארום איז געווען איינגעוויקעלט אין א טויטע שטילקייט. ס'האט זיך נאר געהערט פייוועל'ס כליפען.

— דזשערדזשינסקי! — האט א שטימע אויסגערופען, — דו גרויסער תליון, פון דער גרויסער אומגליקליכער מדינה. דו הערסט ווי אט דער גרויסער תמימות'דיגער אומשולדיגער פייוועלע קאמיסאר, פיהלט דעם רחמנות איבעראל און פאר אלעמען? ער דער אומשול־דיגער, ברייט-הארציגער „בעל רחמים" קען ניט זעהן קיין טרערען, אפילו קיין רויטע טייפעלשע טרערען, „ער קען ניט" שרייט ער, דו האסט נאך א שטיקעל האפנונג אויף לעבען.

— ער'ט נאך ווערען א איד! — האט פייוועלע אויסגעשריען.

—פייוועל! — האט די שטימע געזאגט, — די אידישע נאציאן מיט דער אידישער אמונה נעמען אריין אלערליי מענשען אבער ניט קיין „שדים". שווייג! דו גרויסע קינד! אז דו וועסט ווערען א לערנער אט אזוי ווי יאשקע, וועסטו דאן פארשטעהן.

ס'איז צוגעקומען איבראהים.

— שלום צו דיר כאוואדזשע! מיר אראבער, האבען אין אלע צייטען געלעבט ווי ברידער מיט אידען, גאר אמאל האבען מיר בשותפות מיט אידען געשאפען די שעהנסטע ליטעראטורען פון וועלכע די איי־ראפעער שפייזען זיך און גרויסען זיך עד היום, און מיר וועלען תמיד לעבען אין שלום און אחדות און בשותפות אויסבויען א שעהנע גרויסע ליכטיגע ארץ ישראל, אז אלע אייראפייער וועלען זיך קומען צו אונז לערנען אט ווי אין די שנים קדמוניות, און אט די „רויטע הינט" זיינען געקומען און צומישט די מחות און גדראנקען פון פיעלע פון מיינע ברידער און זיי האבען געוואלט אנשטעקען מיט זייער רויטען סם אונזער בשותפות'דיגער ארץ ישראל.

ניין! ניטא קיין רחמנות אויף אזעלכע רויטע כלבים, — און ער האט זיך צוזונגען מיט אן אומעטיגען ניגון! „אלא! אלא! אלא! אלא!" וועלכער האט אפגעקלונגען אין די שטילקייט פון דער נאכט.

פלוצלונג האבען זיך די שאטענס מיט איינמאל אויפגעשטעלט. א פחד איז באפאלען אלע פארברעכער. יעדער איינער האט זיך גע־טוליעט צום צווייטען. זיי האבען געפיהלט אז עטוואס שוידערליכעס וועט דא באלד געשעהן.

— הענקער פון אלע הענקערס! — האט די שטים אויסגערופען — זיי גרייט צום גרויסען און גערעכטען משפט. מיר וועלען דיך ניט טויטען, צוליעב דעם מלמד זכות פון דעם גרויסען פייוועלע קאמיסאר. אבער מיר וועלען דיך מאכען אומשעדליך, אז דו זאלסט מעהר ניט קענען אנפיהרען דיין רויטע טייוועלשע בלוט פארגיסונג אידעאלען.

ס'איז זעהר געווארען ליכטיג, פונקט ווי אין מיטען טאג. ס'איז צוגעקומען א געשטאלט מיט א „רויטע יארמולקע".

— איך בין איזמאיל! — האט ער אויסגערופען, — ווען די קריסטליכע שפאניען האט געמאכט א גירוש אויף אידען, האבען מיר זיי אריינגענומען אין אונזער מדינה. אמת, מיר האבען זיי געגעבען צו פארזוכען דעם טעם פון טערקישע רויטע פעפערלאך, אבער ס'איז אלץ געווען מיט חסד. אלא איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט.

איזמאאיל איז געבליבען שטיין אין מיטען. צוויי שטארקע הענט האבען אוועקגעזעצט דזשערדזשינסקין אויף א שטיין, לעבען איזמא־איל'ן. איבראהים האט אריינגערוקט א שטיק אייזען צווישען דעם רויטען הענקערס צייהנער, און האט ארויסגעשלעפט זיין צונג. איזמאאיל האט אין מיטען פון צונג אריינגערוקט אן אנגעברענטען שפיציגען אייזען און די לופט איז געווארען פארהילכט פון א געשריי פון א פארוואונדעטע חיה, און ס'האבען אפגעקלונגען עכאס פון וועלף וואמפירען און כל'ערלייאיגע פארוואונדעטע בלוט־דורשטיגע חיות.

און די שטימע האט גערעדט.

— דיין „אשמדאי צונג" האבען מיר געמאכט אומשעדליך. דו האסט דאך אבער הענט און אויגען, וועלכע קענען נאך אנטהאן דער וועלט די גרעסטע צרות, און דאס מוזען מיר אויך באזייטיגען. מיר וועלען דיר איבערלאזען נאר דיין נשמה אום דו זאלסט קענען תשובה טהאן, דאן וועסטו זיין פערשלאסען אין א חורבה דיין גאנצען לעבען, און מעדוועדיעוו מיט טשערטשינסקי וועלען אויף דיר אכטונג געבען, ביז דער אידישער גאט וועט זיך אויף דיר מרחם זיין, און וועט דיר צושיקען זיין רפואה.

מען האט איהם אויסגעברענט די רעכטע אויג און אפגעשניטען די רעכטע האנט און אזוי האט זיך געענדיגט דער משפט פון גרעסטען הענקער אין דער וועלט, דער רויטער תליון דזשערדזשינסקי.

שווארצקאפ'ן, קריוואיעדאוו'ן, סאבאקין און סטיאפקען, האט מען אריינגעגעבען אין א מאנאסטיר אונטער זעהר א גוטער שמירה.

ניגלאס'ן דעם סעקרעטער פון די קאמוניסטען פון אנקעל סעם מיט זיין ארויסהעלפער רויטקאפ דעם געשטופעלטען, האט מען אוועק־געשטעלט אין א קבוצה ארבייטען אונטער דעם אויפזיכט פון נפתלי'ן, און אויב זיי וועלען אויף אן אמת חרטה האבען אויף זייערע שלעכטע טהאטען, וועט מען זיי פריי לאזען. אבער ביז זעכציג יאהר צייט מוזען זיי אלע אווענט זיך מעלדען צום ועד, פון די קבוצות. און אויף אזא אופן האט זיך גענדיגט דער משפט פון דער „רויטער געזינדל“.



זיבען־און־פופציגסטער קאפיטעל.

## די גליקליכע חתונה

אין ארץ־ישראל האט געקאכט מיט דער גליקליכער חתונה. אלע פאבריקען אין די שטעדט און חלוצים, ארבייטער אויף די פעלדער, האבען געמאכט א יום־טוב. איבעראל האט מען געזעהן נאר פרעה־ליכע פנימ׳ער, פונקט ווי גאנץ ארץ־ישראל וואלט געגאנגען א פרעה־ליכען קאראהאד. דאס איז געוועזן דער טאג, ווען „לואי דער שוויי‏גער“, דער גרויסער אמעריקאנער, וועלכער רופט זיך איצט יהודה, האט זיך איצט פאראייניגט מיט דער געוועזענער הויפט־ריכטערין בעטקע, די איצטיגע יהודית, אין דעם טאג איז פראקלאמירט געווארען א נאציאנאלער יום־טוב.

אויף דער חתונה איז ספעציעל געקומען דער „נדיב הידוע“, באראן עדמאנד ראטשילד, דער פאטער פון נייעם ישוב אין ארץ־ישראל, וואס דאס האט געגעבען זעהר א גרויסע באדייטונג צו דער שמחה און האט אלעמען אריינגעפיהרט אין עקסטאז.

ווייל דער „נדיב הידוע“ האט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער אידישער געשיכטע מיט זיין אומבאגרעניצטער ליעבע צו ארץ־ישראל, מיט זיין טרייהייט צו דער אידישער לאנד און מיט זיין איבערגעבענ־

הייט צו דעם גרויסען אידעאַל פון אויפבויען דאָס לאַנד. ער איז דער בויער פון ציון פאַר די לעצטע פופציג יאָהר. ער האָט געוואוסט נאָר איין זאַך: בויען און פלאַנצען, פלאַנצען און בויען; קויפען ערד און עס פארוואַנדלען אין אַ אידישען ישוב — דאָס איז געווען זיין ארבייט. און וואָס אַ יאָהר באַגרייפט מען דאָ אַלץ מעהר די וויכ־טיגקייט פון די גרויסע אויפטהואונגען פון אַלטען נדיב פאַר ארץ־ישראל און מען פיהלט אַלץ מעהר אכטונג און דאַנקבארקייט צו דעם גרויסען פּאַטריאַרך, וועלכער האָט זיין נאָמען איינגעקריצט אין די אידישע הערצער, און דעריבער איז איצט די שמחה געווען גאָר אָהן אַ גרענעץ. אַלע איינוואוינער פון ארץ־ישראל האָבען געפיהלט, אַז זייער גרויסער טאַטע איז געקומען זיך משמח־זיין אויף דער „חתונה“ פון זיינע גרויסע קינדער.

איבער׳ן גאַנצען לאַנד האָט מען אויסגעפּוצט די גאַסען און די הייזער מיט גרינס און פאָהנען. מען האָט פּראָקלאַמירט בטול מלאכה און ארויסגעלאָזען די תלמידים פון אַלע שוהלען און גימנאַזיעס. רייטער אויף שעהנע פלינקע פערד אונטער נפתלי׳ס קאָמאַנדע, האָבען ער־וואַרטעט דעם אָנקומען פון חתן־כלה, מיט׳ן באַראָן און באַראָנעסע און אַלע מחותנים, און ווען זיי זיינען אָנגעקומען זיינען זיי באַגע־גענט געוואָרען מיט הילכיגע ברידערליכע אויסגעשרייען: חתן־כלה מזל טוב! יחי הברון! און אַלע האָבען גוט געקענט מערקען די פריידען־טרערען אין אַלעמענס אויגען. זייערע פּנים׳ער האָבען גע־שטראַהלט פון אינערליכער פרייד.

עס איז אָנגעקומען אַ גרויסע צאָהל שעיקס. מען האָט באַגריסט דעם באַראָן און געוואונשען חתן־כלה און די מחותנים מזל־טוב.

אויפ׳ן הר הצופים, וואו מיט אַ קורצער צייט צוריק איז געפייי־ערט געוואָרען די גראַנדיעזע ערעפענונג פון דעם העברעאישען אוי־ניווערזיטעט, איז איצט געפייערט געוואָרען די חתונה פון יהודה מיט יהודית׳ן, כדת משה וישראל. עס האָבען זיך צונויפגעקליבען די נרעסטע פּערזענליכקייטען פון אידישען פאָלק, מיט דעם פאָטער פון אידישען ישוב אין ארץ־ישראל, דער גרייז־גרויער „נדיב־הידוע“ און דער אידישער נציב, שמואל דער ערשטער, אָן דער שפּיצע. דער רב־הכולל פון ארץ־ישראל, הרב קוק, איז געווען דער „מסדר קידושין“, און אַזוי גיך ווי די צערעמאָניע איז געווען צו ענדע, איז די ערד פאַרציטערט געוואָרען פון אַ הילכיגען מזל־טוב, וועלכער איז אַרויסגע־קומען פון צעהנדליגע טויזענדער מיילער.

דער באַראָן האָט מיט האַרציגע ווערטער אויסגעדריקט די גע־פיהלען וואָס ער לעבט איצט דורך, זעהענדיג ווי דער אידישער ישוב אין ארץ־ישראל, זיין ליעבלינקס־קינד, בליהט, וואַקסט און ווערט פאַרצווייגט. ער האָט באַזונדערס התלהבות׳דיג גערעדט מכח די אַלטע חלוצים, די בילו׳צעס, וועלכע ער האָט באַצייכענט אַלס די לייכטענדע שטערן אין דער געשיכטע פון ארץ־ישראל. ער האָט אויך שטאַרק געלויבט זייערע קינדער און זיי אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער נויטווענדיגקייט צו ענטוויקלען מעהר אַקער־בוי און פּראָדוצירען וואָס מעהר תבואה און פּרוכט. און ער האָט הויך אויפ׳ן קול אויסגע־שריען:

— מיין האַרץ פרעהט זיך, זעהענדיג אַלע קאָלאָניסטען פאַרזאַ־מעלט דאָ אויף דעם דאָזיגען הייליגען פּלאַץ, דער פּלאַץ, וועלכער וועט זיין דער הויפּט־צענטער וואָס וועט פאַראייניגען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק.

פון דאָרטען זיינען אַלע געפאָהרען צו יהודה׳ס וואונדערבאַרע ווילא, וואו עס האָט אויף זיי געוואַרט אַ רייכע סעודה.

אויף דער סעודה האָט דער נציב געהאַלטען אַ וואַרימע רעדע. ער האָט געגעבען אַן אָפּשאַצונג פון דער היסטאָרישער חתונה, די פאַראייניגונג פון דעם גרויסען אַמעריקאַנעם מיט יהודית׳ן, וועלכע עס האָט אַ גרויסע פּאָליטישע באַדייטונג פאַר דעם פאָלק ישראל און פאַר ארץ־ישראל. אין דער פאַראייניגונג פון דעם גרויסען אַמערי־קאַנעם איד מיט דער שעהנער בת־ציון, האָט דאָס אידישע פאָלק געוואונען אויף אַלע געביטען: פּאָליטיש, עקאָנאָמיש און גייסטיג. ער האָט אויך געגעבען אַן אָפּשאַצונג פון דעם „נדיב הידוע" און דער־מאַנט, אַז אַרום דעם דאָזיגען פּלאַץ זיינען פאַראַן קאָלאָניעס וואָס ווערען גערופען אויף דעם נאָמען פון די עלטערן און גרויס־עלטערן פון באַראָן.

— וואָס פאַר אַ נאָמען — זאָגט דער נציב — זאָל מען רופען דעם אָרט, וואָס וועט אונז דערמאָנען דעם באַראָן ראָטשילד אַליין? אַלע אין ארץ־ישראל דערמאָנען מיט גרויס דרך־ארץ און ליעבע דעם דאָזיגען גרויסען היסטאָרישען נאָמען.

נחום סוקולוב האָט געהאַלטען אַ גלענצענדע רעדע, אין וועלכער ער האָט איבערגעגעבען די געפיהלען פון דאָס אידישע פאָלק אין ארץ־ישראל צום גרויסען אַמעריקאַנער און צו זיין העלדישער בת־ציון,

ווי אויך צום פאָטער פון ישוב, וועלכער האָט אזוי פיעל געטאָן און געשאַפען פאַר דאָס לאַנד.

מ. מ. אוסישקין האָט אונטערגעשטראָכען אין זיין רעדע, אז אין דעם דאָזיגען שעהנעם רוהיגען ווינקעלע האָבען זיך איצט צונויפגע־טראָפען די דריי פונדאמענטען פון דער נאַציאָן: דער באַראָן — דער געבער פון באָדען; דער נציב — דער באשאַפער פון פּאָליטישען סטאַ־טוס, און סוקולוב — דער סימבאָל פון ציוניזם, וואָס באַנייט און לעבט־אויף די אידישע נאַציאָנאַלע קולטור און די „פאַר פאָלק״, דער גרויסער לואי־יהודה מיט זיין יהודית׳ן, זעצען פאַרט די אַלע דריי זאַכען צו־זאַמען.

דער מזכיר פון „ועד הלאומי״ האָט געהאַלטען א רעדע, אין וועל־כער ער האָט באַטאָנט, אז ניט בלויז די וואָס זיצען דאָ, נאָר דער גאַנצער ישוב פון ארץ־ישראל און אַלע טהיילען פון אידישען פאָלק אין דער גאַנצער וועלט, וואָס זיינען פאראינטערעסירט אין אויפבוי פון׳ם לאַנד, קוקען מיט גרויס שמחה אויף דער היינטיגער פאראיי־ניגונג; ווייל דערמיט הויבט זיך אָן א גרויסע עפּאָכע אין דעם לעבען פון פאָלק ישראל, אַן עפּאָכע רייך אין געשעהעניסען און טהאַטען; רייך אין ליבע און קולטור. עס איז א פאראייניגונג פון א גרויסען „רצון״ מיט א גרויסער „מעגליכקייט״ — עס איז א פאראייניגונג צווי־שען גרויסען רצון פון פאָלק וואָס נאָך צוויי טויזענט יאָהר האָט ער באַקומען דעם ערשטען „שטר״ צו דער באַצאָהלונג פון זיין היס־טאָרישען חוב, און צווישען דער „מעגליכקייט״ צו באַצאָהלען איהרע התחייבות׳ן. דאָס אידישע פאָלק פיהלט זיך גליקליך, וואָס אין דער הויף פון בארג צופים זיצט א ברודער און פריינט, אַן אייגענער זון, וואָס היט מיט א ריינער אַבזיכט און מיט טרייהייט דעם שליסעל צו דער אידישער נאַציאָנאַלער היים.

דער גאַנצער עולם שטעלט זיך אויף און מיט התלהבות שרייען אַלע אויס: זאָל לעבען דאָס יונגע פּאָר פאָלק! זאָל לעבען דער פאָטער פון ישוב! זאָל לעבען דער נציב העליון פון דער באַפרייטער יהודה! הידד, הידד, הידד פאַר אַלע מחותנים!...

עס האָבען גערעדט: אַלכּסנדר־ישראל, יהודה, שושנה, יהודית, לואי־יהודה, גולד, לאָעב, יאָשקע קאַמיסאַר, אברהם בן אברהם, איב־ראהים, איזמאאיל. צום סוף האָט גערעדט דער נדיב הידוע.

דער באַראָן איז געווען געריהרט פון גרויס שמחה און ער האָט מיט גרויס געפיהל אָנגעהויבען זיין רעדע:

„קיינמאָל אין מיין לעבען האָב איך זיך ניט אַזוי מצער געווען, ווי היינט, וואָס איך קען ניט קיין העברעאיש. איך וואָלט געוועזן העכסט גליקליך, ווען איך וואָלט געקענט אויסדריקען מיין ברכה אין דער שפּראַך פון אונזערע נביאים, אין דער שפּראַך פון אונזער שיר־השירים!

„צום פעלזען־שטאַרקען גאָט פון ישראל טהו איך בעטען, איך ווידמע איהם מיין האַרץ, און דאַנק איהם מיט מיין גאַנצער נשמה, וואָס ער האָט געטאָן מיט מיר זיין חסד און האָט מיך מזכה געווען צו זעהן אין מיין עלטער די וואונדערבאַרע ערשיינונג: די אויפלעבונג פון ישראל. ווען איך עראינער זיך די פאַרגאַנגענע צייט, שוין באַלד פופציג יאָהר, ווען איך האָב אָנגעהויבען מיין אַרבייט; ווען איך עראינער מיך דעם דאַמאָלסדיגען אויסזעהן פון לאַנד, אַ לאַנד באַדעקט מיט שטיינער און אַנגעפילט מיט דערנער, און איהרע מיזעראַבלע איינוואוינער באַמיהען זיך מיט זייער שוויים אַרויסצוציהען פון דער מאַגערער ערד דינע זאַנגען, דוכט זיך מיר, אַז איך בין אין חלום.

„אין דערזעלבער אַמאָליגער צייט האָב איך אויך געזעהן די שרעקליכע פּייניגונגען און ענוים פון אונזערע אידען אין מזרח־אייראָפּא און אין אַנדערע וועלט־טהיילען, ווי זיי ליידען צער און זיינען אין שרעק פון פּאַגראָמען און איך האָב פאַר זיי ניט געפונען קיין שום הילפס־וועג. בלויז דאָס איינציגע האָב איך געזעהן: זיי זאָלען זיך צוריקקעהרען צו דאָס לאַנד פון די אבות און דאָרטען באַווייזען דער וועלט זייער גייסטיגען און אינטעלעקטועלען ווערטה.

„עס איז מיר קיינמאָל ניט איינגעפאַלען דער געדאַנק, אַז אַלע אידען וועלען אַריינגעהן אין ארץ־ישראל. וואָס איך האָב געדענקט איז אָט דאָס: די גרינדונג פון אַ וויכטיגען גרויסען צענטער פאַר דער ענטוויקלונג פון גייסט פון אידישען פאָלק, זיין הויכע תורה און געהויבענע קולטור, און דער דאָזיגער צענטער וועט האָבען אַ גוטע ווירקונג אויף דער לאַגע פון די אידען אין אַלע לענדער פון דער וועלט.

„פריהער פון אַלץ האָט מען געמוזט פעסטזעצען שטאַרקע פונדאַמענטען אויפ׳ן באָדען. די חלוצים האָבען פונ׳ם ערשטען מאָמענט אָן געקעמפט געגען פאַרשיידענע שלעכטע קראַנקהייטען און מיט דעם באָדען, וואָס גיט זיין פרוכט מיט זעהר גרוים מיה. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און די ערשטע פּלעצער זיינען געוואָרען בליהענדע קאָלאָניעס. מען פלעגט מיר דאָן זאָגען: „איהר בויעט אויף זאַמד“;

אבער דער זאמד איז, אזוי ווי די רייד פון משורר, געוואָרען א ווינ־קעלשטיין פאַר׳ן אויפבוי פון ארץ־ישראל. די פּיעלע באַארבייטע כרמים אין דער וויסטע — אַט דאָס אַלץ האָט באַוויזען די קראַפט און דאָס געדולד פון אידישען פאָלק.

„די רעזולטאטען וואָס זיינען דערגרייכט געוואָרען דורך די דאָזיגע שווערע ארבייט, האָבען פיעל געהאָלפען אין דער גרויסער וועלט די אידישע פראגע.

„די גרויסע אידעאַלע באַוועגונג, וואָס קוועלט פון דעם גרויסקייט געפיהל פון אידישען פאָלק, האָט באַשאַפען א גייסט פון איינהייט און ערבות; זי האָט באַאיינפלוסט די וועלטליכע עפענטליכע מיינונג און האָט געפיהרט אין טאָג פון פרידענס־קאָנפערענץ צו דער דעקלאַראַציע וועגען א נאַציאָנאַלער היים!

די טהאַטזאַך, אז די גרויסמעכטע האָבען אָנגענומען די דאָזיגע דעקלאַראַציע און די „ליעג פון נאַציאָנען" האָבען זי אויך באַשטעטיגט, אַט דאָס אַלץ זעהט אויס, ווי די פאַרווירקליכונג פון דער נבואה וואָס האָט דערוועקט דעם גייסט פון אונזערע עלטערן אין אַלע לאַנגע יאָהרהונדערטע פון דרוק און נויט.

און איצט, נאָך צוויי טויזענד יאָהר, ווערען מקוים פאַר אונזערע אויגען די רעד פון נביא: „כי לו איים יקוו ואניות תרשיש בראשונה להביא בניך מרחוק" — וואָרום איז אונז, וואָס מיר לעבען אין אַזאַ געבענשטער צייט און מיר קענען דערצו נאָך צוגעבען: „אך זה היום שקוינוהו מצאנו ראינו" (דאָס איז דער טאָג, אויף וועלכען מיר האָבען געהאָפט און איהם געזעהן).

„ווי וואונדערבאַר איז די ענטוויקלונג וואָס מיר זעהען היינט. עס האָט איבערשטיגען אַלץ וואָס מיר האָבען געקענט האָפען פון יענער צייט אָן. אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָהרען, אונטער דער אויסגעצייכענטער לייטונג פון אונזער נציב, וואָס האָט איינגעפיהרט אָרדנונג און רוהע אין דער מדינה, וועלכע האָט געוואוסט פון בלויז טיראַנישער הערשאַפט — און וועלכער באַציהט זיך מיט יושר צו אַלע־מען, אָהן אונטערשייד פון שטאַם און רעליגיע! ווי גרויס איז די ענטוויקלונג פון אידישען פאָלק! איבעראַל האָבען אויפגעלעבט נייע קאָלאָניעס, וואָס אין פאַרלויף פון דער צייט פאַרגלייכען זיי זיך אין הצלחה און פּראָספּעריטי מיט די אַלטע. פאָלשטענדיגע אידישע שטעדט זיינען געגרינדעט געוואָרען. תל־אביב איז געוואָרען א גרויסע שטאָדט, אַן אמת׳ער ביענשטאָק פון מענשען, לעבעדיגע און ארבייטזאַמע.

„די פּריוואַטע איניציאַטיווע באַשאַפט די אינדוסטריען פון יעדען סאָרט און צוזאַמען מיט דער ענטוויקלונג פון די קאָלאָניעס, קענען מיר זאָגען, אַז די נאַציאָנאַלע היים שטעהט אויף צוויי שטאַרקע יסודות: ערד־אַרבייט און אינדוסטריע.

אָבער דער איינציגער אידישער אמת'ער סימן פון דער נאַציאָנאַלער היים איז דורך די גייסטיגע און אינטעלעקטועלע אַרבייט, ווייל איבערהויפּט פון דער דאָזיגער זייט קענען זיך אונזערע אידען ענטוויקלען, דעריבער ווערט די עפענונג פון דער אוניווערזיטעט פאַררעכענט אַלס אַ גרויסע געשעהענים אין דער נייער אידישער געשיכטע. מיר האָבען דאָך אין אַלע עקען וועלט, אין אַלע וויסענשאַפט־צווייגען, פיעל גרויסע מענשען פון גייסט, ווי איינשטיין, בערגסאָן און אַנדערע, און וואָרום זאָלען מיר ניט נביאות זאָגען, אַז די העברעאישע אוניווערזיטעט וועט זיין אַ גרויסער ליכט־טהורם, סיי אין וויסענשאַפטען פון נאַטור און מאַטעמאַטיק, און סיי אין וויסענשאַפט פון רעליגיאָן.

„זיך שטיצענדיג אויף דעם וואָס איך האָב געטאָן אין ארץ־ישראל, וויל איך זאָגען ווי עס דאַרף, לויט מיין מיינונג, ענטוויקעלט ווערען די נאַציאָנאַלע היים:

„פריהער פאַר אַלץ מוז מען זאָרגען צו פאַרגרעסערען און צו פאַרשטאַרקען די ערהאָבענע אידעע פון דער נאַציאָנאַלער היים אויף אַלע געביטען און אַרבייטען מיט אַלע כחות פאַר איהר אויפבליהונג. די דאָזיגע אויפבליהונג וועט העלפען אַלע איינוואוינער פון לאַנד אָהן אונטערשייד פון רעליגיאָן. מיר מוזען אָפּהיטען די פּרינציפּען פון אונזערע עלטערן — דעם „ואהבת לרעך כמוך" בנוגע צו אונזערע שכנים.

„וואו מיר וועלען זיך קעהרען און ווענדען, סיי אין אונזערע געווענליכע אַרבייטען און סיי אין אונזערע העכסטע אידעאַלע באַאַבאַכטונגען, מוזען מיר היטען די אידעאַלען פון יודענטהום, די אייביגע לעהרע פון דער העכסטער גייסטיגקייט, די תורה, וואָס האָט אויסגעהאַלטען דאָס אידישע פאָלק, וועלכעס לעבט אייביג און האָט געהיט זיין קראַפט אין פאַרלויף פון טויזענטע יאָהרען.

„אויב איהר וועט פאַרטזעצען די דאָזיגע טראַדיציע, וועט איהר אויך קענען ערפילען אַ גרויסע אויפגאַבע אויף דער וועלט. איהר וועט לעבען מיט „ערעלקייט און ערהאָבענקייט".

„ערציהט אייערע קינדער אין די לעהרע וואָס אונזערע עלטערן האָבען אונז איבערגעגעבען און וואָס האָט אויפגעהאַלטען אונזער פאָלק ביז היינט. איהר וועט זיין געטריי צו אייער עבר און איהר וועט אַרבייטען צו פאַרבעסערן די וועלט מיט גאָטס־קעניגטום; די

ליכט וואס אונזערע עלטערן האבען אונז געגעבען וועט ניט פארלא־שען ווערען און וועט ניט פארלארען געהן פון דור צו דור. אזוי וועט דאס הויז גרויס און ערהאבען ווערען און אזוי וועט לעבען דאס אידישע פאלק צו ערפילען זיין גרויסע אויפגאבע: אויף זיין ארט וועט ער זיצען צווישען די גרויסע פעלקער און די בוי־שטיינער וואס ער האט געלעגט אין ארץ־ישראל וועלען זיין שטארק און פעסט אויף אייביג.

„איך בין שוין געקומען אין די יאהרען פון „גבורות"; איך האב שוין פארענדיגט מיין אויפגאבע און מיסיע. „כי הולך האדם אל בית עולמו" (דער מענש געהט אוועק צו זיין אייביגער וועלט) — און מיין עלצטער זוהן יעקב, וואס זיין גייסט איז ווי מיינער, וועט פארטזעצען מיין ארבייט און וועט פארענדיגען און פארווירקליכען אין טהאטען דאס וואס איך האב אנגעהויבען. גאט זאל שיצען די נאציאנאלע אידישע היים אין ארץ־ישראל!..."

די היסטארישע רעדע פון באראן האט באגייסטערט דעם גרויסען עולם, און אלע ווי איין מאן האבען אויסגעשריען:

„יחי הברון!"

נאך דער היסטארישער חתונה־סעודה זיינען אלע, אין פארפוצטע אויטאמאבילען, געפאהרען באזוכען די וויכטיגע הויפט־פונקטען פון תל־אביב, דורך די שדרת רוטשילד און אנדערע פלעצער. ווען זיי זיינען אריינגעפאהרען אין שדרת רוטשילד האבען זיי געזעהן א וואונ־דערבארע פאנאראמע, וואס האט אויף אלעמען געמאכט א גליקליכען רושם: טויזענדע תלמידים פון אלע שולען פון תל־אביב, יפו און נוה־שלום, אין לאנגע שורות, יעדע מחלקה מיט איהר פאהן, האבען מארשירט אין א וואונדערבארער ארדנונג מיט געזאנג. יעדע מחלקה האט באזונדער אויסגעשריען: „חתן־כלה מזל־טוב! יחי הברון!"

דאס בילד פון די לאנגע לעבעדיגע שורות, מיט די אונצעהליגע באנערס און פאהנען, האט אויף אלעמען געמאכט א געוואלדיגען איינ־דרוק, ספעציעל אויפ'ן באראן מיט דער באראנעסע, וועלכע האבען געוויינט פון אומענדליכען זעעלען־פרייד.

און אין די גאסען איז געווען ששון־ושמחה. די עלעקטרישע לאמ־פען מיט די עלעקטרישע פייערדיגע אותיות פון „חתן־כלה מזל־טוב" און „יחי הברון", האבען געשטראהלט איבער דער גאנצער שטאדט.

די התלהבות פון עולם איז אונמעגליך צו באשרייבען. די היס־טארישע חתונה וועט בלייבען איינגעקריצט אין זכרון פון די אידען פון ארץ־ישראל און פון חוץ־לארץ אויף דור־דורות.

# זעקסטער טהייל



אכט-און-פופציגסטער קאפיטעל.

## דער רויטער ראספוטין באַזיגט דעם רויטען לייב.

דער יאהר 1935, ווערט באצייכענט אין דער היסטאריע אלס דער „חלוקה־יאהר", ס'האבען זיך ארומגעטראגען קלאנגען, אז די „ליעג פון נאציאנען" וואו אנקעל סעם האט פארנומען דעם אויבען אן, האט בדעה אויף איהר נעקסטען צוזאמענפאר, פארצושלאגען די „צוטהיילונג פון רוסלאנד", וויל די רויטע מדינה האט זיך ווידער גענומען צו לעניז'ם „שלחן ערוך". די „סאוועטען מאכט" איז בעשטאנען פון קליינע מענשעלאך מיט נאך קלענערע השגות'לאך. איבעראל האט געהערשט א היפאקריטישע אנארכיע, מענשען זענען ניט געווען זיכער מיט זייערע לעבענס, ס'איז ניט געווען צו וועמען צו שרייען נאך הילף. פון'ם קלענסטען „קאמיסאר", ביז'ן העכסטען „בעאמטען" אין'ם מלוכה ארגאן, האט געהערשט גנבה, גזלה און רציחה, און דער געשריי פון דער גוסס'דיגער רוסלאנד האט דערגרייכט צו די אויערען פון אלע נאציאנען.

דער „רויטער לייב" וועלכער האט באמת געגלויבט, אז ער וועט מיט זיינע גאונות קענען אויפבויען א נייע מאדערנע רוסלאנד, איז געווען פאר'יתומ'ט, איינער אליין, אהן הילפע און אהן שטיצע. און דאס וואס איהם האט געלינגען אויפצובויען, האבען זיינע אומוויסענדע חברים חרוב געמאכט.

ס'איז איהם ווירקליך געלינגען צו קריעגען די סימפאטיע פון אנקעל סעם, דורך די פארמיטלונג פון די גרויסע פילאנטראפען: לאעב, גולד, פעליקס דער פילאנטראפ, דוד דעם לץ און אנדערע, וועלכע האבען געגלויבט, אז דערמיט וועלען זיי געווים העלפען די מיליאנען אידען פון דער רויטער מדינה.

עטליכע טויזענט אידישע משפחות האבען זיך ווירקליך איינ־געארדענט אויף לאנד, כאטש עס איז געווען ווי א טראפען אין ים לגבי די מיליאנען אידען וואס האבען געהונגערט, און זיינען געווען אויסגעזעצט צו כל'ערלייאיגע נגישות און אכזריות, מצד די רויטע קריסטליכע און אידישע קאמיסארלאך, אבער דערוייל האט זיך געטומעלט, די פרעסע האט פון א „מייזעלע" געמאכט א גרויסען „בארג", און דורכדעם האבען גרויסע אמעריקאנער קאפיטאליסטען אנגעהויבען גלויבען אז די רויטע מדינה הויבט אן ווירקליך צו געהן אויפ'ן דרך הישר, און מען האט אנגעהויבען מאכען פארבינדונגען מיט דער סאוועטען מלוכה.

א גרויסע אמעריקאנער קארפאראציע האט איבערגענומען די אייזענבאהנען פון דער רויטער מדינה, א צווייטע די אויל קוואלען, א דריטע די קוילען מינען, א פיערטע די גאלד מינען פון סיביר, און אז. וו. און דער גרויסער טראצקי האט ווירקליך אנגעהויבען גלויבען אז מיט דער צייט וועט זיך רוסלאנד אוועקשטעלען אויף זיכערע יסודות, און וועט קריגען די אנערקענונג פון אלע משפחות פון דער וועלט.

אבער די קליינע „מענשעלאך" פון דער רויטער מלוכה, האבען בשום אופן ניט געוואלט אפטרעטען פון ניקאליי'ס שלחן ערוך, און האבען ביים סאמע בראשית גענומען חרוב מאכען דאס וואס טראצקי האט שוין אויפגעבויט.

אזוי גיך ווי זיי האבען איינגעזעהן, אז זייער מדינה הויבט זיך אן שטעלען אויף די אייגענע פיס; דער האנדעל מיט אויסלאנד פארגרעסערט זיך, די אייזענבאהנען לויפען רעגעלמעסיג, די שטעדטע הויבען זיך אן אויפצובויען, די פויערים אויף די דערפער ארבייטען מיט מאדערנע מאשינעריע, די ארבייטער אין די פאבריקען האבען גענוג ארבייט און אז. וו., האבען זיי זיך דערשראקען, אז טאמער וועט זייער „רויטע מדינה" חלילה פארקאפיטאליסטעוועט ווערען, און זיי האבען גענומען בלעטערען ניקאליי'ס שלחן ערוך און אויף דעם צו־זאמענפאהר פון העכסטען־ראטה, האט מען באשלאסען ווידער אמאל, צוריק צוציהען אט די אלע געגעבענע הנחות פאר פריוואט קאפיטאל, און מאכען „א רויטע־רעוויזיע" ווי אין די ערשטע רויטע יאהרען און נאציאנאליזירען יעדערענס אייגענטהום.

ס'האבען ניט געהאלפען טראצקי'ס אמת'ע טענות: אז מען טאר דאס ניט טהאן. רוסלאנד הויבט זיך ערשט אן צו שטעלען אויף די

אייגענע פיס, און ווען מען געהט אזוי אן א געוויסע צייט, וועט מען געווים קריגען די אמת'ע אנערקענונג פון אלע מלוכות, און אגב וועט דערפון ארויסקומען א גרויסער אינטערנאציאנאלער פלאנטער, די אמעריקאנישע, ענגלישע, פראנצויזישע און דייטשע רעגיערונגען וועלען געווים ניט שווייגען, כאטש זיי האבען מיט אונז קיין פאליטישע פאר־בינדונגען, אבער מיר דארפען ניט פארגעסען אז זייערע בירגער, האבען אריינגעלעגט אין אונזער מדינה טויזענטע מיליאנען מיט די פאר־זיכערונג פון דער סאוועטען מלוכה, וועלכע האט אונטערגע'חתמ'עט די קאנצעסיאנען, און איצט ווען מען וועט אלעס פון זיי אוועקנעהמען, וועלען זייערע רעגיערונגען געווים ניט שווייגען און געגען א גאנצער מאדערנער וועלט, וועלען מיר געווים ניט קענען ביישטעהן.

ס'האבען אבער ניט געהאלפען זיינע אמת'ע טענות און וויינענדיגע בקשות פאר דער טובה פון רוסלאנד.

דער העכסטער רויטער טריבונאל איז געווען „בלינד און טויב" איינצוזעהן רוסלאנדס חורבן.

— ניין! — האט מען געדונערט. — מיר זיינען קודם כל „באלשע־וויסטישע־קאמוניסטען" און מיר מוזען אפהיטען אונזערע פרינציפען. די אויסלענדישע קאפיטאליסטען האבען גוט געוואוסט, אז רוסלאנד איז א „רויטע מדינה" האבען זיי געדארפט פארשטעהן, אז פריהער אדער שפעטער, וועלען מר מוזען קאנפיסקירען און נאציאנאליזירען אלע זייערע קאפיטאלען. מיט זייערע מלוכות האבען מיר קיין שום פארבינדונגען ניט. יעדער קאפיטאליסט איז געקראכען אויף זיינע אייגענע אחריות.

— אבער דער העכסטער טריבונאל פון דער סאוועטען־מאכט, האט דאך אליין גע'חתמ'עט די קאנצעסיעס! ? — האט טראצקי געשריען.

— אמת! מיר האבען עס טאקע אונטערגע'חתמ'עט, — האבען זיי גע'טענה'ט, — אבער מיר האבען עס געטהון אוים נויט, רוסלאנד האט געהונגערט. די ירושה פון די „צארען" האט זיך שוין אויסגע־שעפט, און מיר האבען עס לכתחילה געטהון נאר אום אפצוכאפען דעם אטהעם, און לויט דעם הויפט פרינציפ פון אונזער שלחן ערוך, „אז דאס צוועק הייליגט דאס מיטעל".

— געדענקט! — האט טראצקי געקלאפט מיט'ן פויסט איבערן טיש, — איהר גראבט אונטער די יסודות פון דער גרויסער רוסלאנד, נאך איידער זיי האבען זיך באפעסטיגט!...

— אבער וואס שרייט אזוי דער איד? ! — האט סטאלין סאר־קאסטיש באמערקט. — זיינען מיר דען ניט די אמת'ע קינדער פון רוסלאנד? איז דער איד, דער „שאכער־מאכער" דער „גאט־געבער" געטרייער אונזער מדינה אלס מיר?...

— פוי! טשאט פאבערי! — האט דער רויטער ראספוטין, זיך גענומען טרייסלען און שרייען. — ס'איז א שאנדע און א חרפה אז א איד זאל הערשען איבער אונזער רוסלאנד! און זי וועלען פאר־קאפיטאליסטעווען און פאר„שאכער־מאכער"ן ווי אין די צארישע צייטען! . . .

מיר זיינען פריי פון אלע פארפליכטונגען, מיר זיינען פריי פון אלע רעליגיאנען, און מיר מוזען באפרייט ווערען פון אלע „קאפי־טאליסטישע געטער" וואס דער „איד" וויל אויף אונז ארויפצווינגען. מיר פייפען אויף דער גאנצער בורזשואזנער וועלט!

— איך האב אייך נאך מיט יאהרען צוריק געווארענט, חברים! — האט לודאיעדאוו באמערקט. — אז מען טאר ניט צוריקברענגען טראצקין פון קאווקאז, ווייל ער וועט נאך אונז פארפיהרען אזש קיין ציון!...

ס'איז געווארען „א רויטער געלעכטער" פון דעם „געלונגענעם וויץ".

— חבר פארזיצענדער! — האט טשיטשערין גענומען דאס ווארט, — טראצקי איז אונזער חבר און פיהרער, פיעלע מאהל האט ער ארויסגעשלעפט אונזער מדינה פון זומפ. ער האט ארגאניזירט די גרויסע רויטע ארמייען. ער האט דורך זיינע גאונ'ישע מיטלען פאר־בונדען אונזער האנדעל מיט פיעלע גרויסע מלוכות, און האט ווי מיט כשוף ארויסגעראטעוועט אונזער לאנד פון די נעגעל פון הונגער, און איצט באצאהלען מיר איהם מיט זידעל ווערטער? ! פאר זיין אמת'ער טרייהייט און איבערגעבענהייט, ווילט איהר איהם פארווארפען מיט שטיינער? ! געדענקט חברים! מיר וועלען נאך מוזען אנקומען צום גרויסען טראצקין, ניט איינמאהל!...

— טאווארישץ טשיטשערין! — האט מיאסאיעדאוו געענט־פערט. — מיר ווילען איהם חלילה ניט פארטרייבען, אדרבה מיר מוזען האבען אזא גרויסען מאן ווי טראצקי, אבער ער איז איינער און מיר זיינען א סך, און ער מוז זיך בויגען פאר אונזער רצון! אז ניט וועט עס הייסען אז ער איז אונזער דיקטאטאר! און ער וועט נאך ווי נאפ־אלעאן ארייננמארשירען מיט זיינע טרייע סאלדאטען, צו טרייבען דעם סאוועטען מאכט, און זיך פראקלאמירען פאר א צאר, און די

גאַנצע קריסטליכע וועלט וועט פון אונז לאַכען מיט'ן אידישען צאַר!...

— חברים! — האָט טראַצקי גערעדט שטיל. — איהר האָט אַלע רעכט. ביז איצט האָב איך געדענקט, אַז איך בין אַ קינד פון דער גרויסער רוסלאַנד, און פון דער נייער תקופה, וועלכע האָט ניט קיינע רעליגיאָנען, קיינע טראַדיציעס, וועלכע מאַכט ניט קיין אונטערשיעד פון מענש און מענש, און פון נאַציאָן און נאַציאָן. איך האָב געגלויבט אַז ס'מאַכט ניט אויס פון וועלכע משפחה אַ מענש שטאַמט, אַזוי לאַנג ווי ער היט אָפּ אונזערע פּרינציפּען און אונזער נייע לעהרע, איז ער אונזער ברודער. איד, קריסט, אַראַבער, טערק, כינעזער, יאַפּאַנעזער און אַז וו. איז ביי אונז גאָר ניטאָ במציאות, און צוליעב דער נייער אמונה, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט פון מיין אייגען פאָלק און אפילו פון מיין טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, אַלע מיינע כחות האָב איך אַוועקגעגעבען דער גרויסער רוסלאַנד מיט דער נייער תורה, ביז איך האָב עס דערפיהרט צו אַזאַ מדרגה, אַז אַלע מלוכות פון דער וועלט הויבען שוין אָן אויף אונז צו קוקען מיט גאָר אַנדערע אויגען ווי אַמאָל, און מאַנכע קוקען שוין אפילו מיט סימפּאַטיע און דרך ארץ.

איך פּראָטעסטיר און וואַרף צוריק די באַשולדיגונג: „אַז איך וויל ווערען אַ דיקטאַטאָר" און נאָכדעם אַ „צאַר". וואָס איך וויל, איז נאָר די הצלחה פון רוסלאַנד מיט איהרע נייע אויפטהואונגען. איהר זעהט ניט מעהר ווי דעם היינט, אָבער איך קען זעהן אויך דעם מאָרגען. איהר מיט אייער קורצזיכטיגקייט און קליינקעפּיגקייט, ווילט חרוב מאַכען רוסלאַנד, נאָך איידער דער מאָרגען איז געקומען. עס וועט נעמען אַ קורצע צייט, און איהר וועט פאַר„קאָמונעווען" די פּרעמדע קאַפּיטאַלען, אָט אַזוי ווי איהר האָט פאַר„קאָמונעוועט" די גרויסע „ירושה" פון די צאַרען, נו, און וואָס וועט איהר טהאָן נאָכדעם ווי ס'וועט ווייטער אויסגעהן פון כוס?... איך וויל דעם אומגליק פאַרהיטען, ווייל רוסלאַנד איז אַ חלק פון מיין „איך" פון מיין הארץ און נשמה...

איהר שרייט „פּרינציפּ" און „דיסציפּלין", און וואַרפט מיר אויף וואָס איך בין „אַ איד". איז דען מעהר שאַנדע צו זיין אַ איד אַלס אַ קריסט?... אַזוי לאַנג ווי ביידע היטען אָפּ זייערע „נאַציאָנאַלע רעליגיאָנען" זיינען זיי לויט'ן נייעם שלחן ערוך פון די אַלטע צייטען. אָבער אַז רעליגיאָן איז ביי אייך ניט במציאות, איז דאָך ניט שייך אַנצורופען איינעם „איד" אָדער „קריסט" איך קען אייך ניט אָנרופען „קריסטען" אַזוי לאַנג ווי איהר האָט אויפגעהערט צו אַנערקענען די

קריסטליכע לעהרע בכלל און רעליגיאָן בפרט, און איהר קענט מיך ניט באַצייכענען מיט'ן נאָמען „איד", כל זמן איך האָב זיך ענטזאגט פון דעם אידישען פאָלק מיט איהר רעליגיאָן. מיר זיינען איצט אַלע רוסישע קאָמוניסטען, ס'הייסט חברים פון דער רוסישער מדינה, בירגער פון דער פאַראייניגטער סאָוועטען־רעפּובליק. מעהר ניט, אייער יחוס ציהט זיך פון קריסטענטהום, און מיינער פון אידענטהום. איך שטאַם פון אַ פאָלק וואָס האָט געגלויבט נאָר אין „אחד", און איהר שטאַמט פון אַ פאָלק וואָס האָט געגלויבט אין אַ „דריילינג", און אויב גלויבען אין אַ גאָט איז באמת אַ שאַנדע, דאַן איז צו זיין אַ קריסט מעהר שאַנדע, ווייל אידען האָבען לכל הפחות געגלויבט נאָר אין איין גאָט, און קריסטען אין „דריי געטער" מיט אמאָל.

איך דאַנק אייך מיינע טייערע חברים, וואָס איהר האָט מיך סוף כל סוף דערמאָנט, ווער איך בין, איך האָב שוין באמת געהאַט פאַר־געסען מיין יחוס, איך האָב קיינמאָל ניט גע'חלומ'ט, צו קריגען שכר פאַר מיין אַרבייט פאַר אייך. איך האָב עס געמוזט טהאָן, ווייל דער גרויסער שטראָם פון דעם נייעם אידעאַל האָט מיך געטריבען דערצו, אָבער ווי איך זעה זייט איהר נאָך ניט מסוגל דערצו, דער דור איז נאָך ניט דערוואַקסען אויפצונעמען גרויסע זאַכען און איך וועל זיך מוזען אונטערוואַרפען אונטער אייער „דיסציפלינירטען פּרינציפּ", אָבער געדענקט חברים! כ'זעה ווי אַ גרויסער „שוואַרץ־רויטער" וואָל־קען לאָזט זיך אַרונטער אויף דער גרויסער רוסלאַנד, און וועט פאַרדעקען די שיין פון די לאַנד. איך זעה דעם סוף נאָך איידער ס'איז באַשאַפען געוואָרען דער בראשית. היסטאָריע ווידערהאָלט זיך. ווען ס'האָט באַדאַרפט קומען דער חורבן פון די צאַרען, איז פּלוצלונג ערשיענען אויף דער רוסישער ביהנע, אַ שוואַרצער, בעסטיאַלישער, קליינקעפּיגער ראַספּוטין וועלכער האָט דערנעהנטערט דעם חורבן, און איצט האָבען מיר אין אונזערע רייהען אַ רויטען קורצזיכטיגען ראַספּוטין, וועלכער וויל דערנעהנטערן אונזער חורבן.

חברים! באַדענקט זיך וואָס איהר ווילט טהאָן? ! כל זמן ס'איז נאָך ניט צושפּעט. לאָמיר קוקען דעם אמת'ען אמת גלייך אין פּנים אַריין! לאָזט אייך ניט פאַרפיהרען פון רויטען ראַספּוטין! וואָס קען מעהר ניט זעהן ווי זיין אייגענעם „בויך" אָדער די „קאַרעטע" אין וועלכע ער „פּאַלאַשקעט" זיך, איהר האָט מורא אַז „איך וועל אייך נאָך פאַרפיהרען קיין ציון", לאָכט ניט חברים פון ציון! מיר מעגען

זיך זעהר פיעל פון ציון לערנען. זעהט וואס זיי האבען דארט אויפ־געטהאן אין אזא קורצע צייט?

גאנץ ארץ ישראל איז פארצויגען מיט א נעץ פון די בעסטע מאדערנסטע אייזענבאהנען, וועלכע ווערען געפיהרט דורך די קראפט פון רוטענבערג'ס עלעקטריצעט. די גרעסטע מאדערנע פאבריקען ווערען געטריבען דורך די זעלבע כחות.

די שעהנסטע שטעדט און דערפער זיינען אין א משך פון פופצעהן יאהר ווי אויסגעוואקסען אויף די הרי־יהודה, וואס די גאנצע וועלט קען זיך איינפאך ניט אפוואונדערן.

אויפ'ן געביעט פון אגריקולטור, האבען זיי געצייגט די גרעסטע וואונדער פון צוואנציגסטען יאהרהונדערט. ס'איז ניטא איין שטיקעל ערד וועלכע די אידען באזיצען, עס זאל ניט ארויסברענגען לכל הפחות צעהן מאהל אזוי פיעל, ווי א שטיקעל ערד פון אונזערן א פויער. זיי האבען א נעץ פון פאלקס־שוהלען, מיטעל־שוהלען, הויך שוהלען און אוניווערזיטעטען וואס קענען זיך פארמעסטען אין ידיעות מיט די מלוכות פון די גרעסטע נאציאנען. זיי האבען דערגרייכט אזוי ווייט, אז פיעלע רייכע קינדער, זין און טעכטער פון גרויס בריטאניע, אמע־ריקא, פראנקרייך, דייטשלאנד און אנדערע, ווילען דוקא שטודירען אין די ארץ־ישראל'דיגע אוניווערזיטעטען. היינט זייער ארגאניזירטע יוגענט איז צום באוואונדערן. אין פרינציפ זיינען זיי אנטי־מיליטא־ריסטען, אבער זיי זיינען די פלינקסטע רייטער, די בעסטע שיסער, יעדער איינער פון זיי קען באשטעהן קעגען הונדערט פון אונזערע. ווייל יעדער איינער איז געלערענט אין כל'ערליי חכמות און וויסענ־שאפטען. און אויפ'ן פאליטישען געביעט שטעהען זיי זעהר גרויס. יעדער מלוכה רעכענט זיך מיט דער קליינער יונגער אלט־ניילאנד. מען שעהמט זיך ניט אפילו זיך צו לערנען פון זיי, און אויסבארגען זייערע פראפעסארען.

ארץ ישראל צעהלט איצט ניט מעהר ווי צוויי מיליאן אידען, און דאך זיינען זיי שוין געווארען די הויפט פארמיטלער פון דריי טהיילען פון דער וועלט.

די שעהנסטע מאדערנסטע שיפען זעהט מען מיט דער פאהן ווייס און בלוי. זיי זיינען פול אומעטום, אין אלע האפען שטעדט. די פלינקייט און געשיקטקייט פון זייערע מאטראזען איז אומבאשרייבליך.

זייערע קאמוניסטישע קבוצות מעגען זיין א ליכטיגער סימבאל פאר דער גאנצער וועלט. אנשטאט וואס אונזערע קאמוניסטען גיבען

אוועק זייערע כחות און ענערגיע אויף פּאָליטיק, און אויף שפּיאָנירעָן איינע די אַנדערע טאָמער וועט חלילה אימעצען אָנקומען אַ גרעסערער ביסען ברויט, אָדער מעהר מיט „אַ גרויפּ“, גיבען אוועק די ארץ ישראל׳דיגע קאָמוניסטען זייערע כחות צו פאַרשעהנערן און פאַר־בעסערן זייערע שותפות׳דיגע היימען און אַז די ערד זאָל ארויסברענגען מעהר „זריעה“ און די ביימער מעהר פּרוכטען. אין די אָוועַנטען זיינען זיי פּול אין אַלע ביבליאָטעקען, וואו זיי זיצען איבער שווערע וויסענשאַפטליכע ביכער, און לעזען זייערע פּראָבלעמען פון טאָג.

איהר לעזט ניט קיין צייטונגען, חברים! און דערפאַר ווייסט איהר ניט וואָס דאָרט קומט פאָר! לויט די לעצטע ידיעות האָט מען זיי שוין פאַרגעשלאָגען אריינצוטרעטען אין דער ליגע פון נאַציאָנען, וואו זיי וועלען געווים שפּילען אַ גרויסע ראָל. זיי האָבען זיך אויס־געצייכענט אויף אַזוי פיעל, אַז די ליגע פון נאַציאָנען האָט באַשלאָסען, אַז זייער נעקסטער צוזאַמענפּאָהר זאָל אָבגעהאַלטען ווערען אין ירושלים די הויפּט־שטאָדט פון ארץ ישראל.

און איהר חברים! — האָט ער פאַרענדיגט, — לאַכט און חוזק׳ט פון מיר, אַז איך וויל אייך פאַרפיהרען קיין ציון!... איהר פאַרגעסט אַ פּנים, אַז מיר טהוען איצט גרויסע געשעפטען מיט דער יונגער אַלט־ניילאַנד דורך די פאַרשיעדענע אויסלענדישע קאָרפּאָראַציעס, מעהר ווי מיט די גרעסטע נאַציאָנען פּראָפּאָרציאָנעל. ווי איך זעה, חברים! ווילט איהר נאָך אַלץ בלייבען ביי אייער „צובראָכענע קאָרעטע“ און ווילט זיך ניט לערנען פון דער צייט. גוט! איהר זייט די מערהייט, און איך מוז זיך אונטערוואַרפען אונטער אייער באַשלוס, אָבער מיין געוויסען וועט לכל הפּחות זיין ריין, ווייל איך האָב אייך געוואָרענט, ביז מיין לעצטען אָטהעם האָב איך געווידמעט פאַר דער נייער רוסלאַנד, אָבער „איין סאָלדאַט אין פעלד קען קיין מלחמה ניט פיהרען!“ דאָס איז מיין לעצטער וואָרט צו אייך, חברים! איך דאַנק אייך!

ווען דער „רויטער לייב“ האָט געענדיגט זיינע לעצטע ווערטער, איז געוואָרען אַ גאַנצער טומעל.

— ער האָט גערעדט ווי אַן אמת׳ר ציוניסט! — האָט דער רויטער ראַספּוטין אויסגעשריען, — מען מוז איהם פאַרשיקען נאָך זיין פּאַ־לעסטינקע! — האָט ער זיך פאַרנאַנדערגעלאַכט מיט אַ רויטען גע־לעכטער.

— ער האָט גערעדט ווי אַן „עכטער קאַפּיטאַליסט", — האָט סטאַלין באַמערקט.

— ער האָט גע'דרש'נט ווי אַ הייליגער אפּאָסטאָל!... — האָט זיך ריקאָוו גע'חכמה'עט.

— ער האָט גערעדט ווי אַן אמת'ער שונא... — האָט לוּדאַיעדאָוו געדונערט.

— ניין! — האָט טשיטשערין געקלאַפּט מיט'ן פויסט. — ער האָט אונז געוואָרענט ווי אַן אמת'ער פריינט! ווי אַ טרייער זון פון אונזער מדינה! ווי אַן איבערגעגעבענער חבר פון אונזער סאָוועטען רעפּובליק! ער האָט גערעדט ווי אַ גרויסער נביא וועלכער זעהט דעם „באחרית הימים!" און אויב מיר וועלען איהם איצט פון אונז פאַרשטויסען און פאַרטרייבען האָב איך מורא אַז מיר וועלען אויף עביג פאַרלירען דעם גרעסטען מאַן וואָס מיר פאַרמאָגען אין אונזער מדינה.

— אָרדער! — האָט דער פאָרזיצענדער אויסגעשריען און גע־קלאַפּט מיט'ן רויטען האַמער.

חברים! — האָט ער גענומען רעדען, — קאָמוניסטען פון דער ערשטער סאָוועטען רעפּובליק פון דער וועלט! ס'קען זיין אַז פיעלע זאַכען וואָס אונזער גרויסער טראָצקי האָט אַרויסגעזאָגט, קענען זיך זיין אמת, אָבער מיר טאָרען ניט פאַרגעסען אויף איין מאָמענט די תורה פון אונזער גרויסען אומשטערבליכען ניקאָלייען: „אַז דער אלף־בית פון אונזער תורה איז „קאָמוניזם" און דערפון טאָרען מיר ניט אָפּטרעטען „רעכטס און לינקס". די גאַנצע וועלט מעג זיך טאַקע קריצען מיט די צייהן, אָבער מעהר ווי מיט „קריצען מיט די צייהן" וועלען זיי ווייטער ניט געהן. זיי קענען זיך ניט אַריינמישען אין אונזערע אינערליכע אַנגעלעגענהייטען, און דיקטירען אונז, ווי אַזוי מיר זאָלען איינאָרדענען אונזער מלוכה־פּראָגראַם.

מען האָט עס גענומען צום אָפּשטימען, און אַלע האָבען געשטימט דאַפיר, אַז די רעגיערונג זאָל גלייך אַרויסגעהן מיט דעם נאַציאָנאַלי־זירונג באַפעהל.

טראָצקי מיט טשיטשערינ'ען האָבען גלייך אַריינגעשיקט זייערע רעזיגנאַציעס. דער ערשטער אַלס דער הויפּט פון עקאָנאָמישען ראַטה, און דער צווייטער אַלס דער אויסלאַנד'ס מיניסטער.

און ס'האָט זיך אָנגעהויבען איבער'חזר'ן די אַלטע רויטע אַנאַרכיע. טויזענטע אַגענטען, שפּיאָנען און קאָמיסאַרלאַך, זיינען באַפאַלען אַלע

פריוואט געשעפטען ווי אין די אַלטע רויטע צייטען. און דער געשריי האָט דערגרייכט אַזש ביז׳ן הימעל.

די אויסלענדישע פירמעס האָבען זיך געפּרואווט שטעלען אַנט־קעגען, אָבער די רויטע משחיתים האָבען געטהאָן דאָס זייעריגע. רוסלאַנד איז ווידער געוואָרען אַ יאָמער־טהאָל. הונדערטע פויערים מיט רויטע דובינעס, ווי אין די אַלטע אוקראַינער „דובינושקא״־צייטען, האָבען זיך אַריינגעריסען אין די עטליכע אידישע קאָלאָנעס, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרען מיט אַמעריקאַנער דאָלאַרען און האָבען דאָרט אַלעס חרוב געמאַכט ביז׳ן וואָרצעל.

„אַרויס פון אונזער הייליגער ערד!״ האָבען די צוואווילדעטע פויערים געדונערט, און זייערע רציחה־אויגען האָבען געשפּריצט מיט רויט־בלוטיגען פייער. די פערטרעטער פון דעם „אַמעריקאַנעם דזשוינט״ זיינען קוים אַנטלאָפען מיט זייערע לעבענס.

און אַט אַזוי זיינען חרוב געוואָרען די שווער אויפגעבויטע אידישע דערפער מיט שווער פאַרהאָרעוועטע מיליאָנען דאָלאַרס וואָס די אַמע־ריקאַנער אידען האָבען געגעבען זייערע אומגליקליכע ברידער אין דער רויטער מדינה.

די רויטע מדינה איז געוואָרען אַ נעסט פון כאאָס און אַנאַרכיע. דער שטאַרקער האָט גערויבט און גע׳גזל׳ט, און דער שוואַכער האָט געשריען, ביז זייער יאָמער און געשריי האָט אַנגעפילט די קאַבינעטען פון אַלע מלוכות. די בירגער פון פרעמדע מלוכות וועלכע האָבען אַריינ־געלייגט שווערע מיליאָנען, האָבען נאַטירליך ניט געשוויגען. זיי האָבען געפאָדערט שוץ פון זייערע רעגיערונגען. ביז די ליעג פון נאַציאָנען האָט באַשלאָסען אויף אַן אמת „איינמאָל פאַר אַלע מאָל״ אָבצושטעלען די רציחות. און ס׳איז באַשלאָסען געוואָרען צו רופען וואָס גיכער די פאַרטרעטער פון אַלע נאַציאָנען אויף אַ ספּעציעלען אונטערנאַציאָ־נאַלען קאָנגרעס אין ירושלים, וואו די פראַגע פון דער „רויטער מלוכה״ זאָל איינמאָהל פאַר אַלע מאָהל געלעזט ווערען און ס׳זאָל נעהמען אַ סוף צום רויטען טעראָר.



### ניין־און־פופציגסטער קאפיטעל.

## דער „רויטער לייב“ און דער „ווייס־בלויער הים“.

אויפ׳ן וועג קיין חיפה, שווימען א וואלד פון שיפען־קוימענס, מאסטען־שטעקענס און זעגעל, שיפען פון פארשיעדענע נאציאנען, מיט כל׳ערליי פארב־קאלירען און פאהנען. צווישען זיי שווימען מיט שטאלץ די נייע מאדערנע אידישע שיפען: הירצל, באלפור, נארדוי, ווייצמאן, די גרויסע שיף „אמעריקא־יהודית“ וועלכע דער גרויסער לואי האט ערשט אויסגעבויט צום געבורטס־טאג פון זיין יהודית. די מאדערנע שיפען „אלכסנדר־ישראל“, און די פראכטפולע שיף שושנה זיי שפאלטען מאיאסטעטיש דעם ים התכון צוזאמען מיט די גריוסע ענגלישע, אמעריקאנישע, פראנצויזישע, דייטשע איטאליענישע און אנדערע שיפען.

די שיפען פיהרען דאס די פארטרעטער פון אלע נאציאנען, אויפ׳ן אלוועלטליכען אינטערנאציאנאלען קאנגרעס, וואס די ליגע פון נא־ציאנען האט פאררופען. זיי פאהרען דורכפיהרען זעהר א גרויסע מיסיאן, צו פארזיכערן דעם וועלט פריעדען, וועלכער האט די לעצטע צייט גענומען ארויס צייגען סימנים פון גסיסה; די קולות פון אומ־גליקליכע פעלקער, צו זאמען מיט די שוידערליכע רציחות פון דער רויטער מדינה, וועלכע ס׳האט אנגעריהרט די אינטערעסען פון די בירגער פון אלע לענדער און פעלקער, האבען צוזאמענגעבראכט די דאזיגע פארטרעטער.

צווישען אט די אלע שיפען, שווימט אויך די רויטע שיף „לענין“, אין וועלכער ס׳געפינען זיך פארשיעדענע מאטראזען, און סתם אנט־לאפענע אבגעריסענע, פארוואקסענע, האלב הונגעריגע רוסען. זיי פאהרען און ווייסען אליין ניט וואוהין. אלע רעדען, פרעגען און ענפערן אבער זעהר פארזיכטיג, צוריקגעהאלטען מיט געמישטע בלי־קען פון נייגעריגקייט און חשד. מען צורעדט זיך כלומר׳שט, מען ווערט היימליכער איינע מיט די אנדערע. אלע זיינען קאמוניסטען און אלע זיינען זיכער אז די גאנצע וועלט, וועט מוזען מיט דער צייט ווערען רויט־קאמוניסטיש, און אלעס וועט ווערען שעהן, פריי און גוט.... זיי קוקען דוכט זיך אויס נאאיוו תמימות׳דיג, אבער אין דער זעלבער צייט אויך „ביטרע“, דאכט זיך אט די נשמה אפען, און מיט א מאל א טעמפער כלומר׳שט ניט פאשטעהן.

ס׳איז א געמישטער איינדרוק. און צווישען געהען ארום פרויען, עלטערע, יונגע, נאך גאר יונגינקע, זעהן אוים ווי גאסען מיידלאך, שטארק אנגעשמירטע, וואס באטרייבען זייער האנדעל ערנסט גע־שעפטס־מעסיג, „רויט־קאמוניסטיש“, מען ווערט מיט אלעמען פראסט היימלאך, חבר׳יש, מען רויכערט מען לאכט, און מען רעדט אפילו אויך פון בורזשואזנע קרבנות. ס׳איז אומעטיג־פרעהלאך...

אין א ווינקעל פון שיף, אפגעזונדערט פון אלעמען, זיצט איינער אליין אן עלטערער מאן מיט א מעלאנכאלישען שמייכעל אויף זיינע ליפען. זיין פנים קוקט אוים אויסגעמאטערט, קענטיג פון גרויסע גייסטיגע אנשטרענגונגען, ער צופט יעדער ווייל זיין שעהן שווארץ־ווייס שפיציג פראנצויזיש בערדעל. זיינע גרויסע שווארצע אויגען קוקען ארום זעהר אומרוהיג, ער ווארפט פון מינוט צו מינוט א מרה־שחורה׳דיגען שמייכעל אויף אט די אלע פאסאזשירען. נאר אט געהט צו איהם צו, א הויך שעהן געבויטער מאן, מיט אן עכט אפאסטאלישען פנים, און פרעגט איהם שטיל:

— נו, חבר, איהר האט טאקע באשלאסען?...

— יע, חבר! — ענטפערט ער שנעל און נערוועאיש. — כ׳מוז! כ׳האב קיין אנדער ברירה ניט!... כ׳האב געקעמפט ביז דער לעצטער מינוט. איך האב געשוואומען מיט אלע מיינע כחות געגען דעם שטראם, אבער כ׳קען מעהר ניט. מען האט מיך איינפאך צוגעשטיקט צום וואנט, און איך בין מעהר ניט זיכער מיט מיין לעבען!...

דער שעהנער הויכער רוס, האט אראפגעלאזען זיין קאפ, און האט מיט טרערען אין די אויגען געשעפטשעט: „אה גאט! וואס ועט ווערען פון אונזער גרויסער רוסלאנד?“...

— דאס איינציגע, וואס בלייבט איצט צו טהון, איז צו ראטעוועו וויפיעל עס וועט נאר מעגליך זיין! — האט דער ערשטער מעלאנ־כאליש געענטפערט.

— חבר מייערער! — האט דער רוס גענומען שטיל וויינען, — אין דער צייט ווען אונזערע אומוויסענדע פאראזיטען קרייציגען דיך, האסטו נאך אלץ אונז אין זינען?!... דו ביזט א הייליגער, חבר טראצקי! — ער האט געכאפט קושען זיין האנט מיט א יראת הכבוד.

— יע, חבר טשיטשערין! — האט ער שטיל געענטפערט — ס׳איז שוין א פנים אזוי דער שיקזאל פון אונזערע אידען, אז נאך דעם ווי זיי ווערען געקרייציגט... מאכט מען זיי פאר הייליגע!... זיי האבען ביידע געשוויגען.

— דו זעהסט? — האָט זיך פּלוצלונג טראַצקי אויפגעשטעלט, — אונזער שיף געהט פאַרביי דעם וואונדערליך שעהנעם מאָנומענט פון „לעסעפּס" דעם גרויסען אונשטערבליכען פראַנצויז, וואָס האָט דורכ'ן סועץ קאַנאַל געענדערט דעם פּנים פון דעם ערד־קוגעל. זעה ווי שעהן און מאַיעסטעטיש הויבט זיך אַרויף זיין פיגור, פון די וואַסער, און עס פּראָקלאַמירט די מאַכט פון מענשליכען שכל געגען דער נאַטור!....

— יע, חבר! — האָט געענטפערט טשיטשערין מיט אַן אומעטיגען קול. — אָבער דער גרעסטער מענשליכער שכל פון צוואַנציגסטען יאָהר־הונדערט, האָט ניט געקענט ענדערען די ווילדע נאַטור פון אונזערע באַרבאַרישע רוסען!...

— ניט גע'דאגה'ט חבר! — האָט טראַצקי מעלאַנכאָליש געענט־פערט. עס וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען אַט די ווילדע רוסען וועלען אויך ווערען ציוויליזירט ווי אַלע מענשען, און איך גלויב אַז זייער ישועה וועט קומען דוקא פון מזרח. — האָט ער געהיימניספול פאַר־ענדיגט און ביידענס בליקען האָבען זיך סודות'דיג געקושט....

זיי זיינען אַריינגעפאָהרען אין'ם שעהנעם האַפען פון חיפה, און פאַר זייערע אויגען האָט זיך אַנטפּלעקט אַ נייע וועלט, אַ שעהנע ליכטיגע זון מיט אַ נייער ציוויליזאַציאָן.

פון ביידע זייטען זיינען געווען אויסגעשטעלט שעהנע, שטאַרקע, מאָדערנע סדרנים, מיט זייערע ווייסע בגדים, בלויע גאַרטלען און ערדלע פּנים'ער, האָבען זיי געמאַכט דעם איינדרוק פון פּרינצען און ניט פון האַפען שומרים.

שטיל, רוהיג און ערדל זיינען אַלע פּאַסאַזשירען דורכגעגאַנגען די רייהע פון די בעאַמטע, און ווען ס'איז געקומען די רייהע פון טראַצקי מיט טשיטשערינ'ען, האָט זיי דער בעאַמטער אָפּגעמאָסטען מיט זיינע שעהנע, שוואַרצע אויגען. ער האָט איבערגעלאָזען זיין געהילף ביי דער אַרבייט, און אַליין איז ער אַריין מיט די צוויי פּאַסאַזשירען אין אַ באַזונדער צימער, און האָט פאַרמאַכט די טהיר הינטער זיך.

— מיינע הערען! — האָט ער צו זיי געזאָגט — איהר וועט מיר מוזען ענטשולדיגען, ווען איך וועל אייך נעהמען אויף אַ קליינעם פאַרהער. ס'וועט ניט זיין קיין פאַרהער פון „אַ שטאַרקערען געגען אַ שוואַכערען" אָדער פון אַ „בעל הבית געגען אַ פרעמדען", ווייל אין אונזער אַלט־ניילאַנד, זיינען אַלע גלייך, די שטאַרקע ווי די שוואַכע. די איינגעזעסענע בירגער ווי די פרעמדע וועלכע קומען אַריין. אָבער איצט מוזען מיר זיין זעהר פאָרזיכטיג. ס'קומען אַריין אין האַפען

יעדען טאָג שיפען מיט פּאַרטרעטער פון כמעט אַלע נאַציאָנען, אויפ׳ן אַלוועלטליכען קאָנגרעס אין ירושלים, און אַזוי ווי די וועלט איז נאָך ניט ריין פון ווילדע פאַנאַטיקער, וועלכע ווילען ניט אַנדערש, נאָר אַז די גאַנצע וועלט זאָל טאַנצען נאָך זייער פייפעל, וועלען זיי זיך נאַטירליך וועלען אַריינ׳גנב׳ענען אין אונזער לאַנד אום אַנצופיהרען זייער נאַרישען שפּיל. און אַזוי ווי מיר זיינען פעראַנטוואָרטליך פאַר דער זיכערהייט פון׳ם אָרדנונג בכלל און פאַר יעדער יחיד בפרט, דארום מיינע העררען מוז איך אייך עטוואָס אויספרעגען. איבערהויפּט ווען איהר זייט נאָך געקומען מיט דער „רויטער שיף“, מוזען מיר מיט אייך זיין נאָכמעהר פאָרזיכטיגער. וויל מיר ווייסען פון זיכערע קוועלע, אַז דער העכסטער סאָוועטען־ראַטה, האָט זיך ווידער גענומען צו די אַלטע ניקאָליי־מעטהאָדען, און רויבען אַוועק אַלע פרעמדע קאַפּיטאַלען, וואָס האָבען געזאָלט אַוועקשטעלען דער חרוב׳דיגער רוסלאַנד אויף זיכערע יסודות, דארום מוז מען זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט רוסען.

— מיט׳ן גרעסטען פערגעניגען, מיין הערר! — האָט טראָצקי געענטפערט. — אויף אַלע אייערע פראַגען, וועלען מיר ענטפערן אויפ־ריכטיג און פּינקטליך. נאָר איידער איהר שטעלט אונז צום פאַרהער, מוז איך אויסדריקען מיין באַוואונדערונג פאַר אייער העפליכקייט. ס׳איז מיר זעהר ניי, אַזאַ העפליכקייט און אָפענהערציגקייט אין צוואַנציגסטען יאהרהונדערט, וויל איבעראַל און אומעטום באַגעהט מען זיך מיט חשד און ברוטאַליטעט מיט פרעמדע, און אַז. וו.

אדונירם, דער בעאַמטער האָט אַ שמייכעל געטהאָן:

— יע, מיינע העררען! אונזער אַלט־נייל אַנד איז נאָך אויך ניט פאָלקאָם, אָבער מיר ווענדען אַן אַלע אונזערע כחות אויסצוראָמען די אַלטע דיפּלאָמאַטישע שפּראַך, יעדער זאַך מוז געטהון ווערען עפענט־ליך און אָפענהערציג, איבערהויפּט אין קהל׳שען לעבען און מלוכה אָרגאַנען. נאָר לאָמיר געהן צום פּונקט מיינע העררען!

— ענטשולדיגט מיר טויזענטער מאָהל, — האָט זיך אדונירם געבעטען, איך מוז אַזוי האַנדלען, — און ער האָט באַזוכט זייערע בגדים.

איהר ווייסט דאָך מיינע העררען, — האָט אדונירם העפליך גע־רעדט — היינטיגע ציוויליזאַציאָן האָט אויסגעלערענט די מענשען צו רעדען מיט אַן „אחד בפה ואחד בלב“ שפּראַך. די מענשען זיינען גע־וואָרען קינסטלער צו באַהאַלטען זייערע אמת׳ע פּנימ׳ער, — און ער

האט זעהר העפליך אויסגעפּרואווט אויב זיי זיינען ניט פּארמאסקירט. ער האט זיך ווידער ענטשולדיגט, און האט געזאגט: — מיינע העררען! די טעכנישע אדער די ברוטאלע אינקוויזיציע־ארבייט, בין איך שוין דורכגעגאנגען. גלויבט מיר, ס'איז מיר אנגעקומען זעהר שווער דורכ־צופיהרען די עקעלהאפטע שטיקעל מלאכה, ווי צו טאפּען אנשטענדיגע מענשען אזוי ווי מען באטאפּט בהמות, נאר וואס קען מען טהאן! די רוסען זיינען אליין שולדיג. מיר האבען שוין געהאט אמאל פון זיי גענוג יסורים, ביי דעם ערעפנונג פון אונזער ערשטען אוניווער־זיטעט, ווען „רויטע שפּיאנען" האבען זיך אהער אריינגע'גנב'עט און געוואלט צושטערען אונזער ערשטען גרויסען יום טוב אויפן הר הצופים, אבער מיר האבען זיך אין צייט געכאפּט, און אונז איז געלונגען אריינצוכאפּען אין אונזערע הענט דעם גרעסטען רויטען הענקער דזשערדזשינסקין מיט זיין ארויסהעלפער, אויב איהר וועט זוכה זיין, וועט איהר זיי קענען זעהן.

טראצקי מיט טשיטשערינ'ען האבען זיך איבערגעקוקט, מען זאל ניט באמערקען. אבער די געניטע אויג פון אדונירם'ן, האט עס דוקא גוט באמערקט. און ער האט פּארטגעזעצט:

— איך דערצעהל עס אייך מיט א בכיון אז איהר זאלט וויסען, אז מיר ארץ ישראל קינדער, זיינע טאקע אמת און אפענהערציג, אבער מיר קענען אויך זיין העכסט „ציוויליזירטע דיפּלאמאטען" ביי א נויטפאל. דעריבער בעט איך אייך, זייט בעסער אפענהערציג, ווען איך וועל אייך אנהויבען מאטערען מיט דער גייסטיגער אינקווי־זיציע אויספרעגעניש. אדונירם האט געקוקט טראצקין גלייך אין די אויגען און האט געזאגט:

— מיט מיין געזונטען זכרון און מיט מיינע קלאהרע אויגען זעה איך: אז פאר מיר שטעהט דער „רויטער לייב" דער גרויסער לעאן טראצקי, וועלכער האט מיט זיינע גאונות ארגאניזירט די רויטע מחנות, און געמאכט ציטערען די וועלט. איך זעה פאר מיר דעם גרויסען עקאָ־נאמיסט וועלכער האט לעצטענס באוויזען איבערנאטירליכע וואונדער און אוועקגעשטעלט די רויטע מדינה אויף א שטיקעל יסוד, אבער די ווילדע רוסען ווייסען ניט ווי דאס אנצוהאלטען...

איך זעה פאר מיר דעם גרויסען דיפּלאמאט, וועלכער האט מיט זיינע גרויסע איינפעלע איינפאך געצוואונגען די גרויסע קאפּיטאַ־ליסטען, זיך צו צוהערען, צו זיינע לאגישע עקאנאמישע אויפטהואונגען אין אריינלעגען אין דער רויטער מדינה שווערע טויזענטע ביליאנען.

יע, איך האָב אייך דערקענט פון'ם ערשטען מאָמענט, אָבער כ'האָב גע־דענקט אפשר האָט זיך אימיצער פאַרמאַסקירט פאַר'ן גרויסען רויטען לייב צוליעב אַ געווויסען צוועק. נאָר איצט בין איך איבערצייגט אַז איך האָב די עהרע צו שטעהן „פנים אל פנים" מיט'ן גרויסען מאַן, און כאָטש מיר זיינען צוויי געגען עקסטרעמען, איך בין אַ דורכגע־דרונגענער אידישער נאַציאָנאַליסט, און איהר זייט דער היפוך, אָבער איך שעץ און רעספּעקטיר דעם גרויסען מאַן ווער ער זאָל ניט זיין. איצט ערקלעהרט מיר: וואָס האָט געבראַכט אין אונזער שעהנער לאַנד, דעם אינטערנאַציאָנאַלען באָלשעוויסטישען רויטען לייב?

ס'האָט געהערשט אויף אַ ווייל אַן אומרוהיגע שטילקייט, טראָצקי מיט טשיטשערין'ען האָבען ערשטוינט געקוקט אויפ'ן בעאַמטען, און ער האָט אויף זייערע בליקען געענטפערט מיט אַ פרעהליכען רוהיגען שמייכעל:

— אמת! — האָט געענטפערט טראָצקי, מעלאַנכאָליש — איך בין לעאָן טראָצקי וועלכער האָט גע'חלום'ט אויסצורייסען די אַלטע וועלט־יסודות מיט זייערע וואָרצלען, און אויף זייער אָרט בעשאַפען אמת'ערע ליכטיגערע יסודות, אָבער איך האָב זיך ערוואַכט פון מיינע חלומות. מיינע רוסישע חברים האָבען מיך געצוואונגען צו עפענען מיינע „פאַררויטעלטע אויגען" און איך האָב דערזעהן: אַז די נאַטיר־ליכע וועלט יסודות קענען מיר „קליינע מענשעלאַך" ניט איבעראַנדער־שען. מיר קענען נאָר מיט אונזער מענשליכען שכל און געניוס עפּעס צו־געבען, עפּעס מוסיף זיין און ניט מעהר. יע, מיין הערר! איך בין טראָצקי! אָבער ניט מעהר דער „רויטער לייב", נאָר מיט גאַנץ אַנדערע געדאַנקען און וועלט אנשויאונגען. איך בין געקומען אהער איינער אַליין נאָר מיט מיין איבערגעגעבענעם טרייען חבר טשיטשערין, אויסלענדישער מיניסטער פון דער רויטער מלוכה. איך בין געקומען אין געהיים, אַדער בעסער געזאָגט איך בין אַנטלאָפען פון מיין רוסלאַנד, אויף וועלכער איך האָב אָוועקגעגעבען די בעסטע פון מיינע יונגע יאָהרען, און וואו איך בין איצט ניט זיכער מיט מיין לעבען. נאָר וואָס איז דאָס לעבען פון אַ יחיד. מיך קימערט ניט מיין אייגענער „איך", וועט זיין וועניגער מיט אַ טראָפּען אין'ם גרויסען מענשען־ים, אָבער איך וויל נאָך כאָטש וויפיעל עס איז ראַטעווען, פאַר דער גרויסער חרוב'דיגער רוסלאַנד, וועלכע באָדט זיך אין איהרע אייגענע בלוט. איך בין געקומען זיך שטעלען פאַר'ן גרויסען וועלט־געריכט, פאַר'ן אַלוועלטליכען קאָנגרעס, אַדער בעסער געזאָגט, איך בין גע־

קומען זיך איבערצוגעבען אין די הענט פון די וועלט־ריכטער. נאַטיר־ליך אויב מען וועט מיך וועלען אויסהערען, אפשר וועלען זיי גאָר ניט וועלען אַנקוקען מיין רויטען פּנים. אפשר וועלען זיי מורא האָבען צו שטעהן מיט'ן טייפעל פּנים אל פּנים? און זיי וועלען מיך פאר'משפּט'ן גאָר אונטער די אויגען!...

און טראַצקי האָט פאַרענדיגט:

איך בין ביי אייך אין די הענט, אוב איהר ווילט קענט איהר מיך שליסען אין קייטען, און פאַרשפּאַרען ערגעץ ווי אַ ווילדע חיה. איהר קענט מיך אַריינזעצען אין אַ שטייג און אַוועקפיהרען מיך אין אייער מוזעאום אום די וועלט זאָל קענען אַנקוקען דעם פאַרבלאַנדזשעטען רויטען־טייפעל, אדער איהר קענט מיך אויפנעהמען ווי אַ מענשען, ווי אַ פריינט. איהר קענט אפשר פּועל'ן, אז דער אַלוועלטליכער קאָנגרעס זאָל אויסהערען מיינע טענות, אפשר וועלען זיי אויסגעפינען אז דער „טייפעל איז גאָר ניט אַזוי רויט“.

אדונירם האָט זיך פאַרטראַכט, אָבער ניט מעהר ווי אויף אַ מאָ־מענט און ער האָט געענטפערט:

— מיר ארץ ישראל קינדער שעצען זעהר אַ גרויסען מאַן, מעג ער אפילו זיין רויט. ניין מיין הערר! ניט ווי אַ חיה אין אַ שטייג וועל איך אייך פיהרען, און ניט ווי אַ פאַרברעכער וועלען מיר אייך איבערגעבען צום וועלט־געריכט, נאָר ווי אַ פאַרבלאַנדזשעטען גרויסען גייסט וועלכער האָט אַרומגעשוועבט איבער פרעמדע וועלטען, און איז ענדליך געקומען אין זיין אייגענער וועלט, אין זיין אייגענער היים, צו זיין אייגענעם פאָלק, און צו זיין אייגענעם טאַטען, וועלכער האָט אָן איהם קיינמאָל ניט פאַרגעסען און וועלכער וועט איהם אויפנעהמען מיט פאָטערליכע אָרעמס.

איך קוק אַריין אין דיין האַרצען, דו גרויסער געלייטערטער העלד, איך זעה דאָרט יעדער באַוועגונג, איך פיהל וואָס דאָרט קומט איצט פאָר. איך קען לעזען דיינע געדאַנקען דו פאַרבלאַנדזשעטער ברודער! מעהר וויל איך ניט פרעגען. ס'האָט זיך געמוזט אַזוי ענדיגען. — און ער האָט זיי גערייכט די האַנט.

פּאַרלויפיג, וועט אייער אַנקומען אהער, מוזען פאַרבלייבען אַ סוד, — האָט אדונירם באַמערקט. — נאָר עטליכע געצעהלטע מענשען וועלען דערפון וויסען. מיר ווילען ניט, אז ארץ ישראל מיט די אַלע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרטרעטער זאָלען אויפשטורמען. איך וואָלט אייך איצט אפילו ערלויבט צו געהן וואו איהר ווילט אַליין, אָבער

צוליעב אייער זיכערקייט, און צוליעב דעם גרויסען אידעאל וואָס איהר ווילט דורכפיהרען אויפ׳ן וועלט קאָנגרעס, איז בעסער אַז איהר זאָלט זיך געפינען אין אַ זיכערען אָרט. צווישען אמת׳ע פריינט וועלכע זיינען ווייט פון נקמה, און פאַראַנטוואָרטהייל, אייער בילד איז אַלעמען באַקאַנט, און מען טאָר אייך פאַרלויפיג ניט זעהן מיט אייער ריכטיגען פּנים. אדונירם האָט ארויסגענומען אַ מאַסקע און האָט עס געהייסען אָנטהאָן טראָצקין, וועלכער האָט אויסגעקוקט נאָכדעם ווי אַן ארץ ישראל־דיגער פּראָפעסאָר.

טראָצקי איז געווען גערירט פון די העפליכקייט און פריינדליכקייט פון דעם בעאַמטען. ער האָט מיט טרערען אין די אויגען געדריקט זיין האַנט און האָט קוים אַרויסגערעדט:

— וואויל איז דעם פאָלק וואָס פאַרמאָגט אַזעלכע פיהרער! ווי איז אייער ווערטהער נאָמען?

— מיין נאָמען איז אדונירם — האָט ער געענטפערט — איהר מאַכט אַ גרויסען טעות. איך בין ניט קיין פיהרער פון אונזער אַלט־נייעלאַנד. איך בין ניט מעהר ווי אַ קליינער האַפען־בעאַמטער.

— היינט ווי זיינען שוין די גרויסע פיהרער פון אייער לאַנד? — האָט טשיטשערין מיט התפּעלות ווי אַ קינד אויסגעשריען.

— אונזערע פיהרער זיינען איבערהויפּט אמת׳ע מענשען, — האָט אדונירם געענטפערט. — זיי זעהען אַז יושר און גערעכטיגקייט זאָל צוגעטהיילט ווערען צו אַלעמען גלייך, און סיי אָרים סיי רייך. נאָר איך האָב זיך שוין צופיעל פאַררעדט. איך מוז אייך באַזאָרגען מיט אַ זיכערען פּלאַץ צווישען פריינט. — ער האָט זיי געלאָזען אַליין אויף אַ קורצע צייט, און איז צוריקגעקומען מיט נפתלי׳ן.

אָט דיעזער נפתלי איז אַ סגן פון די שומרים אין גליל. ער וועט אייך שוין אַריינפיהרען אין דעם זיכערסטען שעהנסטען פּלאַץ פון יהודה. — ער האָט זיך פאַרנייגט און איז אַוועק.

אין זעהר אַ שעהנעם אויטאָמאָביל, פון דער פאַבריק „נויאַרק־ארץ ישראל, אַטאָמאָביל קאָרפּאָראַציאָן“ האָט נפתלי געפיהרט טראָצקי׳ן מיט טשיטשערינ׳ען נאָך דער שעהנער ווילא יהודית.



זעכציגסטער קאַפּיטעל.

## די גרויסע יהודית געפינט איהר פאַר־לאָרענעם ברודער.

דער אַטאַמאַביל איז געפלויגען צווישען שעהנע, צובליהטע, פעלדער און גערטנער. ס'האט שוין געהאַלטען ביים זון אונטערגאנג. שעהנע געזונטע, פאַרברוינטע מיידלאַך מיט בחורים, זיינען געגאַנגען פון דער ארבייט, מיט געזאַנג און מיט אַ הללו־יה אויף זייערע ליפּען. דער וועטער איז געווען שטיל און צאַרט ווי די לאַסקעס פון אַ ליעבענ־דער מיידעל. ניט ווייט האָט זיך געהערט זיסע טענער פון אַ פּייפעלע פון אַן אַראַבישען וועכטער, וועלכע האבען זיך אין דער בלויער לופט געטראָגען ווי ווייסע מלאכים'לאַך וואָס זינגען שירה צו גאָט און טראָגען זיך איבער דער ערד, ווי אַנזאָגער פון ליעבע און שלום. פון אַ ווייַנגאַרטען האָט אימעצער געזונגען אַהן ווערטער מיט אַ שטאַרקער שטימע.. ס'האָט זיך געהערט אַ הילכינער זילבערנער געלעכטער פון אַ מיידעל, וועלכער האָט זיך געדרעהט, געקלונגען און גערייצט.

פאַרביי־פאַהרענדיג אַ שעהנע, בליהענדע קאָלאָניע, האָט זיך דער אַטאָמביל געמוזט אויף אַ ווײַלע אָפּשטעלען. ס'איז געווען אַ חתונה, די מוזיק האָט געשפּילט און פאַרלאַך האבען געטאַנצט. די טענער פון דער מוזיק האבען איינפאַך געצוואונגען די פאַרבייפאַהרער זיך אָפּצושטעלען. אַ שעהן מיידעל מיט ברענענדיגע אויגען ווי שטערען, איז אַרומגעלאָפען און האָט אַלעמען געשלעפּט אין קאַראַהאַד. — „קום! קום!“ — האָט זי געשריען. — קום אין קאַראַהאַד! „דאָס לעבען איז שעהן, און די יוגענט פאַרשווינדעט, קומט טאַנצען!“

ביי טראַצקין מיט טשיטשערינען האָבען די הערצער גענומען שטאַרקער קלאַפּען, פון דער גן־עדן'דיגער אַטמאָספערע, זיי האָט זיך געדוכט, אַז זיי זיינען אַריינגעפאַהרען אין עפּעס אַ צויבערלאַנד, וואו די מענשען זיינען לויטער מלאכים. מען האָט דעם אַטאָמאָביל זיך ניט געלאָזט ריהרען פון אָרט ביז יעדער איינער האָט געמוזט טרינקען „אַ לחיים“ און פאַרבייסען מיט געשמאַקע פרוכטען. ערשט נאָכדעם האָט זיך דער אַטאָמאָביל גענומען ריהרען לאַנגזאַם, ווייל נפתלי האָט געוואָלט אַז די געסט זאָלען זיך אָנזעטיגען מיט די שעהנע וואונדער־באַרע פּאַנאָראַמעס.

— הערר נפתלי! — האָט טראָצקי געפרעגט, — איהר פיהרט אונז אַ פּנים אין אַ פאַר'כשופ'טען אָרט?

— איהר קענט נאָך ניט אונזער ארץ ישראל, — האָט נפתלי גע־ענטפערט — איהר וועט נאָך ערשט זעהן אונזער וואונדערלאַנד! מיר פאָהרען איצט צו דער גרויסער וואונדערבארער „ווילא יהודית" וועלכע דער גרויסער אַמעריקאַנער יהודה, האָט ספּעציעל געבויט און געפלאַנצט פאַר זיין געליעבטע פרוי די גרויסע העלדין יהודית!...

— ווער איז דאָס די גרויסע העלדען יהודית? — האָט טראָצקי נייגעריג געפרעגט.

— ווער ווייס דאָס ניט פון דער גרויסער מאַרטירערין יהודית? — האָט נפתלי שטאָלץ געענטפערט. — פרעגט יעדער קליין קינד אין ארץ ישראל, „ווער איז יהודית?" וועט מען אייך גלייך דערצעהלען פון איהר. זי איז שוין פאַרשריבען אין דער אידישער געשיכטע. אין אַלע שולעס לערנט מען מיט די קינדער פון איהרע העלדענטהאַטען, פונקט ווי מען לערענט די היסטאָריע פון אונזערע אַמאָהליגע העלדינען מרים, דבורה, יהודית און אנדערע, וועלכע האָבען געלעבט אין די צייטען פון אונזערע שופטים, מלכים און נביאים. מיר רופען זי „די בלום פון יהודה", און איהר שוועסטער שושנה, רופט מען „די בלום פון ארץ ישראל". איהר וועט זיין אַ קורצע צייט אין אונזער לאַנד, וועט איהר שוין פון אַלעס וויסען. איהר וועט זיך אַזוי פיעל אַנזעהן און אַנהערען, אַז איהר וועט שוין ניט וועלען זיך צוריקקעהרען נאָך אייער רוסלאַנד.

— וועט מען אונז דען דאָ לאָזען פאַרבלייבען וואוינען? — האָט טראָצקי מעלאַנכאָליש געפרעגט.

— געוויס, מיין הערר! — האָט נפתלי געענטפערט. — אונזער לאַנד איז ברייט אָפען פאַר אַלע איהרע קינדער, און פאַר אַלע אַנ־שטענדיגע מענשען.

— הייסט עס, אַז איהר פיהרט אונז צו אייער היסטאָרישער יהודית? — האָט טראָצקי געזאָגט, ווערענדיג עטוואָס אומרוהיג, ניט וויסענדיג פאַר וואָס.

— יע, מיין הערר! — האָט נפתלי געענטפערט מיט אַ חבר'ישען טאָן. — אדונירם דער בעאַמטער פון חיפה'ער האַפען, האָט מיר פאַר־טרויט, אַז דאָרט איז פאַר אייך פאָרלויפיג דער זיכערסטער פּלאַץ, ביז די „אינטערנאַציאָנאַלע וואָלקענס" וועלען זיך אויסלייטערען און אייער נאָמען וועט אַרויסקומען אונבאַפלעקט, קלאָהר און ווייס, ווי די שניי־

ווייסע וואָל פון די שעפּסען פון גלער, נאָכדעם ווי מען וואַשט און באָדט זיי אויס, און דאַן וועט גאַנץ ארץ ישראל זיין פאַר אייך פראַנק און פריי, און אויב איהר וועט וועלען פאַרבלייבען ביי אונז אויף תמיד, וועט איהר נאָך קענען ווערען אַ ליכטיגער שטערען אין די ארץ ישראל הימלען.

טראַצקי'ס האַרץ האָט גענומען קלאַפּען שטאַרקער און שטאַרקער. „אָה גאָט!" האָט זיך ביי איהם צום ערשטען מאָל אַרויסגערעדט אין זיינע געדאַנקען, „וואָס זיינען דאָס פאַר אַ מענשען? ניין! דאָס מוזען גאָר זיין מלאכים! וואָס פאַר אַ גוטסקייט, עדעלקייט און אָפענהערציגקייט!"

— הייסט עס, אַז איהר ווייסט ווער איך בין? — האָט ער אַ פרעג געטהאָן אין אַ נערוועאישען צו שטאַנד.

— געוויס, מיין הערר! — האָט נפתלי געענטפערט. — איך ווייס, אַז איך האָב די עהרע צו פיהרען דעם גרויסען אינטערנאַציאָנאַלען פיהרער, דעם גרויסען טראָצקי, וועמען אַלע רעכטדענקענדע מענשען באַוואונדערען, און דאָס פאָלק ישראל וועט איהם נאָכמעהר קענען אָבשאַצען, ווען דער פאַרלאָרענער זוהן וועט צוריק קומען אַהיים צו זיין טאַטען. ווייל נאָך אַלעמען ווילען אייך די פרעמדע ניט פאַרשטעהן!...

דער רויטער לייב, דער שטאַרקסטער מענש מיט די אייזערנע נערוון, האָט זיך שוין מעהר ניט געקענט באַהערשען, און טרערען האָבען גענומען פליסען פון זיינע אויגען. פאַר די לעצטע צוואַנציג יאָהר, האָט דער מאַן ניט געוויינט. ער האָט זיך שוין פאַרגעסען וואָס הייסט טרערען. די טרערען פון אמת'ע תשובה.

טשיטשערין האָט אויף איהם קוקענדיג אויך גענומען שטיל וויינען מיט זודיגע טרערען. טשיטשערינ'ס טרערען זיינען אָבער געווען גאַנץ אַנדערע. ער האָט געפיהלט אַז רוסלאַנד פאַרליערט אויף עביג איהר בעסטען טרייעסטען זוהן. איהר גרעסטען פיהרער און ער האָט באַ-וויינט זיין פאַטערלאַנד.

נפתלי האָט זיך געמאַכט ניט זעהענדיג, אָבער ביי איהם האָבען זיך אויך גענומען גיסען טרערען. דאָס זיינען אָבער געווען טרערען פון שמחה, פון באַגייסטערונג. ער האָט געפיהלט, אַז ווען אַזאַ מאַן ווי דער רויטער לייב וויינט, איז עס געוויס גרויסע, גייסטיגע רוח-הקודש'דיגע טרערען, און ער האָט געפיהלט אַז דער גרויסער פאַר-

בלאַנדזשעטער זוהן קומט צוריק אַהיים, און זיינע טרערן זיינען „גשם נדבות טראָפּען".

דער אַטאָמאָביל איז אַריינגעפאָהרען צווישען וואונדערבאַרע אַלעען וועלכע ס'האָבען געפיהרט צו אַ וואונדערבאַרען שעהנעם שלאָס, וואָס מען קען עס נאָר געפינען צווישען די לעגענדאַרישע וואונדער מעשה־לאַך, פון טויזענט און איין נאַכט.

דער אַטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט אין הויף, וועלכער איז געווען באַלויכטען מיט פאַרשיעדענע עלעקטרישע באַלייכטונגען, אַז ס'האָט אויסגעקוקט ווי אין אַ מיטען ליכטיגען טאָג.

צוויי שעהנע יונגען אין ווייסען געקליידעט מיט בלויע גאַרטלען און מגן דוד'ס אויף די אַרבעל, זיינען צוגעגאַנגען צו נפתלי'ן מיט אַ חבר'ישען שלום און מיט אַ ברוכים הבאים. זיי האָבען געעפענט די טיהר פון אַטאָמאָביל און טראַצקי מיט טשיטשעריג'ען זיינען אַרויס מיט קלאַפּענדע הערצער פון באַוואונדערונג פון דעם דאָזיגען צויבער שלאָס.

די טיהרען פון'ם הויפּט־אַריינגאַנג זיינען שוין געווען ברייט פונאַנדער־געעפענט, און אַ מיטעל־יעהריגער שעהן געבויטער מאַן, מיט אַ דאָקטאָר הערצל באָרד, מיט שוואַרצע שעהנע אויגען האָט זיי באַ־געגענט מיט אַ פריינדליכען ברוכים הבאים! ער האָט זיך פאָרגע־שטעלט מיט'ן נאָמען אבשלום, פּריוואַט סעקרעטער פון'ם גרויסען אַמעריקאַנעם יהודה מיט זיין היסטאָרישע יהודית. און ער האָט געזאָגט:

— אדונירם האָט מיר טעלעפאָנירט פון אייער אָנקומען, און איך האָב אייך שוין ערוואַרטעט! זייט אונז ווילקאָמען, איהר גרויסע געסט! יהודה מיט יהודית'ן מיינע חברים־בעלי בתים פון דיעזער שעהנער ווילא, זיינען איצט זעהר פאַרנומען אויף דער אסיפה וועגען דעם אַלוועלטליכען קאָנגרעס, וואָס וועט אָבגעהאַלטען ווערען פּסח צייט אין ירושלים, אָבער זיי ווייסען שוין פון אייער אָנקומען. זיי באַדויערען זעהר וואָס זיי האָבען אייך ניט געקענט מקבל פּנים זיין, אָבער זיי האָבען מיך געבעטען, אייך איבערצוגעבען, זייער האַרצליכען „ברוכים הבאים!" און איהר זאָלט זיך פיהלען ווי אין אייער אייגענער היים. מאָרגען וועלען זיי צוריק קומען אַהיים, און אפשר נאָך פאַרטאָג צוזאַמען מיט'ן מאָרגען־שטערען.

— איצט מיינע טייערע אורחים, — האָט ער געזאָגט, — נעמט אַ גוטען ארץ ישראל שפּריץ. וואַשט זיך אָרום, וואַרפט אַראָפּ פון

זיך דעם שטויב פון אייער לאנגער נסיעה, און איך וועל דערווייל הייסען צוגרייטען פאר אייך א מאלצייט, נאכדעם וועט איהר זיך קענען אויסרוהען, און אויף מארגען וועט איהר מיט אויסגערוהטע געדאנקען, זיך באגעגענען מיט יהודה'ן און יהודית'ן.

ווען זיי זיינען פארטיג געווארען מיט'ן ארומוואשען און זיך איבערגעטאן אין אנדערע בגדים, האבען זיי שוין דערווישט א גע־גרייטען טיש פון כל טוב. אבשלום האט מיט זיי מיטגע'סעודה'ט. ס'איז געווען ניכר אז די אורחים איז זעהר שטארק געפעלען די ארץ ישראל'דיגע מאכלים. מען האט געטרונקען לחיים און געגעסען מיט גרויס אפעטיט.

נאכ'ן עסען האט מען געטרונקען טהע, און גערעדט פון פאר־שיעדענע ענינים. אין מיטען זיינען אריינגעקומען מרים מיט אלכסנדר'ן. מרים צוועלף יאהר אלט, האט אויסגעזעהן ווי א שעהן מלאד'ל, וועלכער איז אראפגעפלויגען פון די הימלען צו די מענשען־קינדער, און אלכסנדר פופצעהן יאהר אלט, האט אויסגעקוקט ווי עפעס א שטארקער שטאלצער פרינץ פול מיט ליעבע און חן. זיי זיינען צוגעגאנגען צו אבשלום'ן מיט א חבר'ישען „שלום אדון אבשלום!" און האבען געקוקט מיט דרך ארץ אויף די אורחים.

אבשלום האט זיי ערקלעהרט אין העברעאיש, אז דאס זיינען צוויי גרויסע לייט, פון רוסלאנד, וועלכע זיינען געקומען צום גרויסען אלוועלטליכען קאנגרעס.

— דאס זיינען שושנה'ס קינדער, — האט זיי אבשלום פארגע־שטעלט פאר די אורחים, — זיי וואוינען דערביי אין דער צווייטער ווילא.

— אדון אבשלום! — האט אלכסנדר געזאגט, — איך קען שוין אויך רעדען די רוסישע שפראך, און מרים'ל קען אויך. און זיי האבען זיך גע'שלום עליכם'ט מיט די גרויסע לייט אויף דער רוסישער שפראך.

טראצקי מיט טשיטשערינען זיינען ענטציקט געווארען פון די צוויי מלאכים אין מענשען געשטאלט, און טראצקי האט געפרעגט, ווארום זיי לערנען זיך די רוסישע שפראך?

— צוליעב פיעלע טעמים, — האט אלכסנדר געענטפערט. — ערשטענס איז גוט צו קענען א סך שפראכען. צווייטענס קומען אהער אידען פון אלע לענדער און ביז וואנען זיי לערנען זיך אויס אין די נאכט־שוהלען אונזער העברעאישע נאציאנאלע שפראך, דארף מען דאך מיט זיי קענען רעדען אויף זייערע לשונות. און דריטענס —

האָט אונטערגעכאַפּט מרים'ל — מוזען מיר קענען ספּעציעל רוסיש, צוליעב דער גרעסטער זאַך, וואָס איז אונז טייער.

— מעג איך פרעגען וואָס די גרויסע זאַך איז? — האָט טראַצקי נייגעריג געפרעגט.

— געוויס! — האָט מרים'ל געענטפערט. — מיר האָבען זעהר אַ גרויסען גוטען אַנקעל אין רוסלאַנד, און אַז ער וועט ווען עס איז קומען צו אונז, וועלען מיר מיט איהם קענען רעדען.

— ווי רופט מען אייער גרויסען אַנקעל אין רוסלאַנד? — האָט טראַצקי געפרעגט ווערענדיג אומרוהיג און ניט וויסענדיג פאַר וואָס.

— אריה! — האָט זי אויסגערעדט מיט אַזוי פיעל חן און ליעבע, אַז טראַצקי האָט זיך ניט געקענט באַהערשען און ער האָט איהר גע־קושט.

— אריה־יהודה! — האָט אלכסנדר צוגעגעבען, — און ער האָט שטאָלץ אַ זאָג געטאָהן: — מיין פּאַפּאַ זאָגט: אַז מיין אַנקעל פון רוסלאַנד, איז שטאַרק ווי אַ לייב, און אַזוי ווי יהודה, ווען ער איז געקומען צו יוסף'ן אַפּנעמען זיין ברודער בנימין.

— און ווי רופט מען איהם אויף רוסיש? — האָט טשיטשערין געפרעגט, און ווי אַ ציטער וואָלט דורכגעלאָפען איבער זיין לייב.

— דאָס האָט מען אונז ניט געזאָגט, — האָט מרים'ל געענט־פערט, — איך וועל נאָך היינט פרעגען ביי מאַמאַ.

— ווען איך בין דיין אַנקעל וואָלסטו מיך געליבט? — האָט טראַצקי פּלוצלונג אַ פרעג געטהאָן, ניט וויסענדיג אַליין פאַר וואָס.

— געוויס! — האָט מרים געענטפערט. — איהר קוקט אויס ווי אַ גוטער מענש! „ווי אַ גרויסער געלערענטער מאַן“, — האָט אלכסנדר אונטערגעכאַפּט.

— מיט שעהנע שוואַרצע אויגען ווי ביי מאַמאַ — האָט מרים'ל מיט חן צוגעגעבען.

זיי האָבען זיך געזעגענט, פאַרשפּרעכענדיג אויסצוגעפינען ווי רופט מען זייער אַנקעל אויף רוסיש.

— דאָס זיינען מלאכים'לאַך — האָט טראַצקי ענטציקט געזאָגט נאָך זייער אַוועקגעהן.

— „דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פון דעם בוים“! — האָט אבשלום געזאָגט. — פאַרגעסט ניט אַז דאָס זיינען די קינדער פון דעם גרויסען יהודה מיט שושנה'ן. „די בלום פון ארץ ישראל“, וועלכע זיינען פון די ערשטע טרייע בויער פון אונזער אַלט־ניילאַנד.

אבשלום האָט זיי אַריינגעפיהרט אין אַ שעהנעם, וואונדערבאַרען שלאָפ־צימער און האָט זיי געוואונשען אַ רוהיגען געשמאַקען שלאָף...

דער גרויסער אַמעריקאַנער יהודה מיט זיין יהודית, זיינען געקומען אַהיים גלייך מיט'ן מאָרגען־שטערען, אָבער אַנשטאָט צו לעגען זיך אָפּרוהען, האָבען זיי גענומען אויסטראַכטען אַ פּלאַן ווי אַזוי אויפ־צונעמען זייער ברודער.

די שטאַרקע העלדישע יהודית איז געוועזען זעהר אומרוהיג, פון צופיעל פרייד און דאגה, און כאָטש זי האָט שוין געוואוסט פון אדונירם'ן אַז טראַצקי איז געקומען ווי אַן אמת'ער ברודער און ווי אַ בעל תשובה, פון דעסטוועגען האָט זי אַליין געוואָלט זיין איבער־צייגט אין זיין ערנסטקייט, איידער זי לאָזט זיך צו איהם דערקענען. זי האָט געוואָלט זיין זיכער, אויב זיין חרטה און תשובה קומט פון אמת'ן טיעפען האַרצען, און אויב ס'ליגט ניט דערין עפּעס „אַ רויטע" אומריינע מחשבה. זי האָט געטראַכט און געטראַכט. איהר האַרץ, איהרע געדאַנקען זיינען געווען אַנגעפילט מיט אַ מורא'דיגען שטורעם. זי האָט זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. זי איז אַרומגעלאָפען פון איין ווינקעל אין אַ צווייטען, פון איהר שלאָפצימער אין ביבליאָ־טהעק, ביז זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אין'ם שלאָפצימער פון איהר קליינעם מלאכ'ל אריה־יהודה, איהר דריי יעהריגער אינגעלע, וועלכען זי האָט אַ נאָמען געגעבען נאָך איהר גרויסען פאַרבלאָנדזשעטען ברודער לעאָן. אַ לאַנגע צייט איז זי געשטאַנען און האָט אַריינגעקוקט אין זיין ליכטיגען פּנים'ל. זי האָט געזעהן ווי אויף זיינע שלאָפעדיגע ליפּע־לאַך שוועבט אַ הייליגער כרוב־שמייכעלע, און זי האָט זיך באַרוהיגט. זי האָט איהר מלאכ'ל געגעבען אַ לייכטען קוש און איז אַריין אין איהר יהודה'ס שלאָפצימער. דער גרויסער אַמעריקאַנער יהודה איז געלעגען מיט זיינע בלויע אָפענע אויגען, זיין האַרץ האָט אויך גע־שטורעמט.

— מיין טייערע ליעבע יהודית! — האָט ער שטיל גערעדט. — אונזער אַלעמענס שמחה און גליק וועט איצט פאַרפולט ווערען. עס וועט צוקומען אין אונזער משפחה, נאָך אַ גרויסער ליכטיגער שטערען, און אפשר אַ גאַנצע זון. אַה! ווי איך וואָלט שוין וועלען שטעהן פּנים אל פּנים מיט'ן גרויסען מאַן וועלכער האָט געמאַכט ציטערען די וועלט! מיט'ן „רויטען לייב" וועלכער וועט זיך געוויס אַנציהען מיט אַ ווייס־בלויע נשמה'דיגע הויט. עס וועט זיין דער גליקליכסטער מאָמענט אין אונזער לעבען און אין דעם לעבען פון אונזער פאָלק

ישראל. ווי שעהן און הערליך דער גרויסער גאון וועט אויסקוקען אין א ווייס־בלויע נשמה! מיט אן עכט אידישע נאציאנאלע הויט.

ער האט דערפיהלט יהודית'עס ליפען אויף זיינע, און צוויי גרויסע נשמות האבען זיך פאר'שכור'ט אין א לאנגען סודות'דיגען קוש...

זיי זיינען נאך געלעגען א קורצע צייט און גערעדט פון זייער ברודער, און זיי האבען פארטיג געמאכט א פלאן, ווי צו מקבל פנים זיין לעאנ'ען מיט זיין פריינט טשיטשערין.

יהודית האט זיך פארקליידעט, פאר זעהר א שעהנע עלטערע פרוי, ביי וועמען די האר הייבען שוין אן צו ווערען ווייס, און מען מוז פיהלען צו איהר א יראת הכבוד און גרויס דרך ארץ, און זי האט געווארט אויפ'ן גרויסען מאמענט וועלכער איז גיך געקומען.

טראצקי מיט טשיטשערינ'ען, נאכדעם ווי זיי האבען געהאט א נאכט אנגעפיקעוועט מיט כל'ערלייאיגע חלומות, גוטע, ליכטיגע און שוידערליכע זיינען אויפגעשטאנען, און האבען זיך געמאכט פארטיג צו באגעגענען די היסטארישע בעלי בתים פון דער ווילא.

ווען אדונירם האט אנגעקלאפט אין זייער טיהר, האט ער שוין זיי געפונען מוכן ומזומנ'דיג. ער האט זיי באגריסט מיט א פריינדליכען „גוט מארגען!" און האט באמערקט שמייכלענדיג צו טראצקין:

— מיין הערר! איהר זעהט די וואונדער פון ארץ ישראל? נאר איין נאכט ווי איהר זענט איבערגעשלאפען אין אונזער אלט־ניילאנד, און אייער פנים איז שוין נשתנה געווארען; איהר קוקט איצט ווירקליך אויס ווי דער אמת'ער גרויסער טראצקי! . . .

טראצקי האט זיך געכאפט, אז ער האט ניט אנגעטהאן די מאסקע וואס אדונירם האט איהם געגעבען. ער האט עס גלייך פאריכט, מיט א באמערקונג:

— די נאכט האט מיר ווירקליך זעהר פיעל גוטעס געטאהן, אז איך גלויב שוין ניט מעהר אין מאסקירען זיך. אבשלום האט איהם ברידערלאך געדריקט די האנט.

אדונירם האט זיי אריינגעפיהרט אין דער גרויסער ביבליאטהעק, וואו זיי זיינען פארגעשטעלט געווארען פאר יהודה מיט יהודית'ן, און איז אליין ארויס.

מען האט געדריקט איינע די אנדערע ברידערלאך די הענט, און יהודית האט באמערקט:

— ס'איז ניט מחמת ביי אונז אין ארץ ישראל איז די מאדע, אז גאנץ פריה ווי מען שטעהט אויף, כאפט מען זיך תיכף צו די ביכער,

מיר פיהרען זיך אויף „בדרך כל האדם“, מען עסט און מען טרינקט ווי אַלע מענשען, און נאָכדעם געהט יעדער צו זיין באַשטימטער אַרבייט, נאָר אום צו באַגעגענען דעם „רויטען ליב“ פון דער אַמאָליגער גרויסער רוסלאַנד, דעם גרויסען אָרגאַניזאַטאָר און עקאָנאָמיסט, וועלכער האָט געשעפּט זיינע ידיעות נאָר פון די ביכער, האָבען מיר איינגעריכטעט מיט אַ בכיון אונזער ערשטע באַגעגעניש, אין אונזער ביבליאָטהעק, צווישען ספרים פון אַלטע און נייע צייטען, און אפילו צווישען די ספרים וואָס דער רויטער ליב האָט אַליין פערפאַסט. צווישען בילדער פון אַלטע און נייע גרויסע מענשען, און זי האָט אָנגעצייגט טראָצקי'ן אויף זיין אייגענע בילד, וואָס איז געווען איינגעפאַסט אין אַ שעהנע גאָלדענע ראַם. — אָט דאָ אין דיעזער ביבליאָטהעק מעג דער גרויסער טראָצקי אַרונטער נעמען זיין „מאַסקע“, וואָס ער איז געצוואונגען אויף אַ קורצע צייט צו טראָגען, און זאָל דער „רויטער לייב“ באַווייזען זיין אָריגינעלען אמת'ן פּנים, מיט זיין אָריגינעלע אמת'ע נשמה פון זיין יוגענט.

טראָצקי האָט אַרונטערגענומען די מאַסקע און ער איז געבליבען שטעהן אין זיין אמת'ן פּנים, דער זעלבער אַמאָליגער טראָצקי, נאָר עלטער און מעלאַנכאָליש.

יהודית'עם האַרץ האָט גענומען האַסטיגער קלאַפּען, אָבער זי האָט זיך געשטאַרקט און געזאָגט:

— אייער פּנים קוקט אויס פּונקט ווי דאָס בילד, נאָר אַנשטאַט וואָס אויף דער בילד, קוקט איהר אויס, יונג, שטרענג, האַרט און ענט־שלאָסען, קוקט איצט אויס אייער פּנים: עלטער, צאַרטער, פאַר־דאגה'ט און מעלאַנכאָליש. אָבער ניט גע'דאגה'ט, מיין פריינט! די ארץ ישראל'דיגע לופט וועט אייך צוריקברענגען אייערע אַמאָליגע אָריגינעלע כחות, און איהר וועט בליהען ווי אין די „שנים קדמוניות“ „ביי אייער טאַטען אין וויינגאָרטען...“

מיר ווייסען פון אייער גרויסע און נאָבעלע מיסיע, נאָך וועלכע איהר זייט אַהער געקומען. מיר ווייסען פון אייער מאַרטירערטהום פאַר אייער גרויסען אידעאַל, און מיר פיהלען נאָכמעהר אייער גרויס־קייט, אַז אפילו נאָכדעם ווען איהר ווערט „געקרייציגט“ פון אייערע חברים, הערט איהר ניט אויף, אויף אַ מאָמענט צו זאָרגען פאַר זייער הצלחה. ווער נאָך ווי מיר אידען זיינען מסוגל צו באַגרייפען און פיהלען אַזאַ מאַרטירערטהום!... אָבער איהר וועט אונז מוזען ענט־שולדיגען, ווען מיר וועלען מיט אייך רעדען עטליכע אויפריכטיגע

אמת'ע אָפענהערציגע ווערטער, פון וועלכע עס הענגט אָפּ אייער אייגענער שיקזאַל און אונדירעקט דער שיקזאַל פון אייער רוסלאַנד.

מיינע העררען! איהר דאַרפט ניט פאַרגעסען אויף אַ מאָמענט, אַז ס'וועט זיין זעהר שווער איבערצוצייגען די פאַרטרעטער פון אַלע נאַציאָנען, אין אייער ערנסטקייט, נאָכדעם ווי אייער סאָוועטען־מאַכט, האָט געבראָכען זייער אייגענע אונטערשריפט, און צוטראָטען מיט די פיס אַלע זייערע צוזאָגונגען און גאַראַנטיעס, וואָס זיי האָבען גע־געבען צו די בירגער פון כמעט אַלע לענדער. די מאָטאָ פון אייער מלוכה איז, ווי פון די יעזואיטען פון אַלטערטהום אַז: „דאָס צוועק היילינט דאָס מיטעל". אייער מדינה האָט נאָר אַרויסגענומען דעם „סם המות" פון די אַלטע צייטען, אָבער די גוטע זאַכען האָבען זיי אויסגעריסען מיט די וואָרצלען, די הויפּט יסודות פון דער מענשהייט: יושר, רחמנות, חרפה און בושה האָט איהר אין גאַנצען אויסגעמעקט פון אייערע ביכער און אַז. וו.

מען וועט מוזען אָנווענדען איבערנאַטירליכע מיטלען און ענערגיע, אַז דער אַלוועלטליכער קאָנגרעס זאָל אייך כאָטש וועלען אויסהערען.

איצט שטעלט זיך די פראַגע: לאָמיר אָננעהמען און האָפען צו דעם גאָט פון ציון, אַז נאָך פיעל מיה און ענערגיע, מיט אונזער פולע פאַראַנטוואָרטליכקייט און גאַראַנטיעס, וועט אונז געלינגען אויס־צואווירקען ביים אַלוועלטליכען גרויסען טריבונאַל, אַז מען זאָל אייך לכל הפּחות צו־לאָזען צום קאָנגרעס און אויסהערען אייערע טענות און בקשות, אייערע חרטות און תשובות, אַז זיי זאָלען רחמנות האָבען אויף אַ גרויס פאָלק, וועלכעס געהט אונטער פון טאָג צו טאָג, פון די הענט פון די רויטע מזיקים און רויטע ראַספּוטינס, און אַז. וו., און וואָרום זאָל געמינערט ווערען אַזאַ גרויסע משפּחה, וועלכע האָט גע־געבען דער וועלט אַזוי פיעל גרויסע שטערען, וועלכע לייכטען נאָך עד היום? און אַז. וו.

אָבער מיט וואָס וועלען מיר אידען זיין זיכער, אַז נאָכדעם ווי מיר וועלען גאַראַנטירען, און זיין פאַר אייך פאַראַנטוואָרטליך צו די ליגע פון נאַציאָנען, אַז אייער מדינה וועט ווידער אַמאָל ניט איבער'חזר'ן זייער יעזואיטישע מאָטאָ: אַז „דאָס צוועק היילינט דעם מיטעל"? און מיט וואָס זיינען מיר זיכער אין די אויפריכטיגקייט און אמת'קייט פון אייך אַליין?...

מיר צווייפלען ניט אויף אַ מאָמענט אין די גרויסקייט פון אַ טראָצקי'ן, און מיר ספק'ן ניט אין די איבערגעבענהייט פון אַ טשי־

טשעריין, אָבער מיין גאָט! — האָט זי געגומען רעדען אַלץ קרעפטיגער און התלהבות׳דיגער — ווי קען מען האָבען אמונה אין מענשען, נאָכדעם ווי זיי האָבען דורכגעפיהרט אַזעלכע שוידערליכע באַרבאַרישע חיה׳ישע מעשים און טהאַטען?!...

כ׳וויל ניט אויפדעקען די אַלטע אַמאָליגע וואונדען, ווען אייגענע קינדער האָבען דער׳הרג׳עט און פאַראומגליקט אייגענע טאַטעס און מאַמעס, ווען אייגענע ברידער האָבען געצוואונגען זייערע טרייע שוועסטער זיך איבערצוגעבען אין די הענט פון בעסטיאַלישע טייוואַלים אין׳ם נאָמען פון עפּעס „אַ רויטע תורה“, כ׳וויל עס ניט דערמאָנען, אפשר איז עס געווען אַ מין „רויטע שכרות“. מענשען זיינען דאַמאָלסט געוואָרען ווילד, משוגע, פון דער פאַלשער אשמדאי לעהרע, אָבער איצט? מיין גאָט! שוין באַלד צוואַנציג יאָהר, און די „רויטע טייוואַלים“ אין מענשען געשטאַלט הערען נאָך אַלץ ניט אויף צו טאַנצען זייער „רויטען־קאַראהאד“! זיי האָבען זיך נאָך ניט אויס־געניכטערט פון זייער רויטע סם המות׳דיגע שכרות!...

איך וויל הערען פון דעם מויל, פון אָט דעם „רויטען לייב“, וואָס ער דענקט, און וואָס ער וויל? און וואָס פאַר אַ גאַראַנטיע מיר ארץ ישראל בירגער וועלען קריגען, פאַר אונזער פאַראַנטוואָרטליכקייט וואָס מיר וועלען געבען צום גרויסען וועלט טריבונאַל?....

יהודית האָט זיך אָוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל ווי אָהן כחות, זי האָט פאַרדעקט איהר פּנים מיט די הענט, און ס׳האָט זיך געהערט אַ שטילער געוויין.

אַ קורצע צייט האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, ס׳האָט זיך געדוכט פּונקט ווי אַלעס אין דער גרויסער ביבליאָטהעק וואָלט גע־וויינט. דעם גרויסען טראָצקי האָט זיך אויסגעוויזען אַז אַלעס טאַנצט פאַר זיינע אויגען, אָבער ניט קיין נאַטירליכען טאַנץ, נאָר עפּעס מאָדנע, געצוואונגענע געפּייניגטע, צו־בלוטיגטע טענץ. אַלע, אַלע טאַנצען, די שרייבער, די דענקער, די גראָבע ביכער, די בילדער, טשיטשערין און ער אַליין טאַנצט אויך. ס׳האָט איהם געשווינדעלט אין די אויגען און איהם האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער געפינט זיך אין אַ גרויסען טייך בלוט, און גליעדער פון מענשען, קעפּ, הענט, פיס, אויערען, און אויגען שפּרינגען און טאַנצען איהם אין פּנים אריין. ער הערט שרעקליכע קולות פון קליינע קינדערלאַך. ער זעהט זיין אַלטען טאַטען צובראָכען איינגעהויקערט זיצענדיג אויף דער ערד אין אַ צובראָכענע אַלטע חורבה. ער זעהט זיין מאַמע׳ן אַ טויטע, ליגענדיג אויף דער ערד

איינגעוויקעלט אין שמאַטעס אויסגעגאַנגען פון הונגער און יסורים. ער זעהט זיין שוועסטער איזאַבעלע׳ן ראַנגלענדיג זיך מיט׳ן בעסטיאַלישען רויטען ניקאַלייען, און ער זעהט זיין ליעבליכע שוועסטער בעטינקע ליגענדיג אויף דער ערד און זי קושט זיינע פיס און ער שטויסט זי אוועק ציניש און ברוטאַל.

די גאַנצע צוואַנציג יאָהר ציהען זיך פאַר זיינע אויגען ווי אַ בלוטיגע קייט, מיט רינגעלאַך פון מענשען גליעדער. ער זעהט דעם גרויסען הענקער דזשערדזשינסקי מיט זיין צוזשפּאַלטענער ליפּ און בלינדער אויג, ווי ער האַלט אַ „בלוטיגע בייטש“ אין האַנט און לאַכט פון איהם מיט רויטע בלוט.

ער האָט אין דער קורצער צייט, דורכגעלעבט די גרעסטע יסורים און אינקוויזיציע. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט עס געוויס ניט אויסגעהאַלטען אָבער די שטאַרקע אייזערנע נערוועז פון דעם „רויטען לייב“ האָבען עס דורכגעטראָגען. ער איז נאָר אָפּגענאָסען געוואָרען מיט אַ שוויים. גרויסע טראָפּענס האָבען גענומען אַראָפּרינען איבער זיין פּנים. ער האָט גענומען זיך ווישען דעם פּנים און צופּען זיין בערדעל, נאָר אין אַ מינוט האָט זיך זיין פּנים גענומען באַרוהיגען. זיינע ציטערדיגע הענט האָבען זיך גענומען איינשטילען, און אַ מרה שחורה שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף זיינע ליפּען. און ער האָט מיט אַ מעלאַנכאַלישען קול אָנגעהויבען רעדען:

— זינט מיינע פיס האָבען זוכה געווען, צו באַטרעטען די הייליגע ערד, פון דעם מאַרטירער פאָלק ישראל, האָבען מיינע אויערען געהערט שוין פיעלע מאָהל דעם היסטאָרישען נאָמען פון דער העלדין יהודית! מיט איהר גרויסען אַמעריקאַנעם יהודה! און איצט האָב איך די עהרע צו שטעהן פאַר זיי און רעדען מיט זיי פּנים אל פּנים. עס איז אַ גרויסער מאָמענט אין מיין לעבען. איך האָב געהערט די אמת׳ע אמת׳ן און די נבואה שטימע פון אַ העלדען טאָכטער פון דער גרויסער היס־טאָרישער עביגער פאָלק.

אייערע ווערטער, גרויסע יהודית! האָבען צושטאָכען אַלע מיינע אברים, אַ סך שטאַרקער און טיעפער ווי שפּיציגע אָנגעברענטע אייזענס. אין דעם קורצען מאָמענט פון מיין שווייגען, האָב איך דורכגעלעבט אַ צוואַנציג יאָהריגע, שוידערליכע בלוטיגע אינקוויזיציע. ס׳איז געווען אַ לאַנגע קייט מיט רינגעלאַך פון כל׳ערלייאיגע מענשען גליעדער. צווישען די רויט־שוואַרצע רינגעלאַך, האָב איך געזעהן מיין צובראָכענעם טאַטען, מיין טויטער מאַמען, וועלכע איך מיט מיינע

איינענע הענט האָב ערמאָרדעט. כ'האָב געזעהן מיין גרויסע שוועסטער איזאַבעלאַ צוטראָטען אונטער די פיס פון רויטען ניקאָלייען, און לסוף האָב איך געזעהן מיין ליעבע טרייע קליינע בעטינקע ליגענדיג אויף דער ערד און איך טרעט אויף איהר ציניש און ברוטאַל.

אייער יעדער וואָרט, איז געווען פאַר מיר אַ פייערדיגער שמיץ, אויף מיין צוואַוועהטאָגטער, פאַרבלאָנדזשעטער און נע ונד'ישע נשמה. אָבער ס'איז אויך געווען אַ רפואה און אַ באַלזאַם פאַר מיינע וואונדען, און צו מיין גאַנצען „איך", וועלכער ווערט איצט געקרייציגט פון אַלע מיינע חברים פון דעם גאַנצען רוסישען פאָלק, און פון אַלע נאַציאָנען אין דער וועלט.

יע, ס'איז אַ רפואה פאַר מיין קראַנקע נשמה, וועלכע ווערט פאַר־אַכטעט און פאַרשפּאָטעט פון די יעניגע פאַר וועמען איך האָב אוועק געגעבען די בעסטע יאָהרען פון מיין יוגענט. ווערענד יענע קרייציגען מיך, טרעטען מיך מיט זייערע גראָבע אומגעלומפּערטע פיס און מאַכען מיך משוגע, מיט זייער „רויטען געלעכטער", זיינען אייערע רייד, איהר גרויסע יהודית, ווי די רייד פון אַ מאַמע, פון אַ געטרייער ליעבער מאַמע, וועלכע מוסר'ט און שטראָפט איהר קינד וועלכער איז אוועק אין שלעכטע דרכים, דורך פאַלשע חלומות און פאַרדאָרבענע אומ־וויסענדע חברים. אַ מאַמע שטראָפט, מוסר'ט און שלאָגט. אמת, ס'טוט וועה, אָבער זי שטויסט ניט אוועק. איהר האַרץ טהוט וועה אויף איהר שלעכטען קינד, אָבער זי ווינשט זיין הצלחה. זי וויל איהם העלפען מיט איהר מאַמע־האַרץ זיך אומצוקערען זיך אויפ'ן דרך הישר. זי רופט איהם אַהיים. זי האַלט בערייט פונאַנדערגעעפענט איהרע מאַמע־אָרעמס. זי איז גרייט אַלץ מוחל צו זיין, אַבי נאָר דאָס קינד זאָל חרטה האָבען אויף זיינע שלעכטע מעשים.

און דאָס איז איצט מיין איינציגער טרייסט, פאַר אַלע מיינע בלוטיגע רויטע יאָהרען. שוין צוואַנציג יאָהר, ווי מיינע נערווען זיינען ווי שטאָל געוואָרען פאַרהאַרטעוועט. שוין צוואַנציג יאָהר ווי מיינע אויגען האָבען ניט געפיהלט דעם טעם פון טרערען. איך האָב זיך פאַרגעסען וואָס הייסט, ליעבע, צאַרטקייט, יושר און רחמנות. און איצט ווי נאָר מיינע פיס האָבען באַטראָטען די הייליגע ערד, האָב איך דערזעהן און דערפיהלט די אמת'ע ליכטיגע ליכטיגקייט. ווי נאָר איך האָב דערפיהלט די אמת'ע שטראָף רייד פון אַ מאַמע, האָב איך דערפיהלט הייליגע טרערען אין מיינע פאַרהאַרטעוועטע אויגען.

שוין צוואַנציג יאָהר אַז איך לעב בלויז מיט'ן טייפעל, און איצט

זינט איך האָב דערזעהן די ארץ ישראל זון, האָב איך דערפיהלט גאָט אין הארצען, און איך בעט דעם אמת'ען גאָט, דעם גאָט פון ציון, אז אייערע הערצער זאָלען דערפיהלען די אמת'ע ווערטער וואָס איך רייד איצט. איך בעט דעם גאָט פון ציון אז אייערע אויגען זאָלען זעהן וואָס ביי מיר אין הארצען קומט איצט פאָר.

גרויסע יהודית און גרויסער יהודה! — האָט ער ווי א פארוואונ־דעטער אויסגעשריען. — ניט קיין רויטער לייב שטעהט איצט דאָ פאָר אייך! נאָר אַ געקרייציגטע קינד פון דעם פאָלק ישראל! וועמען די באַרבאַרישע רויטע רוסען, ווילען נאָך זיין טויט, אפשר פאַר אן אָפּגאָט מאַכען!...

עס שטעהט פאָר אייך א מאַן מיט צושרויפטע נערווען, מיט א קראנקע נשמה, און בעט זיך: „קענט איהר היילען מיינע וואונדען? איז דאָ ביי אייך אין ציון פאַראַן אַ רפואה צו מיין קראַנקער פאַר־בלאַנדזשעטער נשמה?..."

זייט מציל מיין אידישע נשמה, אום מען זאָל פון איהר נאָכ'ן טויט ניט מאַכען, דאָס זעלבע ווי פון יענעם סטאַליערס נשמה פון נצרת!...

גאָט איז מיין עדות! איך בין געווען דער גרעסטער קרבנות ברענגער! איך האָב פאַר דער אידעע צו באַפרייען די גאַנצע מענש־הייט געאָפּפערט מעהר פון אַלעמען!... און איצט, אָפּפער איך מעהר ווי מיין לעבען. איך בין מקריב מיין אידעאַל, וואָס דאָס איז דער גרעס־טער קרבן וואָס אַ מענש קען ברענגען, ווען איך זעה די דערנעהנטערונג פון רוסלאַנד'ס חורבן, וויל איך בעסער מקריב זיין מיין אידעאַל, אום צו מציל זיין דאָס רוסישע פאָלק.

די גרויסע רוסישע מאַסע איז נאָך ניט מסוגל צו באַגרייפען אפילו וואָס איך וויל פאַר איהר טהאָן!... אָבער איך בין איהר מוחל, ווייל זי איז נעבאָך אומשולדיג און הונגעריג. זיי ווילען קודם כל עסען, זאָל עס קומען פון וועמען ניט איז. די רוסען מוזען פּטור ווערען פון דער רויטער אַנאַרכיע, זאָל עס פאַסירען אויף יעדער אופן, נאָר דורך ציוויליזירטע מענשען.

די רוסישע מאַסען מוזען האָבען פיהרער, וועגווייזער, לעהרער, זאָלען זיי קומען פון וועלכע לאַנד ניט איז, אָבער זאָלען זיי קומען!... אַט דאָס פאָדערט איצט מיין געוויסען פאַר דער כאַאָטישער רויטער מדינה.

איהר ווילט האָבען אַ גאַראַנטיע?... אָבער פון וועמען?... קען דען אַ צובראָכענע, פאַרווילדערטע, אומגליקליכע, אָבגענאַרטע און פאַר־

שכור'טע מאַסע פאַר עפּעס גאַראַנטירען?... איהר אַלע פאַרטרעטער פון אַלע נאַציאָנען, מוזען דורך מאַכט שאַפען די ריכטיגע גאַראַנטיע!...

און בנוגע צו מיין פּערזאָן, איז עס קליינינקייט. איך בין ניט מעהר ווי אַ קליין מילב, וואָס וועלכע ראָד פון דער געשיכטע ס'זאָל מיך ניט צוטרעטען, וועט די וועלט בלייבען די זעלבע וועלט.

אַה גאָט! הלואי קען איך איצט מיין „נשמה" אויסשפּייען, און זי ווידער אַמאָהל דערזעהן אין אַ ווייס־בלויען קאָליר, וואָלט איך גע־שטאָרבען מיט אַ גליקליכען שמייכעל אויף מיינע ליפּען, וויסענדיג אַז מיין פּאַרפלעקטע און פאַררויטעלטע נשמה איז געלייטערט. — און דער גרויסער „רויטער לייב" האָט זיך צוואוויינט ווי אַ קליין קינד.

— ער איז אַ הייליגער! ער איז אַ מאַרטירער! — האָט טשיטשער־רין גענומען קושען זיינע הענט.

— ניין חבר! — האָט טראָצקי אַרויסגעריסען זיינע הענט פון די קושען — איהר רוסען מאַכט אַלעמען פאַר הייליגע! איך בין ניט מעהר ווי אַ פּשוט'ער פאַרבלאָנדזשעטער זוהן פון'ם אונשטערבליכען פאָלק ישראל וועלכער ליידעט פאַר די זינד פון אַנדערע!...

אַ היבשע צייט האָבען אַלע געשוויגען, פּונקט ווי עפּעס אַ הייליגע שטילקייט וואָלט אַלעמען באַהערשט, ווי די נשמות פון די ספרים וואָלטען זיך גע'סוד'עט.

פּלוצלונג איז אַריינגעלאָפען מרים'ל, און פּונקט ווי אַ גוטער מלאכ'ל וועלכער ברענגט אַ גליקליכע בשורה, איז זי צוגעפלויגען צו טראָצקי'ן, אָבער זי איז געבליבען שטעהן פאַרוואונדערט:

— וואָס איז דאָס? — האָט זי גענומען פּאַטשען מיט איהרע צאַרטע הענטעלאַך ווי מיט מלאכים פליגעלאַך.

אַלע האָבען איהר אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג.

— מרים'ל?! — האָט זי יהודה אַריינגעכאַפּט אין זיינע שטאַרקע אָרעמס — וואָס ביזטו געקומען צו פליהען אַזוי פריה? און וואָס האָט דיין שעהנער פּנימ'ל זיך אַזוי פאַר'חידוש'ט?...

— אָנקעל יהודה! — האָט זי מיט איהר שעהן־קלינגענדען קול'כל געענטפערט. — נעכטען האָב איך צוגעזאָגט דעם גרויסען גאַסט פון רוסלאַנד, אַז איך וועל פרעגען מאַמא, ווי מען רופט מיין גרויסען אָנקעל אריה אויף רוסיש, מאַמא האָט מיר בשום אופן ניט געוואָלט זאָגען, כ'וויים ניט פאַר וואָס, האָב איך געוויינט אַ גאַנצע נאַכט און ניט געשלאָפען. מאַמא האָט אויך געוויינט, נאָר לסוף האָט זי מיר אויס־

געזאגט. דערפאר בין איך גאנץ פריה אויפגעשטאנען, כ'האב נאך אפילו קיין מילך ניט געטרונקען, איך בין געפלויגען אהער. איך האב אייך געזוכט אין אלע חדרים ביז איך בין געקומען אהער, אבער איך זעה דא ניט יענעם גרויסען רוס?!... איך זעה נאר דעם צווייטען! — זי האט געצייגט אויף טשיטשערינען.

— און דאס איז ביי דיר אזא גרויסער חידוש? — האט איהר יהודה געגלעט און געקושט.

— ניין אנקעל, ניט דאס! — האט זי געענטפערט. — ס'קען זיין אז יענער גרויסער מאן שלאפט נאך. ער איז געקומען פון אזא ווייטער נסיעה. אבער איך זעה אט יענעם מאן! — און זי האט אנגעצייגט אויף טראצקי'ן.

— האסטו דען מורא פאר איהם? — האט יהודה געשמייכעלט.

— אה ניין! דודי יהודה! איך ליעב איהם! ווייל ער קוקט אוים פונקט ווי מיין גרויסער אנקעל אריה פון רוסלאנד, און אויף רוסיש רופט מען איהם לעאן! נאר אויפ'ן בילד זעהט ער אוים יונג — און זי האט געצייגט אויף טראצקי'ס בילד.

נאר איידער אימעצער האט צייט געהאט עפעס אויסצורייידען, האט זיך טראצקי ארים-געטאהן מיט א מערקווירדיגען אימפעט, און האט אריינגעדריקט מרים'לען אין זיינע הענט, און האט באדעקט איהר פנים מיט הייסע קושען. ער האט ניט גערעדט, אבער יעדער איינער האט געקענט הערען ווי זיין הארץ קלאפט און הויבט זיך, און ווי זיין נשמה צאפעלט זיך.

— ביזטו טאקע מיין אמת'ר, גרויסער אנקעל אריה, פון רוס־לאנד? — האט מרים'ל איהם געפרעגט, און האט ארומגענומען זיין האלדז מיט איהרע שעהנע צארטע הענטעלאך.

— איך בין דיין אנקעל אריה'ס א ברודער, — האט טראצקי ארויסגעברומט ווי א פארוואונדעטער, — דו קליינער מלאך'ל.

מרים'ל דרעהט זיך ארוים פון זיינע הענט, און האט זיך פאר־טראכט און איהרע אויגען האבען געשוועבט איבער אלעמענס פנים'ער, און זיך ווענדענדיג צו טראצקי'ן, האט זי גענומען טענה'ן מיט התפעלות:

— טא פאר וואס האט מען מיר ניט געזאגט אז איך האב נאך אן אנקעל? און ווי רופט מען אייך? און דאס איז מסתמא די טאנטע? איז זי צוגעלאפען צו יהודית'ן און זי געבאפט קושען. ווי רופט מען אייך טאנטע? איהר קוקט אוים אזוי שעהן! איך וועל לויפען אנ־

זאגען מאמא, אַה וועט זי זיך פרעהען! אַלע וועלען זיך פרעהען. אָבער וואו איז טאַנטע יהודית? — האָט זי זיך פּלוצלונג אַ פרעג געטהאָן — שלאָפט זי נאָך? ווייס זי שוין אַז אונזער נייער אָנקעל מיט דער טאַנטע זיינען דאָ?

טראָצקי איז געשטאַנען ווי אַ צומישטער. ער האָט געפיהלט אַז עפּעס אַן אונבאוואוסטע שרעק האָט איהם ארומגעכאַפּט.

יהודה האָט אַרויסגעטראָגען מרים'לען אויף די הענט און האָט פאַר־מאַכט די טהיר.

טראָצקי איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ צומישטער, און יהודית האָט ווידער גענומען ריידען:

—געדענקסטו כאָטש דו גרויסער טראָצקי, די ווערטער וואָס דיין שוועסטער בעטקע „די הויפּט־ריכטעריין פון רוסלאַנד" האָט פאַר דיר אויסגעדריקט, די לעצטע שטונדע פון איהר פאַרשווינדען?

— איהר יעדער וואָרט איז איינגעקריצט געוואָרען אין מיין נשמה, — האָט טראָצקי שטיל, קוים געענטפערט — פּונקט ווי אַ נבואה וואָלט דאַן אַרוים פון איהרע הייליגע ליפּען. נאָך איהר פאַרשווינדען, האָב איך פיעלע מאָהל איבערגע'חזר'ט איהרע פייערדיגע געטליכע ווערטער. זיי זיינען איינגעקריצט אין מיין זכרון ווי מיט ברענענדיגע אותיות.

אָבער פון וואַנען ווייסט איהר דאָס? — איהר גרויסע יהודית? — איז טראָצקי געוואָרען נאָך מעהר אומרוהיגער.

— איידער איך וועל ענטפערן אויף אייער לעצטער פראַגע, וויל איך אייך זאָגען נאָך עטליכע ווערטער. — האָט יהודית גערעדט שטיל און לאַנגזאַם — אייערע פריהערדיגע רייד, איידער דער קליינער מלאכ'ל איז אַריינגעקומען, האָבען ביי מיר אַרויסגענומען יעדער שטיקעל חשד און ספק אין אייער אמת'ע חרטה און תשובה. איך קען לעזען אייערע געדאַנקען דורך און דורך. און פאַר אַלע אייערע צרות און יסורים, פאַר אייער מאַרטירערטהום און גיהנום'דיגע איבערלע־בונגען, וואָס איהר האָט דורכגעלעבט אין דעם מאָמענט פון מיין מוסר'ן אייך, וועל איך אייך דערפאַר באַצאָהלען מיט פיעל גליק, וואָס וועט אייך מאַכען פאַרגעסען אויף אַלע אייערע פריהערדיגע נשמה־יסורים. אַלע אייערע רויטע זינד, וועלען פאַרגעסען ווערען און אייער נשמה וועט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ ריינע ווייס־בלויע נשמה, און דאָס וועט פאַר אייך זיין די בעסטע רפואה!...

אייער שוועסטע בעטקע, איז אויך אין אָנהויב פאַרבלענדעט גע־

ווארעז פון „רויטען אידעאל“, זי האט געזינדיגט געגען איהר אייגען פאלק, גאט און לאנד. נאר אזוי גיך ווי זי האט אויפגעעפענט איהרע אויגען האט זי גלייך תשובה געטהאן. זי האט געבראכט גרויסע קרבנות פאר איהר פאטער־לאנד ארץ ישראל, און זי ווערט איצט פארגעטערט פון איהר פאלק. איך האף און גלויב אז איהר וועט נאכפאלגען אייער בעטקען, און מיט מסירת נפש און אמת'ע תשובה, זיך ערווערבען א גרויסען נאמען, אז איינענעם נאמען פון אן אייגענער פאלק !... א נאמען וועלכען איהר זייט ראוי צו טראגען !...

און אויב די רויטע בעטקע, די „געוועזענע רויטע הויפטריכטערין“ האט געזינדיגט געגען איהר פאלק, האט דערפאר די ווייס־בלויע יהודית צעהן מאהל אזוי פיעל געדיענט איהר פאלק, און זיך מקריב געווען פאר דעם !

אזוי וועט עס איצט פאסירען מיט אייך ! אויב דער „רויטער לייב“ פון דער „רויטער מלוכה“, האט געזינדיגט געגען זיין פאלק, וועט אבער דער „ווייס־בלויער לייב“ פון ארץ ישראל, צעהן מאהל אזוי פיעל דיענען זיין פאלק, און זיך לאזען מקריב זיין פאר איהם !,...

זייט איהר דערמיט, פרייוויליג און באוואוסטזיניג איינפערשטאנען ?... איהר גרויסער לעאן טראצקי ! — האט זי הויך און שטאלץ געפרעגט.

טראצקי וואס איז געווען די גאנצע צייט ווי א צוטומעלטער, ביי וועמען די רעיונות און מחשבות האבען זיך געמישט און גע„זיג־זאג“ט, האט זיך פלוצלונג אויסגעגלייכט. די מעלאנכאליע איז פון זיין פנים פארשוואונדען פונקט ווי דורך א נס. ער איז געשטאנען שטאלץ, ערנסט ווי אין די יאהרען פון זיין יוגענט, נאר אנשטאט די גרויסע קאלטע הארטע אויגען האבען זיי איצט אויסגעדריקט מילדקייט, וואַרימקייט און גוטסקייט פונקט ווי א הייליגער פייערל וואלט זיך פלוצלונג דארט אנגעצונדען.

מיט א פעסטער, קלאהרער שטימע האט ער געענטפערט :

— איך בין מקבל באהבה, אייערע באדינגונגען ! איהר גרויסע יהודית ! איך האב שוין לאנג דערפון גע'חלומ'ט, אבער איך האב מורא געהאט, אז איך בין דאס ניט ווערטה ! איך וועל תמיד דער־מאנען מיין רעטערין מיט א הללויה אויף די ליפען, — און ער האט מיט א התלהבות'דיגער שמחה גענומען רעדען העבער, פונקט ווי ער וואלט פלוצלונג געקראגען א נייע נשמה מיט א נייע תורה :

אויב דער „רויטער לייב“ האט געזינדיגט, וועט אבער דער „ווייס־בלויער אריה“ תשובה טהאן אויף אלע זיינע „רויטע חטאים“ און מיט

אלע מיינע כחות וועל איך דינען מיין פאלק און מיין לאנד. איך וועל זעהן פארדינען אז מיין פאלק זאל מיט מיר זיין שטאלץ!

דער נאמען לעאן טראצקי איז געווען א שרעק און א חרפה פאר מיין פאלק, אבער דער נאמען „אריה" וועט ווערען א שטאלץ און א שיצונג פאר מיינע ברידער!...

אין דעם מאמענט האט יהודית אראפגעצויגען די מאסקע פון איהר פנים.

— בעטקע!... — האט זיך ביי ביידען פון האלדז ארויסגעריסען.

— ניין! די אמאליגע בעטקע איז שוין לאנג טויט. פאר אייך שטעהט איצט יהודית! די בלום פון יהודה — און זי האט זיך ארויפ־געווארפען טראצקין אויפ'ן האלדז.

אה, מיין גרויסער ברודער אריה־יהודה! מיין מארטירער! — האט זי געשעפטשעט, און געגלעט איהם ווי א מאמע גלעט איהר קראנק קינד, — זיי ווילען דיך קרייציגען און נאכדעם פאר זייער גאט מאכען! ניין!... מיר וועלען עס ניט דערלאזען! דו מוזט לעבען פאר אונזער פאלק! אונזער לאנד מוז האבען אזעלכע בראווע איבערגעגעבענע קעמפפער!...

— מיין שוועסטער! — האט טראצקי געוויינט — דאס ביזטו דאך, די גרויסע היסטארישע העלדין יהודית מיט וועמען אלע שטאל־צירען!... „אז וואויל איז דעם פאלק וואס פארמאגט אזעלכע טעכטער! און אז וואויל איז דער טאכטער וואס פארשטעהט ווי צו שעצען איהר אייגען פאלק!"

— מיין ליעבער מאן יהודה! — האט זי אויסגעשריען עפענענדיג די טיער, — קום אריין! זיי מקבל פנים אונזער אמת'ען ברודער דעם גרויסען וויים־בלויען אריה־יהודה!

דער שוויגערדיגער יהודה, מיט'ן לינקאלן פנים, איז איהם געפאלען אויפ'ן האלדז. שוויגענדיג האבען זיי זיך געדריקט איינער צום צווייטען, „שווארצע אויגען מיט בלויע" האבען זיך באגעגענט, און צוויי גרויסע כחות האבען זיך דערקענט.

— שטארק זיך ברודער אריה־יהודה! — האט דער שוויגערדיגער יהודה געזעדט ווי זיין שטייגער איז, סודות'דיג. — קלייב צונויף דיינע צושרויפטע נערוועז, ווייל א גרויסער גליקליכער טאג ערווארטעט דיך.

— און איהר פריינט טשיטשערין! — האט יהודית געזאגט, — ניט געזארגט! איהר פארבלייבט אונזער פריינט אויף תמיד. אונזער

לאַנד איז אָפען פאַר אייך. ווי אַ ברודער וועט איהר צווישען אונז פאַררעכענט ווערען.

מיר וועלען זעהן קריגען פאַר אייער רוסלאַנד די בעסטע באַ־דינגונגען און קאָנדיציעס, וואָס ס'וועט נאָר מעגליך זיין אונטער די אומשטענדען.



## איין־און־זעכציגסטער קאַפּיטעל.

# אַ יום טוב פון געלייטערטע העלדען.

— איצט, מיינע טייערע געסט! — האָט יהודית געזאָגט — וועל איך אייך פיהרען אין אונזער יום טוב הויז. אַ הויז ספּעציעל געבויט נאָר פאַר ימים טובים, ווייל היינט איז ביי אונז דער גרעסטער יום טוב. איך וועל עס אָנרופען דער „אריה־יהודה יום טוב“, מיר וועלען פּראַק־לאַמירען דעם יום טוב פאַר אַלע אונזערע פּועלים, כאָטש זיי טאָרען נאָך ניט וויסען די סיבה פון יום טוב, און מיר וועלען פייערען אייער קבלת פּנים ווי ס'פּאַסט פאַר אַזעלכע גרויסע געסט.

און זי האָט זיי געפיהרט דורכ'ן הויף, פון וועלכען זיי זיינען געוואָרען ענטציקט און איבערראַשט. פון הויף זיינען זיי געגאַנגען לאַנגזאַם אין גאָרטען אריין, וועלכער האָט אויסגעקוקט ווי אָהן אַ סוף. זיי זיינען אריין אין אַ וואַלד פון כל'ערלייאיגע בלומען, וועלכע האָבען זיי פאַר'שכור'ט מיט זייער געשמאַקען אראָמאַט. הינטער דעם בלומען־גאָרטען זיינען זיי דורכגעגאַנגען דעם גרויסען פּרוכט־גאָרטען מיט די הונדערטע בוימער, וועלכע האָבען זיך געבויגען טיעף צו דער ערד, פּונקט ווי זיי וואָלטען געזאָגט „מודים אנחנו“. אונטער דעם לאַסט פון די פלוימען, קאַרשען, עפּעל באַרנעם און אַנדערע מינים פּרוכטען. און ווען מען איז שוין דורכגעגאַנגען דעם פּרוכט גאָרטען, איז מען נאָך אַלץ ניט געווען ביים ברעג פון גאָרטען, נאָר מען איז געגאַנגען באַרג אַרויף דורך ווייגטראָבען, ביז מען איז ענדליך צו־געגאַנגען צום שפּיץ באַרג, וואו עס איז געשטאַנען אַ גרויסער צויבער־שלאָס מיט פאַרשיעדענע קאָלירטע פענסטער.

אַזוי שעהן ווי דער גאָרטען, איז אויך געווען די איינריכטונג פון די חדרים פון'ם צויבער שלאָס. שעהנע מאָדערנע מעבעל, ספּעציעל געמאַכט פון דער וויענער־תל־אביב'ער מעבעל קאָרפּאָראַציע, פון תל־אביב, שעהנע טייערע גראַוויורען און בילדער אויף די ווענט פון

אַלע היסטאָרישע פּלעצער פון ארץ ישראל און חוץ לארץ. פאַרביגע שעהנע גלאָז־וואַרג געמאַכט אין חיפה. פאַרצעלייען פון דער גרויסער פאַבריק כינא־ירושלים קאָרפּאָראַציאָן. פינקעלדיגע זילבערנע און גאָלדענע כלים און שעהנע גלאָז שראַנקען.

דער רייכטהום, חן און עדעלקייט וואָס איז אויף אַלעם געווען אויסגעגאָסען האָט אויף אונזערע אורחים ווירקליך געמאַכט דעם איינדרוק ווי עפּעס אַ בת מלכה האָט זיי פאַר׳כשופ׳ט און פיהרט זיי צו איהר אין כשוף־שלאָס אריין.

אין אַ גרויסען וואונדערבאַרען זאַאַל, האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט. דער לאַנגער שעהנער טיש אויבען־אָן, איז געשטאַנען עטוואָס העכער ווי אויף אַ בימה, אויסגעאַרבייט מיט חן, און פיעלע קינסטליכע טישלאַך, זיינען געווען צוגעגרייט ווי פאַר אַ טויזענט קעפּיגען עולם.

— אָט דאָ וועלען מיר היינט פּראַווען אונזער יום־טוב — האָט יהודית ליעבליך געזאָגט. — נאָר ביז׳ן יום־טוב דאַרף מען אויך ניט זיין הונגעריג, און מיר וועלען אריין אין קלענערען חדר, וואו מיר וועלען עפּעס געניסען. מיין יהודה מיט עטליכע פריינט וואַרטען שוין דאָרט אויף אונז.

זי האָט זיי אריינגעפיהרט אין צימער וועלכער איז געווען געגוג גרויס פאַר פופציג פּערזאָן, מיט די רייכסטע מאָדערנע איינריכטונגען. אויף אַ שעהנעם בופעט זיינען געשטאַנען כל׳ערליי מאכלים מיט משקאות, וועלכע האָבען גערייצט דעם אַפּעטיט, און יעדער איינער האָט גענומען וואָס זיין הארץ האָט געגלוסט, און יהודית האָט גע־קוואָלען פון גרויס נחת.

אַזוי גיך ווי זיי האָבען געשטילט דעם הונגער, איז פון אַ זייטיגער טיער אריינגעקומען אַן עלטערע פרוי, וועלכע האָט אויסגעקוקט ווי אַ רייכע שעהנע צובליהטע בלום, מיט איהרע שעהנע, געקרייזעלטע, עטוואָס באַזילבערטע האָר, גרויסע שוואַרצע ליכטיגע אויגען און קינסטליך געשניצטע פיגור, וואָס איז געווען אַזוי גראַציעז וואונדערבאַר באַצויבערענד שעהן, האָט זי גיכער אויסגעקוקט ווי עפּעס אַ פאַר־כשופ׳טע פּרינצעסין וואָס איז אַראָפּ געפלויגען פון הימעל, און אַן עלטערער מאַן, הויך שטאַרק געבויט מיט אַ פאַרברוינטען פּנים, שוואַרצע גרויסע אויגען מיט אַן עטוואָס־באַזילבערטע הרצל־באָרד. ער האָט געשטראַהלט מיט גבורה און חן, האָט אויסגעקוקט ווי אַ קעניג פון די אַלטע גליקליכע מזרח צייטען.

ווען טראצקי האט זיי דערזעהן, איז ער געבליבען שטעהן ווי פאר'כשופ'ט. ער האט זיך ניט געקענט ריהרען פון ארט, פון גרויס פארוואונדערונג. נאר איידער ער האט נאך צייט געהאט צו קומען צו זיך, האט ער זיך פלוצלונג געפונען אין די ארעמס פון דער שעהנער פרינצעסין, וועלכע האט איהם געהאלדזט און געקושט. פון גרויס איבעראשונג איז ער געלעגען אין איהרע ארעמס ווי א פאר'חלומ'טע פאר'שכור'טע קינד, אהן לשון, און האט געקוקט מיט זיינע ברייט־פונאנדערגעעפענטע אויגען. און ווען שושנה האט צו איהם גערעדט מיט א צערטליכען מוטער קול, און האט איהם געגלעט ווי א קליין קינד: „ברודער מיינער! דערקענסטו גאר ניט דיין שוועסטער שושנה? די אמאליגע איזאבעלא!" האט זיך א הילכיגער געשריי ארויסגעריסען פון זיין ברוסט: „א י ז א ב ע ל א!..." און ער איז געבליבען שטיל, ליגענדיג אין איהרע צארטע ארעמס.

און שושנה האט געשעפטשעט:

— מיין טייערער פארבלאנדזשעטער ברודער! מיין גרויסער אריה־יהודה! דיינע שטארקע, ליידענדע נערוועז, האבען מעהר ניט געקענט אריבערטראגען די גרויסע גייסטיגע שמחה? ערוואך! מיין ליעבער „ווייס־בלויער לייב!" ....

ער איז נאך אלץ געלעגען מיט פארמאכטע אויגען. איהם האט זיך אויסגעדוכט אז ער איז א קליין קינד און זיין ליעבע, גוטע מאמע צערטעלט איהם. ער האט זיך בשעת מעשה געפיהלט, גרינג, ריין און אומשולדיג, און האט ווי א קינד מיט פארמאכטע אויגען געקושט די ליפען פון זיין שוועסטער.

ער האט דערפיהלט ווי צארטע מלאכים הענטעלאך, טאנצען איבער זיין פנים און א קול'כעלע ווי די מוזיק פון א הארפע רופט: „אנקעל אריה־יהודה! אנקעל אריה־יהודה! דו שלאפסט?" ערשט דאן האט ער אויפגעעפענט זיינע אויגען און האט דערזעהן די קליינע מרימ'ל.

ער האט זיך אויפגעשטעלט, און איז ווידער געפאלען שושנה'ן אויפ'ן האלדז, „מיין שוועסטער!" און ער האט געוויינט פון גרויס שמחה.

נאכדעם האט ער זיך געהאלדזט מיט יהודה'ן.ביידענס הערצער האבען האסטיג געקלאפט.

— איך געדענק דיינע לעצטע ווערטער, מיין גרויסער יהודה! זיי זיינען מקוים געווארען, — האט טראצקי באמערקט.

דערמאָן ניט יענע ביטערע צייט! — האָט יהודה געענטפערט מיט שטראַלענדע אויגען.

— מיין גרויסער אָנקעל אריה־יהודה! האָט איהם אַלכסנדר געקושט, — איך וויים אַז דו ביזט עס דער גרויסער „רויטער לייב" פון רוסלאַנד, אָבער מאַמא האָט געזאָגט, אַז פון היינט־אָן, וועסטו שוין זיין מיט אונז אויף תמיד און דו וועסט ווערען אַ „ווייס־בלויער־לייב" פון אונזער אַלט־ניילאַנד, און אַלע קינדער פון די שוהלעס וועלען דיך באַזינגען און פאַרהערליכען, פונקט ווי דער טאַנטע יהודית, וועלכע איז שוין אַ היסטאָרישע העלדין און מיין מאַמא שושנה, אויך!

דו ווייסט אָנקעל! — האָט אַלכסנדר גערעדט — מיין פּאַפּאַ איז דער שטאַרקסטער מאַן אין גאַנץ ארץ ישראל און ער איז דער נשיא פון אַלע בראַווע גבורים פאַר וועמען אַלע האָבען דרך ארץ.

— דו ווייסט אָנקעל! — האָט מרים'ל געזאָגט, — ס'איז פאַראַן נאָך אַ גרויסער העלד, מען רופט איהם דער „גבור פון גליל", ס'איז שרגא, אַמאָל האָט מען איהם גערופען ביי אייך אין רוסלאַנד „פּייוועלע קאָמיסאַר", אַלע האָבען דרך ארץ פאַר זיין גבורה און גוטסקייט. אין זיין גרעסטען כעס ווען ער דערזעהט אַז איינער וויינט, הויבט ער אויך אָן צו וויינען. אַמאָל וויל איך זיך מיט איהם אַ שפּיל טהאָן, מאַך איך זיך אַז איך וויין, הויבט ער אויך אָן צו וויינען, און גיט אין מיטען אַ געשריי „באַרמה!" אַלע האָבען געלאַכט פון די תמימות'דיגע מעשה־לאַך פון מרים'לען.

טראָצקי איז די גאַנצע צייט געזעסען ווי אַ פאַר'שכור'טער פון גליק. איהם האָט זיך נאָך אַלץ ניט געגלויבט, אַז ער זעהט עס אויפ'ן וואָהר. ער האָט גערענקט אַז עס איז ניט מעהר ווי אַ שעהנער חלום.

און אין דעם גרויסען זאַל האָט מען אָנגעהויבען איינאָרדענען דעם קבלת פנים. פינף הונדערט שומרים אָנגעטהאָן אין ווייסע קליידער, מיט בלויע גאַרטלען, בלויע מגן־דוד'ס אויפ'ן אַרבעל און אַ בלויער לייב אויף זייערע היטעלאַך האָבען זיך אויסגעזעצט אויף איין זייט. דאָס זיינען געווען בילדער פון גבורה און חן. זיי האָבען אויסגעקוקט, פונקט ווי זיי וואָלטען אַלע געווען אויסגעגאָסען פון איין פורעם, קייטלעכדיגע פאַרברוינטע פּנים'ער, שוואַרצע אויגען, מיט קורץ געשווירענע שפּיציגע בערדלאַך, מיט שעהנע מאַיעסטעטישע וואָנצעלאַך.

אויף דער אַנדער זייט אַנטקעגען זיינען געווען אויסגעזעצט די זעלבע צאָהל „שומרות" מיט ווייסע קליידלאַך, בלויע גאַרטלען, מגן־דוד'ס אויף די אַרבעל און אַ בלויער לייב אויף די היטעלאַך. זיי זיינען

אלע געווען וואונדערבאר שעהן, גראציעז, און עלאסטיש, מיט קורץ געשוירענע האר, שווארצע גרויסע אויגען, רונדע שעהנע געשניצטע פנים'ער. ס'איז געווען א געמיש פון גבורה, חן, גראציע און איידעלקייט.

אויבען־אן זיינען געווען אויסגעזעצט עלטערע מענשען, נכבדים, מיט פארשיעדענע פנים'ער, אנדערע מיט לאנגע ברייטע שווארץ באזילבערטע בערד, אנדערע מיט שנעע־ווייסע בערד, און אנדערע ריין ראזירט מיט א וואלד פון געדיכטע ווייסע האר אויף זייערע לייבענקעפ, מיטעלע מענשען מיט פאר'חלומ'טע גרויסע אויגען. ס'איז געווען ניכר אז אויף דעם טיש זיצען תורה מיט חכמה. אויף יעדערענס פנים האט איינפאך גערוהט די שכינה.

אויף א באזונדער טיש זיינען געווען אויסגעזעצט: אבינדב, שמעון, זבולון, אדונירם, אבשלום, שמאי, בנימין, דן, מלאכי, נפתלי און יוסף מיט שרגא'ן; אונזערע אמאליגע קאמיסארלאך יאשקע מיט פייוולען.

אלע זיינען געזעסען יום־טוב'דיג און זיינען געווען נייגעריג צו וויסען די בעדייטונג און מקור, פון דיעזען פלוצלונגדיגען יום־טוב, ווייל נאר יחידי־סגולה האבען געוואוסט.

איין טיש אין דער הויך, אויפ'ן פלאטפארמע, איז נאך געווען לעדיג. דאס איז געווען ספעציעל פאר די אדונים פון דער ווילא און פאר ספעציעלע נכבדים.

דער ערשטער אויפ'ן פלאטפארמע איז אריין יהודה מיט זיין לינקאלן פנים און בלויע אויגען. אלע ווי איין מאן האבען זיך אויפגעשטעלט מיט א הילכיגען הידד! אמעריקא! הידד! אנקעל־סעם!

ער האט זיי מיט א ליעבליכען ברודער שמייכעל געענטפערט:

— חברים! די באדייטונג פון היינטיגען גרויסען יום טוב, וועט אייך ערקלעהרען מיין יהודית אליין, און אגב ווייסט איהר דאך אז איך בין א „שווייגער"! דער עולם איז געווארען נאך מעהר נייגעריג.

די שומרים מיט די שומרות האבען דערווייל געזונגען משירי ציון און זייערע זיסע טענער, זיינען צוגאנגען איבער אלע גליעדער. זיי האבען געוועקט און פארוויגט, גערייצט און בארוהיגט.

די „נכבדים" האבען גערעדט און דעבאטירט פון פארשיעדענע וויסענשאפטליכע און פאליטישע פראבלעמען. איבערהויפט האבען זיי גערעדט מכח דעם אלוועלטליכען אינטערנאציאנאלען קאנגרעס.

— ס'איז ניט בחנם, — האט יאשקע גע'טענה'ט — ס'מוז געווים זיין עפעס א גרויסער יום טוב. זיין נייגעריגקייט איז געווען אהן

א סוף. פייוועלע האט זיך געקאכט, אין א שעהנעם העברעאיש, און פלעגט יעדער ווײלע פארענדיגען מיט א „באדמה!" פון וואס דער עולם האט גוט מוטהיג אנגעקוואלען.

עס זיינען אריינגעקומען שושנה מיט יהודה'ן מיט זייערע קינדער. „הידד! הידד!" האט פארהילכט דער זאאל. „הידד שושנה! ארץ ישראל בלום! הידד אונזער גבור יהודה!" זיי האבען אלעמען חבר'יש באגריסט.

— ס'איז היינט ביי אונז זעהר א גרויסער יום טוב! — האט שושנה אויסגרופען, — זייט גרייט חברים צו עפּעס גרויסעס! איהר וועט אלע באגייסטערט און איבעראשט ווערען.

די נייגעריגקייט פון עולם האט דערגרייכט די העכסטע שטופע. שרגא האט שוין מעהר ניט געקענט אויסהאלטען און איז ארויס פון די כלים. „באדמה!" האט ער אויסגעשריען, „וואס נעמט עס אזוי לאנג? באדמה!"

— חבר שרגא! — האט יהודה איהם מיט א שמייכעל גע־ענטפערט, — אונזער פאלק האט לענגער געווארט, אוןווארט נאך עד היום!

— הידד! הידד! — האבען אלע אויסגעשריען, — דער גבור יהודה האט רעכט!... יחי הגבור יהודה!

שרגא האט זיך אוועקגעזעצט אן אומצופריעדענער.

אנגעשפארט אויף א שטעקען און לאנגזאם, איז אריינגעקומען דער אלטער אברהם בן אברהם. דער עולם האט זיך אויפגעשטעלט און התלהבות'דיג געשריען הידד!

— עך, קינדערלאך! — האט ער שטיל אבער דייטליך געזאגט — ס'איז א פארגעניגען אנצוקוקען אזא שעהנע פארזאמלונג. עס שפּראצט א דאנק גאט פון אייך אלע, א רוח גבורה און חכמה, אז אפילו מיר, דעם קרוב צום הונדערט־יעהריגען אברהם בן אברהמ'ן גלוסט זיך אויך צו געהן א ריקוד'ל, ווי איך בין א איד!...

שרגא איז צוגעלאפען צום אלטען און האט איהם געכאפּט קושען!

— אלטער! — האט ער מיט קינדישע התפעלות אויסגערופען — כ'האב דיך ליעב! באדמה! אבער וואס ווארטען זיי דארט אזוי לאנג? באדמה! און ער האט זיך געוואלט אוועקזעצען, אבער א שומרת האט איין מיטען ארויסגעכאפּט זיין שטוהל, און ווען א צווייטע האלט איהם ניט אונטער וואלט ער געווען געלעגען אויסגעצויגען „על

האדמה". דער עולם האט צופריעדען געלאכט ווי די קינדער שפילען זיך.

און ווען דער אלטער אלכסנדר־ישראל איז אריינגעקומען מיט זיין הויך־ברייטע שטארקע פיגור, מיט זיין ברייט־לאנגע זילבערנע בארד, מיט זיינע גרויסע שווארצע אויגען און מיט זיין מאיאסטעטישען גאנג, איז דער גאנצער עולם איינפאך ארויס פון די כלים. זיי זיינען אריין אין אזא התלהבות און עקסטאז, אז דער גאנצער שלאס האט געציטערט פון שמחה, און שרגא'ס קול האט זיך געהערט איבער אלעמען. הידד! הידד! באדמה! הידד!...

— רבותי! חברים נכבדים! — האט אלכסנדר־ישראל אנגעהויבען רעדען, — מיין יהודית האט מיר נעכטען טעלעפאנירט, אז היינט איז ביי אונז זעהר א גרויסער יום־טוב וואס וועט איבערשטייגען אלע גרענעצען פון שמחה און גליק, און אז מיין יהודית פראקלאמירט א יום טוב, מוז עס געוויס זיין פון א גרויס היסטארישען ענין. אבער מיין שטיפערקע האט מיר בשום אופן ניט געוואלט מגלה זיין, דעם סוד און דעם אינהאלט, פון היינטיגען יום טוב, און מיין נייגעריגקייט איז גרויס פונקט ווי אייער אלעמענס נייגעריגקייט, נאר אז מיר אידען האבען געקענט איבערטראגען אזא לאנגען גלות און סוף כל סוף דערלעבט און זוכה געווען צו זעהן דעם בראשית פון אונזער גאולה, וועלען מיר איצט געוויס האבען גענוג געדולד צו ווארטען אויף אונזער יהודית'עס „קץ" — און אנצייגענדיג מיט זיין האנט אויף שרגא'ן, האט ער התלהבות'דיג אוסגערופען: — דו ביזט א העלד! א שמשון הגבור! איהר האט געדארפט זעהן, — האט ער גענומען דערצעהלען — ווי אונזער שרגא האט נעכטען געקנאקט „רוסישע ניסלאך"!

אלע זיינען געווארען אויפמערקזאם און אלכסנדר האט מיט התפעלות דערצעהלט:

— אויפ'ן שיף „דר. הירצל", האבען זיך אריינגע'גנב'עט רוסישע מאטראזען, פון'ם „רויטען לעניז", ענטוועדער זיי האבען זיך געוואלט אריינשמוגלען אין לאנד, אדער פשוט בא'גנב'ענען אונזער שיף. אונזערע מאטראזען זיינען אלע אוועק אין שטאדט, איך האב זיי ערלויבט אביסעל א יום־טוב־טהאן, איך בין ארויף אויפ'ן שיף איבערצוגעבען דארט וויכטיגע פאפירען, און איך זעה ווי עפעס פרעמדע פנימ'ער דרעהען זיך דארט ארום, איך האב געוואלט לויפען טעלעפאנירען די שומרים, אבער ווי פון דער ערד איז פלוצלונג אויסגעוואקסען אונזער שרגא.

„שא!" זאָגט ער צו מיר. „כ'וועל אַליין מיט זיי פאַרטיג ווערען, באדמה!" און איידער איך האָב מיך אַרומגעקוקט, האָב איך שוין דערהערט קולות אין תחתונים, און שרגא קלאַפּט די מאַטראַזען אויף אַלע כלים, און ער איז אפילו ניט מבחין וואו. ער האָט זיי אַלעמען אַ גאַנצען צעהנדליג אויסגעלעגט ווי סנאָפּעס אין פעלד. זיי זיינען געלעגען צו דער ערד און זיך ניט געקענט ריהרען.

אָבער נאָכדעם ווי ער האָט דערהערט זייער געוויין, איז ער גע־שטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און האָט אויך געוויינט, און ער האָט זיי, צו צוויי און צו דריי, אויף זיינע אַקסלען אַריינגעטראָגען אויף זייער שיף.

אַלע האָבען אויסגעשריען: „הידד! יחי הגבור שרגא! דער שמשון הגבור פון גליל"!

— ניין! איך בין אַ לערנער ווי יאַשקע! — האָט שרגא אויס־געשריען.

— דו קענסט מעהר פון יאַשקע'ן! — האָט דער עולם לוסטיג אויסגערופען.

— באדמה! — איז שוין שרגא אַריין אין גרויס כעס. — ניין! כ'קען ניט בעסער!

דער עולם האָט געלאַכט און שרגא האָט זיך אויף אַן אמת צו־שריען,

— כ'וויל זיין אַט אַזאַ גבור ווי אונזער יהודה!

— וועסט נאָך אַמאָל זיין אַ גרעסערער גבור פון מיר! — האָט יהודה מסכים געווען.

— ניין! — האָט שרגא געשריען, — באדמה! כ'וויל ניט זיין קיין גרעסערער גבור. כ'וויל זיין אַט פונקט אַזאַ גבור! באדמה!...

די קליינע מרים'ל האָט זיך פּלוצלונג צוואָויינט, שרגא איז גע־בליבען שטעהן ווי פון אַ דונער געטראָפען, און טרערען האָבען זיך גענומען גיסען פון זיינע אויגען.

אַלע האָבען זעהר געלאַכט, און זיך לוסטיג געמאַכט.

— יע, ער האָט זעהר אַ גרויסע נשמה, — האָט אַלכסנדר־ישראל באַמערקט.

פּלוצלונג איז אַריינגעקומען יהודית. זי האָט נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקוקט אַזוי וואונדערבאַר שעהן, ווי אין דעם איצטיגען מאָמענט. ווי עפּעס אַ ליכטיגער, גליקליכער, שכינה'דיגער חן איז געווען אויס־געגאָסען אויף איהר שעהן פּנים. פונקט ווי אַלע איהרע אברים וואָלטען טאַנצען און זינגען שירה צו גאָט. איהר אויסזעהן האָט אויף אַלעמען

געמאכט אזא שטארקען איינדרוק, אז מען האט אפילו ניט געטראכט צו שרייען הידד. פונקט ווי ביי אלעמען וואלטען די נשמות געזאגט א „תפלה בלחש". יעדער איינער האט געווארט מיט א קלאפענדע הארץ און איינגעהאלטענעם אטהעם. און ווען יהודית האט אנגעהויבען רעדען, האבען אלע דערפיהלט ווי עס שטראהלען ארוים ממש קול דממה דקה'דיגע פונקען פון איהר מלאכ'דיגען מויל.

זי האט אנגעהויבען:

— מיין גרויסער פאטער, געליטערטער העלד אלכסנדר־ישראל, נשיא פון דער גרויסער אמעריקאן־ארץ ישראל שיפגעזעלשאפט, און בויער פון אונזער אלט־ניילאנד! טייערע ברידער און שוועסטער, חלוצים פון ארץ ישראל! זעהר גערעהרטער איבער הונדערט יעהריגער ר' אברהם בן אברהם! און אלע גרויסע חכמים אורחים נכבדים! און טייערע איבערגעגעבענע חברים און חברות! איהר בראווע העלדען שומרים און שומרות פון ארץ ישראל און עבר הירדן!

איך האב אייך אלעמען אהער גערופען צו פייערען א ספעציעלען גרויסען יום טוב! אמת, דירעקט איז עס דער יום טוב, פון אונזער „משפחת האלכסנדרי־ישראלי", אבער מיינע טייערע געסט! אונדי־רעקט איז עס אויך דער יום טוב פון כל ישראל, פון דעם גאנצען אידישען פאלק, סיי די וואס האבען די זכיה צו וואוינען אין ארץ ישראל, און סיי די וואס מוזען נאך וואוינען אין חוץ לארץ.

חברים! מיר האבען נאך זעהר א לאנגען שווערען וועג דורכ־צורייזען, אונזער ארץ־ישראל פארמאגט איצט סך הכל, קרוב צו צוויי מיליאן נפשות כן ירבו. מיר טארען אבער אויף א מאמענט ניט פארגעסען, אז מיר זיינען א פאלק וואס פארמאגט קרוב צו צוואנציג מיליאן, וואס איז צושפרייט איבער'ן גאנצען כדור הארץ.

ביי די לעצטע מאדערנע באדינגונגען קען אונזער לאנד, אלע איהרע קינדער אריינעהמען. דער עבר הירדן וועלכער באלאנגט איצט צו אונז, האט גענוג פלאץ און אונזערע שכנ'ישע לענדערייען, וועלכע זיינען וויסט און פוסט, בעטען זיך פשוט אז מיר זאלען זיי העלפען אויפבויען. זיי זיינען וויליג אונז אוועק צו געבען גרויסע שטרעקעס באדען מיט די בעסטע קאנצעסיעס, נאר מיר זאלען צוציהען א שטראם פון אונזערע אידישע חלוצים־עמיגראנטען אהין.

איז ווי איהר זעהט, אונזער ארבייט הויבט זיך ערשט אן. מיר האלטען ערשט ביים בראשית פון אונזער תחיית האומה און בנין הארץ, און אז די גליקליכע צייט וועט קומען, און זי מוז קומען, אויב

מיר וועלען נאָר האָבען דעם אידעאַלען שטאַרקען רצון, און מיר וועלען פאַרמאָגען אַ גרויס ארץ ישראל מיט אַלע איהרע קינדער, וועלען מיר געוויס ווערן פאַררעכענט, אַלס אַ גרויסע משפחה צווישען אַלע וועלט משפחות, מיט וועמען די וועלט וועט זיך מוזען רעכענען, ווי מיט אַ גלייכען, און איך בין זיכער, אַז דאַמאָלסט וועלען מיר זיין פון די ראשונים, וועלכע וועלען פון אונזער הר הצופים, איבער־אַ־נייעם איבער חזר׳ן אונזער ישעיה׳ס פּסוק: „לא ישא גוי אל גוי חרב, ולא ילמדו עוד מלחמה“! אַז מען זאָל זיך מעהר ניט לערנען די בלוטיגע קונסט מלחמה, און איין נאַציאָן זאָל מעהר ניט אויפהויבען זיין שווערד געגען דער אַנדער נאַציאָן, נאָר מען זאָל פאַרוואַנדלען די „כלי משחית“ אין אַגריקולטורעלע מאָדערנע מאַשינען אום אַרויסצוּבּרענגען וואָס מעהר פּראָדוקטען פון דער מוטער ערד. אמת, מיר ווילען שוין מעהר ניט זיין די מלמדים פון דער וועלט, אָבער זיי וועלען אונז מוזען נעמען פאַר זייער סימבאָל. אַ לאַנד וואָס פאַרמאָגט צוואַנציג מיליאָן נפשות, וואו עס הערשט יושר, רעכט, ציוויליזאַציע און פּראָגרעס מוז דערהערט ווערען. דער אמת מוז גובר זיין דעם שקר. די זון איז שטאַרקער פון פינסטערניש, איהרע שטראַהלען מוזען אַריינדרינגען אין אַלע פינסטערע ווינקעלאַך. ווער איז דער גבור וועלכער קען זיך אַוועקשטעלען געגען דער גרויסער ליכטיגער זון? ער מוז אַראָפּ־לאָזען און פאַרמאַכען זיינע אויגען! ער מוז זיך אונטערגעבען!

און ביז מיר וועלען דערגרייכען צו דער באחרית הימים׳דיגער מדרגה, וועלען נאָך פיעלע טייכען אויסגעטריקענט ווערען, און פיעלע טריקענישען וועלען אין בלוטיגע טייכען פאַרוואַנדעלט ווערען.

אָבער מיר מוזען געהן פאַרווערטס. פאַרלייפיג האָבען מיר זיך ניט וואָס צו שעהמען. מיר האָבען באַוויזען אַזעלכע וואונדער, אַז שוין איצט קענען די נאַציאָנען פון דער וועלט ניט אָפּכאַפּען זייער אָטהעם פון גרויס חידוש, און פאַרוואונדערונג.

גרויסע אינדוסטריעלע שטעדט, אַגריקולטורעלע קאָלאָניעס, נעצען פון אייזענבאַהנען, מאָדערנע שיפ־געזעלשאַפטען, נעצען פון די קלענסטע ביז די העכסטע בילדינג אינסטיטוציעס, גרויסע מאָדערנע אונערשעפּליכע עלעקטרישע כחות און לופט־שיפען, זיינען ממש ווי דורך דער נאַכט אויסגעוואַקסען, פּונקט ווי מיט אַ „שם המפורש“ שטעקעלע. אָבער מיר אַליין דאַרפען זיך גאָר ניט וואונדערען אויף אונזערע גרויסע אויפטהואונגען. מיר דאַרפען ניט פאַרגעסען, אַז פאַר די לעצטע צוויי טויזענט יאָהר, בעת אַלע נאַציאָנען האָבען אויס־

נעשעפט זייערע כחות אויף שאפען, האט אונזער פאלק געזאמעלט איהרע כחות, צוליעב פארשיעדענע סבות. אמת, מיר פלעגען, ווען־ניט־ווען, געבען דער וועלט אן ערפינדונג פון אונזערע כחות און פון אונזערע גאונים, אבער ס'איז ניט געווען דער אריגינאל, ניט דער אמת'ער נאטירליכער כח. ס'איז געווען ניט מעהר ווי די „תולדות" פון די כחות, אבער די „אבות", די אמת'ע נאטירליכע אוצרות פון אונזער פאלק, זיינען געלעגען באהאלטען, און געווארט אויף דער היים, און ווען די צייט איז געקומען, האבען זיי זיך מיט א געוואלטיגען איבערנאטירליכען שטראם זיך גענומען רייסען און זיך אנטפלעקען אין זייערע פולע נאטירליכע אריגינאלע שטראמען־כחות. און ס'איז דעריבער גאר קיין וואונדער ניט וואס מיר האבען געקענט עררייכען אין אזא קורצע צייט, וואס פאר אנדערע איז עס אן אוממעגליכקייט. דעריבער קענען מיר אויך האפען אז אונזער „באחרית הימים" וועט גאר אזוי לאנג ניט געדויערען ווי מיר שטעלען זיך פאר.

ביז אהער האבען מיר נאך זעהר וועניג פון אונזער פאלקס כח אויסגענוצט. ס'זיינען נאר געווען יחידים־שטראהלען, וועלכע האבען באלויכטען דעם מדבר און געבראכט אונז ביז אהער, אבער אונזער פאלקס־זון אלס א גאנצע, איז נאך ניט געריהרט, גרויסע אידישע כחות ליגען נאך ערגעץ אין פארשיעדענע לענדער פון דער וועלט, און ווען דאס גאנצע פאלק וועט זיך א ריהר־טהאן וועט די גרויסע וועלט ערשט אונז באוואונדערען.

מיר האבען נאך זעהר א גרויסע צאהל פארבלאנדזשעטע גאונים, קינדער פון אונזער פאלק, וועלכע לייכטען ארום ווי שטערען אין פרעמדע הימלען. אבער ס'איז ניט זייער ריכטיגער גלאנץ און שיין. ס'איז נאר א שפריץ א שטראהל פון זייער אמת'ע ליכט. ווען זיי וועלען אויפהערען צו בלאנדזשען און קומען צו אונז אהיים, ערשט דאן וועט מען קענען זעהן זייער אמת'ן קאליר אין די ארץ ישראל הימלען!

חברים! — האט זי מיט התלהבות אויסגערופען, — מיר זיינען כמעט אלע געווען פארבלאנדזשעטע קינדער! פון מיין טאטען דעם גרויסען אלכסנדר־ישראל, ביז דער גרויסער תמימות'דיגער נשמה פון אונזער גבור שרגא! פון א „רויטער הויפטריכטערין" וואס האט געטראטען מיט די פיס אויפ'ן „יושר", „גערעכטיגקייט" און „רחמנות", ביז איך פארוואנדעלט געווארען אויף א שטאלצער אריגינאלער בלום פון יהודה! מיין גרויסער אמעריקאנער יהודה, איז פון א נאכקריי־

מעניש, א נאכמאכעניש, פון א „שפריץ פון ליכט" אויף א פרעמדען הימעל, פארוואנדעלט געווארען אין גרויסען קלאהרען פינקעלדיגען שטערען, אין א גרויסען שופט פון אמת, יושר און גערעכטיגקייט און א גרויסער עקאנאמיסט אויף די הרי יהודה!

זעהר געצעהלטע זיינען געווען די „יחידי סגולה", וואס האבען לכתחילה געוואוסט זייער אמת'ן מקור, און איך בין גליקליך, וואס מיין שושנה מיט איהר יהודה'ן זיינען פון זיי.

אפילו דער גרויסער דר. הירצל, דער פאטער פון דעם פאליטישען ציוניזם, וועמען מיר אלע האבען צו פארדאנקען, אט די איצטיגע נייע תקופה, איז פון אנהויב געווען, אויך ניט מעהר, ווי א פאר־בלאנדזשעטער אידישער שטערען, אין א פרעמדען הימעל, וועלכער האט ניט מעהר ווי געשפריצט מיט ליכט, ערשט נאכדעם ווי ער איז גע־קומען צום סוד פון זיין מקור, האט די וועלט באוואונדערט דעם גרויסען אידישען שטערען, דאס גרויסע ליכט, און גאר אין א קורצע צייט האט ער באלויכטען א גאנצע וועלט, און נאך ער היום קענען מיר ניט אפכאפען אונזער אטהעם פון דער ליכטיגקייט.

דארום חברים! דארף ביי אונז זיין איינער פון די גרעסטע ימים טובים ווען אונזערער א גרויסער שטערען וואס האט יאהרען לאנג ארומגעוואנדערט און ארומגעבלאנדזשעט, אונטער פרעמדע הימלען, האט זיך גאר פלוצלונג און אונערווארטעט באוויזען אויף אונזער ארץ ישראל הימעל.

א זוהן פון דעם פאלק ישראל, וועלכער האט אוועקגעגעבען די בעסטע פון זיינע יונגע יאהרען, פון זיינע יונגע גרויסע כחות, און פון זיינע גאונות, פאר פרעמדע, איז איצט צוריקגעקומען צו זיין פאלק, צו זיין טאטען, שוועסטער און ברידער, און צו זיין גאט. אט דער גרויסער זוהן וויל פון היינט אן זיך לאזען מקריב זיין פאר זיין פאלק און לאנד. ער איז גרויס, שטארק, בראוו און מוטיג!

ס'איז געווען א צייט ווען ער האט געמאכט ציטערען די וועלט. ער איז גרוים אויף אלע געביטען. מיט זיין גרויסע חכמה און חריפות האט ער כמעט ווי געצוואונגען אז אלע גרויסמעכטע זאלען זיך מוזען צוהערען צו זיינע דבורים!...

אבער איצט האט ער דערפיהלט, אז זיינע חברים, דאס פאלק פאר וועמען ער האט זיך מקריב געווען, וויל איהם „קרייציגען" און אפשר נאכדעם „פאר א גאט מאכען" ווי זיי האבען שוין אמאהל גע־טאהן מיט א אידען. און ער איז געקומען צוריק צו אונז. ער איז

גרויס־מוטהיג, אַז אפילו נאָכדעם ווי ער ווערט געקרייציגט און גע־פייניגט, הערט ער נאָך אַלץ ניט אויף צו דאגה'נען פאַר די הצלחה פון יענעם פאָלק. ער האָט שוין אפילו געבראַכט זיין העכסטען קרבן דערפאַר—זיין אידעאַל, נאָר אום צו מציל זיין יענע פאָלק פון חורבן און אונטערגאַנג. איז ער ניט איינער פון די גרעסטע העלדען? ! — האָט זי אויסגעשריען ווי אַ לייבין.

זי האָט זיך אויף אַ מאָמענט אָפּגעשטעלט, אום אָפּצוכאַפּען דעם אטהעם, און האָט ווייטער גענומען ריידען :

— חברים! מיר האָבען זיך איצט אַלע פערזאַמעלט צו פייערען דעם גרויסען יום טוב, פון דעם גרויסען פאָרבלאָנדזשעטען זוהן פון דעם פאָלק ישראל, וועלכער וויל פון היינט אַן דיענען טריי זיין גאָט, פאָלק און לאַנד! געוויס, ער איז נאָך איצט אַביסעל קראַנק, זיין נשמה איז פאַרוואונדעט, ער ליידעט, — אָבער די ארץ ישראל לופט, וועט גיך ברענגען אַ רפואה צו זיין קראַנקער נשמה. ער וועט דערפיהלען די צערטליכקייט פון דער מאַמע ציון און די לאַסקעס פון אַ טאַטען, שוועסטער, ברידער און חברים, און ער וועט ערשט אָנהויבען פאַר אונז שיינען! — און זיך ווענדענדיג צו אלכסנדר ישראל, האָט זי שטילער־הייד אויסגערופען :

— פאָטער! דו גרויסער געליִיטערטער העלד! ביזטו גענוג שטאַרק און בראַוו צו פאַרנעמען איינע פון די גרעסטע איבער־ראַשונגען ?...

— געוויס! מיין גרויסע טאָכטער יהודית! — האָט ער הויך און שטאָלץ געענטפערט, — ווען איך האָב געקענט איבערטראָגען די גרעסטע יסורים, וועט מיר געוויס דער גאָט פון ציון געבען כחות צו פאַרנעמען די גרעסטע איבעראַשענדע שמחות.

אויף אַ מאָמענט האָט געהערשט אַ הייליגע שטילקייט. יעדער איינער האָט זיך אָנגעשטרענגט איינצוהאַלטען זיין אטהעם.

פּלוצלונג איז אַריינגעלאָפען אַ שעהנער דריי יעהריגער מלאכ'ל, מיט אַ זוניגען פּנים'ל מיט שוואַרצע לאַנגע לאָקעלאַך, ער האָט צו־געטאַנצט צו יהודית'ן.

— אמי! — האָט ער אויסגערופען, און האָט איהר אַרומגענומען מיט זיינע הענטעלאַך.

יהודית האָט איהם אויפגעהויבען אין דער הויך און האָט אויס־גערופען :

— חברים! איהר זעהט אט דעם קליינעם מלאכ'ל? איך האָב איהם אַ נאָמען געגעבען, נאָך מיין ברודער דעם „רויטען לייב" פון דער רויטער מדינה, דעם גרויסען לעאָן טראָצקי! איך האָב עס געטהאָן מיט דער כונה, אַז ווען מיין קינד וועט אויסוואַקסען אַ ווייס־בלויער לייב, זאָל ער זיך שטעלען געגען דעם „רויטען לייב", ענטוועדער ער וועט איהם פארניכטען אין גאַנצען אָדער ער וועט אויף איהם אַרויפ־ציהען „אַ ווייס־בלויע הויט".

אָבער איצט מיינע טייערע! קען איך אייך אָנזאָגען די בשורה טובה, אַז דער „רויטער לייב" פון רוסלאַנד, האָט חרטה אויף זיינע שלעכטע מעשים, און ער האָט אַליין באַוואוסטזיניג מיט אַ פרייען ווילען שוין אנגעצויגען אויף זיך אַ ווייס־בלויע הויט מיט אַן אמת'ע אידישע נשמה. מיין ברודער, דער גרויסער לעאָן טראָצקי, איז פון איצט אַן דער גרויסער אריה־יהודה, פון אונזער אַלט־ניילאַנד!...

דער עולם איז געוואָרען נאָך מעהר איינגעהאַלטענער, און אפילו שרגא, איז געבליבען ווי אַ פאַרגליווערטער.

— מיין טאָכטער! מיין יהודית! — האָט אלכסנדר־ישראל אָנ־געהויבען זיך בעטען מיט אַ וויינענדיגען קול, — הערען ריכטיג מיינע אויערען?

— יע, מיין טייערער גוטער פאָטער! — האָט זי געענטפערט — דיינע אויערען האָבען געהערט ריכטיג, דאָס וואָס מיין מויל האָט גע־רעדט! און דיינע אויגען וועלען דאָס באַלד זעהן! . . .

— טאָכטער! יהודית! שושנה! יהודה! אריה! — האָט זיך אַלכסנדר־ישראל גענומען בעטען מיט טרערען אין די אויגען, — קינדער מיינע! וואו איז ער מיין גרויסער זוהן? מיין טייערער לעאָניד!?...

קיינער האָט ניט באַמערקט ווי די פאָרהאַנגען פון פלאַטפאָרמע האָבען זיך פונאַנדערגערוקט און אַ פעסטע קלאָהרע שטימע האָט אויסגערופען:

— דיין זוהן לעאָניד איז געשטאָרבען! ער עקזיסטירט שוין ניט מעהר. ער איז אַוועק צו די פאַרגעסענע! אָבער דיין אמת'ער זוהן אריה־יהודה לעבט! און דער גרויסער טראָצקי איז אַריינגעפאַלען ווי אַ קליין קינד אין זיין פאָטערס אָרעמס...

— איך דאַנק דיר גאָט פון ציון! — האָט דער אַלטער אלכסנדר געשעפּטשעט...

ווי דורך אַן עלעקטרישען דרוק, האָבען זיך אַלע ווי איין מאַן אויפגעשטעלט, און פה־אחד'יג אויסגעזונגען: „והשיב לב אבות על

בנים" הידד! „הנה מה טובו" הידד! יחי הגבור אריה־יהודה! לאנג לעבען זאָל דער נייער ווייס־בלויער לייב! הידד!....

א לאַנגע צייט האָט זיך דער עולם ניט געקענט איינשטילען. די קולות האָבען געשטראָמט אָהן אַן אויפהער, „אריה־יהודה! ווייס־בלויער לייב" !!!

און טראַצקי איז געשטאַנען מיט זיין גאַנצע הויך, אויף זיין פנים האָט געשטראַלט אַ נייע ליכטיגקייט, זיינע שוואַרצע גרויסע אויגען האָבען ליעבליך געקוקט אויף די פאַרזאַמעלטע וועלכע זיינען פשוט אַריין אין עקסטאַז. ס'האָט גענומען זעהר לאַנג ביז דער עולם האָט זיך באַרוהיגט. טראַצקי האָט זיך צום עולם פאַרנייגט און אָנגעהויבען רעדען:

— מיין גוטער פאָטער! מיינע ליעבע היסטאָרישע שוועסטער און ברידער און אַלע טייערע חברים און חברות, העלדען פון דער אַלט־ניילאַנד, ארץ ישראל!

איהר זייט אַלע נייגעריג צו הערען ווי „דער רויטער לייב וועט ברומען", ניין! מיינע טייערע! דער „רויטער לייב" האָט שוין לאַנג ניט עקזיסטירט. זינט די „הויפּט־ריכטערין בעטקע" די איצטיגע העלדין יהודית, האָט אין איהם אַריינגעשפּריצט עטליכע לעבעדיגע ווייס־בלויע טראָפּענס. פאַר אייך שטעהט איצט אייער געלייטערטער פאַר־בלאַנדזשעטער זוהן, ברודער און חבר. איך בין איצט געקומען צו אייך אַהיים. איך בין זעהר מיעד פון מיין לאַנגע נע ונד'ישע נסיעה. אַזוי פיעל יאָהרען האָב איך אַרומגעבלאָנדזשעט, געבראַכט די גרעסטע קרבנות אויף פרעמדע מזבחות, און לסוף אויך מיין אידעע מקריב געווען. פאַר אַ פאָלק וואָס איז נאָך ניט מסוגל צו פאַרשטעהן, ווי גרויס מיין קרבן איז. פאַר אַ פאָלק וואָס איז כאַאָטיש, הונגעריג, צוטראָטען און אָבגענאַרט. פאַר אַ פאָלק וואָס באָדט זיך אין איהר אייגען בלוט. פאַר אַ פאָלק וואָס וויל מיך קרייציגען און נאָכדעם פאַר אַ גאָט מאַכען.

— חברים! — האָט ער אויסגעשריען מיט ביטערניש — איך וויל ניט זיין קיין „טויטער גאָט" ביי אַ פרעמדע פאָלק! איך וויל בעסער זיין אַ לעבעדיגער דינער, פון מיין אייגען פאָלק! און נאָכדעם מיט אַ הללויה אויף די ליפּען, שטאַרבען ווי אַ בשר ודם.

חברים! אויב לעאָן טראַצקי האָט געגען אייך שטאַרק געזינדיגט, וועט אָבער אריה־יהודה פאַרדינען אייער ברודערליכע האַנט. איך געדענק נאָך מיט צוואַנציג יאָהר צוריק ווען דער „אשמדאי" האָט מיך

פארוואנדעלט אין „א רויטען שד", האט דאן מיין גרויסער ברודער יהודה נביאות געזאגט: „און אז דיינע רויטע חברים וועלען פון דיר מעהר ניט וועלען וויסען, און דו וועסט אין ערגעץ ניט האבען קיין תקומה, דו וועסט זיך פיהלען עלענד, שוואך און קראנק, סיי קערפערליך און סיי גייסטיג, דאן אז דו וועסט קומען אהיים אין ציון, וועלען מיר דיר אויסשטרעקען א ברודערליכע האנט", זיין נבואה איז מקוים גע־ווארען. איך בין געקומען אהיים צו אייך.

חברים! ווערטער זיינען ניט גענוג, אויסצודריקען פאר אייך מיין דאנקבארקייט, פאר אייער אויסשטרעקען צו מיר א ברודער־האנט. ס'זענען נאך ניטא אט יענע ליכטיגע ברענענדיגע ווערטער, מיט וועלכע איך זאל איצט קענען אויסדריקען, ווי איך פיהל צו אייך אלעמען און צו דעם גאנצען פאלק ישראל. אפשר אט דער מלאכ'ל, ער צייגט אז אויפ'ן דריי יעהריגען אריה־יהודה — וועלכער בליהט אין זיין היים, אונטער אייגענע הימלען, וועט ווערען גרויס, וועט ער דאן קענען געבען אט די שרפים שפראך, מיט וועלכע איך וואלט איצט געקענט אויסדריקען מיין אריינטרעטען אין דער נייער תקופה.

מיט שמחה טרעט איך אריין, אלס דינער אין דער מחנה ישראל, און ווען איך וועל אביסעל קומען צו זיך, מיין נשמה וועט געזונט ווערען, וועט איהר זעהן מיט אייערע אויגען אז אריה־יהודה האט פארדינט אייער האנט. — ער האט זיך פארנייגט, און נעמענדיג דעם קליינעם אריה־יהודה אויף די הענט האט ער פארנומען זיין זיץ.

יהודית האט זיך אויפגעשטעלט און אויסגערופען:

— חברים און חברות! זעהר א גוטען יום־טוב'דיגען מאהלצייט האב איך פאר אייך צוגעגרייט. איך אליין האב גוט אכטונג געגעבען, אז די „סעודה" זאל זיין ווי ביי שלמה המלך בשעתו, דארום וויל איך אייך פריהער גוט אויסהונגערען אום איהר זאלט הנאה האבען פון די געשמאקע מאכלים.

איך האב פאר אייך נאך אן איבערראשונג, זעהר א פארפלאנטער־טע, אבער איך האף אז דער גאט פון ציון, וועט שטארקען דעם עהרענ־ווירדיגען איבער הונדערט־יעהריגען ר' אברהם בן אברהמ'ן און ער וועט קענען אויספלאנטערען דעם פלאנטער.

איך וועל אייך איצט פארשטעלען א גוטען בראווען זוהן פון דעם רוסישען פאלק, וואס זיין טאטע איז א גרויסער איד, און אן אמת'ער זוהן פון דעם פאלק ישראל.

דער עולם איז געוואָרען נייגעריג. דער אַלטער אברהם בן אברהם האָט ווייט און ברייט פונאַנדער געעפענט זיינע אויגען, די פּאַרהאַנגען האָבען זיך פונאַנדער געעפענט, און דער עולם האָט דערזעהן אַ מאַן העכער פון מיטעלען וואוקס, מיט אַ ווייס־קלאָהרען לאַנגליכען פּנים, בלויע אויגען מיט אַ בלאָנד־ווייסלאַך שמאָל־לאַנגע באָרד. ער האָט אויסגעקוקט ווי אַן אַפּאָסטאָל.

דער עולם האָט איהם מיט דרך ארץ און פאַרוואונדערונג פריינט־ליך באַגריסט.

און טשיטשערין האָט אָנגעהויבען רעדען:

— איהר טרייע קינדער פון דעם פאָלק ישראל! איהר האָט איצט צוריק געקריגען דעם גרעסטען גאון און דעם „הייליגסטען גייסט“ פון צוואַנציגסטען יאָהר־הונדערט. אונזערע רוסען זיינען נאָך ניט דער־וואקסען צו פאַרשטעהן, ווי צו האַלטען טייער און הייליג אַזאַ גרויסען מאַן!

יע, ער איז אַ הייליגער אייער אריה־יהודה! אַז אפילו נאָכדעם ווי מיין אומגליקליך פאָלק שטעכט זיינע אברים מיט רויטע אָנגעברענטע אייזענס, און קרייציגט זיין הייליגע נשמה, האָט ער זיי נאָך אַלץ אין זינען און בעט פאַר זייער הצלחה!

אָה גאָט! — האָט ער מיט ביטערניש אויסגערופען — ווען ווע־לען שוין אונזערע רוסען, ווערען מסוגל צו פאַרשטעהן און קענען אָב־שאַצען דעם גרויסען גאון פון היינטיגען דור!

ס'ווערט מיר זעהר אומעטיג אויפ'ן האַרצען, מיין נשמה וויינט און ווערט צוריסען אויף שטיקלאַך, ווען איך דערמאָן זיך, ווען מיר האָבען פאַרלאָרען! ווער וועט איצט צונויפשטעלען אונזער רוסישע צובראָכענע קאָרעטע? ווער איז דער קאַפּיטאַן וואָס וועט קענען דורכפיהרען אונזער צובראָכענע שיף, פון די רוישיגע רויטע כוואַליעס?

אָבער מען קען ניט שווימען געגען דעם שטראָם פון דער גאָטהייט! ער איז אייערער. ער באַלאַנגט צו אייך! ער האָט געמוזט קומען צו אייך אַהיים! פריהער אָדער שפּעטער! אַנדערש האָט עס גאָר ניט געקענט זיין! יעדער מענש מוז געהערען צו זיין פאָלק, צו זיין היים און צו זיין גאָט!

אָבער ברידער! קינדער פון דעם אויסערוועהלטען פאָלק ישראל! —האָט ער גערעדט מיט אַ תחנונים'דיגען קול — אַלע משפחות פון דער וועלט שטאַמען דאָך פון איין טאַטען פון אַן אדם הקדמון, מיר

זיינען דאָך אויך מענשען, אייערע ברידער! העלפט אונזער משפּחה ארויסצוקריכען פון דער „רויטער בלאָטע“!

העלפט די אומגליקליכע רוסען, די אומוויסענדע באַרבאַרען, די גרויסע אומשולדיגע נאַאיווע קינדער ארויסצוקריכען פון די נעגעל פון זייערע פיינינגער! העלפט אונז! אייער איינפלוס איז גרויס, דער אַלוועלטליכער קאָנגרעס וועט זיך געווים צו הערען צו אייער שטימע. ביי אייך איז דאָך דער „יושר און רחמנות“ כאָטש מיר טאָרען ניט דער־מאנען אָט די צוויי ליכטיגע ווערטער, אָבער איהר מוזט אונז העלפען. זאָל ניט אָפּגעמעקט ווערען אַזאַ גרויסע משפּחה פון אונטער דעם הימעל.

מיין רבי און חבר, דער גרויסער הייליגער לעאָן טראָצקי און דער איצטיגער וויים־בלויער לייב, האָט מיר געזאָגט נאָך אויפ׳ן שיף: „די ישועה פאַר רוסלאַנד וועט מוזען קומען פון מזרח“. — טרערען האָבען זיך גענומען גיסען פון זיינע אויגען, זיין קול איז געוואָרען פאַרשטיקט און ער האָט מעהר ניט געקענט רעדען. ער איז געבליבען שטעהן גיסענדיג הייסע טרערען.

דער עולם איז געוואָרען אומעטיגלאָך און פאַרטראַכט. אַ שטיל־קייט האָט ארומגעכאַפּט דעם גרויסען זאַאַל . . .

— ניין! — האָט דער אַלטער אברהם בן אברהם פּלוצלונג אויס־געשריען — איך בין אַ איד און ער איז אַ גוי! ניין! ניין! ס׳איז ניט מיין זוהן!... ער באַלאַנגט צו די „ערלים“ און איך באַלאַנג צו דעם עביגען אויסערוועהלטען פאָלק ישראל!...

— פאָטער! — האָט זיך דערהערט אַ פאַרצווייפעלטער אויס־געשריי פון טשיטשערינ׳ס מויל, אַז די ווענט זיינען פאַרציטערט גע־וואָרען. ס׳איז ניט געווען קיין פּשוט׳ער געשריי, נאָר עפּעס אַ געשריי פון אַ גאַנצען דור, ווי מיליאָנען קולות וואָלטען זיך צונויפגעגאָסען אין איין קול.

דער אַלטער איז געבליבען שטעהן מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. ער האָט געקעמפּט מיט זיך אַליין, לסוף האָט ער אויפגעהויבען הויך זיין קאָפּ און האָט געקוקט אויף טשיטשערינ׳ען, אָבער בלויז אַ מאָמענט האָט עס געדויערט, און ער האָט אויסגערופען הויך אויפ׳ן קול:

— ניין! איך דערקען דיך ניט! דו ביזט ניט מיין זוהן! ער קינדעלע, איך בין שוין איבער אַ הונדערטער, און איך געדענק ניט אַז איך זאָל האָבען געהאַט ווען עס איז קינדער. אמת, מיין נאָמען

איז אברהם בן אברהם, אָבער איך בין דאָך ניט אַזאַ גרויסער צדיק ווי מיין טאַטע אברהם, אַז איך זאָל האָבען אויף דער עלטער אַ יצחק'ן, וואָס האָט זיך געלאָזט מקריב זיין פון גאָט'ס וועגען.

ער קינדעלע! כ'האָב רחמנות אויף דיר, כאָטש דו ביזט אַ גוי, ווייל אַ איד האָט אויף אַלעמען רחמנות אפילו אויף זיינע פיינינגער, ווי איך בין אַ איד.

— פאָטער! — האָט זיך טשיטשערין גענומען בעטען, — איך וויל זיך אַזוי ווי יצחק לאָזען מקריב זיין פון גאָט'ס וועגען, נאָר זאָג אַרויס אַז דו ביזט מיין טאַטע.

— ער קינדעלע! כ'בין שוין איבער אַ הונדערטער, ווער בין איך? אַז איך זאָל זוכה זיין צו האָבען אַ יצחק'ן! ווי איך בין אַ איד! — ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און האָט זיך צוּאַווייִנט ווי אַ קליין קינד....

— באדמה! — האָט שרגא פּלוצלונג אויסגעשריען — היינט איז אַ גרויסען יום טוב! מען טאָר ניט וויינען! — און האָט זיך אַליין צו־וויינט. דאָס האָט געבראַכט דעם עולם צו זייער פריהערדיגע שטימונג. מען האָט אָנגעהויבען זינגען און שרייען הידד!...

— פאַרשטעהט איהר מיך רבותי! — האָט יאַשקע אָנגעהויבען — די „הגדה" איז טאַקע די „הגדה" אָבער צו די קניידלאַך קומט עס ניט, פאַרשטעהט איהר מיך! כ'לעבען ס'איז שוין צייט צו מאַכען אַ לחיים! פאַרשטעהט איהר מיך!...

מען האָט אָנגעהויבען עסען און טרינקען פון כל טוב, און דער עולם איז געוואָרען אַזוי בגילופין'דיג, אַז יעדער איינער האָט געוואָלט צייגען וואָס מעהר קונסט, וואָס מעהר התלהבות, און וואָס מעהר עקסטאַז אינ'ם ריקוד'ל.

שרגא איז צוגעלאָפען צו טראָצקי'ן און האָט איהם גענומען קושען און האַלדזען און האָט מיט אַ קינדישען אימפעט אויסגעשריען:

— כ'האָב געזאָגט צו נפתל'קע גנב „אַז ער אַליין וועט נאָך אויך קומען"! באדמה!

— ווער? — האָט איהם טראָצקי געפרעגט, און שרגא האָט איהם געגעבען אַ חבר'ישען קלאַפּ איבער'ן פּלייצע

— ער מאַכט זיך תמ'עוואַטע, באדמה! ער אַליין! דער אדון הגדול! באדמה! — און ער האָט מיט באַגייסטערונג געזאָגט — ער איז דאָך אַ איד געוואָרען! באדמה!

— ווער? — האָט טראָצקי געפרעגט.

— האַ! דו ווייסט גאָר ניט? אין דרערד אַריין! אַט דער אַלטער! באדמה!

טראַצקי איז צוגעגאַנגען צו אברהם בן אברהם׳ן מיט אַ יראת הכבוד און האָט איהם אַרומגענומען ווי אַן אייגענעם טאַטען.

— מיר האָבען אַ גוטען גרויסען גאָט! — האָט דער אַלטער גע־רעדט. — ער קינדערלאַך! אַן אמת׳ן גאָט! ווי איך בין אַ איד! ער קינדערלאַך! איך בין שוין אַלט און שוואַך, איך האַלט שוין ביי דער צווייטער הונדערט, ווי איך בין אַ איד! כ׳האָב גרויסע מלחמות געפיהרט. מיט די ערלים׳שע צאַרען גערעדט! אָבער אַזאַ גרויסען היום הרת עולם׳דיגען טאָג, ווי היינטיגען, האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזעהן, ווי איך בין אַ איד!

ער קינדערלאַך, לכבוד דעם גרויסען טאָג, מוז דאָך יעדער איד געהן אַ ריקוד׳ל, אָבער מיינע איבער הונדערט יעהריגע פיסעלאַך ווילען מעהר ניט טאַנצען, נאָר ניין! דער גרויסער אידישער גאָט, דער גאָט פון פּאַלעסטינקע, וועט מיר מוזען געבען כחות צו טאַנצען צוליעב זיין הייליגען נאָמען! „נו שטאַרקט זיך! מיינע פיסעלאַך! גיט אַפּ כבוד מיין גאָט! ווי איך בין אַ איד! געהט אַ פּאַלעסטינקער ריקוד׳ל“ — און ער האָט זיך אויפגעשטעלט הויך און שטאָלץ פּונקט ווי אויף אַ מלחמה. ער האָט אַ כאַפּ געטאָהן דעם קליינעם אריה־יהודה׳לען און האָט זיך מיט איהם גענומען דרייען און טאַנצען, און דער גאַנצער עולם האָט צו געפּאַטשט מיט די הענט.

ווען די גרויסע היסטאָרישע סעודה האָט זיך געענדיגט, האָט יהודה דער נשיא פון די שומרים, געבעטען דעם עולם זיך צו פאַרהאַלטען רוהיג אויף אַ ווייל, ווייל ער וויל זיי עפּעס פאַרטרויען איידער זיי געהען זיך פונאַנדער. אַלע זיינען געוואָרען שטיל און נייגעריג.

— חברים! — האָט יהודה געזאָגט — היינטיגער היסטאָרישער יום טוב, מוז פאַרלויפיג פאַרבלייבען אַ סוד, ביז מיר וועלען עס קענען פאַרעפענטליכען. די אַנוועזענהייט פון אונזער גרויסען ברודער אַריה־יהודה, מוז זיין פאַרבאָרגען צוליעב פּאָליטישע טעמים. פאַר דער צייט וועט ער מוזען אַרומגעהן מיט אַ אידישע האַריץ און מיט אַ פאַרמאַס־קירטען פּנים.

און איהר מיינע טייערע שומרים און שומרות! וועט פון היינט אָן שטעהן אונטער די פיהרערשאַפט פון׳ם גרויסען געלייטערטען העלד אַריה־יהודה! אייער רעגימענט וועט זיך פון היינט אָן רופען „דער אַריה־יהודה רעגימענט“, אָדער „דער ווייס־בלויער לייב רעגימענט“.

ער האָט צוגעפיהרט אריה־יהודה׳ן און האָט איהם פאָרגעשטעלט אלס דעם עלצטען פון דעם ווייס־בלויען לייב רעגימענט.

די שומרים מיט די שומרות האָבען זיך אויסגעצויגען אין זייער פולען הויך, און האָבען סאַלוטירט זייער עלצטען.

אריה־יהודה האָט זיי געענטפערט, ווי אַן אַלטער פיהרער, פונקט ווי ער וואָלט מיט זיי צוזאַמען געווען פון שנים קדמוניות.

אונטער שעהנע מתיקות׳דיגע מוזיק טענער, האָבען אַלע אויס־געשריען „שלום!״

און דער שעהנער היסטאָרישער יום טוב האָט זיך געענדיגט.



צוויי־און־זעכציגסטער קאַפּיטעל.

## יהודית אויפ׳ן אַלוועלטליכען היסטאָרישען קאָנגרעס.

די אַלט נייע הויפּט־שטאָדט ירושלים, האָט געשמייכעלט און געשטראַהלט. אַלע הייזער, מויערען, און אינסטיטוציעס, זיינען געווען פאַרפּוצט און באַציהרט אין די שעהנסטע יום טוב׳דיגע קליידער. א וואַלד פון גרינס און פאָהנען, פון אַלע נאַציאָנען פון דער וועלט, האָבען זיך באַגריסט און גע׳שלום־עליכם׳ט.

עס איז נאָך פריה, אָבער עס האָט געשיינט, אַז גאַנץ ארץ ישראל האָט זיך פאַרזאַמעלט אין יענעם טאָג אין ירושלים, כדי צו זיין אויף דעם פּלאַץ וואָס עס האָט זיך געדאַרפט אָפּשפּילען איינע פון די גרעסטע היסטאָרישע פּאַסירונגען פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט, וואָס וועט האָבען אַ גוואַלטיגע באַדייטונג אויף דער היסטאָריע און געאָגראַפיע פון פעלקער און לענדער.

ירושלים האָט פאָרגעשטעלט אַ בילד, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ פאַנטאַזיע פון אַ נביא. ווי דער געררויש פון אַ ים האָט זיך געהערט דער מורמלען פון אַ געדיכטען וואַלד מיט מענשען, פון כל׳ערליי קאָלירען און לשונות: אידען, אראַבער, ענגלענדער, אַמעריקאַנער, פראַנצויזען, דייטשען, איטאַליענער, טערקען, יאַפּאַנעזער, כינעזער, בעלגיער, טשעכאָסלאָוואַקען, פּאָליאַקען, ליטווינער, רומעניער, בול־גארען, אונגאַרען, גריכען, עגיפּטיאַנער מעקסיקאַנער, קאַנאַדיער, אויס־טראַליער, אַפריקאַנער,אינדיער, און אַנדערע. אָפיצירען, סאָלדאַטען, פּראָפעסאָרען, זשורנאַליסטען סוחרים און וכל המינים׳דיגע מענשען.

אַלע האָבען מאַרשירט צו דער שעהנער פּרעכטיגער געביידע פון „בית העם“, וואָס איז געווען באַלויכטען און באַשטראַהלט פון פאַר־שיעדענע עלעקטרישע בליצען וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי אַ לאַנגע געפלאָכטענע קייט מיט פייערדיגע כשוף־רינגעלאַך.

אַלע האָבען געוואָלט זיין נעהנטער צום פּלאַץ, וואָס ס'וועט אָפּ־געהאַלטען ווערען דער היסטאָרישער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס פון פּערטרעטער פון כמעט אַלע נאַציאָנען פון דער וועלט.

אויפ'ן שפּיץ פון „בית העם“, איז געשטאַנען אַ שניי־ווייסער לייב, מיט גרויסע בלויע אויגען, וואָס האָבען געבליצט מיט ווייס־בלויע אותיות און האָבען געוואונקען „ברוכים הבאים! ברוכים הבאים!“ אין דער הויך אויפ'ן קאָפּ פון לייב, איז געשטאַנען אַ קינסטליכער מגן דוד. אויפ'ן שפּיץ פון מגן דוד האָבען גיפינקעלט די אותיות, „ונהרו אליו כל הגוים“. פון רעכטען זייט, האָבען געפינקעלט ווי שטערען די אותיות, „לא ישא גוי אל גוי חרב“, פון לינקען זייט „ולא ילמדו עוד מלחמה“ און פון אונטען האָבען אַרויסגעשטראַהלט ווייס־בלויע פייערדיגע ווערטער, „כל איש ילך בשם אלקיו“.

דער גרויסער פּלאַץ פאַר'ן בית העם, איז געווען אַרומגערינגעלט פון אַ מענשען וואַנט פון שעהנע אידישע גבורים, אין ווייסע קליידער מיט בלויע גאַרטלען און מגן דוד'ס אויף די אַרבעל. ביים הויפּט אַריינגאַנג פון בית העם, זיינען געווען אויסגעשטעלט פון רעכטען זייט אַ שורה פון פינף הונדערט העלדישע שומרים פּונקט ווי פון אייזן פורעם געגאָסען, און פון לינקען זייט, פינף הונדערט שעהנע גראַציעזע שומרות. פון ווייטען האָבען זיי געמאַכט דעם איינדרוק ווי שעהנע מאַיעסטעטישע ביימער פון אַ וואונדערבאַרער אַלעע. דאָס איז געווען דער „ווייס־בלויער לייב“ רעגימענט.

ביי די טיהרען זיינען געשטאַנען צוויי עלצטע פון רעכטען זייט און צוויי פון לינקען זייט.

אויף אַ וואונדערבאַרע פּלאַטפאָרמע, זיינען געווען אויסגעזעצט, די באַריהמטע ירושלים'ער פילהאַרמאָניקאַ. זיי האָבען געשפּילט פאָלקסטימליכע מעלאָדיען, און דער „תל אביב געזאַנג פעראיין“ האָט געזונגען „משירי ציון“.

און דער עולם ווערט וואָס ווייטער גרעסער און גרעסער. מען רעדט, מען יובל'ט, מען באַגריסט זיך. — שלום! פון וואַנען? פון יאַפּאַן! פון אינדיע! פון דייטשלאַנד! פון גליל! פון עבר הירדן! פון אפריקאַ! פון אַמעריקאַ! פון חיפה און אַזוי וו. מען ציהט זיך

ווי א שטראם פון אלע זייטען. יונגע, פרישע, פארברוינטע פנים'ער, ווייסע ציינער, אז דאס הארץ ווערט איבערפילט פון נחת.

וואס פאר א וואונדערבארע שטאדט! וואס פאר א גליקליכע מענשען! און וואס פאר הערליך שעהנער טאג!

נאר אט, הערט מען שוין ניט קיין געשרייען. קיין יובל'ען, נאר א ברומען פון א מיליאן העלדזער. דאס שרייען אלע הידד!!!!

דער ענגלישער הויפט פארטרעטער דער ליעבלינג פון ארץ ישראל, דער הונדערט יעהריגער לארד באלפור איז געפאהרען צום בית העם! נאך איהם דער אמעריקאנעיר הויפט פארטרעטער, דאס איז דאך דער גרויסער אריה־יהודה! „לואי דער שוויינער" וועלכער פארטרעט אנקעל סעם ביים קאנגרעס, און אט פאהרען אלע פארטרעטער. זיי ציהען זיך אין א שורה צווישען דער געדיכטער מענשען אלעען, מיט זייערע אטאמאבילען און דגלים, און ס'הערט זיך איין צונויפגעגאסענער ברומען הידד! דד! דד!

נאר ווען ס'זיינען דורכגעפאהרען די לעצטע אטאמאבילען מיט דער וויים־בלויער פאהן, איז דער געשריי געווען אזוי שטארק אז די ערד האט גענומען ציטערען. דאס איז דאך געפאהרען דער אידישער נציב, דער אלט־יונגער חיים וויצמאן, מיט אלכסנדר־ישראל'ן פון איין זייט און יהודה מיט שושנה'ן פון צווייטען זייט, אויפ'ן לעצטען אטאמאביל איז געזעסען יהודית מיט א שעהנעם אונבאקאנטען מאן!...

פונקט ראש חודש ניסן, האט זיך דער קאנגרעס געעפענט, און ער האט געדויערט ביז איבער שבועות.

די אידען פון אלט־ניילאנד, זיינען די גאנצע צייט ארומגעגאנגען מיט פרעהליכע יום טוב'דיגע פנים'ער, און מיט א הללויה אויף זייערע ליפען. פייערליכע קאנצערטען און פארשטעלונגען זיינען דורכגעפיהרט געווארען איינע נאך די אנדערע.

דער המון האט ניט אויפגעהערט צו מארשירען צום בית העם, צו די אוניווערזיטעטען און צו אלע פובליק אינסטיטוציעס. יעדער איינער האט געהאט וואס צו זאגען און צו באוואונדערען די גראנדיעזע איינריכטונגען מיט דעם פראכטפולען ארדנונג.

די זיצונגען אויפ'ן קאנגרעס, זיינען אנגעגאנגען מיט די שעהנסטע ארדנונג און פינקטליכקייט. יעדער שעה איז אויסגענוצט געווארען אויפ'ן בעסטען ניצליכסטען אופן. יעדער טאג איז געשריבען געווארען א קאפיטעל וועלט געשיכטע, און אלעס איז צוגעגאנגען אין דער בעסטער הארמאניע. ס'האט זיך געפיהלט, אז די שלוחים פון אלע

נאציאנען ווייסען דעם גרויסען אחריות, או מיינען מיט אן אמת, אוועקצושטעלען דעם וועלט־פריעדען אויף א זיכערען פעסטען יסוד, און צו ברענגען אויף דער וועלט פריעדען, גערעכטיגקייט, ארדנונג און הארמאניע.

וועו עס איז אבער געקומען אויפ׳ן סדר היום, די פראגע פון דער „רויטער מדינה" די הויפט זאך, צוליעב וואס מען איז זיך צוזאמענגעקומען, האט מען אנגעהויבען פיהלען, אז אין דער לופט שמעקט מיט פולווער, און נאר איין פונק, און ס׳קען געשעהן דער גרעסטער אומגליק, וואו אלעס קען פארוואנדעלט ווערען אין פייער און רויך, און פלאם־פייערדיגע גיהנום־צונגען קענען צוטרייסלען די יסודות פון דער וועלט.

יעדער פארטרעטער האט געהאט צו דער רויטער "מדינה„ גרויסע טענות און ביטערע קלאגען. פון די קלענערע מלוכות ביז די גרויס־מעכטע.

די הויפט קלאגעס זיינען געקומען פון די פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא, פון גרויס בריטאניע, און פון פראנקרייך, ווייל די הויפט קאפיטאלען וואס זיינען אריינגעלעגט געווארען אין דער „רויטער מדינה" מיט דער גאראנטיע פון דער סאוועטען רעפובליק, זיינען געווען פון די בירגער פון די דאזיגע מלוכות.

פארשיעדענע פארשלעגע זיינען אריינגעבראכט געווארען, בנוגע דער אנגעוועהטאגטער ברענענדיגער רויטע מדינה־פראגע, אבער יעדער פארשלאג איז געווען פונקט דער היפוך פון צווייטען. ס׳איז געווען דורכאוים מתנגדים שטימען און ס׳האט געשיינט אז מען וועט בשום אופן ניט קענען קומען צו קיין סוף.

גרויס בריטאניע האט גע׳טענה׳ט און מיט רעכט, אז שווערע מיליאנען פונטען פון איהרע בירגער, זיינען אריינגעלעגט געווארען אין פארשיעדענע אונטערנעהמונגען פון דער רויטער מדינה. דעריבער מוז זי איבערנעמען דעם מאנדאט אויף רוסלאנד, נאטירליך צוזאמען מיט אנקעל סעם און פראנקרייך, אדער זיי וועלען זיך איינטהיילען צווישען זיך די גרויסע רוסלאנד און אז. וו. פראנקרייך האט אויך געהאט די זעלבע טענה.

פוילען האט סתם געוואלט נאך א שטיק פון דער רויטער טעריטאריע, אום אויסצוברייטען איהרע גרענעצען.

רומעניע האט גע׳טענה׳ט אז צו בעסאראביע מוז זי אויך האבען אדעס און אז. וו.

די טל־ומטר'דיגע ליטא, האט גע'טענה'ט אז ווען מען גיט איהר אוועק כאטש מינסקער גובערניע, וואלט זי שוין געקענט ווי עס איז, פונאנדער פיהרען איהרע הענט, און אזוי האט יעדער איינער געוואלט צו רייסען די גרויסע רוסלאנד און ס'זאל אפגעמעקט ווערען איהר נאמען פון אונטערן הימעל. אויסער דער הויפט פארטרעטער פון אנקעל סעמ'ס דעלעגאציע וועלכער האט געהאט גרעסערע טענות פון אלעמען, האט פארלויפיג געשווינען, פונקט ווי זיין שטייגער איז. כאטש אנקעל סעם'ס בירגער האבען אריינגעלעגט דעם גרעסטען חלק אין דער רויטער מדינה.

פאר דעם פארזיצענדען פון דער דאזיגער זיצונג האט מען ערוועהלט דעם אידישען נציב חיים וויצמאן, און אפשר האט מען דאס געטאהן מיט א כונה, אפשר וועט עס געלינגען אט דעם אידישען גאון צו אויס־גלייכען און פונאנדער פלאנטערען, אט דעם גרויסען ברענענדיגען היסטארישען און אנגעוועהטאגטען פלאנטער.

ווען דער נציב האט נעגעבען א קלאפ מיט'ן האמער, אלס צייכען פון ארדנונג, האט אן אומרוהיגע שטילקייט באהערשט דעם גרויסען מאיעסטעטישען זאאל. אויפ'ן פנים פון די פערטרעטער איז געווען אויסגעדריקט ווי אן אומבאוואוסטע שרעק. צי מחמת דעם, וואס צום ערשטען מאהל, אין די לעצטע צוויי טויזענט יאהר, זיצען פארטרעטער פון אלע נאציאנען פון דער וועלט, אין דער אידישער הויפט־שטאדט, אין א אידישען בית העם און פון א אידישען פארזיצענדען, צי מחמת זייער הארץ האט עפעס פאראויסגעפיהלט.

דער אידישער נציב, האט הויך, שטאלץ, מאיעסטעטיש, דרך ארץ'דיג, און מיט א יראת הכבוד אנגעהויבען:

— זעהר נעעהרטער פרעזידענט פון דער ליגע פון נאציאנען, ליעבלינג פון אונזער אלט־ניילאנד, לארד באלפור, און אלע נעעהרטע פארטרעטער פון גרויסע און קלענערע נאציאנען!

מיר זיינען איצט צוגעקומען צו דער אנגעוועהטאגטער בראכ־שטוליגע פראגע פון דער סאוועטען רעפובליק, פון דער אמאליגער גרויסער רוסלאנד! די לאגע איז זעהר א טרויעריג־פארפלאנטערטע, און דערפאר אויך זעהר דעליקאט.

מען מוז צו איהר צוגעהן מיט דעליקאטע קינסטלערישע פינגער. מיט א קלאהרען קאפ און רוהיגען געוויסען, אום מען זאל חלילה נאכ־מעהר ניט איינגעפלאנטערט ווערען. נאטירליך יעדערענס טענות זיינען אמת'ע און נערעכטע בנוגע די אריינגעלעגטע קאפיטאלען.

יעדער מלוכה וויל און מוז שיצען איהרע בירגער, אבער יעדער פאלק מוז אין דער זעלבער צייט, האנדלען מיט יושר און גערעכטיגקייט, לגבי אנדערע בירגער פון אנדערע נאציאנען וועלכע האבען אויך די זעלבע טענות, און איבערהויפט מוזען אלע האבען אין זינען, אז אפילו נאכדעם ווי מען וועט שוין אויסגעפינען א גאלדענע מיטעלוועג, און אלע וועלען זיין צופריעדען, זאל אבער די „משפחה־רוסלאנד" דערביי ניט אונטערגעהן. איהר ווילט דאך ניט, אז אזא גרויסע משפחה זאל אפגעמעקט ווערען פון אונטערן הימעל.

דארום ווערטהע פערטרעטער! זאל יעדער איינער צוזאמען מיט זיינע טענות האבען אין זינען דעם „יושר און רחמנות", און צוזאמען מיט'ן פארשלאג זאל אויך זיין „חסד און גערעכטיגקייט". ווייל מיר אלע זיינען נאך ווייט ניט ריין פון חטאים. ווער ס'טראגט אויף זיין געוויסען גרעסערע חטאים און ווער קלענערע!

רוסלאנד האט געזינדיגט. זי איז אראפ פון דרך הישר, בלייבט איצט פאר אונז אלעמען זי אוועקצושטעלען אויפ'ן ריכטיגען וועג, אבער ניט ווי א מאל ווען א רבי פלעגט שלאגען זיינע שלעכטע תלמידים, מיט'ן שטעקען, נאר אויף א מאדערנעם אופן, מוז מען באהאנדלען שלעכטע תלמידים. מיט איינזעהעניש, מיט רחמנות, אפשר איז דער סדר הלמוד ניט צוגעפאסט צו זיין מח'ל, אפשר האט ער שלעכטע חברים, אפשר איז זיין מארך עפעס ניט אין ארדנונג, און אפשר טויג ניט טאקע דער רבי אליין.

איך בעט דעם גאט פון ציון! אז ער זאל אייך פיהרען אויפ'ן אמת'ן וועג, ווי שלמה המלך, אז קיינער פון אייך זאל ניט געשטרויכעלט ווערען, און ניט שטרויכלען חלילה דעם אנדערען. אמת, יושר, חסד און רחמים זאל רוהען אין אייערע הערצער, און לאגישער שכל אין אייערע מחות!

— אמן! — האבען אלע פארטרעטער און אורחים נכבדים גע־ענטפערט, און דער הלוי ארקעסטער האט געשפיעלט דעם נאציאנאלען „למנצח השמים מספרים", און די הימנעם פון אלע פעלקער.

ווען די זיסע טענער פון הלוי זיינען איינגעשטילט געווארען, זיינען אלעמענס פנימ'ער ווי רוהיגער געווארען, אויסער די פארטרעטער פון פוילען, רומעניע, ליטא עסטרייך און אונגארען זיינען עפעס געווען אומרוהיג ווי פריהער. עפעס דער מליץ־יושר'דיגער טאן, פון'ם אידישען נציב, האט זיי נאכמעהר באאומרוהיגט, אבער זיי האבען געמוזט

האבען דורך ארץ פאר די גרויס־מעכטע און זיי האָבען זיך פאָרהאַלטען רוהיג לפנים ווענען.

נאָר איידער אימיצער האָט געבעטען דאָס וואָרט, איז אַ וואונדער־באַר־שעהנער אָפיציר ערשינען אין זאאַל, ער האָט געמוזט ציהען אויף זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט, אַזוי פיעל חן, גבורה און שעהנקייט איז אַזעלטענהייט, אַלע פערטרעטער זיינען געווען ענטציקט.

ער האָט זיך מאַיעסטעטיש פאָרנייגט פאַר'ן פאָרזיצענדען און אַלע פאָרטרעטער, און האָט איבערגעגעבען אַ פאָרזיגעלטען „קאָנווערט" צום סעקרעטער פון קאָנגרעס מר. מעקדאָנאַלד, דער פיהרער פון דער בריטישער לייבאָר־פּאַטיי.

ווען דער סעקרעטער האָט פון איהם איבערגענומען דעם קאָנווערט, האָט זיך דער אָפיציער פארנייגט, און האָט זיך אָוועקגעשטעלט אָן אַ זייט אויסגעצויגען ווי אַ סטרונע וואַרטענדיג אויף אַ תשובה.

דער סעקרעטער האָט אויפגעריסען דעם קאָנווערט, און איז שנעל מיט זיינע אויגען, דורכגעפלויגען דעם אינהאַלט פון דעם פּאַפּיר, און בעת מעשה האָט זיך אַן אומרוהיג־צופרידענער שמייכעל, באַוויזען אויף זיין פּנים.

ער האָט איבערגעגעבען דעם פּאַפּיר צום פּרעזידענט פון דער „ליגע פון נאַציאָנען" לאָרד באַלפור, און ווען דער לאָרד האָט עס איבער־געלעזען האָט זיך אַ רוהיגער פרעהליכער שמייכעל באַוויזען אויף זיינע ליפּען דער לעצטער האָט דעם פּאַפּיר איבערגעגעבען צום פּאָרזיצענדען און ווען דער נציב האָט אַ בליק געטאָהן אויפ'ן אינהאַלט, האָט מען באַמערקט ווי זיין פּנים האָט אויפגעשטראַהלט. ער האָט זיך אויפ־געשטעלט מיט'ן פּאַפּיר אין האַנט, און האָט אָנגעהויבען לעזען:

„זעהר געעהרטער פּרעזידענט פון דער ליגע פון נאַציאָנען! ליעבער פאָטער פון דער אַלט־ניילאַנד! הויכגעשעצטער און געאַכטעטער שטאַאַטסמאַן און געלעהרטער לאָרד באַלפור, און אַלע זעהר געעהרטע און געשעצטע דיפּלאָמאַטען, שטאַאַטסמענער און געלעהרטע פון אַלע נאַציאָנען!

אַ טאָכטער פון דאָס פאָלק ישראל, אַ געטרייע דינערין פון דער שעהנער אַלט־ניילאַנד, בעט פון אייך זעהר אַ דרינגענדע בקשה, וועלכע איז פון גרויס היסטאָרישער וויכטיגער באַדייטונג, בנוגע צום גרויסען „רויטען פּלאַנעטער".

מיין בקשה איז: אַז דער אַלוועלטליכער אינטערנאַציאָנאַלער גרויסער טריבונאַל, זאָל מיר שענקען עטליכע מינוטען פון זיין טייערע

צייט, און אויסהערען, וואס איך האב צו זאגען בנוגע דער אנגעוועה־טאנטער פראגע.

איך האף אז דאס וועט זיין א גרויסע באלייכטונג און א הילף אויף דעם וועג פון באהאנדלונג מכח דער רויטער מלוכה.

האפענדיג צו דעם גאט פון ציון, אז איהר וועלכע ווילט ברענגען הילף פאר די שוואכע און אונטערדריקטע און פרייהייט פאר די גע־פאנגענע וועט געווים ערפילען מיין בקשה, וועלכע איז אין די אינ־טערעסען פון אלע פעלקער און לענדער, פערבלייב איך מיט אכטונגס־פאל, ליעבע און דרך ארץ, יהודית די בלום פון יהודה".

אלע פארטרעטער האבען געקוקט איינע אויף די אנדערע. אייניגע האבען געטראכט אז ס'מוז אודאי זיין עפעס א אידישע פרוי, וואס האט זיך איינגערעדט „א דיפלאמאטישע קרענק".

אנדערע האבען זיך געשראקען, אפשר איז עס גאר אן אונטער־געשיקטע פון די „רויטע" און אונטערן קליידעל האט זי געווים א „באמבע".

און א סך האבען געדענקט, אז ס'איז פשוט אן עברה די צייט זיך אפצוגעבען מיט נארישקייטען.

דער פארזיצענדער האט שטיל באמערקט:

— ווערטהע פארטרעטער! וואס דענקט איהר צו טהאן מכח דער געשריבענער בקשה?

אלע האבען געשוויגען, מען האט איינפאך געווארט איינער אויפ'ן צווייטען, נאר דער אלטער לארד האט אלעמען ארויסגענומען פון פארלעגענהייט.

ער האט זיך אויפגעשטעלט, און זיך ווענדענדיג מיט שטראהלענדע ליכטיגע אויגען צו אלע פארטרעטער האט ער אויסגערופען:

— ווען די גרויסע יהודית וויל עפעס זאגען, איז עס געווים פון גרויס וויכטיגקייט. ווייל איך האב געהאט די עהרע צו קענען „די בלום פון יהודה", זי איז גוט ווי א מלאך, קלוג ווי שלמה המלך, און בראוו ווי דבורה הנביאה. איך ווייס ניט איהר פארגאנגענהייט, און פון וועלכען טהייל וועלט זי איז אהער געקומען, אבער זי איז גרויס אויף יעדער געביעט. מיט איהרע גרויסע געדאנקען מעגען זיך די וועלט דיפלאמאטען רעכענען. ס'וועט זיין פאר אונז א גרויסע געווינס, אויסצוהערען איהרע געדאנקען, אויף דעם גאנג פון אונזערע פאר־האנדלונגען, און איך וועל דאנקבאר זיין אלע פארטרעטער ווען זיי וועלען איינשטימיג ערפילען מיין פארשלאג, אויפצונעהמען מיט עהרע,

דער גרויסער יהודית, וועלכע האט געדעטעט מיין לעבען אמאל אין דעם דמשק'ער אויפשטאנד!

דער רומענישער פארטרעטער האט געבעטען דאס ווארט:

— דער גרויסער לארד באלפור, פרעזידענט פון דער ליגע פון נאציאנען, האט אליין באמערקט, „אז ער ווייס ניט איהר פארגאנגענהייט" אפשר ליגט דערינען עפעס א סכנה? אפשר איז זי אן אונטערגעשיקטע?...

דער פארטרעטער פון אנקעל־סעם, דער גרויסער יהודה, פאר וועמען אלע פארטרעטער האבען געהאט גרויס דרך ארץ, האט גענומען דאס ווארט:

— איך האב די עהרע צו פארטרעטען די גרעסטע און רייכסטע רעפובליק פון דער וועלט! און כאטש איך בין א בירגער פון דער שעהנער אלט־ניילאנד, האט מיר די גרויסע רעפובליק אנפערטרויט צו זיין איהר שליח מיט'ן פולען אחריות און פולע פאראנטווארטליכקייט. די בירגער פון אנקעל סעם האבען מעהר קאפיטאלען אין דער סאוועט־רעפובליק ווי אלע אנדערע, און דעריבער איז עס טאקע אין די אינטערעסען פון די בירגער פון די פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא, אז מען זאל אויסהערען יעדער איינעם וואס איז נאר פעהיג אויסצופלאנטערן דעם גרויסען רויטען פלאנטער, און בפרט אז איך קען אט דער גרויסער יהודית ווי זיך אליין. איך קען און ווייס איהר פארגאנגענהייט פונקט ווי מיינע. זי איז געווען די יעניגע וועלכע האט געראטעוועט דעם קעניג דזשארדזש אויף זיין יאכט שיף ניט ווייט פון נעאפאל, און זי איז די גרויסע העלדין וואס האט געראטעוועט אונזער ערשטע שיף „זבולון" פון די הענט פון „רויטע פיראטען", איהר רעקארד איז קלאהר, און איהרע העלדענטהאטען זיינען גרויס. זאל דער פארטרעטער פון רומעניע זיך ניט שרעקען פאר א סכנה. אין אונזער ארץ ישראל זיינען אלע זיכער. איהר אליין האט דאך אויסגעדריקט אייער באוואונדערונג פאר'ן שעהנעם און זיכערען ארדנונג, און אויב אייך איז דאס נאך ווייניג, וועט מיין רעגיערונג אנקעל סעם גאראנטירען אייער זיכערקייט.

קיינער האט זיך מעהר ניט געמאלדען צום ווארט, און דער פאר־זיצענדער האט באמערקט: אז ער קען גאראנטירען פאר אלעס, בנוגע צו זיכערקייט, אבער ער קען בשום אופן ניט גאראנטירען אז אימעצער פון די פארטרעטער זאל זיך ניט פארליעבען אין דער „בלום פון יהודה".

און ס'איז איינשטימיג גוט געהייסען געווארען, אויפצונעמען יהודית'ן און אויסהערען וואס זי האט צו זאגען.

דער אפיציער האט זיך העפליך פארנייגט, און איז געגאנגען אנ־זאגען יהודית'ן די גוטע בשורה.

אין זאאל האט געהערשט א נייגעריגע רוהיגע שטילקייט. די אויגען פון אלע פארטרעטער, זיינען געווען געריכטעט צום הויפט אריינגאנג, וואו פון איין זייט איז געזעסען אויף א קינסטליך געשניצטען שטול, דער אלטער גבור יהודה, מיט אן עכט מכבי פנים, און פון צווייטען זייט איז געזעסען שרגא דער גבור פון גליל ווי א ריכטיגער בר כוכבא.

פלוצלונג איז ערשינען אונזער העלדין יהודית. זי האט אויס־געזעהן אזוי וואונדערבאר שעהן, אז אפילו די וואס האבען איהר גוט געקענט, האבען איהר אין דעם איצטיגען מאמענט, געמוזט באוואונ־דערען ווי א נייע ערשיינונג.

שטאלץ, גראציעז, מאיעסטעטיש, עלאסטיש, הימעל־שעהן מיט א גאנצע וועלט פון חן, איז זי געשטאנען פנים אל פנים צו די פאר־טרעטער פון אלע נאציאנען, אין דעם מאמענט האבען זיך אלע פאר־געסען צוליעב וואס זיי זיינען אהער געקומען. אלעמענם בליקען זיינען געווארען ווי צוגעשמידט אויף איין פונקט. אלעמענם הערצער האבען אנגעהויבען שטארקער צו קלאפען.

דער פוילישער פארטרעטער האט געצופט זיינע וואנצען, דער רומענישער האט געפינטעלט מיט די אויגען. דער פראנצויזישער האט געדרעהט זיין שפיציגע בערדעל, און אז. וו.

דער אלטער לארד באלפור האט גליקליך געשמייכעלט. ער איז דער ערשטער צוגעגאנגען צו איהר, און האט מיט פאטערליכע ליעבע געדריקט איהר האנט.

— זיי אונז ווילקאמען! דו בלום פון יהודה! — האט ער הויך אויסגערופען.

אויף איהם קוקענדיג האבען זי אלע באגריסט, און ווען זי האט זיך פאר אלעמען פארנייגט, האט זיך בעת מעשה געדוכט, אז א וואונדערבארע בלום האט זיך א טרייסעל געטאהן פון דעם ליעבליכען ווינטעלע.

דער הלוי ארקעסטער האט געשפיעלט די התקוה, און די מתיקות־דיגע טענער, זיינען אריינגעדרונגען אין אלעמענם הערצער.

ווען אלעס איז געווארען שטיל און רוהיג, האט דער פארזיצענדער אויסגערופען:

— יהודית!

די פארטרעטער פון אלע נאציאנען, האבען אויסגעדריקט זייער איינשטימיגען וואונש, אויסצוהערען די רייד פון דער בראוור טאכטער פון דעם פאלק ישראל: „איך בעט גאט, ער זאל דיר געבען חן, און שכל אין די אויגען פון אלע פארטרעטער, און זיי זאלען ערפילען דיין בקשה פאר דעם וואויל און בעסטען פון אלע נאציאנען און פאר אונזער פאלק ישראל".

ס'איז געווארען שטיל. יעדער איינער האט אנגעשטרענגט זיינע אויערען אום ניט צו פארלירען איין קלאנג פון דער געטליכער יהודית.

און יהודית איז געשטאנען ווי א שטאלצע נביאה, און האט מיט א מתיקות שטימע אנגעהויבען:

— צו די פארטרעטער פון אלע נאציאנען ווענדע איך זיך איצט, און זאלען די גרויסע שלוחי־צבור פון גאר דער וועלט, פארנעמען די רייד פון מיין מויל.

פונקט ווי אמאל, איידער גאט האט אוועקגעשטעלט די וועלט אויף איהרע ריכטיגע יסודות, איז געווען א מיש־מאש פון ליכטיגקייט און פינסטערניש, אין אזא צושטאנד געפינט זיך איצט די גאנצע מענש־הייט, און די גאנצע וועלט ווארט איצט מיט א פארכאפטען אטהעם, צו הערען פון די שלוחי־צבור דעם גרויסען ווארט פון „יהי אור"!

אלע געפייניגטע, אונטערדריקטע, און גע'רודפ'טע, ווארטען מיט אונגעדולד אויף דער גרויסער „ישועה" וואס וועט זיך לאזען הערען, פון דער אלט־נײַ־ירושלים, וואו עס זיצען איצט פארזאמעלט פערטרע־טער פון גאר דער וועלט, און טהיילען אוים גערעכטיגקייט.

און פון די הערצער פון אלע געפייניגטע רייסט זיך איצט א לויב געזאנג צום וועלט באשעפער אז ער זאל אנטפלעקען פאר די פאר־טרעטער, די אמת'ע ליכטיגע ליכטיגקייט און דעם אמת'ן אמת.

מיין בקשה פון אייך, איהר גרויסע פארטרעטער פון אלע פעלקער, איז ניט מעהר ווי „גערעכטיגקייט און יושר" גערעכטיגקייט פאר מיר אליין, גערעכטיגקייט פאר מיין משפחה, גערעכטיגקייט פאר דעם גאנצען אידישען פאלק, און „גערעכטיגקייט און רחמנות" פאר די יעניגע וועלכע ס'וועלען פון אייך היינט גע'משפט ווערען!

איך בין איצט אין'ם רעכטען מיטען פון מיין בליהענדע יוגענט, און מיט אלע מיינע חושים, שווים איך אויף די כוואלעם פון ים החיים, דאך וועל איך זיך ניט פארטראכטען אויף איין מאמענט, און זיך לאזען מקריב זיין אויף מיין פאלקס מזבח, אויב ס'וועט נאר דערפון

אַרויסקומען כאַטש אַ שטיקעלע טובה פאַר מיין פאָלק, ווייל וואָס איז דער לעבען פון אַ יחיד לגבי דעם גאַנצען פאָלקס הצלחה!

ס'איז אָבער געווען אַ צייט, ווען איך האָב גאַנץ אַנדערש געדענקט. איך האָב געדענקט, אַז ס'איז גאָר ניטאָ בנמצא אַזאַ זאַך ווי אַ פאָלק! ווי משפּחה! און אפילו ווי טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער! ס'איז ניט מעהר ווי עפּעס אַ אויסגעטראַכטע פראַזע פון ענגהערציגע וועלט פאַרכאַפּער! אָבער אין דער אמת'ן, זיינען גאָר ניטאָ קיין פעלקער און קיין משפּחות, נאָר מענשען זיינען פאַראַן וועלכע זיינען איינגעטהיילט אין צוויי גרויסע מחנות, שוואַכערע און שטאַרקערע, דריקער און אונטערדריקטע, פייניגער און געפּייניגטע, הארען און שקלאַפען און אַז. וו.

און איך האָב גע'חלומ'ט אַז ווען די שקלאַפען די שוואַכערע, זאָלען זיך שטעלען געגען זייערע אדונים די שטאַרקערע, וועלען זיי געוויס אַרויסקומען די זיעגער, ווייל זיי זיינען דאָך די מעהרהייט, דאַן וועט די גאַנצע וועלט אויסקוקען ווי אַן אמת'ער גן עדן, און אַלע מענשען וועלען לעבען ווי אדם און חוה אין גן־עדן, איידער מען האָט זיי פון דאָרטען אַרויסגעטריבען.

אָבער איך האָב זעהר גיך אויסגעפונען מיין ביטערען טעות. איך האָב אויסגעפונען, אַז אַ חוץ דעם וואָס יעדער ווייל שטילען זיין מאַגען הונגער, איז אויך פאַראַן אַ נשמה וואָס וויל שטילען איהר הונגער. די נשמה פאַרלאַנגט איהרע אייגענאַרטיגע „מזונות", איהר קולטור, איהר רעליגיאָן, איהרע טראַדיציעס, איהר געשיכטע, איהר גאָט, איהר פאַרב, איהר פאַהן, איהר קלימאַט, איהר סביבה, איהר פאָלק, איהר משפּחה, איהר טאַטע־מאַמע, און איהר לאַנד, און די נשמה איז די זעלביגע, סיי ביי דעם האר און סיי ביי דעם קנעכט, וועלכע מאָהנט איהר ערנעהרונג.

אַ נשמה קען אַמאָל אפשר פאַרבלאַנדזשען. זי קען שטילען איהר הונגער מיט פרעמדע שפּייזען. אָבער ס'איז ניט מעהר ווי אויף אַ ווייל. סוף כל סוף מוז זי „זיך" געפינען, און זי הויבט אָן בענקען און אויסגעהן, נאָך איהרע אייגענע אָריגענעלע שפּייזען, און זי ציהט זיך צום אייגענעם מקור, צום אייגענעם שטאַם. ס'ווילט זיך פיהלען די לאַסקעס פון אייגענע טאַטע־מאַמע. ס'ווילט זיך זיין אַ פאָלקס־העלד, און אדרבה, ס'איז נאָך שעהנער גראַנדיעזער, ווען אַן אָרקעסטער שפּילט מיט פאַרשיעדענע שטימען און פאַרשיעדענע אינסטרומענטען.

ווען יעדער נאַציאָן ברענגט אַרויס איהר אייגענאַרטיגע אָריגינאַלע, נאַטירליכע שטימע, ווערט דער גרויסער וועלט־אָרקעסטער, שעהנער, רייכער, פאַרשיעדענפאַרביגער, און ממילא אנציהענדער און מתיקות'־דיגער.

ס'מוזען זיין פאַרשיעדענע כל'ערלייאיגע קולות, אָבער מען מוז זיי קולטיווירען, קריסטאַליזירען און לערנען, אַז זיי זאָלען מיט זייערע טענער קענען האַרמאָנירען אינ'ם גרויסען וועלט־אָרקעסטער!

מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, בין איך געווען אַ גאַנץ אַנדערע, ווי איהר זעהט מיך איצט. איך בין אַוועק טאַנצען נאָך „רויטע מוזיק". איך בין געשוואומען מיט'ן „רויטען שטראָם", ביז די „רויטע מלוכה" האָט מיך ערהויבען צום העכסטען אַמט, — איך בין געוואָרען די הויפּט־ריכטערין פון דער רויטער מדינה. כ'האָב נאַטירליך פיעלע אומשולדיגע פאַרמשפּט, ווייל אַזוי האָט געלערענט דער רויטער חושן משפּט. כ'האָב אפילו פאַר'משפּט מיינע אייגענע עלטערן, לויט'ן רויטען פּסוק פון „כבד את אביך ואת אמך". איך האָב עס דורכ־געפיהרט מיט כונה, דענקענדיג אַז דערמיט דערנעהנטער איך די גאולה פון דער גאַנצער מענשהייט.

אָבער איך האָב גיך אויפגעעפענט מיינע אויגען. כ'האָב דערזעהן, אַז איך געפין זיך גאַר צווישען „שדים". איך שווים אין אַ „רויטען ים" און איך טאַנץ אַ „שדים־קאַראַהאָד" וואו אשמדאי אַליין איז דער קאַפּעלמייסטער.

און אַזוי גיך ווי איך האָב דערזעהן די אמת'ע ליכטיגע וועלט, האָב איך שוין געפונען, מיין אמת'ן גאָט, מיין אמת'ע תורה, מיין עביגע מאַרטירער פאָלק, און מיין שעהנע לאַנד.

אום אָבצואוואַשען פון זיך מיינע „רויטע שדים־פלעקען", האָב איך זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום קרבן.

מיט מיינע אייגענע הענט האָב איך דערשאָסען דעם „רויטען ניקאָלייען" און די וועלט איז פּטור געוואָרען פון'ם גרעסטען „טייפעל" פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט. איך האָב פאַרהיט פיעלע לענדער, און איבערהויפּט אָנקעל־סעמ'ס מדינה, פון דער „רויטער מגפה" וועלכע ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבען צו פאַרשפּרייטען.

איך האָב אויסגעהיט די פּאַרטרעטער און גרעסטע געלעהרטע ביים ערעפענונג פון ערשטען העברעאישען אוניווערזיטעט, אויפ'ן הר הצופים. איך האָב געראַטעוועט דעם קינג פון גרויס בריטאַניע פון די „רויטע פּיראַטען". איך האָב מציל געווען אונזער גרויסען ליעבלינג

לאָרד באַלפור פון דעם ווילדען אויפגעהעצטען המון אין דמשק. איך האָב באַשטראָפט און געמאַכט אומשעדליך דעם רויטען הענקער דזשערדזשינסקי, וועלכער זיצט נאָך עד היום אין אַ חורבה, מיט זיינע צוויי אַרויסהעלפער מעדוועדיעוו און טשערטשינסקי. איך האָב פון דעם אַמעריקאַנעם רויטען ניגלאַס׳ן געמאַכט אַ ווייס־בלויען העלד און בויער פון אונזער אַלט־נייעלאַנד, איך האָב געמאַכט אומשעדליך דעם דייטשען רויטען „שוואַרצקאָפּ האַקענקרייצלער״. איך האָב אַלעס געטאָן מיט מסירת־נפש, אום אָפּצוואַשען פון זיך די „רויטע פלעקען״. איצט שטעה איך פאַר דער גאַנצער וועלט ריין ווי אַ קליין קינד און אַ טרייע טאָכטער פון מיין פאָלק!

איך ווי איהר זעהט, איהר גרויסע שלוחי־צבור, אַז נאָכאַלעמען איז אפילו אַ „רויטער טייוועל״ ניט אַזוי שרעקליך! מען דאַרף נאָר עפענען די אויגען און דער זעלבער רויטער כח, הויבט אָן שטראָמען אין אַן אַנדער דירעקציע צו אַ צווייטען עקסטרעם! פון עקסטרעם־„רויט״ ביז איך אַוועק צו עקסטרעם־„ווייס־בלוי״!

איצט, גרויסע פאַרטרעטער פון אַלע נאַציאָנען, קום איך צום ריכטיגען הויפּט־פּונקט פון מיין בקשה:

איהר קענט דאָך אַלע גאַנץ גוט, דעם „רויטען לייב״ פון דער סאָוועט רעפּובליק, לעאָן טראָצקי! — אַלע האָבען אַ ציטער געטאָהן, דערהערענדיג דעם נאָמען, — איהר אַנערקענט געוויס אַלע, זיין גרויסקייט און גאונות אויף אַלע געביטען. דורך זיין חכמה און דיפּלאָמאַטיע האָט ער אייך אַלעמען וועלענדיג אָדער ניט וועלענדיג, געצוואונגען, צו צוהערען זיך צו זיינע רייד, און קומען אין נאָהענטערע פאַרבינדונג מיט דער רויטער מדינה.

אָבער זיינע רויטע חברים זיינען נאָך ניט מסוגל צו פאַרשטעהן, זיינע גאונות, און זיי האָבען זיך צוריק אַ קעהר געטאָהן אויפ׳ן דרך פּונ׳ם רויטען ניקאָלייען, און דער געניאַלער טראָצקי האָט געמוזט אַריינשיקען זיין רעזיגנאַציע צו דער סאָוועט־רעפּובליק. ער איז געגאַנגען אַ טריט ווייטער, און ער האָט אויפגעעפענט זיינע אויגען. ער האָט דערזעהן אַז ער בלאָנדזשעט און בראָדזשעט אין אַ „רויטער בלאָטע״ און ער האָט פון זיך אַראָפּגעריסען זיין „רויטע־הויט״, און ער וויל, אַזוי ווי איך, אָבוואַשען זיינע „רויטע חטאים״. ער איז מוכן ומזומן צו יעדער צייט, זיך לאָזען מקריב זיין, פאַר זיין פאָלק, גאָט און לאַנד.

דענקט איהר ניט, איהר גרויסע שלוחים פון אַלע פעלקער, אַז ווען מען זאָל אויסשטרעקן אַ ברודער־האַנט צו אַט דעם פאַרבלאָנדזשעטען זוהן פון דעם פאָלק ישראל, וועט ער ניט ווערען איינער פון די גרעסטע שאַפענדע כחות פאַר דער אויפבויאונג פון אונזער אַלט־ניילאַנד ?

דענקט איהר ניט, איהר שלוחי צבור, אַז ווען אַט דער גרויסער אָרגאַניזאַטאָר, אַט דער גרויסער עקאָנאָמיסט, ווען ער שטעהט מיט אונז אויפ׳ן ריכטיגען באַדען קען ער ניט ווערען איינער פון די גרויסע שטערען אין אונזערע ארץ ישראל הימלען ?

ווען איהר זאָלט דעם גרויסען גאון צו־לאָזען צו דעם איצטיגען אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס, דענקט איהר ניט, אַז ער וואָלט ניט זיין בכח, זעהר פיעל אַרויסהעלפען אייך, אויספּלאָנטערען זיך פון׳ם גרויסען אינטערנאַציאָנאַלען פּלאָנטער ?

געוויס, ער קען ניט קומען אַלס פאַרטרעטער, ער וויל אָבער קומען אַלס באַזיעגטער. ער וויל זיך איבערגעבען אין די הענט פון דעם העכסטען טריבונאַל, אָבער ניט אַלס „רויטער" נאָר אַלס טרייער זוהן פון דעם אידישען פאָלק, וועלכער האָט געבלאָנדזשעט, און מיין בקשה איז : „אַז נאָכדעם ווי ער האָט אויף אַן אמת חרטה אויף אַלע זיינע רויטע מעשים, און ער וויל טהאָן תשובה, זאָלט איהר, שלוחים פון דער וועלט, אַראָפּ נעמען פון זיין שטערען דעם „רויטען קין׳ס צייכען" און די רויטע פלעקען פון זיין נשמה, און ער זאָל קענען פראַנק און פריי, דינען זיין פאָלק און זיין לאַנד, און זיינע רייד זאָלען אויסגעהערט ווערען פון אייך אַלעמען !..."

געוויס, וועט איהר פרעגען, מיט וואָס בין איך זיכער אין זיין חרטה ? דאַרויף קען איך אייך ענטפערען : אַז איך בין אין איהם זיכער, ווי אין זיך אַליין ! ווען איך וואָלט געפיהלט אַ טויזענטעל פון אַ ספק אין דער זיכערקייט, וואָלט איך ניט געוואַגט צו קומען צום גרויסען וועלט טריבונאַל מיט מיין בקשה, און ווען איך וואָלט ניט געווען זיכער אין זיין „תשובה", וואָלט איך איהם מיט מיינע אייגענע הענט איבערגעגעבען אין די הענט פון׳ם אינטערנאַציאָנאַלען געריכט !

איהר ווילט געוויס וויסען, וואָרום איך, די „בלום פון יהודה" פאַרלאַנג דורכאויס אַט די בקשה ! — האָט זי אויסגעשריען ווי אַ לייבין, — ווייל ער איז מיינער אַן אמת׳ער ברודער פון איין טאַטען און מאַמען !...

און זי איז געבליבען שטעהן ווי א הימלישע געטין, אָדער ווי א נביאה פון די אַלטע צייטען, אָדער ווי א גרויסע קעניגין וועלכע מען מוז אויסהערען, אָדער ווי אַלע זאַכען צוזאַמען.

ווען זי האָט געענדיגט ריידען, זיינען אַלע געבליבען זיצען ווי צו־געשמידט אויף זייערע פּלעצער, מיט זייערע בליקען געווענדעט צו יהודית׳ן.

די וואונדערבאַרע געשיכטע פון איהרע גרויסע העלדענטהאַטען, איהר גרויס מאַרטירערטהום, און לסוף די גרויסע סענסאַציע פון׳ם „רויטען לייב" איהר ברודער, האָט אַלעמען איינפאַך ווי אויפגעטריי־סעלט. זיי האָבען א לאַנגע צייט ניט געקענט קומען צו זיך.

אָבער ווען דער הלוי־אָרקעסטער, האָט גענומען שפּילען „בצאת ישראל ממצרים", זיינען אַלע געקומען צו זיך. די זיסע טענער האָבען באַרוהיגט אַלעמענס צושרויפטע געדאַנקען און א פרעהליכע גוטע שטימונג האָט אַלעמען באַהערשט.

יהודית איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין דער זעלבער פּאָזע. איהרע שוואַרצע אויגען האָבען געבעטען און געפאָדערט אַן ענטפער.

דער אַלטער לאָרד באַלפור, איז דער ערשטער געקומען צום וואָרט.

— יהודית! — האָט ער ענטציקט אויסגערופען — איך בין שוין גענוג אַלט, אָבער אַזעלכע העלדענטהאַטען און אַזאַ מאַרטירערטהום, האָב איך נאָך אויף מיין לעבען ניט געזעהן און ניט געהערט. מיר געפינען דאָס נאָר אין דער היסטאָריע, צווישען די גרויסע העלדען אין דער ביבעל. וואויל איז דעם פאָלק וואָס גיט אַרויס אַזעלכע יהודית׳עס!

אָבער ניט אַלע מאָל שיינט אַרויס אַזאַ ליכטיגער שטערען, ניט אַלע מאָהל אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז אַזאַ גרויסע נשמה, און ניט אַלע מאָהל טרעפען זיך נסים, ווער וועט אונז גאַראַנטירען אין דער אמת׳ער חרטה און תשובה פון אייער פאַרבלאָנדזשעטען ברודער?

יהודית האָט נאָך אַמאָל געעפענט איהר מויל, און האָט געשילדערט פון אָנהויב ביז׳ן סוף ווי אַזוי טראָצקי מיט טשיטשערינ׳ען זיינען אַנגעקומען אין ארץ ישראל. זי האָט ניט אויסגעלאָזט קיין איין וואָרט פון אַלעם וואָס האָט פּאַסירט יענעם טאָג אויפ׳ן קבלת פנים און אז. וו. און זי האָט פאַרענדיגט:

— איך מיט מיין לעבען, גאראנטיר, פאר דער אמת'ער חרטה און תשובה פון מיין ברודער אריה־יהודה!...

— אבער די גאראנטי פון איין פערזאן, מעג ער זיין דער גרעסטער אין דער וועלט, איז ניט גענוג פאר אזא פערזענליכקייט ווי דער „רויטער לייב" וועלכער האט געמאכט ציטערען א גאנצע וועלט! — האבען געזאגט די פארטרעטער פון פוילען, רומעניען, עסטרייך, אונגארן און ליטא.

די פארטרעטער פון דייטשלאנד, פראנקרייך און איטאליען האבען איינגעשטימט אז טראצקי זאל יא אויסגעהערט ווערען, אבער זיי האבען אין א זעהר העפליכען טאן געפאדערט א גרעסערע גאראנטיע, כאטש זיי ספק'ן ניט אויף קיין פאל, אין די רייד פון דער העלדין יהודית.

די פארטרעטער פון יאפאן און כינא האבען ערקלעהרט:

— אזוי ווי מען האט אנפארטרויט דעם דייטשען קעניג „ווילהעלם" צו האלאנד, און די האלענדישע רעגיערונג האלט איהר גאראנטיע אזוי פיעל יאהרען, דענקען זיי, אז אויב דאס פאלק ישראל פון אלט־ניילאנד, וועט גאראנטירען אכטונג צו געבען אויפ'ן „רויטען לייב", איז עס די בעסטע גאראנטיע. זיי גלויבען אז די יונגע ארץ ישראל קען זיך שוין מעסטען אין כחות מיט אלע קלענערע מלוכות, אויף אלע געביעטען, און ווער רעדט אין מוסטער פון ארדנונג און בראווקייט, האט זי זיך ניט וואס צו שעמען אפילו געגען די גרויס־מעכטע.

לארד באלפור האט געפרעגט דעם אידישען נציב, וואס ער דענקט וועגען דער רעקאמאנדאציע פון די פארטרעטער פון יאפאן און כינא?

— מיר זיינען נאך פארלויפיג א מאנדאטען לאנד, — האט דער נציב געענטפערט, — און דאס איז אן אינטערנאציאנאלע פראגע, וועלכע ער אליין האט קיין רעכט ניט אויפצונעמען אהן דער צושטימונג פון גרויס בריטאניע.

לארד באלפור האט זיך אויף א ווייל פארטראכט, און האט גע־פרעגט:

— און ווי וואלט געווען ווען איהר אליין האט דאס רעכט צו פארהאנדלען דעם דאזיגען ענין, וואלט איהר גאראנטירט?...

— איך וואלט זיך ניט פארטראכט אויף איין סעקונדע! — האט דער אידישער מושל געענטפערט. — ווייל אזוי ווי איך בין זיכער אין זיך אליין, אזוי בין איך זיכער אין דער גרויסער יהודית! און די העלדין

מאכט ניט קיין טעות. זי זעהט קלאָהר ווי דעם טאָג, אז דער גרויסער טראצקי, וועט נאָך זיין אַ גרעסערער אריה־יהודה!

איך קען שוין לאַנג אַט דער היסטארישער טאָכטער פון ישראל, אבער אַט די דאָזיגע העלדענטהאַטען וועלכע איך האָב איצט געהערט פון איהר מויל, שטייגען איבער די העלדענטהאַטען פון אונזערע אמאָליגע העלדינען יהודית און אפילו פון אונזער גרויסער דבורה הנביאה. איך בין זיכער אַז איהרע אויגען זעהן זעהר ווייט!...

— אויב אַזוי? — האָט זיך לאָרד באַלפור אויפגעשטעלט אין זיין פולע הויך, און האָט אויסגערופען: — אין׳ם נאָמען פון גרויס בריטאַניע, באַפאָלמעכטיג איך דעם אידישען מושל איבער ארץ ישראל און עבר הירדן, אַז ער האָט דאָס פולע רעכט צו האַנדלען אין דער דאָזיגער פראַגע אויף זיינע אייגענע אחריות, און מיין רעגירונג וועט ניט האָבען דאַנגעגען וואָס עס זאָל ניט פּאַסירען.

דער אידישער מושל האָט זיך שטאָלץ אויפגעשטעלט און האָט אויסגערופען קלאָהר און דייטליך:

— אין׳ם נאָמען פון דעם פאָלק ישראל, די בירגער פון ארץ ישראל און עבר הירדן, גאַראַנטיר איך אויף דער אמת׳ר חרטה און תשובה פון׳ם געוועזענעם „רויטען לייב“ קריעגס מיניסטער און הויפּט פון עקאָנאָמישען ראַטה פון די פאַראייניגטע סאָוועטען פון רוסלאַנד, און איך ערקלעהר מיט מיין פולען באַוואוסטזיין, צו די פאַרטרעטער פון אַלע נאַציאָנען, אַז פון היינט אָן איז לעאָן טראַצקי אַ טרייער זוהן פון דעם פאָלק ישראל און אונטער דעם נאָמען אריה־יהודה וועט ער פון היינט אָן גערופען ווערען. מיר גאַראַנטירען פאַר זיין אויפפיהרונג, און איך בין זיכער אַז ער וועט אין גיכען אַרויסשיינען ווי אַ ליכטיגער שטערען אויף זיין אייגענער הימעל, און אַנשטאַט „אַ רויטען לייב“ וועט ער ווערען אַ פריעדליכער „ווייס־בלויער לייב“ פון דעם שעהנעם אַלט־נייַלאַנד!

די פערטרעטער פון פּוילען, ליטא, עסטרייך, אונגאַרן, און רומעניען זיינען נאָך אַלץ ניט געווען צופרידען. ענטוועדער זיי האָבען פאַר עפּעס מורא געהאַט, אָדער זיי האָבען סתם ניט פאַרגונען אַזאַ גרויסען שטערן אין׳ם אידישען מגן דוד, און זיי האָבען גע׳טענה׳ט:

— אמת פאַר׳ן קייזער פון דייטשלאַנד, איז געווען געוונג די גאַראַנטיע פון דער קליינער האָלאַנד, ווייל נאָך אַלעמען איז ווילהעלם ניט געווען אַזאַ גרויסער מאַן אז אַ וועלט זאָל פאַר איהם מוזען מורא האָבען, ער האָט מעהר ניט ווי געשאָטען מיט הויכע קלינגענדע

פראזען, אבער דער געוועזענער „רויטער ליוב" האט א גרויסען אונ-ערשעפליכען ארגאניזאטארישען כח, וואס איז נאך גרעסער ווי א נאפאלעאן. ער איז גרויס אויף אלע געביעטען. ער איז א וואונדער פון דער אלטער און נייער צייט, דעריבער מוז מען פאר איהם האבען א סך א גרעסערע גאראנטיע, אז ער וועט ניט אראפגעהן פונ'ם דרך הישר!...

דער שווייגעדיגער יהודה, וואס האט די גאנצע צייט ניט גענומען קיין אנטהייל אין דער דעבאטע, האט פלוצלונג גענומען דאס ווארט, מען האט געזעהן ווי זיין לינקאלן פנים דריקט אויס שטאלץ און צער, און זיך ווענדענדיג צו די פארטרעטער פון די קלענערע מלוכות האט ער געזאגט:

— אויב די רייד פון דער העלדין יהודית איז פאר אייך ניט גענוג קלאהר־איבערצייגענד, און אויב די גאראנטיע פון דעם פאלק ישראל די בירגער פון דער מוסטערהאפטער אלט־ניילאנד איז ניט גענוגענד, דאן הערט מיך אויס, איהר שרעקענדיגע פארטרעטער!

ביז אהער האב איך געשוויגען, ניט וועלענדיג פוגע בכבוד זיין אין דער גאראנטיע פון דעם אידישען נציב פון ארץ ישראל און עבר הירדן, וועלכער איז גענוג שטארק און מעכטיג צו אכטונג געבען אויף דעם גרויסען טראצקי־אריה־יהודה!

אבער ווי איך זעה, זיינען נאך די אלטע פארשימעלטע שנאת חנם'דיגע פאראורטהיילטע נאך ניט אויסגעווארצעלט פון אייניגע מלוכות גענגען דעם עביגען פאלק, דארום ערקלעהר איך אין'ם נאמען פון די פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא, וועלכע האט די גרעסטע אינטערעסען אין די פאראייניגטע שטאאטען פון דער סאוועט רע-פובליק, אז מיין רעגיערונג גאראנטירט אין דער זיכערער חרטה און תשובה פון געוועזענעם גרויסען רוסישען שטאאטסמאן לעאן טראצקי און דער איצטיגער אריה־יהודה.

די רעגירונג פון אנקעל סעם האט מיך באפאלמעכטיגט צו האנדלען אויף מיינע אייגענע אחריות אין אלע אינטערנאציאנאלע פארהאנד-לונגען און סכסוכים און איך פאדער אויף אלע פארטרעטער פון אלע נאציאנען, אז מען זאל צושטימען צו־צולאזען דעם גרויסען אריה־יהודה צו אלע אונזערע פארהאנדלונגען בנוגע דער רויטער מלוכה, צוליעב אונזער אלעמענס אינטערעסען, ווייל אין דער פראגע איז ער געווים דער גרעסטער מומחה! ווייל פון'ם ערשטען „רויטען בראשית" ביז

צום היינטיגען טאָג, האָט ער ניט אויפגעהערט צו שטודירען די רוסישע פראַגע !...

לאָרד באַלפור האָט צוגעגעבען: אַז ער דריקט אויס אין׳ם נאָמען פון גרויס בריטאַניע, דעם פולען צוטרוי אין דער ערנסטקייט פון גרויסען אריה־יהודה טראַצקי, און זיין „רויטע פאַרגאַנגענהייט״ ווערט פון איצט אַן אויסגעמעקט פון׳ם אינטערנאַציאָנאַלען „ספר הזכרונות״ און אַ נייער ריינער ליכטיגער בלאַט איז פאַר איהם צוגעגרייט, און ער איז זיכער, אַז דער נייער בלאַט וועט פון איהם פאַרשריבען ווערען מיט ליכטיגע אותיות וואָס וועלען פינקלען און לייכטען מיט שטאָלץ און כבוד פאַר דעם פאָלק ישראל און פאַר דער גאַנצער וועלט.

און ער האָט געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז די העלדין יהודית אַליין זאָל ברענגען איהר ברודער אריה־יהודה׳ן מיט טשיטשערינ׳ען, ווען ער קען נאָך פון אַמאָהל אַלס איינעם פון די בעסטע זיהן פון רוסלאַנד, צו די זיצונגען.

דער פאָרשלאַג איז אונטערגעשטיצט געוואָרען פון כמעט אַלע פאַרטרעטער, אויסער די פאַרטרעטער פון רומעניע און אונגאַרן, וועלכע האָבען אין גאַנצען ניט געשטימט.

יהודית האָט אַלעמען באַדאַנקט, וואָס איהר בקשה איז ערפילט געוואָרען. זי האָט באַדאַנקט אין איהר אייגענעם נאָמען, אין נאָמען פון איהר פאָטער דעם אַלטען אלכסנדר־ישראל, נשיא פון דער אַמע־ריקאַן־פאַלעסטין שיף געזעלשאַפט, אין נאָמען פון׳ם גבור יהודה, דער סגן פון אַלע שומרים און שומרות פון ארץ ישראל און עבר הירדן, אין נאמען פון אַלע ארץ ישראל תלמידים און תלמידות, אין נאָמען פון מכבי און „סקאוט בויעס״ וואו זי האָט די עהרע צו זיין פרעזידענטין און אין נאָמען פון איהר אַלט־נייעם ברודער אריה־יהודה.

זי האָט זיך פאַרנייגט ווי אַ שטאָלצע פּרינצעסין און איז געגאַנגען ברענגען איהר ברודער מיט טשיטשערינ׳ען.



דריי־און־זעכציגסטער קאַפּיטעל.

## אריה־יהודה אויפ׳ן אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס.

ווען דער געוועזענער „רויטער לייב״ מיט טשיטשערינ׳ען זיינען ערשינען אין „בית העם״ אין דער באַגלייטונג פון יהודית׳ן, איז ווי אַ ציטער דורכגעפלויגען איבער׳ן גרויסען זאַאל. איבערהויפּט איז דער

פחד געווען בולט אויף די פנים׳ער פון די פארטרעטער פון די קלענערע מלוכות, וועלכע זיינען אין שכנות מיט דער רויטער מדינה.

יהודית האט ניט געוואַרט אויף קיינע רעגעלען און האט התלהבות־דיג אויסגערופען:

— מיט אייער ערלויבעניש, איהר גרויסע פארטרעטער, האב איך די עהרע פאר אייך פארצושטעלען מיין אלט־נייעם ברודער, אריה־יהודה מיט זיין בעסטען חבר מיכאאיל טשיטשערין א גוטער זוהן פון דער גרויסער לאנד רוסלאנד. אלע האבען זיך ווי א צאפעל געטאהן, און בשעת מעשה האט קיינער ניט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט.

דער פארזיצענדער האט זיך אויפגעשטעלט און אנגעהויבען רעדען מיט א שטארק קלאהרען קול, עטוואס ציטעריג, זיך ווענדענדיג מיט זיין פנים צו טראצקי:

— אייער שוועסטער אונזער העלדין יהודית, האט אייך געווים איבערגעגעבען דעם באשלוס פון די פארטרעטער פון אלע נאציאנען, און ס׳איז ניט נויטיג נאך אמאל אז איך זאל עס איבער׳חזר׳ן. כ׳וועל אייך נאר אויפמערקזאם מאכען, אז דער גרויסער אינטערנאציאנאלער וועלט קאנגרעס, האט איינשטימיג אויסגעמעקט פון׳ם אלוועלטליכען „ספר הזכרונות״ אייער גאנצע „רויטע פארגאנגענהייט״ און א נייער בלאט איז פאר אייך צוגעגרייט.

מיר, די אידישע בירגער, פון ארץ ישראל און עבר הירדן, און די גרויסע רעפובליק פון די פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא, האבען גאראנטירט: אז אויפ׳ן נייעם בלאט פון׳ם אינטערנאציאנאלען „ספר הזכרונות״, וועט איהר אנשרייבען, נאר גערעכטיגקייט און בראווקייט, מוטה און איבערגעבענהייט. און איך בין זיכער אז איהר וועט ווערען א שטאלץ און א כבוד פאר דעם פאלק ישראל און פאר אנקעל סעם, וועלכע גאראנטירען אייער צוקונפטיגען ליכטיגען שטערען, — און ער האט איהם ברידערלאך אויסגעשטרעקט זיין האנט. דאס זעלבע האבען געטאהן כמעט אלע פארטרעטער, און דער סעקרעטער מעק־דאנאלד, האט איהם אנגעצייגט א פלאץ צווישען אלע פארטרעטער....

מיט א גרויסע צאהל שטימען, איז דורכגעפיהרט געווארען, אז מען זאל ערלויבען טראצקין צו רעדען אומבאשרענקט.

ס׳איז געווארען שטיל. יעדער איינער האט זיך אנגעשטרענגט, ניט צו פארליערען קיין איין ווארט, וואס געהט ארויס פון דעם מויל, פון געוועזענעם „רויטען נאפאלעאן״ פון צוואנציגסטען יאהרהונדערט.

און טראצקי מיט א שטאלצען אויפגעהויבענעם קאפּ, און מיט ברייט פונאנדער געעפענטע אויגען זיך ווענדענדיג צו אלע פארטרעטער האט אויפגעעפענט זיין מויל:

— איהר אויסערוועהלטע פארטרעטער פון אלע נאציאנען פאר־נעמט מיינע רייד, — האט ער אנגעהויבען מיט אן עטוואס ציטעריגען קול — און זאל דורך אייך די גאנצע וועלט הערען מיין שטימע.

ס'איז ניט דער ברומען־קול פון א „רויטען לייב!" און ס'איז אויך ניט דער מלחמה קול פון „א גרויזאמען נאפאלעאן"! נאר ס'איז א שטימע פון א פארבלאנדזשעטען זוהן פון דער נע ונדי'שער פאלק ישראל!...

ארים, צובראכען, נידערגעשלאגען, איינגעהויקערט, צוטראטען, קראנק קערפערליך און גייסטיג, און א נעקרייציגטער בין איך געקומען אהער, אבער רייך, שטארק, שטאלץ, מיט אן אויסגעגלייכטען רוקען מיט א געזונטער נשמה און מיט אויגען וועלכע קענען קוקען אין יעדערענס פנים, שטעה איך איצט פאר אייך, איהר שלוחים פון דער גאנצער וועלט, וואס האבען זיך פארזאמעלט אין אונזער הויפּט־שטאט ירושלים, אויפ'ן זעלבען פלאץ פון וואנען דער ערשטער שלום־רוף איז פראקלאמירט געווארען פאר דער גאנצער וועלט.

איהר גרויסע שלוחים פון אלע פעלקער און לענדער, שלוחים פון יושר און גערעכטיגקייט, איהר האט פאר מיר צוגעגרייט, א נייעם, ריינעם בלאט, אין'ם „אלוועלטליכען ספר הזכרונות" און מיט אייער ער־לויבעניש, וועל איך גלייך אנהויבען שרייבען אויף דעם דאזיגען ריינעם בלאט, א קאפּיטעל פון מיין איבערלעבונג און ערפאהרונג. אפשר וועט עס זיין פון גרויס וויכטיגקייט פאר דער „נייער תקופה" וואס איהר ווילט איצט אויפ'ן קאנגרעס שאפען.

איך וועל ניט אנהויבען פון די גאנץ אלטע צייטען, ווייל זיי זיינען שוין צופיעל באוואוסט צו אלעמען און אגב וועט עס פארנעהמען צופיעל צייט. איך וועל אנפאנגען פון „בראשית" פון דער „נייער תקופה", וועלכע האט מיך פארכאפּט און פארטראגען מיט'ן „רויטען בלוטיגען שטראם" ניט קענענדיג שווימען „נגד הזרם"!

דער „בלוטיגער מבול", די גרויסע וועלט־מלחמה מיט עטליכע און צוואנציג יאהר צוריק, מיט איהרע צעהנדליגע מיליאנען פוןביידע זייטען ים, מיט איהרע שרעקליכע מיטלען פון פארניכטונג אין דער לופט, אונטערן וואסער און אויף דער יבשה, און מיט דער אהן א מאס כחות פארלוסטען און אינטערעסען וואס זיינען אריינגעצויגען

געווארען אין „גיהנום׳דיגען קאראהאר" האט געמאכט אויסזעהן די נאפאלעאנישע מלחמות ווי א בלאסען עפיזאד.

אמת, זינט 1914, די יאהרען וואס זיינען אוועק אין ים פון דער עביגקייט, וועלען זיין באוואוסט אלס די עפאכע פון ריעזיגסטע מענש־ליכע באוועגונגען, פון טיעפסטע סאציאלע צוטרייסלונגען, פון די גרעסטע מיליטערישע נצחונות, פון גרינדליכסטע עקאנאמישע ענדע־רונגען און פאליטישע איבערמאנדערשונגען, און פון ווייטסטען טעכ־נישען און אינדוסטריעלען פראגרעס. אבער וואס פאר א ווערטה האבען אט די אלע גרויסע נצחונות געגען די הימעלשרייענדע קאטאס־טראפען ! ?...

אבער ס׳איז געשעהן ! מען קען צוריק ניט לעבעדיג מאכען די צעהנדליגע מיליאנען קרבנות ! וואס מיר מוזען איצט, איז נאר מאכען א חשבון הנפש, אונטערצוציהען א סך הכל. ארויסנעהמען די גוטע רעזולטאטען פון די געשעהענישען און פארבעסערען די שלעכטע, אז נאך אזעלכע גרויסע הימעלשרייענדע קאטאסטראפען זאלען אין דער צוקונפט מעהר ניט קענען געשעהן.

נאר לאמיר אנהויבען כסדר:

די דראמאטישע גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע, איז פארטונ־קעלט געווארען, פון די פיעל ברייטערע און מעכטיגערע כוואלעס פון פרייהייטס־קאמף, וואס האבען אראפגעשווענקט פון טראהן, די פיער מעכטיגע דינאסטיעס פון דער וועלט : די האהענצאלערנס, די האבס־בורגס, די ראמאנאווס און די אסמאנלים. און די לעצטע ענטדעקונגען און ערפינדונגען אויף׳ן געביעט פון וויסענשאפט און קולטור בכלל, האבען געעפענט אזעלכע וואונדערבארע פערספעקטיווען פאר דעם מענשליכען גייסט, וועגען וועלכע דער דור פון דער לעצטער העלפט פון נייןצעהנטען יאהר הונדערט האט אפילו ניט געוואגט צו חלומ׳ען.

דאס איז ניט קיין גוזמא, קיין אפטימיזם, פון א רעדנער, וואס איז פארכאפט געווארען פון זיין אייגענער פראזע. דאס איז א רעזולטאט פון דער בליץ שנעלקייט, מיט וועלכער די מענשהייט האט גענומען לויפען, נאכדעם ווי דער שרעקליכער און בלוטיגער תהום פון די לעצטע יאהרען איז אריבער געשפרונגען געווארען מיט אזא בייזען אימפעט. עס זעהט אוים ווי א געהיימניספולע קראפט, וואס האט געזאמעלט איהר ענערגיע פאר א לענגערע צייט, האט אפגעריסען די רוהיגע, פארשלאפענע מענשהייט פון אנקער און איהר אריינגעווארפען אין א ים שטורעם.

די שטרעקע וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט, זינט יענעם פּאַטאַלען שאָס אין „סאַראיעוואָ" וועלכער האָט אָנגעצונדען דעם פלאַם פון בלוט־פאַרגיסונג, פון ים ביז ים און פון קאָנטינענט ביז קאָנטינענט, איז אַזוי ווייט, אַז עס זיינען נויטיג בענדער געשיכטע צו קאָנען באַשרייבען דעם וועג.

אָבער מיר קאָנען וואַרפען צוריק נאָר אַ בליק, מיר קאָנען מאַכען אַ סך הכל, און זעהן וואָס מיר האָבען ערוואָרבען, פאַר דעם פּרייז פון אַזוי פיעל קרבנות, און וואָס מיר דאַרפען נאָך ערווערבען אום די קרבנות זאָלען לכל הפחות ניט זיין געבראַכט גאָר אומזיסט.

מאָנאַרכיע האָט געקראָגען אַ טויט־קלאַפּ צוזאַמען מיט די ראָמאַנאָוו'ס, די האָהענצאָלערנס, די האַבסבורגס און די טערקישע דינאַסטיע זיינען אַראָפּ פון דער סצענע די פּרינציפּען פון זעלבסט הערשאַפט, פעאָדאַלע פּריווילעגיעס, פון בלוי־בלוטיגען אַריסטאָקראַטיזם און גאָט געזאַלבטער פיהרערשאַפט.

קודם כל מוזען מיר פאַרצייכענען, דעם טריאומף פון רעפּובליקאַנישען רעזשים אין די מעהרסטע לענדער פון דער וועלט: רוסלאַנד, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע, פּוילען, דייטשלאַנד, פּאָרטוגאַל, גריכענלאַנד, טערקיי, כינא. די אַלע לענדער זיינען געוואָרען רעפּובליקען.

די אומצופרידענקייט פון פאָלק אין איטאַליע מיט דער חוצפּה'דיגער דיקטאַטור פון „פאַשיזם", און די ענטריסטונג פון פאָלק אין שפּאַניע, קעגען דער גרויזאַמער טיראַניי פון פּרימאָ־דע־ריוועראַ, גרייט צו די ערשיינונג פון צוויי נייע רעפּובליקען אין דער משפּחה פון די אייראָפּייאישע לענדער.

די ענטוויקלינג פון רעפּובליקאַנישען אידעאַל אין רומעניע, און די שטאַרקע באַוועגונג קעגען טראָן אין יוגאָ־סלאַוויע אין דעם קאַמף פון די קראָאַטען און סלאָווענען קעגען דער סערבישער ביוראָקראַטיע, וועט זיין דער צווייטער אַקט פון דער דראַמע אין וועלכער די קלענערע מאָנאַרכיען וועלען מוזען געהן אַפריכטען גלות.

רעפּובליק, מיינט אָבער ניט אַלע מאָהל דעמאָקראַטיע. די צוויי באַגריפען פאַלען ניט אַלע מאָהל צוזאַמען אין זייער גאַנצע לענג און ברייט.

די מעהרסטע דרום אַמעריקאַנישע רעפּובליקען, זיינען אָפטמאָהל אַ ביישפּיעל פון אַ מיליטערישען דיקטאַטור, וואָס מאַכט דעם לעבען פון דעם דורכשניטליכען מענשען פיעל מעהר אומגליקליך, ווי למשל אין אַ סקאַנדינאַווישער מאָנאַרכיע, פון דער אַנדער זייט קען מען זעהן

מעהר פאָלקס מאַכט און פרייהייט פון פערזאָן אין דער בריטישער אימפּעריע, ווי אונטער דער באָלשעוויסטישער רעפּובליק פון רוסלאַנד.

די אידעאַלע רעפּובליק, וואָס קאָמבינירט אין זיך דעם תמצית פון דער ענגלישער פרייהייט מיט דער רעפּובליקאַנישער פאָרם, איז די רעפּובליק פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקא.

דאָ האָבען מיר צוויי גרופּירונגען פון לענדער. פון איין זייט האָבען מיר די אויסברייטונג פון וואהל-רעכט אין אַלע לענדער; דעם וואוקס פון די פּאַרטייען וואָס פאַרטרעטען די ארבייטער און פויערים; די עמאַנציפּאַציע פון די פרויען און זייער שטאַרקען איינפלוס אין פּאָליטיק און עקאָנאָמיע; דעם ווייטערדיגען פּראָגרעס פון פאָלקס הערשאַפט דורך דעם ערפאָלגרייכען פּאָליטישען קאַמף פון פּאַרלאַמענט און עלעקטעריאַט קעגען, דיקטאַטאָרען און דעמאַגאָגען. די אַלץ וואַקסענדע באַדייטונג פון דער פּרעסע אויך וויפיעל זי דריקט אויס די געזעלשאַפטליכע מיינונג, און די פּראָקלאַמירונג פון דער פערזאָן אַלס דער הויפּט ציעל פון ציוויליזאַציע.

פון דער אַנדער זייט זעהען מיר אין מאַנכע לענער, אַ טריאומף פון דיקטאַטור איבער פּאַרלאַמענטאַרישע אינסטיטוציעס: די אונטערדריקונג פון דער פּרעסע דורך צענזור אָדער פּשוט'ער געוואַלט-טהאַט; די אָפּשאַפונג פון פערזענליכער פרייהייט און קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיען; די קרוינונג פון מיליטערישער מאַכט, אַלס דעם הויפּט אַרגומענט קעגען יעדער אָפּאָזיציע פון פאָלק, און די פּראָקלאַמירונג פון אַ קליינער גרופּע אַלס די איינציגע חכמים און פיהרער, וואָס קאָנען זיין די וועגווייזער, פאַרהיטער און פאַרטהיידיגער פון פאָלק.

פון איין זייט האָבען מיר די צוויי ריעזיגע, מעכטיגע דעמאָקראַטיען פון דער וועלט — אַמעריקא און די בריטישע אימפּעריע, די סקאַנדינאַווישע לענדער, פראַנקרייך, בעלגיע האָלאַנד, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע, פינלאַנד, די באַלטישע רעפּובליקען, ארגענטינע, און מיט געוויסע רעזערוואַציעס אויך דייטשלאַנד.

דאָס זיינען לענדער, וואָס פאָלקס-הערשאַפט און פרייהייט עקזיסטירען ניט בלויז אויפ'ן פּאַפּיר, וואו פּאָליטישע ענדערונגען קאָנען פאָרקומען אָהן רעוואָלוציעס; וואו קעניגע אויב זיי עקזיסטירען, האָבען קיין שום באַדייטונג ניט; וואו פּרעמיערען זיינען דינער פון זייער לאַנד, און ניט קיין שקלאַפען-טרייבער; וואו די רעגירונג עקזיסטירט פאַר'ן פאָלק און דאָס פאָלק פאַר דער רעגירונג.

פון דער אַנדער זייט האָבען מיר סאָוועט-רוסלאַנד, טערקיי, מעקסיקאָ, כינאַ, איטאַליע, שפּאַניע אונגאַרען, דאָס זיינען לענדער, וואו דעמאָקראַטישע פּרינציפּען ווערען אָפּט אויסגעלאַכט, וואו דער ווילקיר פון איין אָרגאַניזירטער פּאַרטיי אונטער דער פיהרערשאַפט פון אַ דיקטאַטאָר אָדער אַ גרופּע זעלבסט געקרוינטע מאַכט האָבער, האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון רעכט, יושר און געזעץ; וואו פאַרלאַמענטען און כלומר'שטיגע פאַרזאַמלונגען אויב זיי עקזיסטירען ווערען אַנגעפיהרט מיט'ן שפּיץ פון באַיאָנעט.

אָט נעמט ענגלאַנד, ווער האָט נאָך געהאַט אַזאַ מאַכט ווי לאָיד דזשאָרדזש בעת ער איז געוואָרען פּרעמיער? און דאָך, ווען ס'האָט געשלאָגען זיין שעה, און דאָס פאָלק דורכ'ן פּאַרלאַמענט, האָט באַשלאָסען, אַז זיין צייט איז אויס, אַז ער דאַרף מאַכען פּלאַץ פאַר אַן אַנדערען, איז ער אַוועק ווי דער בעל הבית האָט געהייסען, איך מיין זיין מאַיאָסטעט — דאָס פאָלק.

דאָס אייגענע האָט פּאַסירט אין פראַנקרייך, אַזעלכע אייזענשטאַרקע פיהרער ווי קלעמענס, בריאַן, מילעראַן און פּואַנקרע! זיי האָבען זיך אַלע געמוזט אַפּטראָגען, ווען די מעהרהייט פון פראַנצויזישען פאָלק האָט באַשלאָסען, אַז זייער טאַקטיק, זייער אויפפיהרונג, זייער האַנדלונג איז ניט אין איינקלאַנג מיט זיינע פאַרלאַנגען, און אויף זייער פּלאַץ איז געקומען העריאָ.

דאָס אייגענע איז פאַרגעקומען אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקאַ. פּרעזידענט ווילסאָן, איינער פון די שטאַרקסטע פיהרער וואָס אַמעריקאַ האָט ווען עס איז געהאַט, האָט געזעהן ווי דאָס פאָלק האָט איהם פאַרגעטערט, ווי דאָס פאָלק איז קאַלט געוואָרען צו איהם און ווי דאָס זעלבע פאָלק האָט זיך ווידער אָנגעהויבען באַקעהרען צו איהם.

אָבער נעמט סאָוועט רוסלאַנד, צי דאָס רוסישע פאָלק האָט געוואָלט לענין'ען, צי ניט. די רויטע ארמייען און די „טשעקאַ" הט שוין געזעהן, אַז לענין זאָל בלייבען אין „קרעמל" ביז זיין טויט. דאָס אייגענע איז מיט מוסאָלינען, פרימאָ-דע-ריוועראַ, קעמעל-פּאַשאַ און אַנדערע.

צווישען די צוויי גרופּירונגען — די דעמאָקראַטישע און אַנטידעמאָקראַטישע געפינען זיך נאָך ניט קריסטאַליזירטע האַלב דעמאָקראַטישע לענדער, וואו די אַנטי-דעמאָקראַטישע כחות האָבען אַ שטאַרקען איינפלוס.

צו דער דאָזיגער גרופּירונג קען מען צורעכענען, יאפּאַן, פּוילען, רומעניע יוגאָסלאַוויע, בולגאַריע און גריכענלאַנד.

ווען מיר נעהמען אָן אַט די קלאַסיפיצירונג, קאָנען מיר זעהן, אַז די מעהר אַנטוויקעלטע, די מעהר פאָרשריטליכע, די מעהר רייכע, און די מעהר מעכטיגע לענדער זיינען אין דעמאָקראַטישען קלאַס.

ענגלאַנד און אַמעריקא אַליין, אפילו אָהן פראַנקרייך, קאָנען דיקטירען אין איצטיגען מאָמענט דעם גאַנג פון פּראָגרעס. פאַרקעהרט די אָפּגעשטאַנענע, די אָרימערע, די שוואַכע לענדער ווי סאָוועט־רוסלאַנד, טערקיי, כינא, מעקסיקא און אַז. וו., געפינען זיך אין קלאַס פון די אָרגאַניזירטע דעספּאָטען.

דער פּועל יוצא דערפון איז אַן איינפאַכער; אַז ביי היינטיגען טאָג האָבען מיר אייגענטליך דעם טריאומף פון דעמאָקראַטישען אידעאַל איבער דעם אידעאַל פון זעלבסט הערשאַפט: אַז דאָרטען וואו דיקטאַטור עקזיסטירט איצט ביים אָנהויב פון דריטען פיערטעל פון צוואַנציגסטען יאהרהונדערט, איז פאַרבונדען מיט דער גייסטיגער פינסטערקייט, מיט דעם שוואַכקייט פון פּאָליטישען באַוואוסטזיין, מיט דער קינדישקייט פון עקאָנאָמישען סיסטעם, מיט דער אבוועזענהייט פון פּערזענליכע איניציאַטיווע. אַ נייע אומצופריעדענהייט אַ נייער שטויס, אַ נייער הונגער, אַ נייער אינטערנאַציאָנאַלער פּלאָנטער, אָדער גאָר פּשוט די ווייטערדיגע צופאַלונג אונטער אַ לעבערלאַך בלוטדורשטיגען רעזשים, און די דיקטאַטור איז צו ענדע.

פאַקטען באַווייזען, אַז אַזעלכע השערות זיינען מעגליכקייטען, און ניט קיין פאַנטאַזיעס. אין סאָוועט־רוסלאַנד הערשט די אָרדנונג פון אַ קאַזאַרמע, און די שטילקייט פון אַ „בית עולם". אַלץ איז רעגולירט פון דער דיקטאַטור: די אינדוסטריע, דער האַנדעל, דער טראַנספּאָרט, די פאַרטיילונג, די אַגריקולטור, דער עקספּאָרט און אימפּאָרט, און אַזוי ווייטער.

דער הונגער קלאַפּט איצט ווייטער אין די טיהרען. דער כלומר'שט ערלויבטער פּריוואַטער האַנדעל, פּאַראַליזירט די רעגיערונגס אונטערנעהמונגען, און די רעגיערונגס־אונטערנעהמונגען פּאַראַליזירען דעם פּריוואַטען האַנדעל. דער דאָרף וויל ניט שפּייזען די שטאָדט, און די שטאָדט קען ניט צופריעדענשטעלען דעם דאָרף. און אויסלאַנד וועט סוף כל סוף מיט גוטען אָדער מיט בייזען אַרויסנעהמען איהרע קאַפּיטאַלען פון'ם באָלשעוויסטישען זאַק, און דער זאַק וועט מוזען ווערען

א לעדיגער. נו, קען אזא ארדנונג אנגעהן מיט איהר זשיפען א לאנגע צייט?...

אין איטאליען האט דער פאשיזם געקראגען זיין טויט־קלאפ, ווען דער „פאשיסטישער טשעקא" האט אנגעהויבען צו ערמארדען סאציאליסטישע דעפוטאטען. עס איז געווארען קלאהר פאר גאנץ איטאליע, אפילו פאר איהרע שאוויניסטען, וואס עס מיינט די געפאנצערטע האנט פון דער פינסטערער „קאמארא" פון דער „פאשיסטישער מיליץ" מוסאליני פרובירט אפילו אפוואשען פון זיך די „בלוט פלעקען" אבער ס'וועט פאר איהם זיין שווער צו איבערצייגען איטאליע, אז מען קען דינען דעם טייוועל און גאט אין איין און דער זעלבער צייט.

איטאליע גלויבט ניט מוסאליני'ן, און מוסאליני גלויבט ניט איטאליען. די דיקטאטור עקזיסטירט נאך. דער פארלאמענט איז נאך אלץ אין פלען ביים געוועזענעם סאציאליסט, אבער דער קריזיס קומט, דער ברוך מוז קומען!...

אין שפאניע האט זיך פרימא־דע־ריווערא פארפלאנטערט אין דעם האפנונגסלאזען קאמף קעגען די מורען פון מאראקא. ער האט פארשלעפט זיין לאנד אין א זומפ. די רעוואלוציע און א רעפובליק זעהען אוים צו זיין דער אויסוועג.

דאס אלץ באווייזט, אז דיקטאטור מיט איהר גאנצען ערפאלג, איז ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי א צייטווייליגע ערשיינונג. דער כאראקטער פון דער צייט אין וועלכען מיר לעבען, די נייע עקאנאמיע מיט איהרע פאדערונגען און באדערפעניששען, דאס אלץ פאדערט די פולע פרייהייט פון פערזאן, דעם ברייטסטען שפיעל פון דער פרייוואטער איניציאטיווע, און וואס ווייניגער אריינמישונג פון דער רעגירונג. די רעגירונג קאן רעגולירען, אבער ניט קאנטראלירען. זי קאן ברענגען זאכען און ערשיינונגען אין די ראמען פון א געוויסער סיסטעם, אבער זי מוז געבען דעם מענשען די פרייהייט פון געדאנק און טהאט, פון געברויך און אפשפארונג, און די רעגיערונג מוז האבען איין געזעץ פאר אלעמען, און איין גערעכטיגקייט פאר אלעמען, פאר רייך און ארעם, שטארק און שוואך. און דארטען וואו עס עקזיסטירט אירגענד וועלכע פריווילעגירענדע גרופען, איז דער פינסטערער סוף אנגעשריבען אויף דער וואנט.

יע, דעמאקראטיע האט געמאכט איהר ריעזיגסטען שפרונג אין די לעצטע יאהרען און וואו דעמאקראטיע האט נאך ניט אויסגעשפרייט איהר פאהן, וועט זי עס מוזען טהאן קירצלאך.

דער פּרינציפּ פון זעלבסט באַשטימונג פאַר פעלקער, האָט געמאַכט אין די לעצטע יאָהרען מעהר פאָרשריט, ווי אין גאַנצען ניינצעהנטען יאָהרהונדערט. דערמאָנט זיך וויפיעל פעלקער זיינען געוואָרען פריי און עמאַנציפּירט! אַנהויבענדיג דעם חשבון פון צפון אייראָפּאַ און אַרונטערגעהענדיג דורכ'ן צענטראַל קאָנטינענט ביז'ן דרום, האָבען מיר פאַר זיך פּוילען, טשעכאָסלאָוואַקיע, יוגאָ־סלאַוויע, אַלבאַניען. די אַלטע לענדער וואָס זיינען געווען פריהער טהיילען פון דער רוסי־שער, דייטשער, עסטרייכישער און טערקישער אימפּעריעס, איצט פאַרנעמען זיי אַ פּלאַץ צווישען אַלע משפחות און מלוכות, אַלס אָרגאַניזירטע שטאַאַטען מיט רעכט און פּריווילעגיעס, וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון סואָווערניטעט און אומאָפּהענגיגקייט.

נאַטירליך, פּעסימיסטען וועלען אויפצייגען, אַז אין קאָנצערט פון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק שפּילען אַמעריקא, ענגלאַנד, פראַנקרייך און יאַפּאַן אַ גרעסערע ראָליע, ווי טשעכאָסלאָוואַקיע, פּוילען, פינלאַנד, ליטאַ און אַנדערע; אָבער דאָס איז אַ נאַטירליכע זאַך. די גרעסערע און שטאַרקערע ווילען האָבען אַ גרעסערע דעה. די הויפּט זאַך איז, צו אַנערקענען זיי די רעכט פון קלענערען און שוואַכערען פאָלק צו זיין פרייער עקזיסטענץ. און דאָס זעהט אויס נאָהענט צו דער ווירקליכ־קייט. ווען מען נעמט אין אַכט דעם וויטערדיגען פּראָגרעס פון דער פעלקער ליגע, זינט די פאַראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקא האָבען זיך אַנגעשלאָסען אַלס אַן אַקטיווער מיטגליעד. די פּראָגרעסיווע שריט אויפ'ן וועג פון ענטוואָפנונג, זינט נאָך דער וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ, די ערנסטע פּאַרזוכען מצד ענגלאַנד און פראַנקרייך אָפּ־צוקיהלען זייערע אימפּעריאַליסטישע טענדענצען. די נייע פריינדליכע און פרידליך חבר'ישע באַציהונג צו דייטשלאַנד און אַז. וו.

אין ליניע מיט דעם טריאומף פון דעם פּרינציפּ פון זעלבסט־שטענדיגקייט, קומט אויך די ליכטיגע ערשיינונג פון אירלענדישען פרייסטאַאַט. די אומאָבהענגיגקייט פון עגיפּטען, די גרעסערע זעלבסט־שטענדיגקייט פון די ענגלישע דאָמיניאָנס אין די ראַמען פון דער בריטישער אימפּעריע, דער צוריקקעהר פון די טערקען אין קאָנסטאַנ־טינאָפּעל און די מענשליך ליכטיגסטע וויים־בלויע באַלפור דעקלעראַציע פון ארץ ישראל, אַלס די אמת נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגע היים פון דעם פאָלק ישראל.

נאַטירליך דער פּרינציפּ פון זעלבסטבאַשטימונג ווי יעדער אַנדער פּרינציפּ, איז ניט אומעטום אַנגעווענדעט מיט יושר און גערעכטיגקייט.

אט למשל נעמט די גרעסערע רומעניע, וואס האט געזאלט אין איהרע גרענעצען ארייננעהמען אלע ארומיגע רומענישע געגענדען, אין אט דעם פרומען צוג, האט די קליינע מלוכה געקראגען דעם אפעטיט פון די גרויסע, און ארייגקריגענדיג טראנסילוואניע, באנאט, טעמעס־וואר, בוקאווינא און בעסאראביע מיט א זיבען־מיליאניגער באפעל־קערונג, איז די גרויסע רומעניע איצט, דער האר, איבער א מיליאן אונגארן, א פאר הונדערט טויזענט סערבען, און א האלבען מיליאן אנדערע סלאווישע איינוואוינער ווי רוסען און בולגארען, א באדיי־טענדע צאהל אונגארישע און רוסישע אידען.

אין באצוג צו פוילען, האט דער פרינציפ פון זעלבסט־באשטימונג ווי ער איז אנגענומען געווארען אין פאליטישען שאך־צוג צווישען ענגלאנד און פראנקרייך זיך אין גאנצען פארניכטעט. כמעט א העלפט פון דער באפעלקערונג פון פוילען זיינען אנדערע נאציאנאליטעטען: מיליאנען ווייס־רוסען, דייטשען, ליטווינער, אידען און אוקריינער פארמירען א מאסע וואס איז אומגעפעהר צוויי און פופציג פראצענט פון דער פאליטישער באפעלקערונג.

דער פוילישער אפעטיט צו טעריטאריעלע עראבערונגען האט אין די לעצטע יאהרען נאך דער מלחמה געהאט א מעגליכקייט צו שלינגען און צו שלינגען. די פאליאקען האבען פארכאפט א טהייל ליטע מיט זייער אלטער הויפט־שטאדט ווילנא. זיי האבען געקראגען א קארידאר צו דאנציג, וואס איז פראקלאמירט געווארען א פרייע שטאאט. זיי האבען פארכאפט דעם בעסטען טהייל פון שלעזיע, מיט א היבשען טהייל פון ריין דייטשע באפעלקערונג וואו דאס דייטשע שאפען האט אויפגעטהאן וואונדער; און פון רוסלאנד האבען זיי צוגענומען הונ־דערט און פינף און דרייסיג טויזענט קוואדראט קילאמעטער, און א גרויסע טעריטאריע פון ווייס רוסלאנד.

ס'קען זיין ווען אמעריקא וואלט גלייך אריין אין דער ליגע פון נאציאנען וואלט אנשטאט דעם קאמף צווישען ענגלאנד און פראנקרייך, וואלטען מיר געהאט א מענשליך טאלעראנטע באציהונג צווישען פעלקער לויט דעם אידעאל פון גרויסען פרעזידענט ווילסאן, דאן וואלט פוילען ניט געהאט די מעגליכקייט צו ווערען אן אימפעריאליסטישע מדינה און פארשוועכען דעם פרינציפ אויף וועלכען זי איז אויסגעבויט געווארען.

די מיליטערישע שוואכקייט פון דעם סאוועטען־רעגיערונג אין דעם באלשעוויסטישען רעזשים. די מורא פון ענגלאנד אז פראנקרייך

זאָל ניט קריגען צופיעל פון דייטשלאַנד, און דער פּחד פון פראַנקרייך אז דייטשלאַנד זאָל ניט אָנהויבען קירצליך אַ מלחמה פון נקמה, דאָס אַלץ האָט געהאָלפען פּוילען. פראַנקרייך האָט געזוכט אַ נייעם שותּף אין מזרח אנשטאט רוסלאַנד, ווייל ענגלאַנד אונטער לאָיד דזשאָרדזש און לאָו איז געווען פריינטליך צו דער רויטער רעפּובליק. פראַנקרייך האָט געשטיצט פּוילען מיט הלוואות, מיט מיליטערישע אויסשטאַטונג, מיט ערשט־קלאַסיגע סטראַטעגען. די שרעקליכע רוסישע שוואַכקייט האָט פיעל געהאָלפען דעם פּריעדען אין ריגע, אין אָקטאָבער 1920 האָט אָפּגערוקט רוסלאַנד נאָך ווייטער פון באַלטישען ים און מערב אייראָפּאַ. די צרה איז מיט פּוילען וואָס זי האָט געקראָגען צופיעל, און די שכנים וועלען געוויס ניט שווייגען.

טשעכאָ סלאָוואַקיע איז אַ טיפּ פון אַ ניי לאַנד וואָס האָט אויס־געהאַלטען דעם עקזאַמען אין אַלע הינזיכטען. אמת, זי האָט אויך געקראָגען אַ דריי מיליאָן דייטשען און אַ מיליאָן אונגאַרען, אָבער דער דעמאָקראַטישער רעזשים פון ערשטען פּרעזידענט מאַזאַריק און פּרעמיער בעניש האָט געשאַפען אַ מעגליכקייט פאַר אַ טאָלעראַנטען צוזאַמענלעבען, פאַר וואונדערבאַרער ענטוויקלונג פון אינדוסטריע און קולטור, פאַר פּראָגרעס בכלל.

טשעכאָ־סלאָוואַקיע איז איינס פון די ווייניגע לענדער, אויף'ן איי־ראָפּייאישען קאָנטינענט וואָס אידען ווייסען ניט פון פּאָרפאָלגונגען.

דייטשלאַנד, אונגאַרן און עסטרייך, האָבען אורזאַכען פאַר עגמת נפש, איבער דעם גראַנדיעזען דורכפאַל פון זייערע אימפּעריאַליסטישע אַמביציעס, אָבער דער פּרינציפּ פון זעלבסט־באַשטימונג איז אין באַצוג צו זיי פאַרנוואַלטיגט געוואָרען צעהן מאָהל ווייניגער ווי זיי האָבען עס געטהאָן ווען זיי האָבען געוועלטיגט איבער אַנדערע.

די יעניגע וואָס זיינען אומצופריעדען מיט'ן ווערסיילער אָפּמאַך דאַרפען עס נעהמען אין זינען.

די ליעג פון נאַציאָנען, איז די איינציגע גרויסע מאַכט און פאַק־טאָר אין אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס קען ברענגען דעם אמת'ן פּרידען אויף דער וועלט.

אַמעריקא אונטער האַרדינג און קולידזש'ן האָט געטהאָן אַלץ אין איהרע מעגליכקייטען צו מאַכען פון דער „פעלקער ליעג" אַ מיספער־שטענדניש און אַ שפּיל.

אָבער איצט איז אַמעריקא מיט לייב און לעבען פאַרטראַטען אין דער ליעג.

ענגלאַנד און פראַנקרייך טראָץ זייערע קאָנקורירענדע אַמביציעס, אַמאָל האָבען געזיכערט די עקזיסטענץ פון דער ליגע פון סאַמע בראשית. די אַמאָליגע פרעמיערען מעקדאָנאַלד און העריאָ, האָבען אַ סך געטהאָן אום צו מאַכען די ליגע אַן אמת'ן פעלקער אינטערנאַציאָנאַל. האָבען איהר אינדאָרסירט מיט זייער פאַקטישער און אָפיציעלער אַנערקענונג אַלס אַ העכערע אויטאָריטעט אין אין סכסוכים צווישען נאַציעס.

די ליגע פון נאַציאָנען מיט אַ פאַרטרעטערשאַפט פון איבער זעכציג פעלקער האָט שוין אויפגעטהאָן וואונדערבאַרע זאַכען, פאַר דער מענשהייט.

דער קאָנסול פון דער ליגע האָט ערפאָלגרייך געשליכטעט דעם קאָנפליקט צווישען פינלאַנד און שוועדען וועגען די אַלאַנד אינזלען.

די ליגע האָט געראַטעוועט אַלבאַניען פון די אַמביציעס פון סערביע, איטאַליע און גריכענלאַנד.

די ליגע האָט וועניגער אָדער מעהר ערפאָלגרייך געשליכטעט דעם קאָנפליקט פון דריי לענדער צוליעב שלעזיע. די ליגע האָט ווייטער אויפגעטהאָן עפּעס ממשות'דיגעס פאַר ליטע אין סכסוך.

און מעהר פאַר אַלץ אַ דאַנק דער פּראָפּאַגאַנדאַ פון דער ליגע פון נאַציאָנען, האָט דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ פון פרעמיערען אָנגענומען דעם „דאַועס פּלאַן" מיט דער נייער פריינדליכער באַציהונג צו דייטשלאַנד.

און דאָס איז אַלץ אויפגעטהאָן געוואָרען נאָך איידער אָנקעל סעם האָט זיך באַטהייליגט . היינט שטעלט זיך פאַר איצט, ווי גרויס און מעכטיג איז דער כח פון דער נאַציאָנען ליגע.

די ליגע פון נאַצינען האָט זיך ארויסגעוויזען פאַר אַ נוטען און ליבעראַלען אַדמיניסטראַטאָר אין דער פרייער שטאַאַט דאַנציג און אין רעקאָנסטרואירען די פינאַנצען פון עסטרייך, אָבער דאָס איז בלויז פּאָליטיק און דיפּלאָמאַטיע. די ליגע האָט זעהר פיעל געטאָהן אויפ'ן געביעט פון הילף און אַלגעמיינע קולטורעלע ארבייט.

צווישען די דאָזיגע ארבייטען דאַרף מען רעכענען דעם ארויסנעמען און איבערברענגען אהיים פון איבער אַ מיליאָן קריעגס געפאַנגענע אין פאַרשיעדענע לענדער פון ערד קוגעל; הילף פאַר דריי פיערטעל מיליאָן רוסישע פּליכטלינגען פון קליין אַזיען. די פעסטשטעלונג פון אַ סאַניטאַרער וואַך אַרום רוסלאַנד און פוילען אום אויסצומיידען דאָס אריינדרינגען פון עפּידעמיעס אין אַלע טהיילען פון דער וועלט; דער

ערפאָלגרייכער קאַמף פון דער ליגע קעגען „אָפּיום־האַנדעל" און „ווייסע שקלאַפעריי"; די גרויסע ארבייט פון ארבייטס דעפּאַרטמענט, פון דער ליגע פאַר בעסערע ארבייטס־געזעצגעבונג אין אַלע לענדער; און ענדליך איינע פון די גרעסטע פונקציעס פון דער ליגע־גערעכטיגקייט פאַר שטאַרקע און שוואַכע פעלקער, צוגלייך דעם טריבונאַל פון אינ־טערנאַציאָנאַלער יוסטיץ.

די ליגע קאָן מיט אַזעלכע אויפטהואונגען זעהר שטאָלצירען, דאָס איז אמת'ר פּראָגרעס. און וואודראוו ווילסאָן, יאַן סמיטס, סער ראָבערט סעסיל, לעאָן בורזשוא, פּרעמיער הערא פּרעמיער מעקדאָנאַלד פּרעמיער בעניש און אַנדערע וועלען געווים אין דער געשיכטע קריגען דעם אמת'ן קרעדיט פאַר זייער ביישטייערונג צו דער פאַרבינדונג פון פעלקער.

די גרעסטע פּאַסירונגען אין דער געשיכטע פאַר די לעצטע צוואַנ־ציג יאהר וואָס האָבען אויסגעאיבט זייער איינפלוס אויף דעם פּאָ־ליטישען, עקאָנאָמישען און סאָציאַלען צושטאַנד פון איירָאָפּא און די גאַנצע וועלט, זיינען: די רוסישע רעוואָלוציע, די עלימינירונג פון דייטשלאַנד אלס א וועלט מאַכט, די פיהרערשאַפט פון „אַנקעל סעם" אַלס די רייכסטע, די שטאַרקסטע, די שטאַנדהאַפטסטע דעמאָקראַטיע פון אַלע לענדער און צייטען, די וויטערדיגע אויסברייטונג פון דער בריטישער אימפּעריע און די ערוואַכונג פון מזרח.

היינט דעם אונגעהייערען טעכנישען פּראָגרעס אין אוויאציע, און קינעמאַטאָגראַף, וואָס דאַרף ווירקען פון איין זייט אויף דער דעצענטראַליזירונג פון די גרויסע שטעדט און דער פאַרבינדונג פון פעלקער, היינט די ערפינדונגען אין אויפרייסשטאָפען, אונטערוואַסער שיפען און אַנדערע פאַרניכטונגס מיטלען. אַלץ וואָס מיר קאָנען זאָגען איז, אַז דער פּראָגרעס אויף דעם דאָזיגען געביעט מוז סוף כל סוף פיהרען צו דער אוממעגליכקייט פון קריעג, דאָרטען וואו א גרויסע שטאָדט ווי לאָנדאָן אָדער פּאַריז קענען פאַרניכטעט ווערען אין איין טאָג, ווערט מלחמה פּונקט אַזאַ אומזין ווי אַן ארטיפיציעלע ערד־ציטערניש.

די צופאַלונג פון דייטשען מיליטאַריזם און די דייטשע וועלט מאַכט האָט געטהאָן א טובה סיי דייטשלאַנד און סיי דער וועלט.

דער איינפלוס פון דער דייטשער קולטור האָט זיך אויף א האָהר ניט פאַרקלענערט; אדרבה, דער פרידליכער מאַרש, פון דער דייטשער וויסענשאַפט, דייטשע ערפינדונגען און דייטשע טיכטיגקייט, וועט

ברענגען גרעסערע עראָבערונגען, ווי די וויסטע קאָלאָניע אין אַפריקע. דער וואונדערבאַרער אויפטהו פון דייטשען צעפעלין וואָס איז אַריבער־געפלויגען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, וועט מעהר ברענגען פאַר די דייטשען קאַמערץ, ווי די חלומות וועגען דער האַמבורג־באַגדאַד די־רעקטער אייזענבאַהן...

דייטשלאַנד איז געבליבען גאַנץ, איהר נאַציאָנאַלע ענערגיע איז געבליבען ניט אָנגעגריפען. זי האָט שוין צוריק געוואונען אַ היבשען טהייל פון איהר קאָמערציעלער ים פלאָטע, איהרע סחורות האָבען זיך שוין באַוויזען אין רוסלאַנד, אין אָריענט און אין דרום אַמעריקא.

אָבער די גרעסטע פּאַסירונג פון די לעצטע יאָהרען איז די פיהרער־שאַפט פון אַמעריקא אין אַלע וועלט ענינים.

ווילסאָן איז געוועזען די גרעסטע וועלט פיגור אין דער וועלט מלחמה, און זיין פיהרערשאַפט איז מעהר ווי אירגענד אַנדערע וועג ווייזונג געוועזען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם צוזאַמענברוך פון דער דייטשער קאָאַליציע. די פיזישע, טעכנישע און מאָראַלישע מאַכט פון אַנקעל סעם האָט געבראָכען דעם וואונדערבאַרען דייטשען זשעניע אויפ'ן שלאַכטפעלד.

די רייכקייט, די מאַשינערי, די טיכטיגקייט פון אַמעריקא האָט געמאַכט אַ גוטען סוף צום קריעג וואָס האָט געקאָנט אָנגעהן נאָך פינף יאָהר.

אויך אין פרידען, טראָץ דער ענגהערציגקייט פון דער דאַמאָלס־דיגער רעפּובליקאַנער אַדמיניסטראַציע וואָס איז געוועזען געגען דער פעלקער־ליגע, איז דאָך אַמעריקע געוועזען דער ריעזיגסטער פאַקטאָר אין עקאָנאָמישען און פּאָליטישען לעבען פון דער גאַנצער וועלט. אַמעריקא האָט דורך דעם דאוס־פּלאַן געראַטעוועט דייטשלאַנד און פראַנקרייך צוזאַמען אוואַנסירענדיג דעם שיקזאַל פון פריעדען.

אַמעריקא האָט געראַטעוועט עסטרייך און אונגאַרען פון אונטער־גאַנג. אַמעריקא האָט דורך איהר גרויסמוטהיגקייט געראַטעוועט די אַרמעניער, די גריכען און די אידען פון רוסלאַנד און פּוילען פון הונגער. אַמעריקא האָט דורך איהרע צדקה אנשטאַלטען געראַטעוועט רוסלאַנד גופא, אין די כראַנישע ווידערהאָלונגען פון הונגער קאַנוואול־סיעס. אַמעריקע לייעט געלט צו אַלע לענדער פון דער וועלט. אַמע־ריקאַ'ס אינדוסטריעלע מאַשינעריע איז אויך גרייט צו ליפערען סחורות און אַרטיקלען פון באַקוועמליכקייטען צו אַלע עקען וועלט.

צוזאמען מיט דעם מוז מען באטראכטען די ריעזיגע אויסברייטונג פון דער בריטישער אימפעריע, וועלכע געהט האנט אין האנט מיט אמעריקע. די צוויי ריעזיגע מדינות ריידען די זעלבע שפראך, האבען דעם זעלבען רעכטען סיסטעם, די זעלבע פרינציפען פון פרייהייט און דעמאקראטיע. מיט מאנכע אויסנאהמען זיינען די דאמיניאנס פון דער בריטישער אימפעריע און די שטאאטען פון אמעריקע, באוואפענט מיט די זעלבע אייגענשאפטען פון זעלבסטשטענדיגקייט אין די ראמען פון א פעדעראליסטישע אנסאמבל.

די בריטישע אימפעריע פונקט ווי אמעריקע, קאנטראלירט ריעזיגע אינדוסטריען אונערמעסליכע רייכטהימער, און אן אלטען אונערשעפליכען קוואל פון נאציאנאלער ענערגיע.

די מאכט פון ענגלאנד איבער די ימים, איז גרעסער ווי די מאכט פון אמעריקע, אבער אמעריקע איז איצט נאהענט צו ענגלאנד אפילו אויף דיעזען געביעט. דיביידע לענדער זיינען פאראינטערעסירט אין אן אלגעמיינער פאליטיק; זיי מארשירען אויף איין וועג און האבען איין מעטהאדע פון נאציאנאלער פראגרעסירונג — דורך האנדעל און פרידליכע עראבערונג. ביידע לענדער האבען דערגרייכט יענע שטופע, פון רייכקייט, מאכט און איינפלוס, וואס קאן זיי ערלויבען דעם לוקסוס פון פרידליכקייט אויב ניט גרויסמוטהיגקייט. די זעלבע ענגלישע ציוויליזאציע וואס איז די יניקה פון ענגלאנד און אמריקא, האלט די ביידע ריעזיגע מלוכות פארקניפט צוזאמען צו גונסטען פון פראגרעס.

איהר גרויסע שלוחים! — האט ער גערעדט, אלץ מיט מעהר התלהבות, — ביז איצט, האב איך געגעבען א בחפזון'דיג אלגעמיינעם איבערבליק פון כמעט אלע פעלקער און לענדער, נאר איצט, וועל איך מיט אייער ערלויבניש, רעדען נאר פון דער אומגליקליכער רוסלאנד און פון מיר אליין!...

די רוסישע רעוואלוציע ווערט אפט פארקניפט מיט'ן באלשעוויזם, דאס איז א גרויסער טעות, פון יענע וואס האבען זיך ניט צוגעקוקט צו דער רוסישער ווירקליכקייט, און וויסען ניט די רוסישע געשיכטע!

די רוסישע רעוואלוציע וואס האט געמאכט א סוף צום צאריזם אין מארץ 1917, האט קיין שום שייכות ניט צום באלשעוויזם און באלשעוויקעס. לעניז און איך, און צעהנדליגע אנדערע פון די ווענינער באוואוסטע פון איצטיגען סאוועט רעזשים, זיינען געווען אין וויען, אין

דער שווייץ און אין אמעריקע, ווען די ראמאנאוום זיינען אראפגע־שטויסען געווארען פון „בענקעל“. ....

די רוסישע רעוואלוציע איז ניט געווען דער אויפטהו פון קיין פארטיי, ניט די מענשעוויקעם און ניט די סאציאליסטען־רעוואלוציא־נערען און ניט די קאדעטען, קאנען נעמען פאר זיך דעם קרעדיט, פאר דער גרויסער איבערקעהרעניש.

וואס עס איז באמת פארגעקומען, איז ניט א צוגעגרייטע רעווא־לוציע, נאר א צופאלונג פון א צופוילטען רעזשים וואס איז פארניכערט געווארען דורך דער וועלט מלחמה.

אט ווען דער כאאס האט זיך אנגעהויבען, ווען מיליאנען סאלדאטען זיינען געלאפען פון שלאכטפעלד, און האבען געדראהעט צו רואינירען און חרוב מאכען אלץ אויף זייער וועג אהיים, זיינען אנגעקומען די באלשעוויקעם און האבען געגעבען זייער ערלויבניש צו זיין דעזערטירען און עקספראפריאירען די עקספראפריאטארס.

איך אליין מיט איינינע פון מיינע חברים האבען געדענקט, אז די צייט איז געקומען, אז מען זאל שוין אנהויבען צו ערציהען די יוגענט פון דער וועלט, אז „די וועלט איז עלטער פון פאטערלאנד“, אז דער מענש איז מעהר יחסן פאר „בירגער“ און ברודערשאפט שטעהט א סך העכער פאר „פאטריאטיזם“!...

ס'האט זיך מיר גע'חלומ'ט, אז די צייט איז שוין „צייטיג“ און די מענשען זיינען שוין מסוגל, ארויסצוארבייטען א פאלשטענדיגע ברי־דערשאפט צווישען אלע נאציאנען פון דער וועלט. מען קען שאפען א נייע געזעלשאפט צווישען הינדוסען, בודהיסטען, אידען און קריסטען, מאכמאדאנער, היידען, סאציאליסטען, אנארכיסטען און צוזאמענ־שמעלצען ריינע פריינדשאפט צווישען מענש און מענש. צוזאמענ־שמעלצען דעם דייטש מיט'ן פראנצויז, דעם פאליאק מיט'ן באלשעוויק, דעם אראבער מיט אייראפייאישע ציוויליזאציאן, דעם יענקי מיט'ן מעקסיקאנער און יאפאנעזער און אז. וו. איך האב גע'חלומ'ט, אז די וועלט איז שוין מסוגל אויפצונעהמען אזא גרויסען אינטערנאציאנא־לען נס, און מיט איבערנאטירליכע כחות האב איך גענומען ארבייטען אויף דער „אתחלתא של גאולה עולמית“, אויף דעם בראשית פון ער־לעזונג די גאנצע מענשהייט. איך האב געבראכט די גרעסטע קרבנות, מיט דער רעכטפערטיגונג, אז צעהנדליגע מיליאנען מענשען ווערען דערמארדערט, גאנצע לענדער ווערען צושטערט און פארניכטעט, נאר צוליעב האבען מעהר מאכט און רייכטהום, טא וואס פאר א באטרעף

האבען אט די אלע קרבנות צוליעב דעם גרויסען אידעאל פון פאר־ברידערען און צונויפשמעלצען אלעמען אין איין גרויסע וועלט משפחה! ? און באפרייען די מענשהייט פון דער אינטערנאציאנאלער, „מענשען־יאטקע" וואס מען רופט עס מלחמה?...

איך האב געוואלט אפשאפען און אויסווארצלען די אלטע היס־טאריעס, די אלטע מעטהאדען, וואו מען באזינגט דעם העלד אויפ'ן שלאכטפעלד!... ארויסרייסען פון די טעקסט־ביכער די לויב געזאנגען פאר'ן קריעגס העלד! פאר'ן איש מלחמה!... ערקלעהרען און לערנען פון'ם קינדער־גארטען ביז'ן אוניווערזיטעט, אז עס איז איינס און דער זעלבערמערדער, ווער עס ערמארדעט א יחיד אויפ'ן גאס, אדער דער גענעראל וואס מארדעט אוים אויפ'ן שלאכט־פעלד אין די מילי־אנען!

מיט אלע מיינע חושים און נשמה האב איך זיך איבערגעגעבען דעם גרויסען אידיאל צו באשאפען א נייע וועלט היסטאריע. איך האב זיך פארגעסען אויף אלץ און אלעמען, אויף מיין פאלק, אויף מיין גאט, אויף מיין לאנד, אויף טאטע־מאמע, און אפילו אויף מיין איך!

אבער פלוצלונג האב איך זיך ארומגעזעהן, אז איך שטעה איינער אליין! די גרויסע מאסע, איז נאך ניט מסוגל אויפצונעהמען דעם גרויסען אידעאל. די פראנצויזען קענען ניט ליעבען גענעראל הינדענ־בורג און דייטשען קענען ניט דערמאנען מיט פריינטשאפט דעם גענעראל פאש. דער מערדער נאפאלעאן, איז נאך אלץ דער גרויסער נאפאלעאן, און ווילהעלם מיט זיינע בנים, זיינען גרויסע אידעאליסטען. עבד־על־קרים פון מאראקא, איז נאך א פילאנטראפ, לארד קיטשנער א הייליגער, און די סאוט פון אנקעל סעם קען נאך עד היום ניט מוחל זיין דעם גרויסען אברהם לינקאלן פאר זיין חוצפה צו באפרייען שווארצע שקלאפען.

ס'קען זיין, אז ווען איך וואלט ניט געווען אין פעלד אליין, און איך וואלט נעהאט די שטיצע פון אייך אלעמען, וואלט אפשר מיט דער צייט געפונען געווארען א וועג ווי צו דערלעזען די מענשהייט פון'ם קריעגס־גאט.

אדער ס'איז מעגליך אז ס'וואלט געבליבען ביים אלטען, אפילו מיט אלעמענס הילף, ווייל ס'איז נאך ניט געבארען געווארען דער גרויסער וואונדער מענש, דער גרויסער אינטערנאציאנאלער נביא, דער גרויסער וועלט לעהרער, וועלכער זאל קענען שרייבען פאר אונז אלעמען „נייע טעקסט־ביכער", וואס זאלען קאנען איבערמאכען „פאטריאטישע הער־

צער", וואָס מיט זיין נביא שפּראַך, זאָל ער קענען כשר'ן פאַר דער סוויט, דעם גרעסטען, בעסטען, עהרליכסטען און נאָבעלסטען פּרעזידענט, וואָס איז ווען געזעסען אין ווייסען־הויז.

אזא וואונדער מענש, האָט נאָך די גרויסע וועלט לעת עתה ניט ארויסגעגעבען!...

דער שר של עולם, ווענען עס וועט געלינגען צו פאַרניכטען און אויסוואָרצלען די „שנאה־קנאה" וואָס דער פּאַטריאָטיזם האָט פאַר־פלאַנצט אין אַ משך פון דורות, דאַרף ערשט קומען!...

איך בין נאָר געווען פאַרפיהרט פון מיין גרויסע עהרליכע פאַנ־טאַזיע, ווי אַמאָל דער פאַנטאַסטישער שבתי צבי, אָבער איך האָב ניט געקענט און ניט געוואָלט האָבען אַזאַ פינסטערען סוף ווי ער האָט געהאַט.

מיין נשמה און מיין געוויסען האָבען מיך ניט געלאָזען אַז איך זאָל פאַרגעטערט ווערען נאָכ'ן טויט!...

ניין! — האָט ער ביטער אויסגעשריען, — איך האָב בעסער מקריב געווען מיין גרויסע אידעע און מיין „איך" פאַר מיין לעבען, נאָר אום ארויסצוראַטעווען דאָס גרויסע אומגליקליכע רוסישע פאָלק פון אונ־טערצוגעהן.

און איך האָב אָנגעווענדעט כל'ערלייאיגע מענשליכע און אומ־מענשליכע מיטלען אום אָוועקצושטעלען דעם סאָוועט־רעזשים אויף אַ מעהר מענשליכען פון דער צייט געפאָדערטען רעזשים. איך האָב פאַרקניפּט פאַרשיעדענע קינסטליכע דיפּלאָמאַטישע פאַרבינדונגען כמעט מיט אַלע נאַציאָנען פון דער וועלט. איך האָב נעקראָגען פאַר רוסלאַנד גאַנץ אַנשטענדיגע הלואות און אז. וו. און איך האָב גערעכנט אַז מיין גרעסטען קרבן וואָס איך האָב געבראַכט וועט לכל הפחות אָוועקשטעלען דער רויטער מדינה אויף אַ בעסערען יסוד.

אָבער מיינע חברים, די זעלבסט געקרוינטע דיקטאַטאָרען פון דעם סאָוועט־רעזשים, ווילען מיך ניט פאַרשטעהן, און זיי פיהלען ניט מיין קרבן.

פון דעם אָריגינאַלען „באָלשעוויזם" איז ניט געבליבען קיין שפּור. אנשטאַט דעם פּאַסיפיזם פון נאָוועמבער 1917 האָבען מיר איצט דאַר־טען אַ חוצפה'דיגען „רויטען מיליטאַריזם", וואָס סטראַשעט לענדער מיט דעם געשפּענס פון מלחמה.

אנשטאט „טראצקי דער אנטימיליטאריסט", האבען זיי פון מיר געמאכט „טראצקי דעם גענעראל" וואס רעדט מיט דער שפראך פון אמאליגע העלדען פון דער רוסישער סאלדאטשינע!...

אנשטאט די פארעדינונג פון אינטערנאציאנאליזם, און די רעכט פון בארויבטע נאציאנען, האבען מיר די גרויזאמסטע אונטערדריקונג און פארפאלגונג פון אלע פעלקער פון רוסלאנד.

די בלוטיגע עקספעדיציעס פון דער רויטער ארמיי, דעם גולם וועלכען איך אליין האב באשאפען, קעגען ביווע און בוכארא, קעגען טורקעסטאן, קעגען גרוזיע און אוקראינע, שוין ניט רעכנענדיג די פארהיפאקריטעוועטע פארפאלגונגען קעגען אידישע געשעפטען, אידישער קולטור און אידישע רעליגיע, דאס אלץ איז א „רויטע סאטירע" אויף א גרויסען „רויטען ליגען" וואס מען רופט „סאציאלע רעוואלוציע". אויך פון דער רוסישער פרייהייט וואס האט אנגעהויבען שיינען א מאמענט נאך דעם פאלען פון די ראמאנאווס, איז געבליבען בלויז די מאכט פון דער פאליטישער „רויטער־פאליציי", א קאזיאנע קאמוניסטישע פרעסע אהן קאנקורענץ פון געגנער.

ביז'ן לעצטען מאמענט, האב איך נאך אלץ אנגעווענדעט מיינע לעצטע ביסעל כחות אפשר וועט מיר נאך געלונגען עטוואס צו מציל זיין פון דער גרויסער צוטראטענער און אבגענארטער מדינה, אבער כ'בין געווען איינער אליין! און מיט א צובראכענע הארץ האב איך געמוזט אריינשיקען מיין רעזיגנאציע!

און מורא האבענדיג אז סוף כל סוף וועלען זיי מיך נאך „קרייציגען" און נאכדעם פאר זייער „גאט" מאכען, בין איך אנטלאפען אהיים, צו מיין פאלק, צו מיין לאנד און צו מיין אמת'ן גאט.

איך וויל ניט זיין קיין „טויטער אפגאט" ביי א מאסע ווילדע רויטע טייוואלים! כ'וויל בעסער זיין א לעבעדיגער דינער פון דעם עביגען פאלק ישראל! — האט ער אויסגעשריען מיט אן איבערנאטירליכען קול.

און פון זיין איבערמענשליכען אויסגעוועהטאגטען יסורים'דיגען אויסגעשריי איז ווי א ציטער דורכגעפלויגען איבער אלעמען. יעדער איינער האט געפיהלט ווי א שטעכעניש אין די אברים. אין דעם מאמענט האט זיך אלעמען אויסגעדוכט, ווי ער שטעהט פאר זיי א פארוואונדעטער, א געקרייציגטער און זיין בלוט שפריצט און מבול'ט אין זייערע פנים'ער. און ער האט גערעדט אלץ שטארקער און העכער ווי א מארטירער:

איהר גרויסע פעלקער־שלוחים! איהר אַלע האָט אַ גרויסען חלק אין מיינע שווערע ליידען און יסורים!... דורך אייערע אויסנאַהם־געזעצע, האָט איהר מיך געטריבען פון איין לאַנד צו אַ צווייטער, ביז איך האָב פאַרלוירען מיין נאָרמאַלען מענשליכען לעבען, און בין אַריינגעכאַפּט געוואָרען אין דער „רויטער נעץ" חלומ'ענדיג אַז דאָ וועל איך קריגען מיין תיקון!...

איצט, אויף אָט דער היסטאָרישער אַלוועלטליכער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, מוזט איהר אַלע אויסבעסערען אייערע חטאים, פון וועלכע קיינער פון אייך איז ניט ריין!....

אמת, איהר האָט ביז איצט זעהר פיעל גוטעס אויפגעטהון פאַר אומגליקליכע ערנידעריגטע פעלקער און לענדער, אָבער איהר האָט עס אַלץ געטאָהן חניפה'דיג, לייכטזיניג און ווילענסשוואַך. ווייל אום צו זיין גערעכט און יושר'דיג, צו אַלעמען, מוז מען האַנדלען שטאַרק, מיט'ן פולסטען מענשליכען אמת!...

איהר האָט רוהיג צוגעזעהן ווי די גריכען האָבען זיך אַ לאָז געטאָהן אויף דער הילפסלאָזער טערקיי; איהר האָט רוהיג צוגעזעהן ווי פוילען האָט באַרויבט אַלע איהרע שכנים און ווי זי רויבט אַוועק יעדער טאָג דעם לעבען פון מיליאָנען אידען סיי עקאָנאָמיש און סיי גייסטיג, פאַר די אויגען פון דער גאַנצער וועלט!... יעדער מינוט ווערט זייער מצב אַלץ הימעלשרייענדער, און זי שטעלט זיך ניט אָפּ פון איהר רויבצוג!... איהרי מאַכט זיך ניט זעהענדיג געגען די גרעסטע אונגערעכטיגקייטען, געגען די באַרבאַרישע האַנדלונגען פון די פעלקער, געגען די נעמיינסטע פאָליטיק פון שטאַרקען געגען שוואַכען!...

איהר מאַכט צו איינפאַך אייערע אויגען! איהר מאַכט כלומר'שט פשרות, אָבער „דער וואָלף ווערט אַלע מאָל זאַט, און די ציעג בלייבט קיינמאָל ניט גאַנץ!"

איהר האַנדעלט צו העפליך מיט די אויפגעקומענע אדונים. מיט רומעניען, מיט אונגאַרען און אפילו מיט דער טל־ומטר'דיגער ליטא, וועלכע זיינען אָט ערטש אַליין געוועזען ניט מעהר ווי שקלאַפען, און איצט פאַרגוואַלטיגען זיי, זייערע אידישע בירגער!... אָט די קליינע און שוואַכע האַנדלען ווי אמת'ע פאַראַזיטען, ניט אָפּשטעלענדיג זיך פון רויב און מאָרד פאָליטיק געגען די מינאָריטעטען און איבערהויפּט געגען די אידען!...

איהר גרויסע וועלט־שלוחים! איהר מוזט פון היינט אָן קוקען מיט אָפענע אויגען אויף דעם גאַנג פון אַלע פעלקער, און אנשטאָט מוטה־

לאזיגקייט און ביליגע פשרות, אננעהמען די פעסטע שטעלונג פון מוטה און חכמה, פריציפּענפעסטיגקייט און אַן אמת'ן שטאַרקען רצון צו גערעכטיגקייט.

איהר טאַרט זיך צו קיינעם ניט חנפ'נען, אום צו צייגען אז איהר זייט ניט אַזוי שטרענג, גאַר ניט אַזוי איינזייטיג און גאַר ניט אַזוי פּרינציפּיעל.

איהר דאַרפט ניט האָבען מעהר רעספּעקט פאַר'ן שטאַרקען, פאַר דעם וואָס האָט אַ קרעפטיגע ברוטאַלע האַנט, נאָר פאַרקעהרט, איהר מוזט האָבען די ליעבע און דעם רעספּעקט צום שוואַכערען.

איהר מוזט האַנדלען מיט'ן יושר־גייסט, מיט'ן מוטה גייסט און מיט אַ גייסט פון גערעכטיגקייט, אויב איהר ווילט אַוועקשטעלען די וועלט מיט די פעלקער אויף שטאַרקע יסודות, אַזוי ווי די הימעל און די ערד.

גענוג אייך שוין צו האַלטען מיט די שטאַרקע און מעכטיגע אויף די קאָסטען פון די שוואַכע און אונטערדריקטע...

איך וועל פאַרענדיגען מיט אַ בקשה פאַר דער רויטער מדינה, — האָט ער גערעדט, — די רויטע מדינה איז איצט זעהר קראַנק. מען קען זאָגען אַז זי האַלט ביי דער גסיסה, מען מוז צו איהר שיקען די גרעסטע פּראָפעסאָרען, און ניט לאָזען איהר אויסגעהן.

די ליגע פון נאַציאָנען, מוז איבערנעהמען די הנהגה פון דער גרויסער רוסלאַנד אין איהרע אייגענע הענט, און ניט דערלאָזען אַז יעדער איינער זאָל אָפּרייסען אַן „אבר מיט אַ שטיק פלייש“. די ליגע פון נאַציאָנען מוז תיכף אָפּשאַפען די רויטע „דיקטאַטור“ און איינ־אָרדענען אַ גערעכטע מענשליכע רעגיערונג אונטער איהר השגחה, וואו ס'זאָלען אָבגעהיט ווערען די קאַפּיטאַלען פון די בירגער פון אַלע מלוכות, און די מענשען־רעכט פון די אַלערלייאיגע נאַציאָנאַליטעטען פון דער גרויסער מדינה, און דער גאָט פון ציון וועט אייך געוויס העלפען, אַז איהר זאָלט אַלעס דורכפיהרען מיט מוטה, שטאַרקייט און גערעכטיגקייט!...

ווען ער האָט געענדיגט רעדען, איז אין בית העם געווען שטיל אַ היבשע צייט, די פאַרטרעטער האָבען ניט געקענט קומען צו זיך. די גרויסע אמת'ן וואָס טראָצקי האָט שטאָלץ און אָפענטליך אַרויסגעזאָגט האָבען געברענט יעדערענס פנים. זיי האָבען געפיהלט, אַז ניט ער שטעהט פאַר'ן וועלט געריכט, נאָר זיי אַלע שטעהען פאַר'ן געריכט

און זיי מוזען אפגעבען א דין וחשבון, און גאר זיי מוזען זיך איצט פארטהיידיגען מיט גוטע מעשים און טהאטען.

אויפ'ן וואונק פונ'ם פארזיצענדען, האט דער הלוי געשפילט „בורא ניב שפתים" און דער עולם איז אביסעל געקומען צו זיך.



פיער־און־זעכציגסטער קאפיטעל.

## דער בראשית פון באחרית הימים!

דער פארזיצענדער פון דער לעצטער זיצונג, פון'ם אלוועלטליכען קאנגרעס, איז געווען דער פרעזידענט פון דער ליעג פון נאציאנען, דער אלט־יונגער לארד באלפור, דער ליעבלינג פון ארץ ישראל.

אריה־יהודה טראצקי'ן האט מען איינגעלאדען, אלס איינעם פון די ראטה־געבער מיט א פולע בארעכטיגונג צו שטימען אין אלע פאר־האנדלונגען. מען האט איהם אויך באעהרט מיט'ן טיטול „ווייס־בלויער לייב" פון ארץ ישראל.

די לעצטע זיצונג האט זיך געצויגען דריי וואכען צייט. מען האט יעדער זאך פארהאנדעלט פארזיכטיג, פינקטליך און מיט גערעכ־טיגקייט.

מען האט פעסט באשלאסען, אז אלע אויפגעקומענע פעלקער, מוזען פינקטליך אפהיטען און דורכפיהרען די רעכטע פון די מינא־ריטעטען אין פולען זינען פוןווארט, אויף אלע געביעטען: עקאנאמיש, פאליטיש רעליגיעז און נאציאנאל. און אויב א מלוכה וועט עובר זיין אויף די דאזיגע פרינציפען, וועט די ליעג פון נאציאנען איבערנעהמען די הנהגה פון יענער מלוכה אין איהרע אייגענע הענט, ביז די מלוכה וועט זיך אומקערען פון איהר שלעכטען וועג און תשובה טהאן אויף איהרע שלעכטע מעשים און אויפפיהרונגען.

ס'איז באשלאסען געווארען, אז אין די לענדער וואו אידען האבען מעהר געליטען, ווי: רומעניע, פוילען, אונגארן, עסטרייך ליטע און אז. וו. מוזען די דאזיגע לענדער העלפען זייערע אידישע בירגער צו עמיגרירען נאך ארץ ישראל אויב זיי וועלען עס נאר פארלאנגען, און אויסהעלפען זיי מיט געלט, ביז זיי וועלען זיך איינארדענען אין ארץ ישראל.

די ליגע פון נאציאנען האט זיך פארפליכטעט אויף איהרע אייגענע הוצאות אריבערצוברענגען אזוי פיעל אידען נאך ארץ ישראל וויפיעל עס וועלען זיך נאר מעלדען.

עס איז באשלאסען געווארען, אז אין אלע מלוכות וואו אידען האבען געליטען פון פאגראמען און חורבן, מוזען זיי פארגיטינט ווערען. די רעגיערונגען מוזען די אידישע בירגער באצאהלען פאר אלע זייערע הזיקות וואס זיי האבען געליטען זינט נאכ'ן בלוטיגען מבול דורך די פארשיעדענע אנטיסעמיטישע רויב־צוגען. און אום די פארגיטיגונג און שאדענערזאץ זאל זיין א גערעכטע, האט די ליגע פון נאציאנען איינשטימיג ערוועהלט א ספעציעלע שאדענערזאץ קאמיטע, אונטער די פיהרערשאפט פון דעם מארקיז רעדינג פון גרויס בריטאניע און דעם גרויסען יהודה'ן מיט'ן לינקאלן פנים, וועלכער פארטרעט די פאר־איינינגטע שטאאטען פון אמעריקא.

די צוויי הויפט־פיהרער פון דער ספעציעל שאדענערזאץ קאמיטע, איז געגעבען געווארען פול מאכט איינצומאהנען דעם שאדענערזאץ פאר די אידען פון יענע מלוכות, לויט זייער השגה און פארשטאנד. זיי האבען דאס פולע רעכט אויפצועפענען ביוראס אין אלע לענדער וואו אידען האבען נאר געליטען, און אנשטעלען קאלעקטארס און איינמאנען די חובות פון די רעגירונגען מיט דער מאכט פון דער ליגע פון נא־ציאנען. די הויפט ביורא זאל זיך געפינען אין ירושלים.

עס איז באשלאסען געווארען אז דאנציג, מעמל, ווילנא און בע־סאראביע זאלען ערקלעהרט ווערען אלס פרייע אונאבהענגיגע שטאא־טען אונטער דער השגחה פון דער ליגע פון נאציאנען, און אז אלע קלענערע מלוכות ווי רומעניע, אונגארען, עסטרייך פוילען, ליטע, גריכענלאנד, און אז. וו. זאלען אין גאנצען אפשאפען דעם מיליטאריזם. זיי זאלען נאר האבען א מין פאליציי לויט נאכ'ן מוסטער פון די שומרים און סדרנים פון דער אלט־נייلאנד.

עס איז איינשטימיג באשלאסען געווארען אז די גרויס מעכטע, ווי: ענגלאנד, אמעריקא, פראנקרייך, יאפאן, דייטשלאנד, איטאליען און אנדערע, זאלען אין פינף יאהר צייט פארקלענערען זייערע אר־מייען סיי אויף דער יבשה און סיי אויף די ימים און אין דער לופט אויף פופציג פראצענט, און אין די נעקסטע צעהן יאהר אויף נאך פינף און צוואנציג פראצענט, אז ביז פופצעהן יאהר צייט זאל יעדער גרויס מאכט פארמאגען ניט מעהר ווי פינף און צוואנציג פראצענט מיליטער פון דעם צאהל וואס זיי פארמאגען איצט, און אין א משך

פון פינף און צוואנציג יאהר צייט פון דעם איצטיגען קאנגרעס זאל דער מיליטאריזם גענצליך ניט עקזיסטירען. ס'זאלען נאר ארגאניזירט ווערען ציווילנע ארדנונגס היטער, פונקט ווי ביי די קלענערע מלוכות.

אבער אנשטאט דעם זאל ארגאניזירט ווערען אן אינטערנאציאנאלע מיליץ, פון אלע נאציאנען פון דער וועלט, אום אפצוהיטען די זיכער־קייט פון אלע לענדער און פעלקער. די הויפט גענעראלען פון דער דאזיגער מיליץ זאלען זיין פאראנטווארטליך צו דער ליגע פון נאציאנען. אבטהיילונגען פון דער דאזיגער מיליץ זאלען זיך געפינען אין פאר־שיעדענע גרענעץ לענדער, און איבערהויפט אין די אינטערנאציאנאלע פרייע שטאאטען.

ס'איז באשלאסען געווארען אויסצוערוועהלען אן אינטערנאציא־נאלען בית דין אדער א סנהדרין, מיט ביוראס און פארטרעטער אין אלע לענדער, וואו אינטערנאציאנאלע סכסוכים זאלען קענען אויסגע־גליכען ווערען. און אז אויב איינע פון די מלוכות וועט ניט זיין צו פריעדען מיט'ן פסק דין פון דעם פעלקער געריכט, קען ער אפעלירען דירעקט צום קאנגרעס פון דער ליגע פון נאציאנען, וואס וועט אפ־געהאלטען ווערען צוויי מאהל א יאהר.

ס'איז באשלאסען געווארען צו ארגאניזירען א בילדונגס אינסטי־טוציע פון פעדאגאגען און עקספערטען איבער חנוך, פון אלע לענדער פון דער וועלט, און אז די „ליגע פון בילדונג" זאל האבען די אויפגאבע אויסצוארבייטען נייע טעקסט ביכער פאר די שוהלען פון די קלענסטע ביז די העכסטע למודים, וואו דער „מלחמה העלד" זאל ענטוועדער אין גאנצען אויסגעלאזען ווערען, אדער מען זאל איהם באזינגען אויף אזא אופן, אז דאס קינד זאל פיהלען, אז ס'איז ניט פאר זיין בלוט־פארגיסונג און פאר זיין אויסשלאכטען מעהר מענשען און אז. וו.. נאר פאר עטוואס העכערס!...

ס'איז באשלאסען געווארען אז די מדינה רוסלאנד, זאל אוועק־געשטעלט ווערען אונטער דער השגחה און פראטעקטאריאט פון די דריי גרויסמעכטע: גרוים בריטאניע, די פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא און פראנקרייך. ערשטענס ווייל זיי זיינען די גרעסטע, און איבערהויפט ווייל זייערע בירגער האבען דארט אריינגעלעגט זעהר גרויסע קאפיטאלען מעהר פון אלע נאציאנען. דער סאוועטען רעזשים מוז נאטירליך אין גאנצען פארשווינדען און א פרייע רעגיערונגס פארם זאל תיכף ארגאניזירט ווערען, וואו אלע בירגער זאלען געניסען די פולסטע פרייהייט.

דער פּראָטעקטאָריאַט איז בלויז אויף פופציג יאָהר צייט. פאַר דער צייט איז דער פּראָטעקטאָריאַט פאַרפליכטעט אוועקצושטעלען די מדינה רוסלאַנד אויף געזונטע זיכערע יסודות, אַז אַלע בירגער סיי די רוסישע און סיי די אויסלענדישע זאָלען זיין גאַראַנטירט און גע־זיכערט מיט זייערע פולע פרייהייט און זיכערקייט אויף אַלע געביעטען פון מענשליכען פּראָגרעס.

די פאָרמע פון דער רוסישער רעגיערונג, זאָל זיין נאָכ'ן מוסטער פון די פאַראייניגטע שטאַאטען פון אַמעריקע. יעדער שטאַאט זאָל ערוועהלען איהרע בעאַמטע און גובערנאַטאָר. און איבער אַלעמען וועלען זיין די דריי היי־קאָמישאָנערס אָדער נציבים פון די פּראָטעקט־טאָריאַטען. רוסלאַנד ווערט איינגעטהיילט אין דריי חלקים, לויט'ן צאָהל פון די נציבים. יעדער נציב וועט האָבען צו זאָגען נאָר איבער זיין טהייל. אָבער די דריי היי־קאָמישיאָנערס וועלען תמיד מוזען קומען אין באַריהרונג איינע מיט די אַנדערע און אַרבייטען האַנט אין האַנט פאַר די אינטערעסען פון אַ גאַנצער פאַראייניגטער רוסלאַנד. די דריי נציבים וועלען זיין פאַראַנטוואָרטליך צו דער ליגע פון נאַציאָנען.

אַ נעץ פון שוהלעס, מיטעל שוהלעס און אוניווערזיטעטען וועט מוזען פאַרשפּרייט ווערען איבער דער גרויסער רוסלאַנד.

מיליטאַריזם טאָר דאָרט ניט דערמאָנט ווערען. די „סאָלדאַטשינע" מוז אַרויסגעריסען ווערען מיט'ן וואָרצעל. ס'מוזען דאָרט אָרגאַניזירט ווערען נאָר ציווילע שומרים, לויט די רעגולאַציע און איינאָרדנונג פון די דריי נציבים. צוזאַמען מיט אַלע גובערנאַטאָרען, און אַז. וו.

נאָך די פופציג יאָהר צייט, ווען ס'וועט זיך אַרויסצייגען, אַז רוסלאַנד איז פעהיג זיך אַליין צו רעגיערען, און אַז אַלע אויסלענדישע און אינלענדישע אינטערעסען זיינען געזיכערט און די זיכערקייט פון יעדען בירגער איז גאַראַנטירט, וועלען די דריי נציבים צוריק גערופען ווערען, און אַנשטאַט זיי, וועט רוסלאַנד קענען אויסערוועהלען זייער אייגענעם פּרעזידענט לויט דעם מוסטער פון אָנקעל סעם, פראַנקרייך און אַנדערע. נאָכ'ן ערוועהלען פון זייער פּרעזידענט, וועט ער מוזען גוט געהייסען ווערען פון דער ליגע פון נאַציאָנען, און אַזוי וועט עס מוזען אָנגעהן פאַר אַ משך פון פינף פּרעזידענטען, און אַז פאַר דער צייט וועט קיין זאַך פון רוסלאַנדס זייט ניט פּאַסירען, וועלען די פאַר־איינינטע שטאַאטען פון רוסלאַנד אין גאַנצען ווערען אומאָבהענגיג און זעלבסטשטענדיג אויף אַלע געביעטען, אַזוי ווי אַלע מלוכות פון דער וועלט.

ס'איז באשלאָסען געוואָרען אַז די דריי נציבים זאָלען פאָרטרעטען רוסלאַנד אין דער ליעג פון נאַציאָנען.

אויסער די פאָרטרעטער פון די קלענערע רויבערישע מלוכות, האָבען אַלע געפיהלט אַז אויף דער לעצטער זיצונג, האָט מען געשריבען דעם „בראשית" פון „באחרית הימים"". עפּעס ווי אַ הייליגע שטימונג וואָלט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. און ווען ס'האָט שוין געהאַלטען ביי „נעילה" פון דעם קאָנגרעס, האָבען זיך אַלע דערפיהלט ריינער, העכער און בעסער.

און אויף דעם פאָרשלאַג פון'ם אידישען נציב, האָט מען איינגעלאַדען מיכאיל טשיטשערינ'ען, אויב ער האָט עפּעס צו פאַרלאַנגען אָדער מוסיף זיין פאַר זיין מדינה רוסלאַנד.

מיט אַרונטערגעלאָזענע אויגען, שטיל אַפּאַסטאָליש־רוהיג, האָט טשיטשערין אָנגעהויבען מיט אַ דראַמאַטישען זיסען קול.

— גרויסע וועלט פאָרטרעטער! מיין רבי און מיין טייערער חבר דער גרויסער מאַרטיער און גאון אריה־יהודה טראָצקי, האָט זיך אין זיין היסטאָרישער רעדע אויסגעדריקט: „אַז ער וויל ניט זיין קיין געקריייציגטער טויטער אָפּגאָט פון דער רויטער מדינה, ער וויל בעסער זיין אַ לעבעדיגער דינער פון זיין פאָלק ישראל".

איך וויל מוסיף זיין, אַז ניט נאָר אַ זוהן פון זיין פאָלק, נאָר אַ לעבעדיגער טאַטע פון דער נייער אויפבליהענדער רוסלאַנד וועט ער ביי אונז עביג פאַרבלייבען!

דאָס גרויסע רוסישע פאָלק וועט וויסען ווי אָבצושאַצען אַט דאָס, וואָס דער ווייס־בלויער לייב פון ארץ ישראל האָט פאַר איהר געטאָהן.

אַז אפילו נאָכדעם ווען מען האָט איהם אַזוי שענדליך באַרבאַריש אָנגעהויבען קרייציגען, האָט ער זיך פאַר אונז מוסר נפש געווען, און זיך איבערגעגעבען אין די הענט פון די גערעכטע שלוחים פון דער וועלט, און נאָך האָט אויפגעעפענט אייערע אויגען אַז איהר זאָלט דערזעהן דעם ליכטיגען אמת.

איך בין אַ אמת'ער קינד פון מיין פאָלק, און איך האָב קיינמאָל ניט געוואָנט אפילו צו חלומ'ען אויף אַזעלכע מענשליכע און גערעכטע באַדינגונגען וואָס איהר האָט געגעבען מיין לאַנד און מיין פאָלק. אייערע באַדינגונגען איז די הצלחה פון מיין מדינה.

און איך בין זיכער אַז אונטער אייער השגחה, און אונטער גערעכטיגע פיהרערשאַפט, וועט מיין פאָלק גיך קומען צו זיך, און וועט

ווידער אנהויבען ארויסצונעבען ליכטיגע שטערען אז איהר וועט זיך מעהר ניט דארפען שעהמען מיט דער משפחה רוסלאנד און דער גרויסער ווייס־בלויער לייב פון ארץ ישראל, וועט אויף עביג פארבלייבען אין אונזער רוסישער היסטאריע, אלס דער אמת'ער טאטע און רעטער פון אונזער גרויסער רוסלאנד.

דער הלוי ארקעסטער האט געשפיעלט: „והיה באחרית הימים" און די הימנען פון אלע נאציאנען, און אז דער פארזיצענדער האט געגעבען דעם לעצטען קלאפ מיט'ן האמער און האט דראמאטיש אויסגערופען אז דער ערשטער קאנגרעס פון אלע נאציאנען פון דער וועלט אין דער הויפט־שטאט ירושלים האט זיך געענדיגט, האבען אלע פארטרעטער פון דער וועלט א ציטער געטהאן. זיי האבען דערפיהלט ווי זיי שיידען זיך מיט דער נשמה יתירה.

און אזוי האט זיך פארענדיגט דער קאפיטעל „דער בראשית" פון „באחרית הימים" אין דער הויפט־שטאט ירושלים אין'ם הערליך פראכטפולען בית העם.

אין א וואך ארום נאכ'ן קאנגרעס, האט גאנץ ארץ ישראל געפייערט דעם שעהנסטען קבלת פנים לכבוד דעם „ווייס־בלויען לייב" אונטערן פרייען הימעל אויפ'ן הר הצופים. ס'איז געוועזן א יום טוב וואס וועט בלייבען לזכרון לדור דורות.



## איך דאַנק זעהר די
## „ליפּסאַניאַן קינסמען בית שלום וישראל"

וואָס האָבען זיך אָבאָנירט אויף צוויי
הונדערט סעטס „זיך געפונען"
נאָך איידער ס'איז אַרויס פון דרוק.

עס איז ווינשענסווערט זיך צו באַקענען
מיט דעם דאָזיגען בכבוד'יגען פאַראיין.

„ליפּסאַניאַן־קינסמען בית שלום וישראל" איז אַ משפּחה־אָרגאַניזאַציע, געגרינדעט פון די ברידער „ליפּסאַן", די אייניקלאך פון די צוויי זיידעס, ר' שלום אליעזר ליפּשיץ און ר' ישראל שניאור זלמן ניסנעוויץ.

דער זיידע ר' שלומ'קע, ווי מען פלעגט איהם רופען אין דער חסיד'ישער וועלט, איז געווען איינער פון די שעהנע חסיד'ישע טיפּען אין מינסקער גובערניע. דער בטחון אין גאָט איז ביי איהם געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך מיט דער גשמיות'דיגער וועלט'ל ווי גאַרניט אָנגעקעהרט. יומם ולילה איז ער געזעסען פאַרטיפט אין דער הייליגער תורה, נאָר פון צייט צו צייט, ס'הייסט: אויף אַלע ימים טובים, פלעגט ער זיך אַריבערכאַפּען אין ליבאַוויץ צום רבי'ן, אָדער צו ר' הלל'קע פּאַריטשער, א. אז. וו.

פאַר זיינע מקורבים פלעגט זיך ר' שלומ'קע אַמאָל אויסבאַריהמען, אַז גאָט האָט זיין משפּחה געבענשט, ניט נאָר מיט חב"ד, נאָר אויך מיט גרויס עשירות, און ער פלעגט מיט התלהבות דערצעהלען, ווי זיין דוד ראַטנער פון אָרעס, דער גרויסער מיליאָנער, און זיין זוהן פּנחס ליפּשיץ, זיינען עפּעס געוואָרען „פּאַטאָמסטווענע פּאַטשאָטנע גראַזשדאַניג'ען" און ער ס'הייסט דער „קייסער" אַליין, האָט זיי באַדאַנקט פאַר די

גוטע ארבייט אין דעם אטשאקאווער קרעפּאסט, און געשיקט זיי א מתנה שווערדלאך.

דער זיידע ר׳ ישראל, וואס איז געווען א שוועסטער־קינד פון ר׳ מנדלי ליבאוויצער, דער „צמח צדק״, איז אין דער יוגענד געווען אפילו א סוחר. ער האט געפיהרט פארשידענע געשעפטען, אבער ס׳איז געווען ניט מעהר ווי א גשמיות׳דיגער טפל. דער עיקר איז ביי איהם געווען דער ים־התלמוד און קבלה, אויף וואס ער האט אוועקגעגעבען זיינע טעג און נעכט.

אויף זיינע עלטערע יאהרען איז ער געווארען דער פּוכאוויטשער בעל־משפיע, און אפילו מתנגדים פלעגען געהן הערען אלע טאג זיין בלאט גמרא און אלע שבת פלעגט ער זאגען א חסידות.

מען פלעגט איהם רופען ר׳ ישראל דער בעל־משפיע, און ער פלעגט באמת אויף אלעמען משפיע זיין, ווייל אויסער זיין תורה, איז ער געווען אן אמת׳ער חכם און האט געהאט א וואונדערבארען הדרת־פּנים, אז אפילו די ראדיקאלען און משכילים פלעגען דאס רוב פאלגען זיינע עצות.

ווען ער איז געשטארבען האט מען צווישען זיינע כתבים געפונען קרוב צו דריי הונדערט „שאלות ותשובות און „אהובי ידידי בריוועלאך״ פון ר׳ יצחק אלחנן, פון דעם מינסקער גדול און אנדערע גדולים פון יענער צייט. א טהייל פון זיינע כתבים, איבער קבלה, האט מען אוועקגעגעבען אין דער ליבאוויטשער שוהל אין מינסק אויף נעמייע.

ער איז געשטארבען אין מינסק און זיין קבר איז נעבען דעם גדולים.

די קינדער און אייניקלאך פון די צוויי גרויסע אידען, האבען זיך מתחתן געווען מיט פיעלע שעהנע אידישע משפחות, צווישען וועלכע עס שיינט ארויס ווי א ליכטיגער מארגענשטערן דער איבעראל־באליעבטער און באוואוסטער, גרויסער איד מיט דער גרויסער נשמה, ר׳ אלי׳ חיים מייזל, רב הכולל פון לאדזש און דער גרויסער איד ר׳ יוסעלע הוטנער פון קיידאנאוו און אז. וו.

די קינדער, זין, טעכטער און אייניקלאך פון די צוויי זיידעס האבען מאסענווייז עמיגרירט נאך אמעריקא — פונקט ווי די השגחה אליין וואלט זיי מיט גוואלט ארויס־געפיהרט פון דער ארץ־הדמים.

און אזוי ווי אלע זיינען זיי געשוואומען מיט'ן שטראם, אין דער גרויסער בבל־דיגער ניו־יארק, אין „מזרח", „מערב", „דרום" און „צפון". און אט אזוי האט זיך די שעהנע יחוס־דיגע משפחה צוברעקעלט אונטער די רעדער פון „מלחמת החיים" און זיינען ווי פארגעסען געווארען איינע פון די אנדערע.

אבער פלוצלונג איז געקומען אן אלגעמיינער משפחה־צער און האט די צוברעקעלטע משפחה פאראייניגט אין א שעהנער שטאלצער ארגאניזאציאן, ווי עס פאסט פאר די אייניקלאך און אור־אייניקלאך פון די צוויי שעהנע זיידעס.

אין איסט־ניו־יארק איז פלוצלונג געשטארבען די בא־וואוסטע כלל־טהוערין, די מאמע פון אלע נויטבאדערפטיגע, די אלטע מרת ליפשיץ — אזוי פלעגט מען זי רופען. איהר טויט האט געמאכט א רושם, ווייל וואו א תלמוד־תורה, א בית־יתומים, א מושב־זקנים און, בכלל, וואו מען האט זיך גענויטיגט אין שטיצע איז דארט די ערשטע אויסגעוואקסען די אלטע מרת ליפשיץ. זי האט אליין געגעבען און געמאכט אנדערע צו געבען. פיעלע רבנים האבען זיך דאן אויפ'ן בית־עלמין אויסגעדריקט, אז די אלטע מרת ליפשיץ איז אפגעשטארבען מעהר פאר די ארימע רבנים, תלמידי חכמים און אינסטיטוציעס, אלס פאר איהרע קינדער, וועלבע זיינען ברוך־השם אלע רייך.

די אלטע מרת חיענה רויזה ליפשיץ, איז די טאכטער פון דעם גרויסען איד, ר' ישראל שניאור זלמן ניסנעוויץ און די שנור פון דעם גרויסען איד, ר' שלום אליעזר ליפשיץ.

נאטירליך, צו איהר לויה זיינען, אויסער די טויזענטע פון אלע אינסטיטוציעס, אנגעקומען די קרובים פון די פאר־צווייגטע פארשידענע משפחות, און אז. וו.

און ווען דער אלטער ר׳ מרדכי ליפשיץ (וועלכער איז איצט א נײַנציגער) מיט זײַנע זיהן און טעכטער זײַנען גע־זעסען שבעה, און הונדערטער פון די קרובים זײַנען געקומען מנחם־אבל־זײַן, איז דאן בײַ די ברידער ליפשיץ (איצט ליפסאן) געבארען געווארען דער געדאנק צו ארגאניזירען א משפחה פאראיין.

ס׳איז אבער געווען ניט מעהר ווי א גוטער וואונש, וועלכער איז פארגעסען געווארען אויף עטליכע יאהר.

ביז דער באוואוסטער כלל־טהוער סעמועל ליפסאן (ארגינאל שלום אליעזר ליפשיץ — א נאמען נאכ׳ן זיידען ר׳ שלומ׳קע) פון דער דרעס פירמא „פעגגי פיידזש״, האט זיך אריינגעווארפען אין דער ארבייט צו ארגאניזירען די שעהנע גרויסע משפחה.

נאכ׳ן קול־קורא פון סעמועל ליפסאן, האבען זיך אלע קרובים פארזאמעלט צום עלטערן ברודער יהושע ליפסאן (ארגינאל יהושע ליפשיץ, א נאמען נאכ׳ן טאטען פון דעם גרויסען זיידען ר׳ ישראל) פון דער באוואוסטער קלאטהינג פירמא „דזשיי ליפסאן עט קאמפ.״ די קאמפאניע איז דער אינגערער ברודער אהרן זעליג ליפסאן, און דארט איז אפגע־האלטען געווארען דער ערשטער אמת׳ער משפחה־מיטינג.

לכתחילה האט מען זיך ארגאניזירט ניט מעהר, ווי אז די מיטגלידער פון דער משפחה זאלען ניט אפגעפרעמדט ווערען איינע פון די אנדערע. מען זאל זיך האלטען צו־זאמען, מאכען פון־צייט־צו־צייט משפחה־חגיגה׳לאך א. אז. וו.

מען האט זיך ארגאניזירט, ערוועהלט בעאמטע. פאר פרעזידענט איז ערוועהלט געווארען יהושע ליפסאן; וויים־פרעזידענט — סעמועל ליפסאן; טרעזשורער — די אלטע טאנטע חנה פרייס, א טאכטער פון גרויסען ר׳ ישראל, און פאר סעק — יהודה ליב ליפשיץ (דער פארפאסער פון „זיך געפונען״) — א ברודער פון די ליפסאנ׳ס, נאר נאך ביים אלטען נאמען.

די מיטינגען פלעגען אפגעהאלטען ווערען „מדי חודש בחדשו“ אין בראדוויי סענטראל האטעל, און משפחה־חגיגה־לאך פלעגען געפייערט ווערען גאנץ אפט, און מען האט דורכגעפיהרט די פראגראם על־צד־היותר־טוב.

אבער אייניקלאך פון אזעלכע זיידעס קענען ניט לעבען מיט גשמיות אליין. עס ציהט דאך פארט צום מקור — צו די רוחניות. מען האט ארגאניזירט א „לאאן פאנד“, וואו קרובים קומען און מאכען א הלואה׳לע בדרך כבוד און אויף דעם אופן שטעלט מען פיעלע אוועק פשוט אויף די פיס.

אבער ווען די ארגאניזאציע איז געווארען גרויס און שטארק, צוויי מאל א מאנאט ווערען מיטינגען אפגעהאלטען אין פענסילווייניא האטעל, איז די פראגראם אויך פארברייטערט געווארען, און מען קען מיט שטאלץ זאגען, אז עס איז ניטא איין אינסטיטוציע אין גרויס ניו־יארק, אז די „ליפסאניאן־קינסמען בית שלום וישראל“ זאל ניט שטיצען מיט א ברייטע האנט. די פעדערישאן און טשאריטיס, ישיבת ר׳ יצחק אלחנן קומען נעקסט צום קרן־היסוד. דעם קרן־היסוד שטיצט מען ניט אלס צדקה נור אלס פליכט, אויסער וואס מען שיקט גרויסע סומען אין רוסלאנד, פוילען און גאליציע צו קרובים און באקאנטע.

אויסער דעם איז יעדער איינער טהעטיג אין זיין שכונה. יהושע ליפסאן, וועלכער האט זיך מתחתן געווען מיט דער משפחה פון ר׳ אלי׳ חיים מייזעל און פון ר׳ יוסעלע הוטנער, איז זעהר טהעטיג אויפ׳ן געביט פון חנוך. ער איז תמיד פרעזידענט פון א תלמוד תורה. דאס איז זיין ליבלינג־אידעאל. ער נוצט אויס זיין כח אין דער וועסט־סייד פון ניו־יארק. סעמועל ליפסאן גיט אוועק זיין ענערגיע צום „קרן־היסוד“. ער איז תמיד דער פרעזידענט פון קרן־היסוד קאמפיין אין מייפלטאן פארק. ער איז צו דערזעלבער צייט אויך טהעטיג אין דער תלמוד תורה און איז פרעזידענט פון נייעם צענטער אין מייפלטאן פארק און אז. וו.

אהרן ליפסאן איז טהעטיג אויף אלע געביטען, איבערהויפט אין תלמוד תורה. ער גיט אוועק זעהר פיעל פון

זיין צייט אויף דעם. און דער שרייבער פון דיעזע שורות, יהודה ליב ליפשיץ, קען דאך זיך אליין ניט ריהמען — און אנדערש קענען דאך ניט האנדלען אייניקלאך פון אזעלכע זיידעס.

די מיטינגען פון „ליפסאניאן קינסמען בית שלום וישראל" ווערען אפגעהאלטען אין פענסילווייניא האטעל.

עהרען פרעזידענט:

דער נײנציג־יעהריגער ר' מרדכי ליפשיץ.

פרעזידענט — יהושע ליפסאן.

וויס־פרעזידענט — סעמועל ליפסאן.

פינאנס־סעק. — אהרן ליפסאן.

רעקארדינג סעק. — דוד פריים.

טרעזשורער — הערי ליטט, אריגינאל גרשון ליפשיץ.



איך דאַנק זעהר מיין שווענעריין מרת סיליע שאפּירא, פון ברוק־ליין, מאַס., וועלכע האָט מיר אוועקגעגעבען איהר שעהנעם זומער־וואוינונג אין גרינפיעלד, ניו העמפּשייר, צווישען די הויכע דרעמלענדע בערג, אויפ׳ן שעהנעם, שטילען, תמיד־פאַר׳־סוד׳עדיגען טייכעלע „סאָן סעט לייק“, וואו איך האָב געשריבען מיין „ז י ך ג ע פ ו נ ע ן“.

דער פערפאַסער.

# פעהלער אויסבעסערונג.

## ערשטער באַנד:

| זייט׳ | שורה | שטעהט | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 10 | 32 | אמונה | ליעבע |
| 18 | 20 | פארשוואונדעטער | פאַרשוואונדענער |
| 22 | 14 | כבוש | כביש |
| 27 | 20 | ער | זי |
| 59 | 16 | ענטזייעדער | ענטוועדער |
| 61 | 21 | זיין | זיי |
| 61 | 31 | האָט | האָבען |
| 90 | 1 | סאָוועטסקע | סוועטסקע |
| 108 | 27 | פויגעל | פליגעל |
| 108 | 27 | פאַר | פון |
| 143 | 8 | אַ פאַנאַטיסטישען | אַ פאַנטאַסטישען |
| 147 | 19 | פאַרבייטען | פאַרבאָטען |
| 190 | 8 | אויגעזעהן | אויסגעזעהן |
| 208 | 8 | סאדיז | ס׳איז |
| 208 | 30 | הער | הערט |
| 238 | 28 | עס | יעם |
| 244 | 20 | די רויטע שפּיאָנען | דער רויטער רוסלאנד |
| 253 | 31 | טויערע | טויערער |
| 284 | 16 | געהר | געהט |
| 284 | 35 | פעהלט אַ שורה | און אַז יהודה וועט זעהן אַז |

## צווייטער באַנד:

| זייט׳ | שורה | שטעהט | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 66 | 5 | זי | זיי |
| 103 | 13 | אט | ארט |
| 112 | 7 | די | זיי |
| 128 | 15 | פראזען | בראַווען |
| 130 | 22 | האָט | האָבען |
| 149 | 34 | האָט | וואָלט |
| 150 | 7 | און | אויך |
| 171 | 20 | ליגט | לייגט |
| 192 | 19 | דער | ד״ר |
| 298 | 3 | תחתונים | תחנונים |
| 340 | 16 | פּאָליטישער | פּוילישער |